מײן חשובן און הארציקן פרײנט,בײ װעמען
א אידישער בוך פארנעמט א ערן-פלאץ אין זײן
ביודזשעט און ביבליאטעק,דעם פרײנט

מ. ג י נ ז ב ו ר ג

מיט דרך ארץ און פרײנטשאפט
ג ע װ י ד מ ע ט.

דער מחבר.

# ו. טשערנאָוועצקי




## ערשטער באַנד

באַזוכטע לענדער: בראַזיל, ווענעסועלאַ, קוראַסאַאָ, קובאַ, פאַראייניקטע שטאַטן און מעקסיקע.

אַרויסגעגעבן פון:
„דער אַרגענטינער מאַגאַזין"
בוענאָס איירעס — 1956.

דעם ליכטיקן אָנדענק פון מיין פרויס עלטערן,
— מיינע שווער און שוויגער, די קדושים,

אברהם און שרה קניאַזשאַנסקי

וועלכע האָבן דעם גרעסטן חלק אין אונדזער
פאַרלאָזן באַצייטנס די בלוטיקע רוסישע
ערד און אויפבויען אונדזער היים אין דער
פרייער וועלט, מיט אייביקער דאַנקבאַרקייט.

ג ע ו ו י ד מ ע ט.

ד י  פ ר י י נ ט:

פרומע און אַלטער מערעסאָן (טאראזא)
בעטי און מוני דובין (דובינסקי)
טאַני (טויע) און מענדל בראַון (באסאק)
ישראל און עטאַ פרוסקי (פילאַדעלפיע)
גרשון און מאַרי שבח־שויפער (קלעוועלאַנד)

פאַר פאַרזיסן מיר די טעג, וואָכן און חדשים, וואָס מיר איז
אויסגעקומען צו זיין אין אַמעריקע, — אַ  ה אַ ר צ י ק ן,
ז יי ע ר  ה אַ ר צ י ק ן  ד אַ נ ק.

דער מחבר

# וו. טשערנאָוועצקי – טעפּליקער

## (אַ כאַראַקטעריסטיק)

אַז איר ווילט, איז דאָס אַ הקדמה צו וו. טשערנאָוועצקיס נייעס, דאָ פאַר אייך ליגנדיקן ווערק, „אַמעריקע, דו ביסט גרויס״ און אַז איר ווילט איז דאָס אַ **נאָכוואָרט** וועגן די פריערדיקע ווערק פון טשערנאָוועצקין און וועגן זיין שרייבן בכלל.

וו. טשערנאָוועצקי—טעפּליקער איז שוין באַלד שתי פעמים ח״י יאָרן אין אַרגענטינע. געקומען איז ער אַהער פון דרום־רוסלאַנד, שטאַמען שטאַמט ער פון דעם פּאָדאָליער כרך טעפּליק, פאַרמאָגן פאַרמאָגט ער די זאַפטיקייט פון אַן אוקראַינער און די פאָלקסטימלעכקייט פון אַן אַרגענטינער ייִדן.

דער מחבר פון אָט די שורות, דער בעל הקדמה, בעל הנאָכוואָרט, לייענט שוין טשערנאָוועצקין אַ דריי און דרייסיק יאָר. צום ערשטן מאָל האָב איך גע־לייענט אין דער ב. איירעסער „ייִד׳ צייטונג״ זיינעם אַ בריוו אין רעדאַקציע. עס האָט דעמאָלט גאַסטראָלירט אין ב. איירעס דער בשעתו באַרימטער סטאַר באָריס טאָמאַשעווסקי. די היגע טעאַטער־קריטיק האָט פון דעם דאָזיקן טעאַטראַלישן אַקטיאָר געריסן שטיקער. מעגלעך, אַז די קריטיק האָט געזען בלויז די חסרונות פון טאָמאַשעווסקין און נישט אויך זיינע מעלות, וועלכע ער האָט, בלי שום ספק געהאַט. טשערנאָוועצקי האָט איבערגעדרייט די געשיכטע און געוויזן בלויז די מעלות פון גאַסטראָליאָר און אים געלויבט אין טאָג אַריין און דערקלערט, אַז ער האָט פון אים הנאה געהאַט. האָב איך ווייט נישט מסכים געווען מיט אַלץ, וואָס וו. טש. האָט אין יענעם בריוו געשריבן, אָבער געפעלן איז מיר זיין מוט צו האָבן אַן אַנדער מיינונג, ווי אַלע אַנדערע שרייבער. ער האָט אייגנטלעך אַרויס־געבראַכט אַ מיינונג פון אַ פאָלקס־מענטשן.

און זייט דעמאָלט האָב איך געלייענט אַ סך, אַ סך זאַכן און זאַכנישן פון טשערנאָוועצקין, מיט וועלכע איך האָב אַמאָל יאָ און אַמאָל נישט מסכים געווען

און איך האָב זייער אָפט זיך איבערצייגט, אַז ער איז אַן עכטער פאָלקס־שרייבער, וואָס איז מער ווי נאָענט צום פאָלקס־ייִדן, ער אידענטיפיצירט זיך אָפט מיט אים. און איך האָב זיך איבערצייגט, אַז וו. טש. האָט מוט צו האָבן און צו זאָגן אַ שאַרפע מיינונג. אַמאָל אויך אַ צו־שאַרפע. אַמאָל דערלאַנגט ער אויך אַ קרומען ביס, כאָטש די פראַגע, וועלכע ביס זענען גלייכע און וועלכע קרומע, איז נאָך נישט קיין געלייזטע.

די שאַרפע אַרטיקלען זיינע, שרייבט טש. אונטער **וועלוול טעפּליקער.** דערמאָנט זיך אונדז, אַז די שטאָט טעפּליק קענען מיר פון שלום עליכמס מעשה „מיטן עטאַפּ". אין אָט דער געשיכטע קומט פאָר ווי מיט דעם זעלביקן עטאַפּ, מיט וועלכן עס ווערט געשיקט דער פריילעכער קבצן, בערל דער רויטער, ווערט אויך געשיקט דער גביר, „שלום בער טעפּליקער פון טעפּליק". בערל איז ביי זיך תקיף, ווייל ער איז אַ קבצן און ווייל ער איז אַ פריילעכער קבצן. גייענדיק אינײנעם מיטן גרויטן נגיד אין עטאַפּ געפינט דער קבצן די ריכטיקע געלעגנהייט אַריינצוזאָגן דעם גרויסן גביר וויפל ער קען נאָר. ער רעכנט אים אויס אַלע חטאים. ער רעכנט זיי אים אויס בייסיק און מיט „כעך" און הומאָר. וועלוול טעפּליקער האָט — מיסתמא בלא יודעים — גערירשנט עפּעס פון דער כאַראַקטעריסטיק פון זיין בן־עיר, בערל...

אַריינזאָגער האָבן קעגנער און חסידים. די קעגנער זענען די דאָזיקע, וואָס זענען אַריינגעזאָגט געוואָרן, די חסידים זענען די דאָזיקע, וועלכע ער האָט נישט אַריינגעזאָגט. און וועלוול טעפּליקער האָט צווישן די אַרגענטינער כלל־טוער אַ סך קעגנער און שונאים און אַ סך פריינט און חסידים. דער מחבר פון אָט דער הקדמה־נאָכוואָרט געהער צו ביידע — ער איז אַ סך מאָל צופרידן מיט זיין אַריינזאָגן, אַ סך מאָל — נישט. וואָס מערער? מער צופרידן, ווי נישט־צופרידן? נישט געפירט קיין סטאַטיסטיק. מעגלעך אָבער, אַז ס'איז גלייך אויף גלייך און דאָס צינגל שאָקלט זיך.

פון פעליעטאָנען און קהלישע באַלויכטונגען איז וו. טשערנאָוועצקי אַריבער אויך צו מעשות. ער האָט אָנגעהויבן באַשרייבן פאַקטן פון לעבן און לעבעדיקע מענטשן. נישט איין מאָל האָט פּאַסירט, אַז מענטשן האָבן זיך דערקענט אין זיינע באַשרייבונגען און — ווידער דאָס אייגענע: אייניקע זענען געווען זייער נישט־צופרידן, אַנדערע — צופרידן. ער האָט די אייגנשאַפט צו שילדערן די מענטשן מיט געדיכטע פאַרבן. דאָס גוטע קומט אַרויס גאָר גוט און דאָס שלעכטע — גאָר שלעכט. און מענטשן האָבן ליב, אַז מען זאָל ווייזן בלויז דאָס גוטע זייערס... די דאָזיקע מעשות האָט ער אַרויסגעגעבן אין צוויי בענד, וואָס הייסן „דאָס לעבן דערציילט". דער טיטל גופא זאָגט עדות, אַז דעם מחברס פּרעטענזיעס זענען נישט צו ווייזן דאָס לעבן דורך אַן אייגענער פּריזמע, נאָר דאָס צו ווייזן אַזוי ווי עס איז, בלי כחל ושרק. געשריבן זענען די מעשות אין אַ קלאָרער פאָלקס־

שפּראַך. אויב השפּעה, איז פאַראַן שלום עליכמס און דאָ און דאָרט — ז. ליבינס. יעדע מעשה האָט אַ מוסר השכל. מעשות, וואָס זענען גענומען דירעקט פון לעבן, האָבן שטענדיק אַ מער קלאָרן מוסר השכל, ווי אַ מעשה, וואָס איז אויסגעטראַכט, אָדער איבערגעשאַפן קינסטלעריש. טשערנאָוועצקי האָט טאַקע נישט געזוכט עפּעס אַנדערש, ווי די מאָראַל, וואָס בעט זיך אַליין אַרויס פון די טרויעריקע און קאָמישע געשעענישן.

נאָך איידער וו. טש. האָט אַרויסגעגעבן זיינע ביכער „דאָס לעבן דערציילט", האָט ער אַרויסגעגעבן צוויי ביכער זכרונות וועגן זיין געבוירן־שטעטל, אונטערן נאָמען „טעפּליק מיין שטעטעלע". אויך די זכרונות זענען געשריבן אין זיין אָנגע־נומענעם נוסח, פּשוט, האַרציק, וואַרעם, דאָס קאָמישע קומט אַרויס בולט קאָמיש, דאָס טרויעריקע — בולט מעלאָדראַמאַטיש...

און וו. טש. האָט אין 1953 געטון, וואָס אַ סך ייִדן האָבן געטון — ער האָט געמאַכט אַ רייזע קיין מדינת ישראל. ער איז געפאָרן אין דער ייִדישער מדינה ערשט אויף דעם פינפטן יאָר נאָך איר גרינדונג און ער האָט זיינע צוויי ביכער וועגן ישראל אַ נאָמען געגעבן „אַ „טאָג־בוך" פון אַ ייִדן, וואָס האָט נישט געוואָלט פאָרן קיין ישראל". ער האָט, ווי ער דערציילט אין זיין הקדמה, מורא געהאַט נישט נכשל צו ווערן און דאַרפן מוציא דיבה זיין און ריידן שלעכטס רייד אויף דער ייִדישער מדינה, ווייל ער האָט וועגן איר געהערט אַ סך רכילות און ער האָט, זאָגט ער, אָפּגעלעבט 55 יאָר ווי אַ ציוני און געוואָלט שטאַרבן אַ ציוני. און ער איז ברוך השם קיין מרגל נישט געוואָרן. ער האָט געזען אַ היפּש ביסל שאָטן אין דער יונגער מדינה, אָבער אַ סך מער ליכט. די צוויי ביכער וועגן ישראל זענען אַ גאַנץ באַדייטנדיקע עליה פאַר טשערנאָוועצקין. ער האָט אין זיי געפינען די מיטן צווישן ביידע עקסטרעמען, ביי וועלכע ער האָט זיך פריער געהאַלטן; אַמאָל פלעגט ער זען אָדער בלויז דאָס שלעכטע, אָדער בלויז דאָס גוטע. אין ארץ־ישראל האָט ער געזען און געוויזן ביידע. ארץ־ישראל האָט אים אין אַ גרוי־סער מאָל איבערגעמאַכט.

און אָט קומט איצטער וו. טשערנאָוועצקי—טעפּליקער מיט זיין פערטן צוויי־בענדיקן ווערק, וואָס איז דער רעזולטאַט פון אַ נייער רייזע זיינער, אַרייזע איבער אַמעריקע. און אויך די פאַראייניקטע שטאַטן פון צפון־אַמעריקע האָט ער געזען מיט די אויגן פון אַ געזונטן, קלאָר־זעעוודיקן, פאַרשטענדלעכן פאָלקס־ייִדן. ער האָט געזען די גרויסקייט פון אַמעריקע בכלל און פון דאָרטיקן ייִדישן לעבן בפרט. צוליב דעם, וואָס ער האָט געזען, אַז דאָרט זענען פאַראַן זעקסטהאַלבן מיליאָן ייִדן, וואָס לעבן זיך אויס פריי און אומגעשטערט, סיי אַלס מענטשן און סיי אַלס ייִדן, האָט ער געמוזט דערזען די גרויסקייט פון לאַנד בכלל. און ער האָט געמוזט דערפילן די פרייהייט פון גרויסן לאַנד. אָן פרייהייט וואָלטן ייִדן אין אַמעריקע זיך נישט געקענט אַזוי אויסלעבן און אַזוי אויסוואַקסן. אָן פרייהייט

געדייעט נישט דאָס ייִדישע לעבן. מיר זעען דאָך, וואָס עס איז געוואָרן פון גרויסן רוסישן ייִדנטום אין משך פון אַריבער צענדליק יאָר אומפרייהייט...

— פאַראַן געזאַנג צו אַמעריקע ביי טשערנאָוועצקין?

— נו, איז וואָס? עס איז אוודאי נישט פאַראַן, וואָס צו באַזינגען?...

שרייבן נאָך וועגן דעם בוך „אַמעריקע, דו ביסט גרויס״, דאַרף מען נישט. טשערנאָוועצקיס שרייבן נייטיקט זיך נישט אין קיין פירושים און אַ הקדמה דאַרף נישט וועלן אויסכאַפּןביים לייענער דעם רייץ צו לייענען דאָס בוך גופא.

דער סאַמע עיקר איז פאַקטיש שוין געזאָגט געוואָרן. דאַרף נאָך באַטאָנט ווערן, אַז אַלץ, וואָס טשערנאָוועצקי שרייבט, איז עכט און אָנגעזעטיקט מיט זיינע אייגענע געפילן און געדאַנקען און איז אָנגעפילט מיט דעם ממשותדיקן לעבן. ער איז אַ שרייבער, וואָס הערט און באַנעמט, וואָס דאָס לעבן דערציילט...

יעקב באָטאָשאַנסקי

# אַ פּאָר ווערטער

עס איז מיר נאָך צו קיין שום בוך נישט אָנגעקומען אַזוי שווער אָנצושרייבן אַ פאָררעדע — ווי צו אָט די צוויי בענד, רייזע באַשרייבונגען פון שטעט און לענדער, וואָס איך האָב דאָס גרויסע פאַרגעניגן אונטערצוטראָגן מיינע פריינט־לייענער פון מיינע ביכער.

געוויינלעך, אין אַ „פאָררעדע״, זוכט מען אַריינפירן דעם לייענער פון בוך. איך וואָלט זיך אויסגעדריקט — מען זוכט באַאיינפלוסן דעם מענטשן, דעם לייע־נער, וואָס נעמט דעם בוך אין דער האַנט און מען וויל אים, אין קורצן, אַרויס־ברענגען דעם הויפּט־אינהאַלט פון בוך און אַזוי אַרום אים פאַראינטערעסירן, אַז ער זאָל דעם בוך נעמען לייענען.

ווייזט זיך מיר אויס, אַז מיין פאָררעדע צו אָט די צוויי בענד, וואָס ליגן איצט פאַר מיינע אויגן, וואָלטן געדאַרפט פאַרמאָגן אַ... פּאָר הונדערט זייטלעך. עפּעס דאַרף איך אייך דאָך אויספירן אַ גאַנצע וועלט! עפּעס וויל איך אייך דאָך מיטנעמען אויף אַ „שפּאַציר״ איבער שטעט און לענדער, עפּעס האָב איך זיך דאָך פאַרנומען אייך באַקענען מיט אַזאַ ריזיק לאַנד ווי די פאַראייניקטע שטאַטן און מיט אַ זעלכע גרויסע יידישע שטעט ווי: ניו־יאָרק, פילאַדעלפיע, קלעוועלאַנד, טשיקאַגאָ, באַלטימאָר, וואַשינגטאָן און מיאַמי־בעאַטש! טאָ, ווי קען מען, אין קורצן, אין עטלעכע ווערטער פון אַ פאָררעדע, אייך „אַריינפירן אין שטימונג״, אַז איר זאָלט ווייטער וועלן מישן די בלעטלעך און לייענען און זיך באַקענען מיט אָט דער גרויסער יידישער וועלט, ווו עס פולסירט נאָך אַ זאַפטיק יידיש לעבן?

**
*

איך וויל זיך מודה זיין פאַרן פריינט לייענער. איך האָב אויף אָט די צוויי בענד, וועלכע איך האָב אַ נאָמען געגעבן: „אַמעריקע, דו ביסט גרויס״! שטאַרק געהאָרעוועט. איך האָב געוואָלט, אַז אַלעס זאָל אַרויסקומען פּערפעקט. איך האָב געוואָלט געבן דעם לייענער אַ געטרייע אָפּשפּיגלונג פון אַלעס וואָס איך האָב געזען אין אָט דער גרויסער וועלט, וועלכע איך בין אויסגעפאָרן.. ערב מיין אַרויס־פאָרן אין וועג אַריין, האָב איך זיך געשראָקן טאָמער וועט מיר פעלן עמאָציע צו אָט די ערטער, וועלכע איך האָב זיך געקליבן באַזוכן. איך האָב מורא געהאַט, אַז ישראל און די וויכטיקע הייליקע ערטער, וועלכע איך האָב באַזוכט און באַשריבן צוריק מיט אַ פּאָר יאָר, וועלן זיין אַ שטערונג, אַז וואָס איך זאָל נישט זען אין אַ אַנדער טייל פון דער וועלט — זאָל מיר נישט געפעלן און מיינע באַשרייבונגען זאָלן נישט זיין אָביעקטיוו.

צום גליק איז אַזוי נישט געשען. דאָס וואָס איך האָב אָנגעטראָפן אין וועג, דאָס וואָס איך האָב געזען און געהערט, אין אַלע שטעט און לענדער, אין אַלע יידישע ישובים, האָט מיך באַגייסטערט. איך האָב ערשט איצט זיך אַרומגעקוקט, אַז מיר קאָנען נאָך זייער ווייניק דאָס יידישע לעבן פון אונדזער קאָנטינענט, אַז עס לוינט זיך עס גוט צו אָבסערווירן און עס דערציילן פאַר יענע, וועמען עס אינטערעסירט נאָך דאָס יידישע לעבן. איך האָב זיך ערשט איצט אַרומגעקוקט, אַז נישט נאָר מיר קענען נישט און ווייסן נישט ווי אַזוי עס לעבן די יידן אין ווענעסועלאַ אָדער קוראַסאַאָ, אין קובאַ און אין מעקסיקע, נאָר מיר ווייסן נישט אַפילו וואָס עס קומט פאָר אין יידישן ישוב פון אונדזער שכינהשער מדינה — אין בראַזיל. איך בין איבערצייגט — און באַשיידנקייט אין דער זייט — אַז דורך אָט די רייזע־באַשרייבונגען איז מיר געלונגען צו באַקענען יידן מיט יידן — כאָטש זיי וווינען טויזנטער קילאָמעטער די ווייט איינער פון אַנדערן.

**
*

די הויפּט־אויפמערקזאַמקייט פון מיין אַרבעט איז, אָן ספק, געווען, זיך און אייך, באַקענען נענטער מיט דעם גרויסן לאַנד פון צפון, וואָס מיר רופן — נאָרד־אַמעריקע. איך בין געפאָרן אַהין — און ווידער באַשיידנקייט אין אַ זייט — נישט מיטן צוועק צו „פאַרדינען דאָלאַרס", נישט צו זוכן כבוד, נישט צו באַקומען „אויפנאַמעס" און נישט אַפילו אָפּצומאַנען חובות פאַר פאַריקע ביכער אָדער זשורנאַלן, וואָס איך האָב אַהין געשיקט, אָדער שאַפן נייע אַבאָנענטן פאַר די זעלבע. איך האָב געהאַט איין איינציקן ציל אין מיין רייזע: זיך גרינטלעך באַקענען מיטן לעבן פון אָט דעם גרויסן לאַנד, זיך באַקענען מיט זייערע מנהגים און לע־בנס־שטייגער און, פאַרשטייט זיך, זיך באַקענען מיטן יידישן לעבן פון אָט דעם גרויסן לאַנד. ווי די פּראַקטיק האָט מיר שוין דערוויזן: — דער בעסטער וועג זיך צו באַקענען מיט אַ לאַנד — איז רעדן — אַ סך רעדן — מיט די מענטשן, מיט די פּשוטע מענטשן, פון לאַנד. אַזוי האָב איך געטון. איך האָב געזוכט זיך צו טרעפן מיט מענטשן פון וואָל־סטריט־אָפיסעס און איך האָב געזוכט צו שמועסן מיט אַלטיטשקע מענטשן, וואָס זיצן אין פּאַרק און לייענען זייער פּעיפּער (צייטונג). גאָר ספּעציעל האָבן מיר אַרויסגעהאָלפן אין מיין אַרבעט חברים, מיט וועלכע אים האָב אָנגעקנופּט קענטשאַפט און פריינטשאַפט. ווען איר וועט לייענען די צוויי בענד, וועט איר אויסגעפינען ווי וויכטיק, ווי גערעכט און ווי פּראַקטיש איך בין געווען אין אָט דעם פּרט. די יידישע שרייבער אין אַמעריקע זענען זייער האַרציקע מענטשן און זיי האָבן קיין צייט נישט און קיין מעגלעכקייט נישט, אייך איינצולאַדן אַ היים אויף טיי, אָבער זיי האָבן גענוג צייט אייך צו אָריענטירן און אייך אַרויסהעלפן זען אין אַמעריקע וואָס אייך אינטערעסירט צו זען. און אַ סך פון זיי האָבן דעם גרעסטן חלק אין דעם, וואָס איך האָב געזען אין ניו יאָרק מערער ווי אַן אַנדערער טוריסט אָדער שרייבער, וואָס קומט אויף אַ וויילע.

**
*

יעדער דעמאָקראַטישער מענטש און יעדער אויפריכטיקער ייד, האָט אַ סימפּאַטישע באַציִונג צו אָט דעם גרויסן לאַנד פון צפון. יעדער מענטש וואָס באַזיצט אַן ערלעך האַרץ און אַ קלאָרן מוח, געדענקט אַז אָט דאָס גרויסע לאַנד —

די פאַראייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע — האָט שוין צוויי מאָל אָפּגעראַטעוועט די וועלט פון אַריינפאַלן צו חיות אין מויל אַריין. די ערלעכע און פרייע מענטש־הייט פון דער גאַרער וועלט איז דאַנקבאַר אָט דעם גרויסן לאַנד און פרייט זיך מיט די גרויסע דערפאָלגן פון אַמעריקאַנער פאָלק.

מיר, די מענטשן פון די זיד־אַמעריקאַנער לענדער, וועלכע זענען נאָך נישט אַזוי טעכניש אַנטוויקלט, האָבן געהערט און געוווּסט פון דער גיגאַנטישער אַנט־וויקלונג פון דעם דאָזיקן גרויסן לאַנד פון צפון. פון דער גרויסער באַקוועמלעכ־קייט, וואָס עס קומט אויס צו לעבן דעם נאָרד אַמעריקאַנער מענטשן. אָבער פון הערן, פון לייענען ביז זען מיט די אייגענע אויגן איז אַ גרויסע דיסטאַנץ. ערשט איצט, ווען איך האָב אַלעס געזען און ממש אָנגעטאַפּט מיט די הענט, האָב איך שוין פאַרשטאַנען, פאַרוואָס די אַמעריקאַנער מענטשן, די אַמעריקאַנער זין און טעכטער זענען גרייט צו יעדער מינוט אָוועקצוגעבן זייער לעבן פאַרן ווױלזיין פון זייער לאַנד. אין דעם באַשטייט דאָס הויפּט גרויסקייט פון אַמעריקע. נישט די וואָלקנקראַצערישע געביידעס האָבן מיר געגעבן דעם מאָטיוו אַ נאָמען צו געבן מיינע איינדרוקן וועגן מיין רייזע „אַמעריקע, דו ביסט גרויס״, נישט די גרויסע פאַבריקן און ניט די שנעלצוגן, וואָס שניידן דורך דאָס לאַנד אונטער דער ערד און אונטער דעם וואַסער — נאָר די ליבע, די גרויסע ליבע, וואָס 99 מיט אַ האַלבן פּראָצענט פון די אַמעריקאַנער פילן צו זייער לאַנד און זייער אייפערזיכטיקייט צום גוטן נאָמען פון זייער געליבט פאָטערלאַנד. אין דעם — איז אַמעריקע גרויס! טאַקע דאָס גרעסטע לאַנד אין דער וועלט.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

איך בין געפאָרן קיין אַמעריקע ווי אַ פּריינט, ווי איינער וואָס שאַצט־אָפּ — אומקאָנדיציאָנעל — די הילף וואָס אַמעריקע האָט געגעבן דער וועלט פאַר די לעצטע 4 צענדלינג יאָרן און גאָר ספּעציעל — דעם יידישן פאָלק, זינט די רדיפות אויף דעם אינעם צאַרישן רוסלאַנד בכלל און זינט דעם אויפקום פון מדינת־ישראל בפרט. דאָך — טאַקע אַלס פריינט פון אָט דעם גרויסן לאַנד און פאָלק — ברענג איך אויך אַרויס זייער אַ סך שאָטנדיקע זייטן פונעם לעבן אין יענער מדינה. פאַראַן אַ סך זאַכן — וואָס לויט מיין אָרעמער מיינונג — זענען זיי נישט צוגעפּאַסט צום פּראָגרעס און גראַד פון ציוויליזאַציע צו וועלכן אָט דאָס גרויסע פאָלק האָט דער־גרייכט. פאַראַן אַ סך שאָטנדיקע זייטן, וועלכע ווערן, אָבער, פאַר„וויס״ט דורך די שיינע, הויך־הומאַניטאַרע און מענטשלעכע מעלות וואָס אָט דאָס גרויסע לאַנד פאַרמאָגט. מעגלעך, אַז דאָס איז אַ „געשמאַק״־ענין. מיר געפעלט נישט זייער שנעל און רעשיק לעבן, זייער צופיל איבערגעגעבנקייט צו אַרבעט און צום... דאָלאַר. זיי געפעלט נישט אונדזער צעקראָכנקייט, אונדזער זיך... לייגן שלאָפן נאָכן עסן און אונדזער אָרעמקייט.

ווער האָט מער רעכט? איך בין גאָרנישט אויסן עס צו דיסקוטירן. איך ברענג בלויז אַרויס די טרוקענע פאַקטן און דער לייענער וועט שוין משפטן.

איך בין געווען אין אַמעריקע, איך האָב געזען אַ סך שטעט און שטעטלעך. איך האָב געזען יידישע אינסטיטוציעס, שולעס און ישיבות און איך בין געקומען פון דאָרט אַן איבערצייגטער, אַז יידן און יידישקייט האָט נאָך אַ גרויסע צוקונפט דאָרט. די געפאַר פון אונטערגיין פון יידישקייט, איז — רעדנדיק וועגן חוץ־לאַרץ — אין אַמעריקע, קלענער ווי אין וועלכן עס איז אַנדער לאַנד. צו דער אַנשפּאַר

פאַר ייִדישקייט איז די... רעליגיע אָדער די עטלעכע הונדערט טויזנט קינדער וואָס באַזוכן נאָך די ייִדישע שולעס — איז אַן ענין צום דיסקוטירן און אין מיינע רייזע־באַשרייבונגען, בין איך דאָס נישט אויסן אַרויסצוברענגען.

---

עס איז אפשר כדאי אויך דאָ צו פאַרצייכענען, אַז עס איז דאָס ערשטע מאָל וואָס עס וועט ביי אונדז, אין בוך־פאָרעם, באַקאַנט ווערן דער ייִדישער ישוב פון מעקסיקע. עס איז גאָר קיין ספק נישט, אַז אָט דער דאָזיקער ייִדישער ישוב איז באַרימט איבערן גאַנצן קאָנטינענט מיט זיין דערציִערישער און נאַציאָנאַלער טעטיקייט. איך בין שטאָלץ אונטערצושטרייכן, אַז איך בין געווען דער ערשטער ייִדישער זשורנאַליסט וואָס איז —פון אונדזערע מקומות — ספּעציעל געקומען צו פליִען קיין מעקסיקע — און ווידער דאָס זעלבע— נישט צוליב „געשעפט", נאָר כדי זיך גרינטלעך צו באַקענען מיט די דאָרטיקע ייִדישע אויפטועכצן און טאָקע מיט די דאָרטיקע טוער.

זאָל דאָ, ביי אָט דער געלעגנהייט, אויסגעדריקט ווערן מיין דאַנק, מיין האַרציקן דאַנק, די שרייבער און פריינט: חיים לאַזדייסקי, משה רובינשטיין, מאיר קאָראָנאַ, יעקב גלאַנץ, אינזשיניער אברהם פינקעלשטיין, פעדאַגאָג א. גאָלאָמב, ד"ר שולגאַסער, הרב ראַפאַלאָוויטש, פאַר זייער העלפן מיר זיך באַקענען נעענטער מיטן ייִדישן לעבן פון מעקסיקע. אַ באַזונדער דאַנק, פרוי סאָניע ראָזענבערג, — אַרויסגעבערן פון „דער וועג".

---

מיינע רייזע־באַשרייבונגען, וועלכע ליגן איצט אין בוך־פאָרעם פאַר אייערע אויגן, ווערן געדרוקט — ווי איר וועט עס ווייטער זעען — אין דער פאָרעם פון „בריוו צו גאָלדען". ווייל איך דאָ מאַכן אַ „באַוואָרעניש": זיי ווערן נישט געדרוקט כראָנאָלאָגיש, ד"ה ווי אַ „טאָג־בוך", און לויטן סדר פון יעדן טאָג — לויט זיין דאַטום. די „בריוו", האָבן נישט קיין „פריִער" און קיין „שפּעטער". יעדער „בריוו" איז אַ באַזונדער קאַפּיטל פאַר זיך.

---

מיינע פאַר ווערטער וואָלטן נישט געווען פאַרענדיקט, ווען איך זאָל דאָ נישט אויסדריקן מיין האַרציקן דאַנק אַלע פריינט פון אַמעריקע וועלכע האָבן מיר געהאָלפן זעען דאָס לאַנד; וועלכע האָבן מיר אַרויסגעוויזן חברלעכקייט און וואַרעמקייט און ממש ברידערלעכקייט כדי איך זאָל אַלעס הערן, זעען און וויסן. נישט בלויז איך וועל זיי בלייבן שולדיק אַ דאַנק, נאָר אויך די טויזנטער לייענער פון אָט די ביכער זענען שותפים צום דאַנק.

און אַז איך האַלט שוין ביים דאַנקען — קומט פון מיר אַ דאַנק, אַ האַרציקן דאַנק, דער דרוקעריי פון די „ברידער זלאַטאָפּיוראָ", וועלכע האָבן מיט געטריישאַפט און מיט פּיעטעט געזאָרגט, אַז די צוויי ביכער זאָלן האָבן אַ שיינעם אויסזען. איך, און זיכער אַ סך ייִדישע שרייבער וואָס האָבן נאָך ביכער צו דרוקן, בעטן גאָט פאַרן געזונט און וווילזיין פון דער איינציקער ייִדישער דרוקעריי, וווּ מען קאָן נאָך דרוקן אין אַרגענטינע אַ ייִדישן בוך פון עטלעכע הונדערט זייטן און ער זאָל דערשיינען שיין, נעט און אין צייט...

דעם לייענער, וואָס וועט זיך באַמיִען איבערצולייענען די קרוב צו זיבן הונדערט זייטן — אַ באַזונדער דאַנק און יישר־כּוח.

**וו. טשערנאָוועצקי**

# I

טייערע גאָלדע:

איך שרייב דיר אָט די בריוו, דריי שעה נאָכדעם ווי מיר זענען אָפּגעשווומען פון אַרגענטינער ברעג; מיר האָבן נאָרוואָס פאַרלוירן פון די אויגן די שפּיצן פון בוענאָס איירעסער „וואָלקנקראַצער“. איך בין די גאַנצע צייט געשטאַנען אויפן דעק און מיט בענקענדיקע אויגן געקוקט אויף דער — אַלץ דערווייטערנדיקע זיך, — היים. איצט, ווען די היים איז פאַרשוווּנדן, צוזאַמען מיט די לעצטע שטראַלן פון דער זון און פון טאָג, איז יעדער איינער פון אונדז, אַראָפּגעגאַנגען צו זיך אין זיין „צימער“, אין זיין נייער היים, צו וועלכער ער וועט, אין משך פון 18 טעג, זיין צוגעבונדן טאָג און נאַכט...

אַ סך פון אונדז זענען געגאַנגען צעפּאַקעווען די זאַכן און זיך מאַכן באַקוועם פאַר די נעקסטע דריי וואָכן! אַנדערע, זענען אַוועקגעגאַנגען זיך צוגרייטן צו דער ערשטער וועטשערע וואָס מען וועט עסן אויף דער שיף! גאָר אַנדערע, — שוין מער פּראַקטישע אין פאָרן, — זענען אַוועק „פאַרכאַפּן“ אַ גוט, „באַקוועם פּלאַץ“ ביי די עס־טישן! ערשט שפּעטער בין איך געוווירע געוואָרן, וואָס עס הייסט אַ „באַקוועם־פּלאַץ“ביים עסן! איך בין שפּעטער געוווירע געוואָרן, אַז מען דאַרף ווערן אַ „גוטער ברודער“ מיטן „מעטראָ“, מיטן שעף פון דימאָסאָס, וואָס דערלאַנגען דאָס עסן — (אַזאַ גוט־ברודערשאַפט“ קאָסט בלויז... אַ פּופּציקער), גיט ער דיר אַ פּלאַץ, מיטן פּנים צו דעם עולם, צו דער מוזיק, און טאַקע אַ ווייכע שטול אויך!...

איך בין נישט געווען אויפגעלייגט צום עסן! עפּעס פיל איך זיך בכלל צעשרויפט! דאָס געזעגענען זיך אויף דער שיף, דאָס איבערלאָזן אַלץ און אַלעמען וואָס איז מיר ליב און טייער, און אַליין אָפּשווימען אין דער ווייטער וועלט אַריין, ספּעציעל — דאָס איבערלאָזן דיך, אַליין, אין אַ הויז פון זעקס גרויסע צימערן און אַליין פאַרן זוכן פאַרגעניגן — האָט — אין לעצטן מאָמענט — אָנגעהויבן גריבלען מיין מוח און נאָגן די נשמה. און — אין לעצטן מאָמענט, האָב איך חרטה געהאַט אויפן גאַנצן ענין.

אין לעצטן מאָמענט, אַ האַלבע שעה ערב אָפּגיין פון דער שיף, ווען איך קאָן אוספייען נעמען מיינע פעקלעך און אַראָפּגיין פון דער שיף, וואָלט איך עס געטון!...

אין לעצטן מאָמענט בין איך געקומען צום שכל, אַז:

— ווען מען בלייבט איבער אין צווייען — איך און דו, און — דו און איך

— לאָזט מען נישט איבער דעם „דו" אַליין אויף דריי חדשים און מען פאַרט זיך אַוועק שפּאַצירן!

יאָ! אמת! פאַראַן קינדער, זאָלן לעבן ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר, פאַראַן צו וועמען צו פאָרן צו גאַסט, און פאַראַן ווער עס זאָל קומען צום „דו" צו גאַסט! איך ווייס אויך אַז איך האָב דיך געלאָזט אַרומגערינגלט פון געטרייע קינדער, וועלכע וועלן דיך נישט לאָזן עלנטעווען!...

אָבער, עס איז פאָרט נישט דאָס זעלבע! און... צו שפּעט בין איך געקומען צו אָט דעם געדאַנק און צום שכל! און — איך בין אַראָפּ פון דער דעק דער לעצטער! איך בין אַראָפּ, ווען עס איז שוין געווען גוט פינצטער! ווען איך בין אַראָפּ פון דעק האָט שוין די מוזיק געשפּילט ביי דער וועטשערע און דער עולם האָט שוין געשמאַק געקלאַפּט מיט לעפל־גאָפּל און פון עס־זאַל האָט זיך געהערט אַ פריילעכער גערויש פון די פּאַסאַזשירן, וועלכע האָבן, אין היוכע טענער — קאָמענטירט דאָס אָפּפאָרן, דאָס געזעגענען זיך און דאָס פאַרגעניגן פון פאָרן.

איך, איך בין אפשר געווען דער איינציקער, וואָס האָט זיך פאַרמאַכט אין דער באַקוועמער „קאַיוטע", פריִער זיך אַוועקגעלייגט אויף אַ האַלבע שעה און געקוקט אויף... דער סטעליע פון מיין פרייוויליקער „טיורמע־צעל", און דערנאָך האָב איך זיך אַוועקגעזעצט דיר אָנשרייבן די:

— ערשטע בריוו פון וועג.



## II

טייערע גאָלדע:

כ׳האָב געמוזט איבעררייסן מיין שרייבן, ווייל מען איז געקומען פון דער „קאָמענדאַטור" אַ קוק טון פאַרוואָס איך בין נישט אַראָפּגעקומען צו דער וועטשערע און מען האָט מיך, כמעט, געצווונגען איבעררייסן דאָס שרייבן און אַראָפּגיין אין עס־זאַל.

איך האָב גאָרנישט געוווסט, אַז אַ גוטער חבר מיינער, מיט פאַרבינדונגען אין די „הויכע פענצטער", האָט מיך רעקאָמענדירט צום שיפס־קאַפּיטאַן אַלס זשורנאַליסט, שרייבער און גוטער פריינט. נו! ווען דער קאָמענדאַנט האָט באַמערקט אַז איך פעל אין זאַל האָט ער אַראָפּגעשיקט געוויר ווערן צו מיר און — מען האָט מיך אַראָפּגעבראַכט צום עס־טיש.



ביאַנטשי — דער קאַפּיטאַן פון דער שיף גיט מיר דער ערשטן „ברוך הבא" ביים אַרויפקומען אויף דער שיף

מילא, געגעסן האָב איך טאַקע זייער ווייניק, אָבער דערפאַר, האָב איך צייט געהאַט זיך אַרומצוקוקן ווער עס זענען מיינע „פאַרבינדעטע", מיינע גורל־דיקע „ברידער" און „שוועסטער" פאַר די נעקסטן זעכצן טעג!

פאַר אַלעם, האָב איך זיך אַרומגעקוקט ווער זענען עס מיינע „טיש־ברידער״ און „טיש־שוועסטער״. פאַרגעס נישט טייערע, אַז מיט אָט די מענטשן, דאַרף איך אין משך פון קרוב צו דריי וואָכן — צוויי מאָל אין טאָג — זיצן ביי איין טיש, אַריינקוקן — איינער צום אַנדערן — אין טעלער אַריין, און פירן גע־שפּרעכן אויף אַלערליי טעמעס.

ערשט איצט, האָב איך אַ טראַכט געטון: פּונקט, אַזוי ווי מען בעט ביי גאָט אויף אַ גוטער עלטער, אויף גוטע קינדער, אויף פיינע מחותנים, אויף גוטע שכנים, אַזוי דאַרף מען אויך בעטן גאָט אויף פיינע שיפס־ברידער און שיפס־שוועסטערס! עס איז אַ סך געווענדט אין אָט די „ברידער און שוועסטער״, אַז די רייזע זאָל זיין אַן אָנגענעמע אָדער אַ פאַרשטערטע!

אַלזאָ, אָט האָסטו דאָס ערשטע צעטל פון מיינע „טיש־ברידער און טיש־שוועסטער״:

מיין נאָענטסטער שכן איז אַ יונגערמאַן, וואָס, קאָטאָרי, איז שוין אויסגע־פאָרן אַ וועלט, שוין געווען אין אַמעריקע עטלעכע מאָל, רעדט פּערפעקט פראַנ־צויזיש און ענגליש; אַ שטיק אינטעליגענט בכלל און אַ גרויסער מבין אויף... איטאַליענערקעס און שפּאַנקעס — דערהויפּט ווען זיי פאָרן... אָן די מענער... און פּונקט, ווי ער האָט געהאַט דערפאָלג ביי אונדז, מענער, מיט זיין „אַלץ־וויסן״ און מיט זיין „מוט״ צו פאַרדרייען דעם קעלנער די יאָרן — אויב מען האָט אים געבראַכט אַן עסן, נישט ווי ער האָט געבעטן — אַזוי האָט ער געהאַט דערפאָלגביים „שוואַכן״ געשלעכט מיט וועלכע ער האָט געטאַנצט...

פון דער צווייטער זייט לעבן מיר, זיצט אַן אָנגעפּרעסענער און חוצפּהדיקער אַמעריקאַנער „אָלרייטיייניק״, אַ קריסט, וואָס טוט אונדז אַ טובה און ענטפערט אויפן... גוט אָוונט! קיינער האָט אים נישט געקאָנט פאַרליידן פאַר זיין האַלטן זיך „דאָלאַרדיק״ גרויס! איך האָב געדאַרפט אויפקלערן מיינע שיפס־שכנים, אַז אָט דער טיפּ, איז נישט דער סימבאָל פון אַן אַמעריקאַנער מענטש. אַז ער איז גלאַט אַ גראָבער נפש און אַ גאַווהדיק שטאָלצער יענקי. דערפאַר, אָבער, האָב איך זיך „געגנוקמט״ אין אים! איך לערן זיך ביי אים... ענגליש! אַלע צען מינוט פרעג איך אים עפּעס אַנדערש, ווי אַזוי מען זאָגט עס אויף ענגליש, און, אין זיין צעבראָכענעם שפּאַניש — גיט ער מיר לעקציעס! איך האָף, אַז ביזן אַראָפּגייך פון דער שיף וועל איך שוין רעדן ענגליש ווי אַן אמתער אַמעריקאַנער.

אַנטקעגן מיר, האָב איך אַלס שכן אַ קריסט! ער הייסט „דאָן ענריקע״. וויזט אויס זייער און זייער אַ פיינער ערל. נאָר עפּעס רעדט ער צופיל פון... גע־פילטע פיש, געהאַקטע לעבער, רעטעך, און ער ווייסט אַפילו אַז... פּסח עסן

יִדן מצות!... ער — עסט אויך פּסח מצות! אַזוי וויל... זיין יִדיש ווייבל, און זיינע קינדער, וועלכע די פרוי דערציִט אַלס יִדישע מענטשן!...

ביים זעלבן טישל האָב איך אויך אַלס שכן אַ פּאָפּולערן אַרגענטינער העבּ־רעיִשן לערער. אַ פּראָפעסאָר פון לערער־סעמינאַר. ער הייסט מאיר גריבאום. ער איז זייער אַ ווילער מענטש און גאָר, גאָר אַ גוטער לערער! איין חסרון האָט ער! ער האָט, נעבעך פיינט... דאָס יִדישע לשון און דאָס יִדישע געדרוקטע וואָרט, ווי אַן אמתער געבראַטענער העברעיִסט. שטעל זיך פאָר, איך האָב אים דערציילט אַז איך פיר מיט זיך צענדליקער נאָרד־אַמעריקער יִדישע צייטונגען וואָס איך האָב צונויפגעזאַמלט פאַר די לעצטע דריי חדשים ערב מיין פאָרן, און אים פאָרגעלייגט צו לייענען די וואַזשנע אַרטיקלען וואָס מען טרעפט דאָרט, האָט ער מיר — צוליב איידלקייט — געזאָגט אַ שיינעם דאַנק און... קיין צייטונג איך דער האַנט נישט גענומען!...

אָבער, דאָס האָבן ביים טיש אַזאַ מענטשן, אַזאַ אינטעלעקטואַל, איז גלאַט אַ נחת רוח, ווען מען פאָרט אין אַ וויטן וועג און עס איז נישטאָ מיט וועמען אַ לופטער צו טאָן אַ פּסוק פון תנ״ך, אָדער סתם רעדן, וועגן אַ העכערער זאַך ווי... וועגן די מאכלים וואָס מען דערלאַנגט, אָדער רעדן וועגן די „לעבעדיקע אלמ־נות״ — יִדישע און נישט יִדישע — וואָס פאָרן קיין אַמעריקע זיך זען מיט פריינט און... זיך „אויסשלאָגן הוצאות!״...

אין שכנות מיט אונדזער טישל האָבן מיר אויך צוויי פרויען!

איינע איז אַ שפּאַנקע, אַן אַקטריסע אָדער זינגערין, וואָס פאָרט קיין ווע־נעסועלאַ; זי וואָלט געקאָקעטעוועט און זיך אויסגעגעבן אַלס „סעניאָריטאַ״, אָבער... איר 12־יאָריק בחורל „פאַרמסרט״ זי! דערהויפּט, ווען ער הייבט אָן דערציילן, אַז דער פּאַפּאַ קער שוין שטיין ביים פאָרט און וואַרטן!...

און מערקווירדיק! ווי נאָר אָט די „אַקטריסע״ פאַרגאַלאָפּירט זיך אַ ביסעלע ביים טאַנצן, אָדער ביים „אָפּקילן״ זיך, אַזוי וואַקסט אויס דאָס בחורל מיט עפּעס אַ תירוץ!...

די לעצטע שכנה פון אונדזער „גרופּע״־טישל, איז אַ סימפּאַטישע גאַלי־ציאַנערקע, וואָס פאָרט קיין ניו־יאָרק, זיך זען מיט אַ שוועסטער! מיר דוכט זיך, אַז מיט אָט דער „גאַליציאַנערקע״ וועל איך האָבן... צרות! איר מאַן, האָט מיך געזען, ביים אויפשטייגן אויף דער שיף און מיך געבעטן... אַכטונג געבן אויף איר! נישט, חלילה, אַכטונג געבן אויף איר אויפפירונג — פאַר אַזאַ נאַר האַלט איך אים נישט — נאָר אַכטונג געבן, אויף איר באַקוועמלעכקייט און גע־זונט! זי איז אַ „שלעכטע״ רייזנדערין! מיט איין וואָרט: איך בין איר „פּראָטע־זשירער״.

אָט די אַלע האָבן עס געבילדעט אונדזער „גרופּע“ פון דריי טישלעך.
באַלד, הינטער אונדז, האָב איך אַנדערע שכנים!

אָט פאָרט אַן אַרגענטינער ייִד, אַ באַוווסטער פּוטערוואַרג־סוחר. ער פאָרט מיט זיין אַמעריקאַנער פרוי, מיט וועלכער ער האָט, צוריק מיט עטלעכע חדשים, חתונה געהאַט אין אַרגענטינע ווען זי איז געקומען אַהער צו גאַסט! ער פאָרט זיך באַזעצן דאָרט; זי, די אַמעריקאַנער בירגערין, האָט אַ רעכט צו ברענגען, אויסער דער „קוואָטע“, אַן אויסלענדישן מאַן, מיט וועלכן זי האָט חתונה געהאַט.



אַ גרופּע „שיפס־ברידער און שיפס־שוועסטער“: דער לערער גרינבאַום, דער מחבר, די „גאַליציאַנערקע“ פרוי וועגניער און דער ס״חר מ. וואָלאָווניק

די „גרויסע פּריווילעגיע“ פון די אַמעריקאַנער מענער אָדער פרויען צו פאָרן קיין אויסלאַנד און פון דאָרט זיך ברענגען אַ חתן אָדער אַ כּלה — איז באַקאַנט יעדן איינעם. איבערהויפּט, טרעפט מען אין ישראל אַ סך אַמעריקאַנער פרויען, וואָס קומען אַהין זוכן זייער באַשערטן נאָכדעם ווי זייער אַמעריקאַנער מאַן האָט זיי אָפּגעגט אָדער איז אַוועק פון דער וועלט און זיי איבערגעלאָזט אַ סך דאָלאַרן... אָט אַ זעלכע שידוכים, ווערן אין אַמעריקע אָנגערופן „שידוכים פאַר סיטיזענשיפּ־פּעיפּערס“. איך האָב זיך גראַד אַ סך אָנגעלייענט פון אָט די שידוכים, כּדי צו ווערן אַן אַמעריקאַנער בירגער אָדער בירגערין...

ווייזט אויס, אַז אָט דער „שיפסברודער“ מיינער, דער צוקונפטיקער מיסטער סעגאַל, האָט חתונה געהאַט פאַר אָט דער אַמעריקאַנקע, נישט דערפאַר כּדי ער זאָל קאָנען ווערן אַן אַמעריקאַנער בירגער, נאָר טאַקע, פּשוט, לשם חתונה האָבן,

און ער ווערט איצט אַן „אימיגראַנט“ נישט מיטן גאַנצן האַרצן און פרייד פון אַ געפּלאָגטן עמיגראַנט פון אַמאָל...

זאָג מיר וואָס דו ווילסט, מיר ווייזט זיך אויס אַז דער „נייער“ אַמעריקאַנער, וועט דאָרט לאַנג נישט זיין: ער קאָן קיין איין וואָרט נישט קיין ענגליש, און — כאָטש ער פּאָרט צו אַן איינגעשטעלטער שטוב אין ברוקלין, און ווי עס ווייזט אויס — אויך צו אַן איינגעאָרדנט געשעפט — דאָך, האָב איך דעם איינדרוק, אַז ער — דער אינטעליגענט, וואָס רעדט פון פּרצן און שלום עליכמען, ער, וואָס רעדט פון דער אַלטער און מאָדערנער ליטעראַטור, וועט דאָרט, אין דאָלאַר־לאַנד, זיך דערפילן עלנט און דערשלאָגן און... מירן אים האָבן צוריק צו גאַסט. הלוואי זאָל איך ליגן זאָגן!

נישט ווייט פון אונדז זיצט אַ צווייט ייִדיש פּאָרל. נישט קיין יונגע מענטשן! פאַר די דריי שעה וואָס איך האָב זיך מיט אים באַקענט האָט ער מיר... צוויי צענדליק מאָל דערמאָנט... „ריאָ האָנדאָ“, ווו ער איז אַלע יאָר, און אַ דריי צענדליק מאָל האָט ער דערמאָנט דעם נאָמען פון אַן אַנגעזעענעם כלל טוער אין אַרגענטינע, מיט וועלכן ער איז זייער נאָענט באַקאַנט און באַפריינדעט און... איך מעג פרעגן אויף אים!...

אַ ביסעלע אין דער זייט, זיצט אַ מאַמע מיט אַ טאָכטער. איך וואָלט געקאָנט שווערן, אַז ביידע זענען העכטע „קריאָזשעס“. לאָזט זיך אויס, אַז די מאַמע איז אַ ליטוואַטשקע, פון יענע ליטוואַטשקעס, וואָס האָבן ליב... אַ יידישן בוך און שלינגען אים איין אין איין נאַכט. די מוטער רעדט אַ פּערפעקטן ייִדיש, אַ שיינעם רוסיש און אַז מען דאַרף רעדן העברעיִש — דאַרף מען זיך אויך היטן פאַר איר. קאָלאָדנע — שטעלט זי זיך מיר פאָר, און דאָס ערשטע וואָס זי פרעגט איז:

זי וויל וויסן, וויפל און וועלכע ביכער איך פיר מיט זיך, וואָס זי זאָל קאָנען לייענען?...

זעסטו, די טאָכטער — געפעלט מיר נישט. זי לאָזט נישט אַרויס דעם פּאַפּיראָס פון מויל! זי נוצט נישט קיין שוועבעלעך! איינעם געענדיקט — דעם צווייטן אָנגעהויבן! איך ווער באַלד געוווירע אַז... זי איז צעשיידט פון איר מאַן! איך שטעל זיך פאָר, אַז דער קריג צווישן זיי איז געקומען פון איר האַלטן אין איין רויכערן!...

איך — וואָלט בעסער נישט געווען!...

אַ ביסעלע ווייטער פון מיין טישל, זיצט אַ יונג פּאָר־פאָלק, ער — דער גאַנצער „קוגל“ ליגט אויסגעצויגן אויף זיין פּנים! אַ טיפּיש־ייִדישע נאָז, וואָס שרייט אויס אין דער הויך: רוף מיך יאַנקעלע אָדער משהלע! אויך די אויס־

שפּראַך זיינע איז אַ רייך... יידישע! מיר ווייזט זיך אויס, אַז ער קאָן קיין שפּאַניש נישט רעדן — כאָטש ער איז געבוירין געוואָרן אין אַרגענטינע!

די פרוי זיינע — אַן אמתע... שפּאַנקע: טאָקע פון מאַדריד אָדער סעווי־זשאַ! זי איז שיין, עלעגאַנט, און קוועקזילבערדיק!

ווי אַזוי אָט די שיינע קריסטן האָט געקאָנט חתונה האָבן פאַר אַזאַ טיפּישן סע־מיט און דערצו נאָך אַ מיאוסער בחור — בלייבט אַלס „סוד פון ליבע"!... ווייזט אויס, אַז ער וועט גיכער פאַרשפּאַניעוועט ווערן, — ווי זי פאַריידישט...

***

מען ענדיקט עסן! אויב מען זאָל אַזוי אַלע דריי וואָכן געבן אַזאַ עסן — וועט יעדער איינער קומען קיין אַמעריקע מיט 10 קילאָ מער'ער! סיידן... יאָ! סיידן די ים־קראַנקייט וועט „נעמען אַ וואָרט". אָט זאָגט שוין „מיין" גאַליציאַ־נערקע, ווײנגער הייסט זי, אַז... פילט זיך נישט גוט — כאָטש מיר שווימען נאָך אין לאַ־פּלאַטאַ טייך!

ביים אויפהייבן זיך פון טיש, שליסט מען קאָנטשאַפט מיט אַ פּאָר רייזנדע! עס וואָרפט זיך שטאַרק אין די אויגן, וואָס דער „שוואַכער מין", איז אויף דער שיף אַ מערהייט! עס פאָרן אַ סך פרויען — נישט בלויז יידישע — זיך זען מיט שוועסטער און ברידער אין אַמעריקע, מיט וועלכע מען האָט זיך נישט געזען 20 אָדער דרייסיק יאָר און — אין איין וועגס — קומט מען צוריק מיט אַ פּאָר פוטערנע מאַנטלען און נאָך אַזעלכע „פּערזענלעכע" זאַכן וואָס מען מעג „לע־גאַל" אַריינפירן!

זעסט, גאָלדע, ווי אַזוי פרויען ברענגען פרנסה אין שטוב אַריין?... נישט ווי אונדזערע באַלעבאַטישע ווייבער, וואָס, נישט נאָר זיי ווילן אַליין נישט פאָרן — נאָר ווילן אַפילו מיטן מאַן צוזאַמען קיין אַמעריקע נישט פאָרן!

צי איך בין מקנא די „פוטער־מאַנטלדיקע" ווייבער? — זיכער נישט!...

אין אַלגעמיין רעזומירט, ריידנדיק וועגן דער רייזע אויף אַ שיף קאָן מען זאָגן אַזוי:

דער גורל זעצט דיך אַוועק ביי איין טיש מיט ווילד־פרעמדע מענטשן, וואָס נישט דו קאָנסט זיי, נישט זיי קאָנען דיך. מען פאָרט צונויף אַ קאָץ מיט אַ איב־דיק און אַזביידע ווערן שוין ענדלעך גוט באַפריינדעט — ענדיקט זיך שוין די רייזע!...

בלייבט דיר איין ברירה: עסן, טרינקען און זיך מאַכן פאַרגעסן אין דיין היים!

אָבער — גיי פאַרגעס, אַז עס פאַרגעסט זיך נישט!...

## III

טייערע גאָלדע!

איך האָב דיך נאָך נישט באַקאַנט מיט מיין נייער „וווינונג" ווו עס וועט מיר זיין באַשערט אָפּצולעבן גאַנצע אַכצן אָדער ניינצן טעג.

געזאָלט, האָבן מיר פאָרן בלויז 16 טעג, אָבער, ערשט אויף דער שיף, וואָס שווימט שוין אין ברייטן ים, ווערן מיר געוווירר, אַז מיר וועלן פאָרן לענגער, ווייל מיר פאַרקערעווען זיך אין אַ זייט און מיר וועלן באַזוכן דאָס אינדזל קו־ראַסאַאָ און גאָר ספּעציעל — האַוואַנאַ (קובאַ).

— ווי קומען מיר קיין קובאַ?

איז, אַזאַ געשיכטע:

עס איז געקומען קיין אַרגענטינע אַ קובאַנער טרופּע שוישפּילער! העכער 50 פּערזאָן זענען זיי געקומען מיט אייגענע טענצער און קונצנמאַכער! ווייזט אויס, אַז זיי האָבן קיין געשעפטן דאָ נישט געמאַכט און נישט געהאַט מיט וואָס אַהיים צו פאָרן! האָט די אַרגענטינער רעגירונג רחמנות באַקומען אויף זיי, און זיי אויפגעזעצט אויף אונדזער שיף, מיט וועלכער מיר פאָרן קיין אַמעריקע און האָט זיי אָפּגעשיקט אַהיים! אָט דערפאַר, וועלן מיר זען קובאַ, און פאַר איין וועג — שוין אָפּטרעטן צו דעם לעגענדאַרן האָלענדישן אינדזל קוראַסאַאָ און מיט־נעמען אויף דער שיף אַ ביסל נאַפט, וואָס — לויט ווי מען זאָגט — קאָסט אין קוראַסאַאָ זייער ביליק!

אַלזאָ, דערזעענדיק אָט די באַרוועסע „קאָפּעליע", זענען מיר שוין זיכער, אַז עס וועט אונדז זיין פריילעך אויף דער שיף, און אַלע נאַכט וועט מען אונדז שפּילן טעאַטער! עפּעס אַ קלייניקייט! זיי פאָרן דאָך אויף אונדזער שיף גאַנץ אומזיסט און מען האָט זיי אָפּגעגעבן די בעסטע „קאַמאַראָטעס!"

נו! קיין טעאַטער — שפּילן זיי טאַקע נישט פאַר אונדז! אָבער — אַ טומל מאַכן זיי, אַז מען קאָן טויב ווערן! צום שווים־באַסיין (פּילעטאַ דע נאַטאַסיאָן) קאָן מען נישט צוקומען! פאַרנומען בלויז מיט זיי! ערשט ווען מען גייט עסן — ווען זיי לויפן די ערשטע — קאָן מען אריינכאַפּן אַ שווים אין דער „פּילעטאַ".

דעם „צימער" מיינעם האָסטו געזען! מיר דוכט זיך, אַז אויף קיין שום אויסלענדישער שיף קריגט מען נישט אַזאַ שיינע און באַקוועמע קאַיוטע ווי ביי אונדז אויף דער שיף. ערשט איצט זע איך, אַז מיר האָבן אין אַרגענ־טינע אַ ווילן יידן, וואָס פאַרקויפט שיפס־קאַרטעס, מאַריאַ פעלד, און מען דאַרף אים פאָלגן! ער האָט געדאַרפט „האָרעווען" מיט מיר, ביז ער האָט מיר איינגע־רעדט נעמען אָט די שיף און די „קאַבינע", וועלכע איך האָב! איצט —

האָבנדיק אַזויפיל באַקוועמלעכקייט, דערמאָן איך אים, אַלע מינוט, צו גוטן! און — איך בין נישט דער איינציקער אויף דער שיף וואָס דערמאָנט אים צו גוטן!...

די מעלה צו פאָרן קיין אויסלאַנד אויף אַן אַרגענטינער שיף איז, וואָס מען פילט זיך ווי אין דער היים. די עסנס זענען היימישע! די באַדינער רעדן דיין שפּראַך, און אַפילו מיטן קאַפּיטאַן קאָנסטו זיך דורכרעדן!



די מאַנשאַפט פון שיף, אין וועמענס הענט עס ליגט אונדזער גורל און לעבן

אַז גאָט העלפט נאָך, און דו ווערסט באַפריינדעט מיט דער מאַנשאַפט — ביסטו אַוודאי און אַוודאי ווי ביי זיך אין דער היים.

ווען דו גייסט אַראָפּ עסן — שפּילט דיר צו אַ פיינער אָרקעסטער, און מען שפּילט דיינע היימישע מאָטיוון וואָס דו הערסט זיי אַ גאַנץ יאָר, און וואָס דער־מאָנט דיך, אַז דו ביסט אין דער היים!

ווען דו דאַרפסט עפּעס האָבן אין „באַר", רעדסטו די שפּראַך, וועלכע דו רעדסט שוין עטלעכע צענדליק יאָר! און ווען דו דאַרפסט האָבן דעם „קאַמאַ־רעראָ" דאַרפסטו זיך אויך נישט ברעכן די צונג אויף אַ פרעמדער שפּראַך, נאָר רעדטסט צו אים — דיין לאַנד־שפּראַך!

דאָס אַלץ, גאָלדע, דערצייל איך דיר, כדי, טאָמער וועט עפּעס אַ היימישער מענטש, אָדער דיינע אַ חברטע פרעגן ביי דיר אַן עצה אָדער אַ מיינונג ווי אַזוי צו פאָרן קיין אַמעריקע, זאָלסטו זיי עצהן פאָרן, מיט — אַרגענטינער שיפן!

און נאָך אַ גרויסע מעלה האָט אַן אַרגענטינער שיף!

ווילסטו געבן אַהיים אַ טעלעגראַמע — כאָטש דו ביסט אין מיטן ים — קאָסט דאָ דאָס זעלבע ווי עס קאָסט אַ טעלעגראַמע פון בוענאָס איירעס קיין

אוועזשאַנעדאַ! טאַקע עטלעכע סענט! ווילסטו רעדן אַהיים טעלעפאָניש? — פּאָר זעקס פּעזעס קאָנסטו זיך דורכרעדן אַהיים! און נאָך מער! דו דאַרפסט דיך נישט מטריח זיין! דו ליגסט ביי זיך אין בעט, דער טעלעפאָן שטייט אויפן נאַכט־טישל און דו רעדסט זיך דורך מיט וועמען דו ווילסט!...

הערסט, גאָלדע! אַ רוחן געלטס טאָטן! פּאַר געלט, קאָן מען קריגן אַזעלכע באַקוועמלעכקייטן, פון וועלכע עס קומט צו אַ שטיק לעבן! איך פאַרשטיי נישט אונדזערע גבירים, וואָס פאַרן קיינמאָל נישט אַרויס אויף דער גרויסער וועלט און באַנוגענען זיך צו לויפן קיין מאַר דעל פּלאַטאַ, אַריין אין דער „קאַסינאָ", מען פאַרשפּילט עטלעכע טויזנטער און מען קומט אַהיים אַ פאַרביטערטער! ווען דער גביר נעמט זיין פרוי און זעצט זיך אַריין אין אָט דעם שווימענדיקן לוקסוס־האָטעל וואָלט ער דאָך מער הנאה געהאַט!

אָבער — גיי לערן אונדזערע גבירים שכל!

אָט פאָרט אויף דער שיף אַ היימישער, ייִד אַ גביר, האַלט ער אין איין באַוויינען מיך, אַז... אַ פלאַש ווײַן קאָסט מיט פינף פּעזעס טייערער ווי ביי אים אין „אַלמאַסען", אַז... די שיף האָט נישט קיין „סיפאָנעס" מיט סאָדאַ און ער מוז קויפן „סאָדאַ בעלגראַנאָ", וואָס קאָסט אַ פּעזע אַ פלעשעלע! דער סוף איז געווען, אַז ער האָט גענוצט פּשוטע וואַסער! און ווײַן?... — וועט ער שוין טרינקען אין דער היים!...

אינטערעסאַנט אַ צווייטע זאַך:

די שיף פאַרמאָגט אַ גרויסע ביבליאָטעק, וועלכע שטייט צו דינסט די פּאַ־סאַזשירן! די ביבליאָטעק פאַרמאָגט זייער אַ סך ענגלישע און פראַנצויזישע ביכער! פאַראַן אָפילו דריי ביכער אויף דער יאַפּאַנעזישער שפּראַך; צוויי ביכער אויף דער כינעזישער! די איבעריקע זענען שפּאַנישע, פּאָרטוגעזישע און דייטשע! קיין ייִדישע ביכער — אָפילו קיין איין בוך נישט!

די ייִדן בילדן אויף דער שיף 22 פּראָצענט פּאַסאַזשירן! דאָס איז נישט קיין צופאַל! ווען נישט די קובאַנער אַרטיסטן, וואָלטן די ייִדן געבילדעט... 45 פּראָ־צענט פון די איינוווינער פון דער שיף. דאָך, איז נישטאָ קיין איין ייִדישער בוך! קיין איין ייִדישער אות!

בין איך נישט געווען פייל און האָב געפרעגט, היתכן?

האָט מען מיר געענטפערט:

די פרעמד־שפּראַכיקע ביכער ווערן געשאָנקען פון די באַטרעפנדיקע פעל־קער און געמיינדעס! און די ייִדישע געמיינדע האָט נאָך, ביז היינט, נישט צוגע־שיקט קיין איין בוך אויף אַ שיף!...

איז דאָס נישט קיין בזיון?...

האָב איך זיך געגעבן אַ נדר: — אַז דער אויבערשטער וועט מיך ברענגען בשלום צוריק אַהיים, וועל איך זען, אַז יידישע מחברים זאָלן פאַרזאָרגן אַרגענ־טינער שיפן מיט יידישע ביכער!...

אַ סך יידישע פּאַסאַזשירן — אויב אַפילו זיי האָבן שוין די ביכער געלייענט — וועלן זיי ווידער לייענען און זיך מיט זיי מחיה זיין!

אין אַלגעמיין, זעט די שיף אויס ווי אַ ריינער, שיינער, ערשט־קלאַסיקער האָטעל. פאַראַן דריי גאָרן שלאָפצימער. אַלע שלאָפצימער האָבן די בעסטע באַק־וועמלעכקייטן מיט קאָנדעציאָנירטער לופט. אויב עס איז קאַלט אינדרויסן — מעגסטו זיין זיכער אַז אין צימער איז וואַרעם ווי אין אַ אויוון. אַזוי ווי מיר פאָרן איצט אין די הייסע חדשים און טעג — בלאָזט אַ קילע לופט, וואָס מען טרעפט נאָר אין די ערשט־קלאַסיקע קינאָס פון צענטער...

דער עס־זאַל איז גרויס און באַקוועם און אַן אָרקעסטער־מוזיק שפּילט דיר צו צום עסן. און, ווידער דאָס זעלבע. כאָטש עס פאָרן אַ סך יידן וואָס וואָלטן זיך מחיה געווען מיט אַ יידיש שטיקל מוזיק — שפּילט מען נאָר שפּאַנישע און איטאַליענישע אַריעס... נישטאָ קיין „יידישע" נאָטן ביי די מוזיקער...

אויבן, אויפן אויבערשטן גאָרן, געפינט זיך דער „באַר" ווו דו קריגסט פאַר אַרגענטינער געלט, אַלץ וואָס דיין האַרץ גלוסט. דאָרט געפינען זיך אויך טיש־לעך ווו דער עולם „טשאַדעט" אַ גאַנצן טאָג אין „רעמי" און דאָמינאָ. שפּעטער וועט אויך זיין אַ קאָנקורס פון די בעסטע שפּילער, וועלכע וועלן באַקומען פּרע־מיעס. בכלל, באַמערקט זיך, אַז די אויטאָריטעטן פון דער שיף טוען אַלץ אַז מען זאָל פאַרגעסן אַז... מער פאָרט אויף אַ שיף!

מיינסטו אַז דאָס איז שוין אַלץ? האָסטו אַ טעות! אַלע טאָג און צוויי מאָל אין טאָג גייט מען אין „ביאָגראַף" און מען זעט גאָר פיינע פילמען. אינדרויסן איז אַ היץ אַז מען קאָן מען פאַרשטיקט ווערן און אין „סינע" מוז מען קומען אָנגע־טאָן אין אַ סוועדער — אויב מען וויל נישט באַקומען קיין „פולמאָניע"...

נו. איז נישט אַ רוח אין געלטס טאָטן?...

## IV

טײַערע גאָלדע.

מיר דערנענטערן זיך צו סאַנטאָס. מען איז שוין דורכגעפאָרן דעם באַרימטן גאָלף „סאַנטאַ קאַטאַלינאַ" ווו — לויט ווי מען זאָגט — שאָקלט און עס וואַרפט דאָרט מיט יעדער שיף, אַז „מען מוז" ווערן קראַנק. און — אויף אונדזער מזל — האָט קיינער ניט געוווּסט ווען מען איז אין גאָלף און ווען עס דאַרף „וואַרפן"! די איינציקע וועלכע האָט יאָ „געפילט", די איינציקע וועלכע איז געבליבן אין בעט קראַנק, איז געווען „מיין" גאַליציאַנערקע, וועלכע איך דאַרף „אָפּהיטן", און וועמענס אפּטרופּסות איך האָב אָנגענומען!

אַ גליק וואָס אינדערפֿרי איז די שיף געבליבן שטיין אין סאַנטאָס און אַלע פּאַסאַזשירן זענען אַראָפּ אין שטאָט און זיך געלאָזט אין וועג אַריין קיין סאַן־פּאַולאָ.

עס איז שוין אַזאַ מאָדע ביי די פּאַסאַזשירן, וואָס פאָרן דורך סאַנטאָס. מען בלייבט ניט אין אָט דער האַפן־שטאָט, כדי זי אָנקוקן, נאָר מען כאַפּט דעם אָמני־בוס און מען לויפט אָנקוקן סאַן פּאַולאָ. דעם אמת טאַקע זאָגנדיק, איז אין סאַנטאָס נישטאָ וואָס צו זען. אַן אַלטע שטאָט, אַ פאַרלאָזטע שטאָט ווו דאָס מיסט ליגט צעלייגט ווי אַ באַלעבאָס אין מיטן גאַס און ביי יעדער טיר. נישט פאַראַן קיין לייטישער קאַפע אָדער רעסטאָראַן אַריינצוגיין אַהין.

פון דער שיף, נעמט מען די טראַנזווייַ נומער 19 און מען פאָרט צו ביז דער „פּלאַסאַ" און פון דאָרט, פאַר 30 קרוזייראָס (אַרום 15 אַרגענטינער פּעזעס) פאָרט מען מיט אַ שיינעם, פּראַכטפול־שיינעם וועג ביז סאַן פּאַולאָ.

פאַראַן אַנדערע, וועלכע זענען „גרינע", אין ענין רייזעס, נעמען זיי אַ טאַקסי ביי דער שיף, מען באַצאָלט 6 הונדערט קרוזייראָס און מען פאָרט קיין סאַן פּאַולאָ. דאָס ערשטע מאָל — אויב דו געדענקסט — ווען מיר זענען געפאָרן קיין ישראל, זענען מיר אויך אַזוי געפאָרן. איצט, בין איך שוין געווען פּראַקטיש און פאַר 31 קרוזייראָס וואָלט איך פון דער שיף אָנגעקומען קיין סאַאָ פּאַולאָ.

איך האָב נאָך געהאַט מערער מזל! ווי נאָר די שיף איז געבליבן שטיין ביים פאָרט און איך בין געשטאַנען אויפן דעק, האָב איך געהערט פון „דער ערד" רופן מיין נאָמען! דאָס איז געווען מיין פריינט משה גאָק דער לאַנגיאָריקער תושב פון סאַאָ פּאַולאָ, וועלכער איז געקומען מיך אָפּוואַרטן צו דער שיף.

ער איז, נעבעך, אויפגעשטאַנען פאַרטאָג, און געמאַכט די רייזע פון סאַאָ פּאַולאָ ביז סאַנטאָס ווען עס איז נאָך געווען גוט פינצטער!

דער וועג פון סאַנטאָס ביס סאַאָ פּאַולאָ, פאַרשפּאָר איך דיר אים אויסמאָלן! דו האָסט אים שוין געזען ווען דו ביסט געפאָרן קיין און פון ישראל! איצט — איז ער פיל מאָל שענער און בעסער! נישטאָ נאָך, אין גאַנץ זיד־אַמעריקע, אַזאַ וועג! בלויז דער וועג צווישן תל אביב און ירושלים איז עטוואָס ענלעך (מיט זיינע אָפּגרונטן אין פאַרשיידענע ערטער).



הער משה גאַק — באַקאַנטער תושב און כלל־טוער פון סאַאָ פּאַולאָ, בראַזיל, וואָס איז געקומען ספּעציעל קיין סאַנטאָס אָפּוואַרטן אַ יידישן שרייבער פון אַרגענטינע וואָס וויל קאָנען זיין לאַנד



הער יצחק באָרענשטיין — באַוווסטער און פעיקער שרייבער פון פוילן, איצט — רעדאַקטאָר פון סאַאָ־פּאַולער יידישן וואָכנבלאַט „דער נייער מאָמענט"

מיר קומען אָן קיין סאַאָ פּאַולאָ און דאָס ערשטע גייט מען אין אַ יידישער רעדאַקציע! אַזאַ יידן ווי איך, ציט דאָס ערשטע צו יענע ערטער, ווו מען קאָן זען אַ יידישן מוח און אַ יידיש האַרץ! און סאַאָ פּאַולאָ האָט פון ביידע זאַכן! ווען איך האָב קיין מורא נישט אַז די יידן פון ריאָ דע זשאַניירא זאָלן אויף מיר נישט ווערן ברוגז, וואָלט איך געזאָגט, אַז סאַאָ פּאַולאָ איז די יידישסטע שטאָט פון בראַזיל!

סאַאָ פּאַולאָ האָט אַ וואָכן־בלאַט, זייער אַ געשמאַקע ייִדישע צייטונג! איר רעדאַקטאָר איז אַ געניטער און פעיִקער שרייבער פון דער אַלטער היים, אַ שרייבער מיט אַ פּען און מיט אַ שטעל! יצחק באָרענשטיין הייסט ער! ער האָט דערגרייכט, אַז זיין צייטונג ווערט געלייענט פון אַלע ייִדן אין סאַאָ פּאַולאָ און פון אַ סך ייִדן אין גאַנץ בראַזיל!

סאַאָ פּאַולאָ וואָלט אויך געקאָנט אויסהאַלטן אַ טעגלעכע ייִדישע צייטונג ווי אין מאָנטעווידעאָ, אָבער, עס פעלט אין סאַאָ פּאַולאָ אַ ייִד אַן עקשן, אַ ליט־וואַק, ווי משהלע אָרזשוך פון מאָנטעווידעאָ. עס פעלט דאָרט אַ ייִד וואָס זאָל מוזן לעבן פון דער צייטונג (אַ חוץ דעם רעדאַקטאָר) . ווען אַזאַ ייִד זאָל דאָרט



דער וועג צווישן סאַנטאָס און סאַאָ פּאַולאָ. אויפן בילד — דער שיפס־דאָקטאָר

זיין — וואָלט סאַאָ פּאַולאָ געהאַט אַ ייִדישע טעגלעכע צייטונג! יצחק באָרענשטיין וואָלט געווען אַ בעסערער רעדאַקטאָר פון אַ טעגלעכער צייטונג ווי פון אַ וועכנט־לעכער...

איך באַטראַכט די רעדאַקציע, דרוקעריי און אַדמיניסטראַציע פון דער דאָ־זיקער צייטונג. אָט אַזוי האָט אויסגעזען אונדזער אַרגענטינער „ייִדישע צייטונג״ און „די פּרעסע״ מיט צענדליקער יאָרן צוריק! אָט אַזוי פּרימיטיוו האָבן זיך אָנגעהויבן דרוקן אונדזער גרויסע — היינט שוין וועלט־צייטונגען — „די אידישע צייטונג״ און „די פּרעסע״.

הייסט עס, אַז דאָס ייִדישע בראַזיל איז אָפּגעשטאַנען פון אונדז מיט גאַנצע דרייסיק אָדער פערציק יאָר?

ניין! פאַרקערט! בראַזיליענער ייִדן האָבן מערער מעגלעכקייטן ווי מיר האָבן געהאַט! דאָס איינציקע וואָס עס פעלט זיי איז אַ... מאָטיע סטאָליאַר ע״ה

און אים צו לענגערע יאָרן — אַ עוזר בומאַזשני! עס פעלט זיי אַ מיגעל שייבין און אַ מאָטיע קרייטשמאַר, וואָס זאָלן קאָנען אַוועקשטעלן אַ צייטונג אויף די פיס!

וואָס עס פעלט זיי ניטש איז — יידן וואָס זאָלן לייענען אַ יידישע צייטונג!

ביי טאָג זענען מיר — איך און חבר גאק, געגאַנגען עסן אין אַ יידישן רעס־טאָראַן! דער רעסטאָראַטער איז אַ ייד אַ פליט פון... ישראל. ער איז איינער פון יענע חוזרים, פון יענע יידן, וואָס זענען אַוועק פון ישראל אויף אַ מיסיאָ־נערסקן פאַספאָרט! זיך געשמדט אָדער צוגעזאָגט זיך שמדן! דער עיקר — די מיסיאָנערן האָבן דערגרייכט זייערס — מיט אַ יידישער פאַמיליע ווייניקער אין ישראל!



איינע פון די סאַאָ פאַולער שענסטע גאַסן, אַוו. איפיראַנגאַ

איך בין הויפּטזיכלעך געגאַנגען עסן צו אָט אַזאַ יידן, ווייל איך האָב גע־וואָלט כאַפּן אַ שמועס מיט אַזאַ יורד!...

ריידן מיט אים — האָב איך נישט געקאָנט! ער איז, מיטיק־צייט, צופיל „ביזי", ער „שאַרט מיט לאָפּעטעס" ער איז שטאַרק פאַרהאָרעוועט! אַ סברא, אַז... ער קלויבט אַ קרוזיירא צו אַ קרוזיירא, כדי צונויפלייגן אויף אַ שיפסקאַרטע און... זיך אומקערן קיין ישראל!

ווען ער האָט נאָר דערשמעקט אַז איך בין געווען אין ישראל און איך רעד אַפילו עברית, האָט ער אונדז אָנגעהויבן אַטענדירן מיט דער גרעסטער

אויפמערקזאַמקייט. איבערגעלאָזט קליענטן וואָס זענען פריער געקומען און זיך אָפּגעגעבן מיט אונדז:

כ׳האָב אַ טראַכט געטון: קיין יידישע נשמה טאָר מען נישט שאַצן! און איך, האָב אים גאָר געהאַלטן פאַר אַ בוגד, אַ פאַררעטער, און איך בין זיך געקו־מען מיט אים קריגן!!!

פון סאַאָ פּאַולאָ צוריק קיין סאַנטאָס בין איך געפאָרן מיטן באַן! ער גייט אויף אַ קייט און עס... קאָן אַרויספאַלן די נשמה ווען מען קוקט אַרויס דורכן פענצטער! עס איז זייער אַ שיינער און עמאָציאָנירנדיקער וועג! אָבער, די רייזע מיטן באַן פון לוד ביז ירושלים איז... אַ סך שענער און עמאָציאָנירנדיקער!...



„פּלאַסאַ דע פּע". סאַאָ פּאַולאָ

אויף צו להכעיס, האָט זיך עפּעס געטראָפן מיטן באַן און ער האָט פאַר־שפּעטיקט. איך בין געקומען צו דער שיף פינף מינוט פאַרן אָפּגיין. דאָס האַרץ איז שיעור אַרויסגעפאַלן פאַר שרעק.

איך האָב שוין פאַרזאָגט קינדס־קינדער: מערער נישט פאָרן אין בראַזיל מיט אַ באַן...

## V

טייערע גאָלדע:

איך בין היינט געווען אַ גאַנצן טאָג אין ריאָ דע זשאַנייראָ! ביי דער שיף האָט מיך אָפּגעוואַרט אַ פריינט, דוד דאַווידזאָן. דו געדענקסט יענעם דאַווידזאָן אין ישראל, דער גרינדער און אָנפירער פון „אַרכיוו פון בעסאַראַבער ייִדנטום?" דו געדענקסט די אויפנאַמע וואָס מען האָט אונדז געמאַכט אין יענער הילצערנער שטוב וואָס געפינט זיך אין דער „כאַפּ־לאַפּ" געגנט, און איידער מען קומט צו צו דער הילצערנער שטוב מוז מען דורכגיין אַ... שטייג מיט הינער, און די אָרע־



ה' דוד דאַווידזאָן, אַדרעסירנדיק אַן אַקט פון פּאַראייניקטן קאַמפּיין, ווו ער איז ענטוזיאַסטיש טעטיק

מע הינער קוקן אויף דיר מיט מורא, צו ביסטו נישט געקומען מאַכן אַ סוף צו זייער גן־עדן — און לסוף: צי געדענקסטו יענעם דאַווידזאָן וואָס איז דער מחבר פון דעם וויכטיקן בוך „שחוק פינו" — נו, איז, אָט דער דאַווידזאָן זייערס אַ ברודער! ער איז אויך אַ שטיק שרייבער, אַ גאַנצער טוער פון „אָרט" און ביי דער מפאַ"י. האַלט מען אים פאַר אַ זייעריקן! אָט דער חבר, דאַווידזאָן, האָט מיך אָפּגעוואַרט ביי דער שיף, געבערענט זיך אַ גוטע פּאָר שעה אונטער דער ברענענ־דיקער און גליִענדיקער זון און זיך דערוואַרט מיר אָפּצוגעבן שלום עליכם...

איך בין געקומען צום שלוס, גאָלדע, אַז עס איז זייער גוט, ווען דו קומסט אָן אין אַ פרעמד לאַנד און עמעצער וואַרט אויף דיר! דו וואָלסט געמעגט זען, די פנימער פון מיינע שיפס־„ברידער" און „שוועסטער", ווי זיי האָבן מיך מקנא געווען, וואָס עמעצער וואַרט אויף מיר, וואָס עמעצער נעמט מיך אַראָפּ פון דער שיף און וואָס עמעצער גייט מיט מיר אַוועק!

מיר האָבן געמאַכט אַ שפּאַציר איבער דער שטאָט. מיר דוכט זיך, אַז וויפל מאָל איך זע ניט ריאָ, איז די שטאָט יעדעס מאָל שענער און געשמאַקער!



משה שרת ווערט אויפגענומען פון דער יידישער געזעלשאַפט פון ריאָ דע זשאַניירא.

גראַדע היינט האָב איך אַ קליינעם מזל צו „מיין" ריאָ. די היץ איז געוואַלדיק גרויס! מען שמועסט, אַז אַריבער 40 גראַד! אָבער, ווער קוקט אויף דער היץ, מיר זעצן זיך אַוועק אין דרייען — איך, דאַווידזאָן און דער רעדאַקטאָר פון דער דאָרטיקער „יידישער פרעסע" דוד מאַרקוס, און מיר פאָרן איבער ריאָ.

דער דאָזיקער דוד מאַרקוס איז אַ אינטערעסאַנטע יידישע געשטאַלט. נאָך גאָר אַ יונגערמאַן, האָט ער שוין אָנגעשפּאַרט אין שאַנכיי און אין סיביר, און האָט זיך שוין גוט אָנגעבידעוועט אויף זיין לעבן. דאָך, איז ער שטענדיק אַ שמייכלדיקער, שטענדיק אַ פריילעכער!

ער איז געווען אַ שטיק צייט אין מאָנטעווידעאָ, דאָרט נישט געפונען קיין תיקון פאַר זיך, דאָס איינציקע וואָס ער האָט דאָרט אויסגעפירט איז — ער האָט חתונה געהאַט, און איצט רעדאַקטירט ער „די יידישע פרעסע" פון ריאָ דע זשאַניירא און פאַרנעמט אַן אָנגעזעענעם פּלאַץ אין געזעלשאַפטלעכן לעבן.

אַלזאָ, פאָרן מיר אין דרייען. מיר גייען אַריין עסן אין אַ יידישן רעסטאָראַן. דער עס־זאַל איז אַ ביסעלע שמוציק און דערמאָנט מיך אין אַ „רעסטאָראַן" פון

אַדעסער „טאָלטשאָק״. קיין בעסערע יידישע רעסטאָראַנען זענען אין ריאָ נישטאָ! נו? אין בוענאָס איירעס איז דען פאַראַן אַ לייטישער יידישער רעסטאָראַן?

נאָכן עסן האָבן מיר פאָרגעזעצט אונדזער שפּאַציר איבער ריאָ! שפּעטער האָב איך אָפּגעשטאַט אַ וויזיט אין דער רעדאַקציע פון דער צווייטער „יידישער צייטונג״ וואָס ריאָ„ער יידן פאַרמאָגן און וואָס ווערט אַזוי שיין און געלונגען רע־דאַקטירט פון דעם באַוווּסטן זשורנאַליסט און... „באָהעם״ יעקב פּרנס.

צוריק מיט קרוב צו דריי צענדליק יאָר, איז יעקב פּרנס געווען אַ בוענאָס



דוד מאַרקוס
רעדאַקטאָר פון די „אידישע פּרעסע״ אין ריאָ



יעקב פּרנס
רעדאַקטאָר פון די „אידישע צייטונג״ אין ריאָ

איירעסער! ער איז געקומען אַלס שוישפּילער פון דער ווילנער טרופּע, און האָט דאָ געהאַט אַ פיינעם דערפאָלג! פּלוצלינג איז ער „פאַרפאַלן״ געוואָרן און האָט אָנגעשפּאַרט קיין בראַזיל ווו ער שרייבט, רעדט דורך ראַדיאָ, רעזשיסירט טעאַ־טער־זאַכן און מען האָט דאָרט פון אים הנאה, ספּעציעל פון זיין געלונגענעם רעדאַקטירן זיין „יידישע צייטונג״. מען זעט, אַז ער איז אַ פּאַכמאַן! און אפשר האָט ער מערער... פרייהייט און מערער טעכנישע מעגלעכקייטן ווי מאַרקוס...

פאַרנאַכט, טרינק איך טיי ביי דאַווידזאָנען אין הויז. ער האָט זייער און זייער אַ סימפּאַטישע פרוי. זי ליידט אָבער זייער פיל פון אַ „מאָדערנע״ שלאַפּ־קייט! — „בענקעניש״! בענקעניש נאָכן איינציקן זון מיט דער איינציקער שנור, וואָס האָבן איבערגעלאָזט טאַטע־מאַמע, איבערגעלאָזט אַ באַקוועם לעבן, אַ ווילע

רייכע דירה, און אַוועק קיין... נאָרד־אַמעריקע. ער, דער זון, איז אַ דאָקטאָר־מעדיצין. די שנור איז אויך אַ פּראָפעסיאָנעלן! פאָרט מען אַוועק קיין נאָרד־אַמע־ריקע, קיין ניו־יאָרק, כדי זיך „פּערפעקציאָנירן" אין פאַך, און מען בלייבט שוין דאָרט וווינען!



ביי אַ קאַמפּיין־מסיבה ווערט דעם ה' דוד דאַווידזאָן איבערגעגעבן אַן „אַלבום" מיט חתימות פון הונדערטער יידן

איי, דער טאַטע, וואָס ווערט באַצייטנס גרוי און נערוועזיש פון בענקעניש זון און... צאַנגט פון בענקשאַפט?

איי, די מאַמע, וואָס ליידט בייטאָג און ביינאַכט, פאַרמאַכט זי נישט קיין אויג און מאַכט נאַס דאָס קישעלע מיט אירע טרערן נאָכן איינציקן זון?...

דאָס אַלעס ווערט נישט גענומען אין אַכט! איך האָב זיי צוגעזאָגט זיין ביים זון און אים אָפּגעבן אַ גרוס פון טאַטע־מאַמע. אין האַרצן האָב איך געטראַכט: אפשר וועל איך פועלן ביים זון און שנור, אַז זיי זאָלן זיך אומקערן אַהיים און נישט פאַרקירצן דער מאַמען די יאָרן!... צי וועלן די קינדער מיך פאָלגן? ווער ווייסט עפּעס זענען זיי דאָך מאָדערנע קינדער!...

ענדיקנדיק מיין באַזוך אין ריאָ, שטאָט איך אָפּ מיט אַ וויזיט ביי דעם דאָרטיקן רב הכולל ביי אונדזער באַליבטן רב, און גרויסן פּעדאַגאָג, הרב יעקב פינק.

אויב אַרגענטינער יידן האָבן פאַר די לעצטע יאָרן אָפּגעטון אַ נאַרישקייט

— איז געווען דאָס אַרויסלאָזן און דאָס דערלאָזן, אַז אָט דער יונגער און סימ־פּאַטישער רב, זאָל פאַרלאָזן אונדזער מדינה און אויסוואַנדערן קיין בראַזיל!

אמת, אַזוי פיל כבוד, אַזוי פיל אויפמערקזאַמקייט, אַזוי פיל דרך־ארץ און... אַזוי פיל פּרנסה מיט וועלכן די בראַזיליענער ייִדן רינגלען אַרום זייער רב הכולל — הרב פינק, וואָלט ער אין בוענאָס איירעס נישט געהאַט! דאָ, ביי אונדז, איז דאָס רבנות געוואָרן אַ געשעפט — אַרומגעוויקלט מיט ייִדישער פּאָליטיק, מיט מזרחי און אַנדערע זאַכן! די גרעסטע טייל רבנים אין בוענאָס איירעס האַלטן דאָס רבנות פאַר אַ קרדום לחפור בה, פאַר אַ... בהמה, וואָס מעלקט זיך יעדן ענדע מאָנאַט.

הרב פינק האָט גענומען דעם ענין רבנות פון אַן אַנדער שטאַנדפּונקט, פון אַ העכערן גייסטיקן און מאָראַלישן בליק אויף רבנות ביי ייִדן! ער איז דער



הרב יעקב פינק
רב הכולל פון ריאָ



יעקב שניידער
אָנגעזעענע ציוניסטישע פּערזענלעכ־קייט אין ריאָ. פּרעז׳ פון „פּ׳ קאַמפּיין״

גייסטיקער פירער פון זיין עדה, און ביי אים אין שטוב, טרעפט מען, נישט בלויז גלוויביקע און שול־ייִדן. נאָר אַ סך פרייגעזאָנענע וואָס קומען נאָך אַן עצה צו אים, אָדער גלאַט פאַרברענגען אין אַ רוחנית־סביבה.

נו! די רביצין קאָנסטו דאָך! זי איז די טאָכטער פון אונדזער אַמאָליקן תושב גרשון גינזבורג, וואָס איז איצט אין ישראל מיט זיין האַרציקער פרוי און וואָס האָט אונדז באַגלייט צו דער שיף ווען מיר זענען אַוועקגעפאָרן פון חיפה. די רביצין פינק, איז פול מיט לעבן, רעדט עטלעכע שפּראַכן, איז אַ גרויסע מכנסת אורחים, אַז זי דערזעט אַן אַרגענטינער ייִדן, שטעלן זיך איר טרערן אין די אויגן!




ביי דער דערעפענונג פון דער אָפּטיילונג ביי דער שול אויפן נאָמען פון שול־טוער שמעון ראַסקין



יעקב וועלטמאַן

דער איינציקער יידישער בוכהענדלער און פאַרלעגער אין בראַזיל. וווינט אין סאַאָ פּאַולאָ

## VI

טייערע גאָלדע:

דער דאָזיקער בריוו וועט דיר קיין פאַרגעניגן נישט פאַרשאַפן. איך שרייב אים — צווישן הימל און וואַסער, צווישן בראַזיל און ווענעסועלאַ, צווישן ריאָ און קאַראַקאַס, און צווישן לעבן און... געפאַר! איך שרייב דעם בריוו דריי טעג נאָכדעם ווי איך האָב אין ריאָ... געגעסן אין אַ ייִדישן רעסטאָראַן. עס האָט זיך מיר פאַרגלוסט עסן געהאַקטע לייבערלעך מיט הינער שמאַלץ — ליגן זיי מיר נאָך אונטערן האַרצן, און דער שיפס־דאָקטאָר, וועלכער קומט אַריין צו מיר אַלע פאָר שעה, זאָגט מיר, אַז ביז קאַראַקאַס, דאָס הייסט, נאָך אַ דריי־פיר טעג, ביז מען וועט נישט זיין נאָענט צו אַ ישוב, האָט ער מורא, — צוליב מיין קראַנקן אַפּענ־דעסיט, — אַרויסטרייבן" די לעבערלעך פון מיר! איך דאַרף נעמען אַן „אָפּפיר־מיטל", וואָס מען גיט אַ קאַצאַפּ אָדער גאָר אַ פערד... איך האָב אונטערן האַרצן די גאַנצע פּאָרציע לעבערלעך מיט דער שמאַלץ. אַ סברא — אַזוי זאָגט דער דאָקטאָר — אַז די לעבערלעך זענען נאָך פון די „כפרות", וואָס דער רעסטאָראַטאָר האָט געקוילעט ערב יום־כפור, און די שמאַלץ, וואָס מען האָט גענוצט צו די לעבערלעך, איז פון די פסחדיקע גענדז, וואָס דער רעסטאָראַטאָר האָט געקוילעט לכבוד זיינע ריאָ׳ער געסט וואָס קומען עסן „ייִדישע מאכלים" אין ייִדישן רעס־טאָראַן.

דערווייל איז שוין דער דריטער טאָג וואָס איך גיי נישט אַריין אין „קאָמע־דאָר" עסן. און אויב מען שלעפּט מיך אַראָפּ אויף כוח — זיץ איך און קוק ווי יענער עסט. אין בעסטן פאַל, טרינק איך אַ טעלער ריינע יויך.

דאָס נעמט זיך דערפון וואָס... מען פאָרט אָן דער פּרווי אין אַזאַ וויַיטן וועג אַריין. ווען דו זאָלסט, אָבער, געווען זיין מיט מיר אין רעסטאָראַן וואָלט איך גאָר... מורא געהאַט צו בעטן — אין אַזאַ היץ — געהאַקטע לעבערלעך מיט שמאַלץ.

דער מוסר השכל:

אַז מען פאָרט אין וועג, אַז מען איז אין דער פרעמד און מען עסט אין אַן אומבאַקאַנטן רעסטאָראַן, דאַרף זיך נישט גלוסטן קיין לעבערלעך מיט שמאַלץ!...

כאָטש די שיף האָט אַ פּערפעקטע אַפּטייק, דאָך, נוץ איך די רפואות וואָס דער לערער גרינבאַום פירט מיט זיך! ער פירט אַ גאַנצע „פאַרמאַסיאַ". די פּרווי זיינע, — אַזוי דערציילט ער, — האָט אים מיטגעגעבן אַלערליי רפואות! ער האָט: צו קעלט, צו היץ! צום קילן זיך און צום שוויצן. ער האָט קאַפּסולן פאַר אַן אָפּ־פיר־מיטל. זיי ליגן אין אַ גרויס פלי־שעלע און האָט קאַפּסולן אויף „אָפּשטעלן" —

ליגן זיי אין אַ קליין פלעשעלע! ער האָט נאָר מורא, אַז ער זאָל נישט פאַרבייטן די יוצרות!

איך האָב באַלד, דעם ערשטן אויפדערנאַכט גענומען ביי אים דריי קאַפּסולן און זיי איינגענומען מיט אַמאָל! נו! איז שוין איצט דער דריטער טאָג, און די



ביי אַן עפנטלעכן יידישן אַקט אין ריאָ



די ערשטע עפנטלעכע זיצונג פון עסקנים פון „הרצליה"־גימנאַזיע אין דער געביידע פון „אָרט", וווהין די שולע האָט זיך אַריינגעצויגן.

קאַפּסולן ליגן ערגעץ רויק אָדער זיי דיסקוטירן צווישן זיך ווער עס זאָל דער ער־שטער „אַטאַקירן!"

דער צווייטער מוסר השכל?
אַז עס דאַרף עפּעס שאַטן — העלפט נישט קיין שום קאַפּסולן!
און נאָך אַ זאַך האָב איך אָנגעהויבן צו פאַרשטיין:

די בעסטע „קאַפּסולן“ איז אַ... גוטע פּאָרציע „ענגלישע זאַלץ“!...

און אַז מען פילט זיך נישט גוט אויף אַ שיף — און מען איז עלנט דערצו — איז נישטאָ וואָס מקנא צו זיין! איך האָב געפּרוווט „אויסטאַפּן“ ביים ערשטן אָפיסיאַל, וואָס קומט מיך אָפּט מבקר חולה זיין, וואָס טוט מען מיט איינעם וועמען... עס ענדיקן זיך די יאָרן אויף דער שיף? האָט ער מיך באַרויִקט און געזאָגט, אַז



די הויפּט־גייסטלע־כע פון ריאָ באַזוכן די „אָרט“־שולע פון וועלכער זיי זענען אַנטציקט געוואָרן.



אונטן: ביי אַ געז. אַקט אין ריאָ.

עס איז פאַראַן אַ ספּעציעל פּלאַץ צו האַלטן דעם מת ביז מען קומט צו צום ערשטן ברעג!...

אַזוי, אַז מיט קבר־ישראל בין איך שוין באַוואָרנט! אויב מען וועט מיך טאַקע דאַרפן אָפּערירן אויפן אַפּענדעסיט, לאָז איך איבער פּאַר דיר אַ בריוו אין קאָמי־סאַריאַ פון דער שיף. דאָרטן וועט זיך זאָגן, אַז ווו איך זאָל נישט ליגן — זאָל מען מיך דערנאָך ברענגען קיין אַרגענטינע און מיך באַערדיקן אויף טאַבלאַדאַ נישט ווייט פון מאָנומענט...

אַן אומגליק מיט מיר! די שיף הוידעט מיך ווי אַ מולטער! אַלע פּאַסאַזשירן ליידן פון דער ים־קראַנקייט און „געבן־אָפּ" וואָס זיי האָבן געגעסן צוריק מיט אַ



ה' משה וויינער

דירעקטאָר פון דער גרויסער יידיש־העברעישער שולע „התחיה" אין סאַן פּאַולאָ

חודש! בלויז איך „גיב נישט אָפּ"! ווען איך זאָל קענען טאָן, דאָס וואָס צענדליקער פּאַסאַזשירן טוען — וואָלט איך געהאָלפן געוואָרן! האָבן זיך, ווייזט אויס, די לע־בערלעך מיט שמאַלץ זיך אַוועקגעלעגט „פּאָפּערי׳ק" און ווילן מיט „גוטן" נישט אַרויס!

ווער עס ליידט מער פון אַלעמען איז מיין „פּראָטעזשירטע" — דאָס גאַלי־ציאַנער ווייבעלע! היינט האָט זי אַוועקגעשיקט דעם מאַן און די קינדער אַ טעלעג־ראַם מיט פאָלגנדיקן אינהאַלט:

„איך פּיל זיך גוט! בעסער קאָן נישט זיין"!

אָט אַזוי איז מען געטריי! עס ווייזט זיך איר אויס, אַז איר מאַן און קינדער זעען ווי זי ליגט ווי אַ מת אין בעט די גאַנצע צייט וואָס זי איז אַרויסגעפאָרן פון בוענאָס איירעס! וויל זי׳ זיי באַרויקן, אַז עס איז „גאָרנישט".

איך ווייס נישט, ווער עס האָט פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז מען וועט מיך מוזן אָפּערירן אויף דער שיף. מען האָט אַפילו אָנגעוויזן דעם טאָג און די שעה ווען דער דאָקטאָר וועט עס טון. ווען ס׳וועט זיין אַ שעה רייזע פון קאַראַקאַס, כדי

טאָמער וועט מען מיך מוזן אַראָפּפירן פון דער שיף, ווייל עס וועט זיין „פּערע־טעניטיס".

מיט אַמאָל האָב איך אָנגעהויבן באַקומען זייער אַ סך „וויזיטן!" מען קומט אַריין אין דער קאַבינע, מען גריסט מיר, מען גיט אַ טרויעריקן בליק — ווי איינער רעדט: „אַ רחמנות"! „אַזאַ יונגער מענטש!" מען געזעגנט זיך און מען גייט אַרויס! איך נעם אָן דעם ענין זייער לייכט! איך זאָג אַלעמען, אַז דאָס שרייב איך — ליגנדיק מיט אייז אויפן פּלאַץ, ווו דער אַפּענדעסיט געפינט זיך — מיין צוואה! איך שמייכל צו יעדערן! אַ ברירה האָב איך?...

אָבער, אַז ווי צו מיין שמייכלען!...



הרב הכולל ד"ר יעקב פינק נעמט אויף בראַזיליענער פּערזענלעכקייטן וואָס באַזוכן יידישע אינסטיטוציעס

## VII

טייערע גאָלדע:

איי, האָב איך זיי אָפּגעטון אַ שפּיצל! מיר דאַרפן מאָרגן אָנקומען קיין קאַראַ־קאַס, האָב איך זיך „מישב״ געווען, און היינט „אָפּגעגעבן״ די לעבערלעך מיט שמאַלץ, פּונקט ווי איך האָב זיי געגעסן צוריק מיט אַכט טעג! עס איז מיר פּלוצים געוואָרן שלעכט אויפן האַרצן. דער דאָקטאָר איז געקומען צעלויפן און ווען ער איז געקומען, בין איך שוין „געלעגן געוואָרן״ מיט מיינע לעבערלעך! ער — דער



הרב פינק אין אַ געשפּרעך מיטן העכסטן רעליגיעזן קאַטוילישן פאָרשטייער פון בראַזיל ביי זיין באַזוך אין „אָרט״

דאָקטאָר — האָט מיר געוויזן אַ שטיקל שוואַרצע מאַסע, און מיך פאַרזיכערט, אַז ווען זיי ליגן נאָך ביי מיר אונטערן האַרצן 24 שעה — איז שוין נאָך מיר! ער איז אַוועק, האָט געבראַכט אַ פלעשעלע און אַריינגעלייגט אַהין „מיינע״ לעבערלעך! ער וועט זיי נעמען צו מאַכן אַן אַנאַליז פון וואָס די לעבערלעך זענען באַשטאַנען!...

היינט בין איך שוין געזעסן ביים טיש און געגעסן גלייך מיט אַלעמען! דער ים איז אַ רויִקער און דער עולם פאַרברענגט ביי די טישן! מען עסט און מען טאַנצט! מערער פון אַלעמען עסן און מערער פון אַלעמען טאַנצן די קובאַנער אַר־טיסטן! זיי דערמאָנען מיך אין די יידישע טעאַטער־קאַפּעליעס, וואָס זענען אַרומ־געפאָרן איבער די שטעטלעך, געשפּילט טעאַטער, און געגעסן ביי די באַלעבאַטים פון שטעטל.

איך געדענק, ווען איך בין געווען אַ קינד, איז ביי אונדז אין שטוב איינגע־שטאַנען אַ חזן מיט משוררימלעך. דער טאַטע איז געווען גבאי אין שול און ער האָט עס געהאַט די געסט ביי זיין שבת־טיש! פלעגט די מאַמע ע״ה דערנאָך דער־ציילן, אַז ווען זי זאָל זיך געווען פאַרקוקן — וואָלטן די משוררימלעך, אויך געווען אויפגעגעסן די... טעפּ! אַזוי הונגעריק זענען זיי געווען!

אָט די „אַרטיסטישע טרופּע״ ווייזט אויך אויס צו זיין הונגעריק. און עס איז כדאַי צו קוקן ווי אַזוי — קיין עין־הרע, — זיי עסן! זיי ווילן אַריינפּאַקן אין



אַ שטאָט־טייל פון קאַראַקאַס ווו עס וווינען די רייכע יידן — ספּעציעל ספרדים.

מאָגן אַריין, וואָס מער! זיי ריכטן זיך, אַז זיי וועלן דאַרפן שפּעטער הונגערן!

דעם לעצטן ביינאַכט האָבן די פּאַסאַזשירן אָנגעהויבן פּאָדערן ביי זיי אַ ביי־סעלע „קונסט״! האָט מען צוגעגרייט אַ מאַסקן־באַל, און עס איז געווען וואָס צו זען! זייערע מאַסקעס, זענען, ספּעציעל, געווען אויף טעמעס פון... וווּלגאַריטעט, גאַסן־שלעפּערס און גאַסן־פרויען! די ערשטע פּרעמיע האָט טאַקע אַרויסגענומען איינער, אַ הויכער דראָנג, וואָס האָט... געשלעפּט זיין קליין ווייבעלע, אויף דער ערד, ווי מען שלעפּט אַ זאַק מיט שטרוי, אָדער, מיט מיסט! דאָס פּאָרל „פּרעמיר־טע״ אַרטיסטן זענען טאַקע אין דער אמתן מאַן און ווייב. און ווען זי זאָגט אים עפּעס, מוז ער זיך גוט איינבייגן צו הערן וואָס זי רעדט!

אין ווענעסועלאַ גייט אויך אַראָפּ פון דער שיף אַן עלטער פּאָר־פּאָלק, וועלכע פלעגן זייער אָפט אַריינקומען צו מיר אין דער קאַבינע און מיך „באַקרעכצט״ ווען איך בין געלעגן מיט די „לעבערלעך״. זיי האָבן גענומען דיין אַדרעס, כדי צו שרייבן און געווירע ווערן וואָס פון מיר איז געוואָרן! ווען זיי האָבן דערזען, אַז

עס איז מיר געוואָרן בעסער, האָט מען מיך אַרומגעכאַפּט קושן! זיי האָבן געווינט פּאַר פריידן! מיר האָבן נאָך אויסגעפּייעט צו שפּילן צוזאַמען אַ „רעמי" און זיי זענען געווען גליקלעך צו פאַרשפּילן אַ וויסקי — וועלכן איך טרינק נישט! האָט מען מיר געקויפט דערפאַר אַ פּאַק ציגאַרעטן! לויט זייער אויסשפּראַך, זענען זיי אמתע שפּאַניער, איינוווינער פון ווענעסועלאַ; געבוירענע אין ווענעסועלאַ.



איינע פון די צענטראַלסטע גאַסן אין סאַן פּאַולאָ. אויפן בילד היסטאָרישע געביידעס

היינט, ווי גרויס איז מיין איבערראַשונג, ווען זיי דערציילן מיר היינט, אַז זיי זענען ייִדן, און פרומע ייִדן דערצו! טאַקע געבוירענע אין אַ שפּאַניש לאַנד — אָבער זיי האַלטן אָן זייער ייִדישקייט! איך ווער שוין אויך געוווירע, אַז זיי האָבן אָפּגערעדט מיטן קאַפּיטאַן און דאָקטאָר פון דער שיף, אַז אויב מען וועט דאַרפן — נעמען זיי מיך אַראָפּ קיין קאַראַקאַס אויף זייער פאַראַנטוואָרטלעכקייט! נאָך מער: זיי האָבן שוין טעלעגראַפירט צו זייערן אַ פּלימעניק, אַן אָנגעזעענער דאָקטאָר פון קאַראַקאַס, וועלכער דאַרף קומען מיט אַן אַמבולאַנס און וואַרטן אין „לאַ גוואייראַ" אויף מיר!

איצט, האָבן זיי שוין אָפּגערופן דעם אַמבולאַנס, אָבער דער דאָקטאָר וועט במילא קומען — על כל צרה שלא תבוא!

נו! ווי געפעלט דיר, גאָלדע, ווי אַזוי גאָט פירט מיט אַ מענטשן? דאַרף איך אין אַ יידישן רעסטאָראַן עסן שלעכטע לעבערלעך, און פרעמדע — ווילד־פרעמדע, מענטשן, וועגן וועלכע איך האָב קיינמאָל נישט געחלומט זיך צו טרעפן — ווײנען פאַר פרייד, וואָס איך ווער געזונט!...

— איז דאָס נישט גאָטס נסים?



אַ צווייטע צענטראַלע גאַס אין סאַן פּאַולאָ, ווו עס וווינען אַ סך רייכע יידישע פאַמיליעס

ווען די שיף איז אָנגעקומען צום פּאָרט, בין איך געשטאַנען אויפן דעק און געטראַכט:

ווער ווייסט, ווער עס האָט זיך „באַמיט״ פאַר מיר, „דאָרט״, „אויבן״, אָדער אין וועמענס זכות עס איז געווען, אַז אָנשטאָט וואָס מען זאָל מיך אַראָפּ־טראָגן פון דער שיף צו אָט דעם פּאָרט — גיי איך גאָר אַראָפּ אַ פריילעכער, אַ לעבעדיקער און גיי זוכן אַ נייעם שבט יידן!...

אפשר איז דאָס גאָר געווען אין... דיין זכות!

## VIII

טייערע גאָלדע:

ערשט איצט זע איך, אַז איך האָב געטון גוט וואָס איך בין נישט געפלויגן מיט קיין אַעראָפּלאַן קיין אַמעריקע! ווען, אַ שטייגער, וואָלט איך געקאָנט זען, אַזאַ לאַנד ווי ווענעסועלאַ? אַזאַ פּאָרט ווי לאַ גואיירא? אַזאַ שטאָט ווי קאַראַקאַס? און דער עיקר — אַזאַ יידישן ישוב ווי קאַראַקאַס פאַרמאָגט?



Excmo. Sr. Presidente
Constitucional de Venezuela
coronel
MARCOS PEREZ JIMENEZ

דער ווענעסועלער פּרעזידענט פון
דער רעפּובליק — אַ יידן־פריינט
קאָר. מאַרקאָס פּערעז כימענעז

וועגן ווענעסועלאַ, האָב איך זיך אַ סך אָנגעלייענט און אַ סך אָנגעהערט. נאָך אין יענע יאָרן פון עמיגראַציע, ווען מיר זענען געווען אין קעשעניעוו און גע־מאַכט פּלענער וווהין צו פאָרן, האָט מען גערעדט וועגן אַ מדינה, נישט ווייט פון אַמעריקע, וואָס פון דאָרט קאָן מען זיך „אריבערכאַפּן" קיין אַמעריקע אָן אַ „קוואָטאַ". די דאָזיקע מדינה, וועלכע מען רופט ווענעסועלאַ — האָט מען דער־ציילט, לאָזט, אָבער, נישט אַריין קיין פוס פון קיין יידן, סיידן... ער שמדט זיך פריהער! ספּעציעל דאַרף ער זיך שמדן אויף אַ קאַטאָליק! דערנאָך — אַזוי האָט מען דערציילט — קאָן מען צוריק ווערן אַ ייד! אויף וויפל איך געדענק — איז דעמאָלט קיין איין ייד פון אונדז נישט געפאָרן קיין ווענעסועלאַ!...

שפּעטער, שוין זייענדיק אין אַרגענטינע, האָב איך שוין מערער געהערט און געלייענט וועגן ווענעסועלאַ. איך האָב געלייענט גוטע, שיינע זאַכן און איך האָב געלייענט, מיאוסע זאַכן — ספּעציעל, אַז עס קומען דאָרט פאָר אָפטע רע־וואָלוציעס אָבער — קיין ייִדן לאָזט מען אַלץ אַהין נישט אַריין! איי, ווי אַזוי האָבן זיך אַריינגעכאַפּט אַהין אַ פּאָר טויזנט ייִדן און דווקא אונדזערע — בעסאַ־ראַבער און גאַליציאַנער? — נו, איז טאַקע אַ נס.



דער שיינער וועג פון לאַ גוּאירא קיין קאַראַקאַס

גאָר ספּעציעל איז מיר געבליבן אין זכרון וואָס מיין חבר און פריינט, דער באַוווּסטער זשורנאַליסט יעקב בעלער האָט דערציילט וועגן ווענעסועלאַ. ער איז דאָרט געווען צוויי מאָל, און דוכט זיך, אַזוי ווי ער האָט באַמאָלט ווענעסועלאַ — דאָס לאַנד, און ווענעסועלער ייִדישן ישוב — האָט עס קיינער נישט געטון!

ווענעסועלאַ — דערציילט יעקב בעלער — איז דאָס לאַנד פון שוואַרצן גאָלד. אירע נאַפּט־קוואַלן זענען די רייכסטע אויפן אַמעריקאַנער קאָנטינענט. מי־ליאָנען פעסלעך אויל ווערן טאָג־טעגלעך אַרויסגעצויגן פון אירע אויל־קוואַלן און ווערן געשיקט קיין אַמעריקע און איבער דער גאַנצער וועלט.

צוליב אירע נאַטירלעכע אוצרות, האָלטן אויסלענדישע רעגירונגען אַן אויג אויף איר... און אַלע האָבן דאָרט געזוכט אַריינצושטעלן אַ פוס.

נאָך פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט די דייטשע און ענגלישע רעגי־רונגען ביי איר געמאָנט גרויסע סומעס געלט, וואָס אונטערנעמונגען פון די לענ־דער האָבן דאָרט אַמאָל אינוועסטירט. דייטשלאַנד איז אַזוי ווייט געגאַנגען, אַז זי האָט בלאָקירט די ווענעסועלער ברעגן און אירע קריגסשיפן האָבן באַשאָסן

דעם פּאָרט. האָט, אָבער, אַמעריקע דאַן פאַרמאָגט אַ פּרעזידענט מיט אַ שטאַרקן כאַראַקטער און מיט אַ שאַרף אויג אויף דער צוקונפט... טעאָדאָר רוזוועלט, דער דעמאָלסטיקער פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן, האָט געשיקט צו דייטש־לאַנד אַ שאַרפע וואָרענונג, אַז ער איז גרייט צו שיקן דעם אַמעריקאַנער פלאָט און באַשיסן די דייטשע שיפן. ערשט דאַן האָט זי באַפרייט די ווענעסועלאַנער וואַסערן און אירע פאָדערונגען איבערגעגעבן דעם האַגער אינטערנאַציאָנאַלן געריכט.

פון איר באַפעלקערונג, פון פינף מיליאָן נפשות, זענען פינף און זעכציק פּראָצענט מעסטיסאָס, צוואַנציק פּראָצענט ווייסע, און די איבעריקע — אַ געמיש



דער אַריינפאָר אין דער הויפּשטאָט פון ווענעסועלאַ

פון אינדיאַנער און נעגערס. איר נאָמען שטאַמט פון דעם, וואָס דאָס ערשטע שטעטל דאָרט, וואָס מען האָט אַנטדעקט ביים טייך מאַראַקייבאַ, איז ענלעך געווען צו ווענעציע, — האָט מען איר אַ נאָמען געגעבן „קליין ווענעציע״, דאָס מיינט — ווענעסועלאַ. איר הויפּטשטאָט קאַראַקאַס מאַכט אַ פיינעם איינדרוק מיט איר שנעלן וווּקס און טעמפּאָ.

ווענעסועלאַ איז היינט צו טאָג דאָס טייערסטע לאַנד אין לאַטיין־אַמעריקע, מיט אַ פעסטער וואַלוטע קעגנאיבער דעם דאָלאַר. איר קענט דאָרט פריי קויפן און פאַרקויפן דאָלאַרן. זי האָט גענוג אויסלענדישע וואַלוטע פאַר איר אויל. אַ צימער אין אַ דורכשניטלעכן האָטעל קאָסט צען דאָלאַר, — דאָס איז כמעט צוויי מאָל אַזוי פיל ווי אין ניו־יאָרק. די פּרייזן אויף אַנדערע זאַכן, ווי שפּייז און

אַנדערע אַרטיקלען, זענען נאָך טייערער. זי מוז אימפּאָרטירן דעם גרעסטן טייל פון אירע פּראָדוקטן פון אויסלאַנד; אַפילו אַ גרויסן טייל פון איר שפּייז־געברויך.

אַ פּיבערהאַפטער אויפבוי גייט אָן אין קאַראַקאַס; איבער נאַכט וואַקסן אויס ווילעס און פּראַכטפולע, מאָדערנע געביידעס, אויסגעבויט מיט פּראַכט און גלאַנץ



דער אַריינפאָר אין דער שטאָט קאַראַקאַס.



דער הויפּט־צענטער פון קאַראַקאַס (ווענעסועלאַ)

— די לעצטע מאָדע אין אַרכיטעקטור. אין דעם נייעם שטאָט־טייל, צופוסנס פון די בערג, זעט מען ווילעס ווי אין די שווייצער בערג אַרום לוצערן. ניו־יאָרקער וואָלקן־קראַצערס רייסן זיך חוצפּהדיק צו די לויטערע קאַראַקאַסער הימלען. אויסלענדישער קאַפּיטאַל שטראָמט אַריין און אַרויס קיין ווענעסועלאַ. וועלט־

באַרימטע אויל־געזעלשאַפטן, וואָס האָבן דאָרט זייערע קאָנצעסיע, חלומען גאָר נישט, אַז דאָס איז אויף דערווייל. מען פאַרפעסטיקט זיך וואָס שטאַרקער און מען בויט ביוראָען און ווילונגען מיט דער גרעסטער באַקוועמלעכקייט און לוקסוס. נישקשה, אויב די קאָנצעסיע וועט זיך ענדיקן, וועט מען געפינען נייען קוואַלן... אין דער געגנט. ווו עס ווינען די אויסלענדער קענט איר זען אַ געמיש



די נייע שיל
וואָס בויט זיך
אין קאַראַקאַס

פון פאַרשיידענע אַרכיטעקטורן און פאָרמען. איר הערט אָפט ענגליש, פראַנצויזיש און אַנדערע אייראָפּעישע שפּראַכן. איר באַקומט אין ווענעסועלאַ אַ נייעם מאָדעל אויטאָמאָביל, וועלכער איז ערשט אַרויס פון פאַבריק, אַ סך פריִער ווי אין ניו־יאָרק. אַזוי איז אויך מיט אַנדערע אַמעריקאַנער פּראָדוקטן.

קאַראַקאַס האָט אויך, צוליב איר הויכקייט, אַ מילדערן קלימאַט. אינגאַנצן איז זי פון לאַ גואַריאַ, דער הויפּט־פּאָרט פון ווענעסועלאַ, אַ דיסטאַנץ פון ניינצן קילאָמעטער; אָבער דער אונטערשייד אין קלימאַט איז אַזוי גרויס, אַז ווען איר קומט פון לאַ גואַריאַ, — ווו די היץ ברענט ווי אין אַ קאַלכאויוון, — קיין קאַראַקאַס, דאַכט זיך אייך, אַז דאָס זענט איר אין אַן אַנדער לאַנד.

דריי הונדערט יאָר צייט איז מען דאָרט געפאָרן מיט מויל־אייזלען צוליב די געפערלעכע, שפּיציקע פעלדזן־בערג, וואָס דרייען זיך דאָרט ווי שלאַנגען אויף אַ מהלך פון מיילן. איז איינמאָל דעם דיקטאַטאָר כואַן ווינסענטי גאָמעז נמאס געוואָרן צו פאָרן די שטרעקע אויף אַ פערד, האָט ער געגעבן אַ באַפעל צו מאַכן אַן אויטאָמאָביל־וועג צווישן לאַ גואַריאַ און קאַראַקאַס. נישט געקוקט אויף די קרבנות, וואָס די אַרבעט האָט אָפּגעקאָסט, איז דורכגעשניטן געוואָרן אַ וועג דורך די געפערלעכסטע פּלעצער. בעת אייער אויטאָמאָביל שניידט זיך וואָס

אַמאָל העכער באַרג־אַרויף, קענט איר, אַראָפּקוקנדיק, זען קליינע פּינטעלעך, וועלכע באַוועגן זיך קוים. די פּינטעלעך זענען אויטאָמאָבילן מיט מענטשן וואָס האָבן, שפּעטער ווי אייער אויטאָמאָביל, אָנגעהויבן די שלאַנגען־רייזע באַרג־אַרויף קיין קאַראַקאַס. אין שלעכטן דריי מיטן אויטאָמאָביל און איר קענט דאָ צעברעקלט ווערן אויף פּיצלעך, עס זאָל פון אייך נישט בלייבן קיין זכר... כאַפּט איר אַ קוק, אָבער, באַרג־אַרויף, שווינדלט אייך פאַר די אויגן.

ווענעסועלאַ פאַרמאָגט אַ קליינעם יידישן ישוב. צוליב די אימיגראַציע־באַשרענקונגען אויף יידן זענען דאָרט אין די לעצטע יאָרן, ווען עס איז אָנגעגאַנגען אַן אימיגראַציע אין די לאַטיין־אַמעריקאַנער לענדער, זייער ווייניק יידן אַריינגעקומען; כאָטש יידן מיט קאַטוילישע טויף־צעטלען זענען יאָ אַריינגעקומען אין לאַנד, און די פּאָליציי קוקט זיי נישט נאָך, צי זיי גייען אין קירכע... עטלעכע טויזנט יידישע משפחות געפינען זיך אין ווענעסועלאַ. דער גרעסטער טייל אין דער הויפּטשטאָט קאַראַקאַס און אין דריי שטעט מאַראַקיי, מאַראַקייבאַ און וואַ־



דער
אינערלעכער
אויסזען
פון דער
בייער שיל

לענסיאַ. לויט רעגירונגס־באַריכטן זענען שוין אין יאָר 1873 דאָרט געווען אַ גרעסערע גרופּע יידן; צום גרעסטן טייל זענען דאָס געווען ספרדישע יידן פון נאָענטן אינדזל קוראַסאַאָ, וואָס האָבן דאָרט געפּרוווט זייער מזל. אין יאָר 1891 איז שוין די צאָל געוואַקסן צו אַ פּאָר הונדערט יידישע משפחות. אין קאָרע, ווו עס וווינען היינט צו טאָג זעקס יידישע משפחות, איז פאַראַן אַ בית־עולם אויף

וועלכן עס געפינען זיך די מצבות פון אַן ערך הונדערט יאָר צוריק. אַ סך ווע־
בעסועלער באַרימען זיך מיט זייערע ייִדישע עלטער־זיידעס. צווישן אַזעלכע
אָפּשטאַמלינגע פון ייִדן געפינט זיך אויך די משפחה שומאַסאַ, וועמענס זיידע
עס איז געווען אַ רב אין קוראַסאַאָ, און איז אַהינגעקומען פון אַמסטערדאַם. אויפן



די פּראַכטפולע געביידע פון דער מאָדערנער „הרצל־ביאַליק שולע
די שולע געניסט פון גרויסן פּרעסטיזש אויך ביי נישט־יידן.

היסטאָרישן בית־עולם אין קוראַסאַאָ געפינט זיך נאָך דאָס משפחה־קבר פון הרב
שומאַסאַאָ. אין מאַראַקייבאַ וווינען היינט די טעכטער פון דער משפחה, וואָס
האָבן נישט חתונה געהאַט, ווייל זיי האָבן נישט געהאַט קיין ייִדישע מענער מיט
וועמען חתונה צו האָבן. אַזוי זענען צענדליקער משפחות פון דער וועגעסועלער
אַריסטאָקראַטיע פון ייִדישער אָפּשטאַמונג. אַ טייל פון זיי מאַכן פון דעם קיין
סוד נישט; אַנדערע ווילן וועגן דעם נישט רעדן.

אין יאָר 1917 זענען אין וועגעסועלאַ געווען פינף הונדערט ייִדישע משפחות.
די ווייטערע אימיגראַציע פון ייִדן קיין וועגעסועלאַ איז פאָרגעקומען צווישן ביידע
וועלט־מלחמות, און אַ קליינער טייל פון היטלערס קרבנות איז, נישט קוקנדיק
אויף אַלע שוועריקייטן, דאָך געלונגען זיך דורכצורייסן קיין וועגעסועלאַ. צוליב

איר „שוואַרצן גאָלד“ אַנטוויקלט זיך דאָס לאַנד מיט אַ שנעלן טעמפּאָ, — האָבן ייִדן אויסגענוצט די געלעגנהייט און זיך גאַנץ פֿיין אַרויפֿגעאַרבעט. אַ סך פֿון יענע, וואָס האָבן אָנגעהויבן מיטן פּעקל אויף די פּלייצעס, זענען היינט צו טאָג פֿאַבריקאַנטן. הויפּטזעכלעך האָבן זיך ייִדן אין ווענעסועלאַ גענומען צו די אימפּאָרט־געשעפֿטן. דאָס לאַנד איז ענג פֿאַרבונדן מיט די פֿאַראייניקטע שטאַטן, מיט וועלכע זי פֿירט אירע הויפּט־מסחרים.



דער אויסזען פֿון פּאָרט אין לאַ גואַיראַ, וווּהין עס קומען צענדליקער שיפֿן אַ טאָג זוכן נאָפּט פֿאַר זייערע לענדער.

ייִדן אין ווענעסועלאַ האָבן זיך באַפּעסטיקט. צוזאַמען מיט די רייכע — נישט ייִדישע פּאַלאַצן — צופֿוסנס פֿון די בערג ווו עס וווינען די רייכע אויסלענדער, קאָנט איר דאָ און דאָרט זען פּראַכטפֿולע ייִדישע ווילעס. אַ טייל, אַפֿילו מיט ייִדישע נעמען. מען שאַפֿט אַ שטיקל סביבה. אַ שול צו דאַווענען, אַ שולע, צו לערנען די קינדער — אַן אייגענעם פּראַכטפֿולן פּאַלאַץ פֿאַר דער קינדער־שול. ווענעסועלער ייִדן, זענען, צום גרעסטן טייל, פֿון נאָוואָסעלעץ און סאקאראן — בעסאַראַבער. אַסימילאַציע קלעפּט זיך צו זיי זייער שווער. חוץ דעם, איז דאָס לאַנד שטרענג קאַטויליש. נישטאָ דאָ קיין פֿאַרבינדונג צווישן ייִדן און נישט־ייִדן — חוץ ריין־געשעפֿטלעכע. שאַפֿט מען זיך אַן אייגענע סביבה. און... מען קוקט מיט זאָרג אויף דער יוגנט. מיט וועמען איר רעדט וועט איר הערן די זעלבע טענות:

— מילא, מיט אונדז וועט שוין גאָרנישט פּאַסירן. אָבער, וואָס וועט ווערן פֿון אונדזערע קינדער?...

אָט אַזוי האָט חבר בעלער געזען ווענעסועלאַ. ווען ער פֿלעגט מיט מיר רעדן וועגן ווענעסועלאַ, פֿלעג איך טראַכטן:

רבונו של עולם! ווען איך אַמאָל זען אָט דאָס לאַנד?

אין אָט שטיי איך אויפן דעק פון דער שיף און באַטראַכט ווענעסועלאַ!

ווען די שיף קומט צו צום פּאָרט „לאַ גוואיירא", דערזעסטו פאַר זיך... חיפה!

אָבער, מען מעג זיכער זאָגן להבדיל! קיין חיפה. ווען דו פּאָרסט צו, שטייט אויך פאַר דיינע אויגן אַ באַרג און, אויפן באַרג שטייט אַ שטאָט! אַ שיינע פּראַכטיקע שטאָט מיט גרויסע, פעסטע, מויערן, מיט אַלע סמנים פון אַ ציוויליזירטער שטאָט! „לאַ גוואיירא" שטייט אויך אויף אַ באַרג! אויך אַזוי משופּהדיק! אָבער, אויפן



אַ צווייטער אויסזען פון לאַ גואַיראַר פּאָרט.

באַרג שטייט... אַ דאָרף! אָן סדר און אָן גאַסן! אָנגעוואָרפענע הייזער אָן אַ טאָלק! אָט דאָס דאָרף פאַרמאָגט נאַפט, וואָס וואָלט געסטייעט פאַר גאַנץ ישראל אויף 100 יאָר! אַ דאַנק אָט דעם דאָרף, וואָס מיר זעען איצט פאַר די אויגן, און נאָך אַזעלכע פאַר „שטעטלעך" ווי מאראקאבא, האַלט זיך אויף דאָס גרויסע קאַראַקאַס און אפשר טאַקע דאָס גאַנצע לאַנד!

צו אָט דעם דאָרף „לאַ גוואיירא" קומען עס די שיפן פון דער גרויסער וועלט און פּאָמפּען אין זיך אַריין דאָס שוואַרצע וואַסער־נאַפט, צוליב וועלכן עס שלאָגט זיך די גאַנצע וועלט!

אַ דאַנק אָט דעם שוואַרצן וואַסער, האָט לאַ גוואיירער פּאָרט אַ שיינע געביי־דע פון דער אַדואַנאַ — די שענסטע אַדואַנאַ פון צענטראַל און אַפילו נאָרד־אַמע־ריקע. און אַ דאַנק אָט דעם שוואַרצן וואַסער, מיט וועלכן דאָס דאָרף לאַ גוואיירא איז אַזוי רייך, איז די ווענעסועלער מטבע אַזוי שטאַרק!

אײדער מיר גײען אַראָפּ אין שטאָט אַרײַן, מעלדעט מען אונדז, אַז די שיף שטײט דאָ 14 שעה און מיר האָבן צײַט אויף אַלעס און אַלעמען! מיר ווערן אויך געוווירע, אַז אָט די שוואַרצע ווענעסועלער, וואָס היטן אונדזער שיף אָדער שטעמפּלען די „דערלויבענישן" אויף אַראָפּצוגײן, אַז זײ בײַטן נישט קײן אַנדער מטבע ווי נאָר... דעם דאָלאַר! איך מאַך אַ שפּאַס מיט אײן „אויטאָריטעט" און פרעג אים צי איך וועל קאָנען בײַטן... ענגלישע פונטן. ווײסט ער נישט וואָס פאַר אַ מטבע דאָס איז? איך בין נישט זיכער צי ער ווײסט, בכלל, אַז עס עקזיס־טירט אַ ענגלאַנד אויף דער וועלט — כאָטש, נאָך די בענדלעך וואָס ער טראָגט אויף די אַרבל, איז צו זען, אַז ער איז אַ „עלטסטער". טראַכט ער אַ ביסעלע און ענטפערט מיר שטאָלץ:

— מיר בײַטן נישט קײן „באָליוואַרס" פאַר „ליבראַס" (פונטן) אונדז דאַרף מען געבן דאָלאַרס!

קײן אַנדער וואָרט ווי „דאָלאַרס" — פאַרשטײען זײ נישט!

און אַזוי איז טאַקע געווען! אין דער „באַנק" וואָס געפינט זיך אין דער אַדו־אַנאַ, האָט מען געמוזט בײַטן דאָלאַרן, ווײַל אַרגענטינער פּעזעס אָדער בראַזיליע־נער קרוזײראָס און אַפילו אורוגווײער פּעזעס, האָט דער האַלב־שוואַרצער „באַנ־קיר" געוואָלט כאָטש אַ גאַנצן זאַק פאַר אַ „באָליוואַר".

דערנאָך הײבט זיך אָן אַ סדרה — פאָרן אין שטאָט אַרײַן; דאָס הײסט, פאָרן קײן קאַראַקאַס!

ווי נאָר מען גײט אַרויס פון דער אַדואַנאַ, באַפאַלן דיך שאָפערן — פּונקט ווי אין אומאַן פלעגן באַפאַלן די איזוואָזשטשיקעס — און מען באָט זיך אָן דיך פירן אין שטאָט אַרײַן. ווילסטו פאַר זיך אַלײן אַ טאַקסי? — קאָסט עס אַ אויג פון קאָפּ! — אויף אונדזער געלט — קאָסט אַ טאַקסי פאַר די 18 קילאָמעטער, אַ הונדערט און צוואַנציק אָדער הונדערט און פופציק פּעזעס. צווישן 15 און 20 באָליוואַרס! איז פאַראַן אַ צווײטער וועג: מען נעמט אַ „קאָלעקטיוון" טאַקסי — אין ישראל, רופט מען זײ „שירות" — קאָסט שוין בלויז דרײַ באָליוואַרס פון אַ מענטשן. ד"ה, אַ פינף און צוואַנציקער!

פאַראַן נאָך אַ דריטער וועג! נעמען דעם אָמניבוס! אָבער, אויף אָט דעם דריטן וועג גײען שוין בלויז אַזעלכע וואָס... ווײסן, וואָס זענען שוין געפאָרן אויף אָט דעם וועג, אָדער עמעצער האָט זײ געזאָגט אַז:

באַלד ,אינדרויסן, בײַם פּאָרט, פאָרט אַן אָמניבוס — אַ באַקוועמער, שײַ־נער און אַ רײנער אָמניבוס — אַפילו מיט אַ ראַדיאָ אינעווײניק — און ער פירט דיך קײן קאַראַקאַס פאַר בלויז אַ „באָליוואַר" מיט אַ האַלבן.

דאָס ערשטע מאָל האָב איך נישט געוווסט — האָב איך געצאָלט רבי־געלט!

דער וועג וואָס פירט פון לאַ גואיירא קיין קאַראַקאַס איז אויסערגעוויינלעך שיין און באַקוועם! ער דערמאָנט אין דעם וועג פון סאַנטאָס קיין סאַאָ פּאַולאָ. דער וועג איז אויסגעבויט געוואָרן פון די אַמעריקאַנער און זיי האָבן ביי דער ווענעסועלער רעגירונג גאַרנישט גענומען דערפאַר... בלויז אַ קאָנצעסיע אויף עטלעכע יאָר און, אַז אַן אויטאָ, קאַמיאָן (טראָק), אָדער אויטאָבוס דאַרפן דורכפאָרן דעם וועג, איז פאַראַן אַ פּלאַץ, אַ גרויסער טויער, און יעדער איינער דאַרף



דער הויפּט־צענטער פון דער שטאָט מיט די צוויי גרעסטע געביידעס פון קאַראַקאַס.

באַצאָלן אַ היפּשע סומע „דורכפאָר־אָפּצאָל". אַן אויטאָ אָדער טאַקסי צאָלט אָפּ 2 באָליוואַרס (אַרום 17 פּעזעס), און אַ אָמניבוס — מעג ער אַפילו פאָרן ליידיק — צאָלט איין יעדעס מאָל וואָס ער פאָרט דורך — 10 באָליוואַרס!... יעדער אויטאָבוס פאָרט דורך, דורך אָט דעם טויער, נישט ווייניקער ווי... 20 מאָל אין טאָג (צווישן אַהין און צוריק)! היינט פאַרשטייסטו שוין פאַרוואָס עס קאָסט אין ווענעסועלאַ אַזוי טייער דאָס „פאָר־געלט?"

איך בין אָנגעקומען קיין קאַראַקאַס אַרום 10 אינדערפרי. איך גיי מיטן לעדער גרינבאַום איבער די קאַראַקאַסער גאַסן און מיר הכמענען זיך, ווי אַזוי צו זוכן און געפינען אַ יידן! מיר דאַרפן לאַנג נישט זוכן! מען דאַרף נאָר אָנהייבן רעדן יידיש — וועט זיך שוין אַ ייד צושאַרן צו אונדז!...

דער ערשטער ייד וואָס האָט אונדז באַגעגנט האָט באַקומען אַ חשד אַז... מיר זענען שליחים פון עפּעס אַ קאַמפּיין און ער איז באַלד אויסגערונען געוואָרן אונטער אונדזערע הענט.

צום צווייטן יידן האָבן מיר שוין געהאַט מערער מזל! ער האָט גענומען רעדן צו אונדז, און אונדז... האַקן אזוי פיל ליגנס און גוזמאות, אַז מיר האָבן פאַר־שטאַנען, אַז קליגער פון אים וועלן מיר נישט ווערן!... לויט זיין חשבון, זענען פאַראַן אין ווענעסועלאַ... 120 טויזנט יידן! באַלד פאַרגעסט ער וואָס ער האָט אונדז געזאָגט, און ער דערציילט אונדז אַ, ראש השנה און יום כפור גייען אַלע יידן אין שול אַריין און די שול — וועלכע קאָן אַריינגעמען... דריי טויזנט מענטשן, איז — כמעט פול!...

דערפאַר האָבן מיר שוין געהאַט מערער מזל צו אַ דריטן יידן. יאַנקל שניי־דער הייסט ער. ער האָט דאָרט צוויי יובילירן און פאַנטאַזיע געשעפטן און איז זייער אַ באַרעדעוודיקער. ער איז אַ „גרינער" אין לאַנד. געווען אין פאַלעסטינע



ה׳ יעקב שניידער, אַ געוועזענער „אצ"ל"־קעמפער און איצט אַ גרויסער סוחר פון קאַראַקאַס, מיט זיין פרוי און קינד.

און מיטגעאַרבעט אין אַריבערברענגען די יידן פון טשיפּרע. געווען אין איטאַ־ליע, זיך געשלאָגן אויף אַלע פראָנטן און דער עיקר — ער איז אַ פאַרברענטער רעוויזיאָניסט און האָפט נאָך צו זען ישראל פון ביידע זייטן ירדן און נאָך אַ האָפענונג האָט ער — אַרויסגעבן אַ בוך וועגן זאב זשאַבאָטינסקי ע"ה.

ער, שניידער, גיט אונדז אַן איבערבליק איבער ווענעסועלאַ און איבער די יידן וואָס וווינען אין אָט דעם וווּנדערבאַרן לאַנד. אָבער, איך וועל דיר איבער־געבן וואָס דער געוויסער שרייבער יצחק גאָטליב דערציילט וועגן ווענעסועלאַ, וועסטו האָבן נאָך איין ריכטיקן בילד פון אָט דער מדינה.

נאָך מיט אַ דור צוריק — דערציילט יצחק גאָטליב — האָט ווענעסועלאַ

געהאַט אַ שם פון אַ ווילד לאַנד, פול מיט געהיימענישן און עקזאָטיק, איבער וועלכע עס האָט געהערשט דער גרויזאַמער דיקטאַטאָר כואַן גאָמעז. היינט צו טאָג איז ווענעסועלאַ מער נישט קיין אומבאַקאַנט לאַנד, און עס שפּילט אַ גאָר גרויסע ראָל אין דער וועלט עקאָנאָמיע.

ווענעסועלאַ איז אין שטח צוויי מאָל גרעסער פון דייטשלאַנד, אָבער שיטער באַפעלקערט און זי ציילט קוים פינף מיליאָן איינוווינער. די באַפעלקערונג באַשטייט פון אַ פינפטל־ווייסע, דאָס רוב — געמישטע (מעסטיסאָס) און פון אַ צען פּראָצענט אינדיאַנער, רעשטלעך פון אַמאָליקע שבטים, וועלכע זענען כמעט אויסגעשאָכטן געוואָרן בעת דער שפּאַנישער הערשאַפט. אָט וועגן די אינדיאַנער האָבן אַמאָליקע שפּאַנישע היסטאָריקער געהאַלטן, אַז זיי שטאַמען אָפּ פון די פאַרלוירענע צען שבטים און באַזונדערס פון שבט יששכר.

דאָס לאַנד איז אויסערגעוויינלעך רייך אין נאַטור־אוצרות. די פי־צוכט איז געווען שטאַרק אַנטוויקלט און ווענעסועלאַ איז געווען איינע פון די גרעסטע עקספּאָרטירער פון פלייש, פון קאַווע, קאַקאַאָ און גאָלד. דאָס האָט געגעבן די מעגלעכקייט, אַז דאָס לאַנד זאָל פאַררעכנט ווערן, בעת דער דיקטאַטור פון גאָמעז, פאַר איינע פון די פינאַנציעל־געזונטע לענדער.

אַ ענדערונג אין ווענעסועלאַס ווירטשאַפט איז פאָרגעקומען גלייך נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען מען האָט אַנדעקט נאַפט און ווען אַרום דער שטאָט מאַראַקאַיבאָ האָט מען אויסגעבויט ריזיקע אויל־ראַפינעריעס. זינט דאַן הייבט זיך אָן דער קאָלאָסאַלער אויפשוווּנג פון ווענעסועלאַ, אַלס איינע פון די הויפּט־צושטעלער פון נאַפט פאַרן וועלט־מאַרק, אויף וועלכן זי פאַרנעמט היינט דאָס דריטע אָרט.

צו דער פּאָזיציע האָט געוואַלטיק צוגעהאָלפן דער אַמעריקאַנער קאַפּיטאַל, וועלכער האָט אינוועסטירט דאָרט איבער דריי ביליאָן דאָלאַר. די גרעסטע סומע, וואָס אַמעריקע האָט בכלל אינוועסטירט אין די אַמעריקאַנער לענדער, אַ חוץ קאַנאַדע.

אויף וויפל די אויל־פּראָדוקציע שפּילט אַ ראָל אין דעם עקאָנאָמישן לעבן פון לאַנד איז גענוג צו זאָגן, אַז ווענעסועלאַ קריגט אַריין פאַר איר נאַפט 600 מיליאָן דאָלאַר אַ יאָר. די נאַטור האָט אויך געבענטשט דאָס לאַנד מיט ריזיקע זאַפּאַסן פון רוי־אייזן, וואָס זענען נישט לאַנג צוריק אַנטדעקט געוואָרן אין דרום־ווענעסועלאַ.

די שעפע פון רייכטום האָט געשאַפן אַ משונהדיקע עקאָנאָמיע און שווערע פּראָבלעמען. טויזנטער מענטשן, וואָס האָבן זיך געהאַט פריער פאַרנומען מיט

פּי־צוכט און לאַנדווירטשאַפט, האָבן צוליב גרעסערע פּאַרדינסטן פאַרלאָזט דאָס לאַנדווירטשאַפט און זיך געלאָזט זוכן באַשעפטיקונג אין דער נאַפט־אינדוסטריע.

ווייזט אויס, גאָלדע, אַז די גאַנצע וועלט האָט איין פּנים! נו, ביי אונדז, אין אַרגענטינע, איז דען נישט דאָס זעלבע בנוגע דעם „קאַמפּ" און „שטאָט"?

וועגן יידישן ישוב פון ווענעסועלאַ דערציילט י. ג.:

דער יידישער ישוב אין ווענעסועלאַ געהערט צו די עלטערע אויף דעם דרום־אַמעריקאַנער קאָנטינענט. נאָך צום סוף פון 17טן יאָרהונדערט געפינען זיך דאָרט איינצלנע יידישע משפחות פון איטאַליע, מאַראָקאָ און פון סורינאַם. אין 19טן יאָרהונדערט פאַראייניקט זיך די גרופּע פון ספרדישע יידן, אַרום דריי־סיק משפחות, מיט דער רעפאָרם־קהילה „על פּאַרוועניר" אין קוראַסאָ. דער היינטיקער סעקטאָר פון די ספרדישע יידן, וואָס איז אָרגאַניזירט אין קוראסאָ און דער „אַסאָסיאַסיאָן איזראַעליטאַ", ציט זיין יחוס פון די אויבנדערמאָנטע יידן.

אַ גרויסע ענדערונג אין דער ריכטונג פון אַ פאַרשטאַרקטן יידישן נאַציאָ־נאַלן לעבן, איז פאָרגעקומען ערשט נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען אַ גרעסערע צאָל יידן פון מזרח־ און צענטראַל־אייראָפּע האָבן זיך אָנגעהויבן צו באַזעצן אין ווענעסועלאַ. זיי האָבן עס געגעבן דעם נאַציאָנאַלן קאָלאָריט צום ישוב און פאַרלייגט פעסטע יסודות פאַר אַן אָרגאַניזירט יידיש לעבן, נישט נאָר אין דער הויפּטשטאָט, קאַראַקאַס, נאָר אויך אין אַ ריי קלענערע יידישע ישובים. די גרעסטע צאָל יידן וווינען אין דער הויפּטשטאָט, קאַראַקאַס, וועלכע פאַרמאָגט אַ געזונטן קלימאַט און ליגט אויף אַ הויך פון טויזנט מעטער. די באַפעלקערונג פון קאַראַקאַס ציילט היינט כמעט מער ווי טאָפּלט, ווי מיט 10 יאָר צוריק, אַרום 900 טויזנט איינוווינער. צווישן זיי נישט מער ווי אַ פינף טויזנט יידן, פון וועלכע דער גרעסטער טייל איז אָרגאַניזירט אין „יוניאָן איזראַעליטאַ". דער שטאָלץ פון דעם דאָרטיקן ישוב איז די הערצל־ביאַליק־שול, אין וועלכער עס לערנען זיך איבער פיר הונדערט יידישע קינדער, און פאַר וועלכער דער ישוב האָט אויסגעבויט אַ פּרעכטיקע געביידע מיט די סאַמע מאָדערנסטע שול־איינריכ־טונגען. די שול האָט אַ גרויסן אָנזען אַפילו ביי דער קריסטלעכער באַפעלקערונג און נישט בחינם זאָרגן אַזוי שטאַרק די דאָרטיקע יידן וועגן דער שול. זיי האָבן באמת מיט וואָס צו שטאָלצירן!

דער ישוב אין קאַראַקאַס פירט אָן אַ ריי פאַרצווייגטע אַקטיוויטעטן. פאַראַן אַ ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, אַ „וויצאָ", אַ גרופּע פריינט פון דער הסתדרות און פיל אַנדערע. מיט אַ באַזונדערן פרייד דערפילן די יידן זייערע נאַציאָנאַלע פליכטן,

און עס איז נישט פאַראַ קיין איין נאַציאָנאַלע אונטערנעמונג, אָדער אויפגאַבע, אויף וועלכער זיי זאָלן זיך נישט אָפּרופן מיט אַ וואַרעם האַרץ און אַ ברייטער האַנט. צום גונסטן פונעם ישוב מוז ווערן צוגעגעבן, אַז עס איז אים געלונגען אויסצופאָרמירן אַ קאַדר פון איבערגעגעבענע, נאַציאָנאַל־פּאַראַנטוואָרטלעכע עסקנים, וועלכע זאָרגן פאַר אַלע ייִדישע הצטרכותן. די ייִדן אין קאַראַקאַס גיבן אַרויס אַ וואָכנבלאַט אין דער שפּאַנישער שפּראַך „על מונדאָ איזראַעליטאַ"; אַ מאָנאַט־שריפט און „פּאַכינאַס העברעאַס". גאַר גאָר אַ פיינע אויסגאַבע גיט



איינע פון די „בעסטע" פּרנסות אין קאַראַקאַס, — אַ „וואַסער־פירער", וואָס פאַרקויפט וואַסער אויפן עמער. וואָס ער ברענגט עס פון העט, העט, ווייט.

אַרויס די שולע „הערצל־ביאַליק. אָבער וועגן אָט דער אויסגאַבע וועט מיר שפּעטער נאָך אויסקומען דיר צו שרייבן.

פאַרשטייט זיך, אַז נישט בלויז אין דער הויפּט־שטאָט, אין קאַראַקאַס וווינען ייִדן. ווענעסועלאַ האָט אויך אַ „ייִדישע" פּראָווינץ. אָט וואָס י. ג. דערציילט וועגן זיי:

נישט ווייט פון קאַראַקאַס, איז מאַראַקאַי — וווּ עס וווינען אַרום 150 ייִדן, וועלכע גרופּירן זיך אַרום דעם ייִדישן צענטער.

ווייטער, אַרום הונדערט מייל פון קאַראַקאַס, אין דעם אינדוסטריעלן צענטער פון ווענעסועלאַ, וואַלענציאַ, געפינען זיך אַרום 200 ייִדן, וועלכע זענען אָרגאַניזירט אין אַ ייִדישער קהילה.

אין דער צווייטער גרעסטער שטאָט אין ווענעסועלאַ אין מאַראַקאַיבאַ, אין

סאַמע מיטן פון נאַפט־פּראָדוקציע, איז פאַראַן אַ גוט־אָרגאַניזירטער יידישער ישוב אין וועלכע עס איז געלונגען אָפּצושאַפן די מחיצה צווישן די ספרדישע און מזרח־אייראָפּעיִשע יידן. אַלע אַן אויסנאַם געהערן צו דעם יידישן צענטער. דער קליינער קיבוץ ציילט ס״ה אַרום 250 נפשות. אַרום דעם צענטער איז אויך אָרגאַניזירט אַ „וויצאָ״, אַ יונג־„וויצאָ״ און אַ גרופּע מכבי. פאַראַן אויך אַ ביב־ליאָטעק, וועלכע ציילט אַרום 400 ביכער.

אַ חוץ די אויבנאָנגעגעבענע שטעט, וווינען נאָך יידן אין קליינע גרופּעס פון דריי ביז צען משפחות, אין באַרקסימעטא, באַרסעלאָנא, קאַראַ, מאַטורין און סאַן קריסטאָבאַל.

די יידן אין ווענעסועלאַ האָבן פיל בייגעטראָגן צום ווילזיין פון לאַנד. די ערשטע באַן איז געבויט געוואָרן דורך יעקב באַיז. אַ צווייטער ייד, יצחק זעליג־מאַן, האָט פיל מיטגעהאָלפן אין געזונט־מאַכן די פינאַנצן פון ווענעסועלאַ. יידן האָבן אויך אַ סאַך בייגעטראָגן אין אויפשטעלן די נאַציאָנאַלע עקאָנאָמיע דורך אויסבויען פאַרשיידענע פאַבריקן און וואַרשטאַטן, וואָס באַזאָרגן די באַפעלקערונג מיט באַקליידונג און אַנדערע וויכטיקע פּראָדוקטן. מערסטנטייל זענען די יידן שטאַרק פאַרטראָטן אין דעם אימפּאָרט און אין האַנדל. די עקאָנאָמישע לאַגע איז אַ גאַנץ גוטע, הגם זי האָט זיך לעצטנס אַ ביסל פאַרערגערט צוליב דעם, וואָס די נאַפט־קאָמפּאַניעס האָבן, צוזאַמען מיט דער רעגירונג, געעפנט אַ ריי פאַר־קויף־פּונקטן פאַר די אַרבעטער אין דער אויל־אינדוסטריע און פאַר די מלוכה־באַאַמטע.

פאַרן ישוב אין ווענעסועלאַ שטייען צוויי גורל־ וויכטיקע פּראָבלעמען, פון וועלכע עס איז אין אַ זייער גרויסער מאָס, אָפּהענגיק דאָס אויפהאַלטן פון יידישן לעבן און דער ווייטערדיקער קיום. — דערציילט אונדז ווייטער דער שרייבער י. ג. — הגם דער ישוב פאַרמאָגט אַ מוסטער־שול אין קאַראַקאַס, באַטרעפט די צאָל תלמידים נישט מער ווי אַ העלפט פון דער צאָל קינדער אין שול־עלטער אַזוי, אַז כמעט אַ העלפט פון יידישע קינדער באַקומט בכלל נישט קיין יידישע דערציִונג. אָפּגערעדט שוין פון די יידישע קינדער אויף דער פּראָווינץ, ווו זיי זענען געצוווּנגען זיך צו לערנען אין קאַטוילישע שולן. עס איז דעריבער נישט קיין ווּנדער, וואָס די אַסימילאַציע צווישן דער יידישער יוגנט פאַרשפּרייט זיך מיט שנעלע טריט, און מיט זאָרג קוקט דער ישוב אויף דעם. פּרווון זענען גע־מאַכט געוואָרן צו אָרגאַניזירן די דערוואַקסענע יוגנט. היינט צו טאָג זענען פאַראַן די יוגנט־אָרגאַניזאַציעס: התקוה, וואָס ציילט 100 מיטגלידער, און „סקאָפּוס״ — 40 מיטגלידער.

אַ צווייטער וויכטיקער פּראָבלעם איז, וואָס די אימיגראַציע פאַר יידן איז

די לעצטע יאָרן, פולשטענדיק אָפּגעשטעלט געוואָרן. די פּרוּוון אויסצופּועלן ביי דער רעגירונג אַ דערלויבעניש איינצוואַנדערן, זענען נישט געלונגען. און הגם עס זענען נישט פאַראַן קיין אָפיציעלע פאַרשריפטן אין דעם הינזיכט, ווערן אָבער יידן און נעגער נישט אַריינגעלאָזט אין לאַנד. פילן זיך דעריבער די יידן אין אַ צושטאַנד פון איזאָלאַציע און מיט עקשנות האַלטן זיי אָן די פעדעם, וועלכע



איינע פון די צענטראַלסטע גאַסן אין קאַראַקאַס. ערשט פריער מיט 10 יאָר זענען דאָ געווען בלויז קליינע, ערדענע הייזקעלעך.

פאַרבינדן זיי מיטן יידישן פאָלק און יידישע ישובים אין דער גאָרער וועלט.

און אַז איך דערצייל דיר, וואָס צוויי שרייבער האָבן צו זאָגן וועגן ווענעסועלאַ, וועל איך דיר שוין אויך אָנווייזן וואָס אונדזער היימישער, וועלט־רייזנדער, ד״ר שאָשקעס, דערציילט וועגן זיינעם אַ לעצטן באַזוך אין קאַראַקאַס:

אַן אָנגענעמע איבעראַשונג דערוואַרט מיך בעתן רעווידירן דעם פּאַס־פּאָרט: דער באַאַמטער פרעגט שוין נישט מער מיין רעליגיע. איר דאַרפט וויסן, אַז נאָך מיט אַ פּאָר יאָר צוריק האָט די רעליגיע דעצידירט, צי מען זאָל אַריינגעלאָזן ווערן אין ווענעסועלאַ, אַפילו ווען איר האָט שוין אַ וויזע. אין די אָפּיציעלע פאָרשריפטן איז געווען אַ פּאַראַגראַף, וועלכער האָט פאַרבאָטן דעם אַריינפאָר פון יידן (מיט אייניקע יאָר צוריק — אַפילו נאַטוראַליזירטע אַמעריקאַנער) אין דאָזיקן לאַנד.

איך אַליין פלעג זיך פיל מאָל בייזערן, וואָס כאָטש מיין וויזע האָט געהאַט דעם צושריפט „דע קאַרטעזיאַ", — אַ מין דיפּלאָמאַטישע העפלעכקייטס גאַסט־איינלאַדונג, — איז דאָך די ערשטע פראַגע פון באַאַמטן געווען: „רעליגיע?" בין איך דעריבער געבליבן צופרידן, וואָס אויך ווענעסועלאַ, אין איר שטאַרקן אימפּעט־לויף צו פּראָגרעס, האָט נאָרוואָס אַנגעווירן איר אַנטיסעמיטישע „געלע לאַטע".

צי הייסט דאָס, אַז יידן קריגן פריי וויזעס קיין ווענעסועלאַ, ווי שפּאַניער אָדער איטאַליענער, מיט וועלכע עס קומען דאָ אָן אָנגעפּילטע שיפן? ניין, ווייט פון דעם! פּרובירט אריינגיין צו יעדן ווענעסועלער קאָנסול, — אַפילו אין ניו־יאָרק, — וועט איר זיך איבערצייגן. אָבער די באַגרענעצונגען, — פון אַ ריין קאָנסולאַרן און ביוראָקראַטישן כאַראַקטער רירן שוין אָן נישט נאָר יידן.

אַ פאַקט איז אָבער, אַז נישט קוקנדיק אויף אַלע פריערדיקע באַגרענעצונגען וווינען איצט אין ווענעסועלאַ אַרום צען טויזנט יידן (צווישן פינף מיליאָן קאָ־טוילישע איינוווינער), פון וועלכע אכט טויזנט לעבן, — און פּרנסה פעלט נישט, — אין קאַראַקאַס אַליין.

יענע „פּאַפּירלעך", — די טרויעריקע „אַנוסים"־צייגענישן, וואָס האָבן זיי געבראַכט אַהער, און וואָס וועלן שוין אויף אייביק בלייבן אַ שאַנד־פלעק פון דער אַזוי גערופענער „קריסטלעכער ציוויליזאַציע", זענען לכתחילה באַטראַכט גע־וואָרן אַלס ווערטלאָזע „אשר־יצר"־דאָקומענטן, וועלכע האָבן אונדזערע ברידער געדאַרפט העלפן ראַטעווען פון היטלערס גאַז־אויוונס... און יידן זענען זיי גע־בליבן, אַלע ביז איינעם. (נישט ווי אין בראַזיל, ווו אין די זעלביקע אומשטענדן האָבן אייניקע הונדערט פּוילישע און דייטשע יידן, לכתחילה „אַנוסים", — גע־לאָזט שטעקן די „פּאַפּירלעך" אין קעשענע און טאַקע „אויסגעביטן דאָס רענדל").

און ד"ר שאָשקעס זעצט פאָר:

און נאָכן עסן אין דער גאַסטפריינטלעכער הויז פון די שניידערמאַנס גייט מען צוזאַמען אויפן „עונג־שבת" אין דער מאָנומענטאַלער געביידע פון דער יידישער שולע.

איך האָב געזען דעם דאָזיקן פּראַכטפולן בנין, ווען מען האָט אים נאָך געבויט. איצט ברענט ער מיט זיינע הונדערטער פענצטערס אויפן באַרג, פון וועלכן עס צעשפּרייט זיך די אָטעם־פאַרכאַפּנדיקע פּאַנאָראַמע פון קאַראַקאַס, אַרומגערינגלט מיט די נאַכט־שאָטנס פון בערג. און עס איז גוט צו זען, ווי די קריסטאַליזירטע ענערגיע פון די נעכטיקע פּעדלערס, פון די „טראַמפּן" מיט פּעק־לעך סחורה אויף די פּלייצעס, וואָס האָבן געשפּרייזט דורך די פאַרפּעסטעטע

„דזשאַנגלס״, — האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אָט דער ריזיקער געביידע פון דער־ציִונג און קולטור, וועלכע זעט אויס ווי אַן אוניווערזיטעט פונדערווייטנס.

כ׳ווייס, אַז 350 ייִדישע קינדער לערנען אין דער דאָזיקער שולע, אָבער בעת כ׳האָב אין מיין באַגריסונגס־רעדע געלויבט דעם פראַכט פון דער שולע, — האָבן אַ גרופּע „הסתדרות־חברים״ מיט אויסרופן געבראַכט צום אויסדרוק זייער אומצופרידנקייט מיט דער סיסטעם אין דער שולע, וווּ מען לערנט ווייניק אמתע ייִדישקייט און איבערהויפּט טאָקע ייִדיש וויסן.

אין מיינע באַגעגענישן מיט די פירער פון אָרטיקן ישוב האָב איך דערהערט



נאָך אַן אויסזען פון וועג וואָס פירט קיין קאַראַקאַס, אויסגעבויט פון אַמעריקאַנער אינזשיניערן און מיט אַמעריקאַנער געלט...

יענע טענער פון קנאה, פון שנאה, וועלכע פאַרסמען פשוט די קעגנזייטיקע באַ־ציִונגען אין די דאָזיקע יונגע קהילות.

אָט דאָ, דאַכט זיך, מיט אייניקע יאָר צוריק, — האָט מיך אין אַ שפּעטן אָוונט געבראַכט קלמן ליובאָווסקי, — דער ענערגישער און רייכער כלל־טוער און אינדוסטריעלער, צו דער זעלבער שולע־געביידע, וואָס האָט זיך דאַן געהאַלטן אין בויען. מיט פאַרדינטן שטאָלץ האָט ער מיך געפירט איבער די „רושטאָוואַ־ניעס״, נאָך פון די נישט־פאַרענדיקטע זאַלן פון מאָנומענטאַלן בנין. כ׳האָב געזען אין אים דעם פונדאַמענט און קרוין פון זיין פערזענלעכער אַמביציע. און איצט, ווען אַלץ פינקלט אַרום פון מאַרמאָר, גלאָז און ליכט, — איז ליובאָווסקי נישטאָ אויפן „עונג־שבת״! — צעוואַרטלט זיך מיט אַנדערע חברים. און נישטאָ איז אויך

חיים זיגעלבוים; מען זעט נישט דעם יונגן און דינאַמישן רב ר׳ מאיר שאַפּיראָ, וועלכער בויט מיט אומגעווייינלעכן ענטוזיאַזם אַ רעליגיעזע קהילה ממש פון גאָרנישט.

איך גיי מיטן הרב שאַפּיראָ צום דאַווענען שבת פרי אין דער נייער, נאָך נישט אינגאַנצן פאַרטיקער גרויסער שול.

כ׳מוז מודה זיין: איך אַליין האָב מיט איינִיקע יאָר צוריק נישט געגלויבט, אַז אין „וועלטלעכן״, כמעט רעליגיעלאָזן ייִדישן ישוב דאָ, זאָל זיך איינגעבן אויפבויען נישט נאָר אָט די דאָזיקע אָרטאָדאָקסישע שול אינמיטן פון איינעם פון די שענסטע שטאָט־פּלעצער, אַרומגערינגלט מיט הויכע גרינע בערג, — נאָר אַז אין דער שול זאָל מען שוין דאַווענען שבת אַזש צוויי מנינים, ווי אַמאָל אין דער אַלטער היים. אָבער אָט זעט איר דאָך: אָנשטאָט די פּאַלנדיקע ווענט אין אייער איצט חרובער אייראָפּע, — וואַקסט אויף אין פרעמדן ווענעסועלאַ א מקום־קדוש אויף פעסטע מאַרמאָרנע סלופּעס, וועלכע האַלטן אונטער אַ נייעם קאַפּאָל איבער אַ יונג־שפּראָצנדיקער ייִדישער רעליגיעזער קהילה.

אַ סך מוט, אַמביציע און געלט־מיטלען האָט זיך צו דעם געפאָדערט, — באַוווּנדער איך טאַקע דעם דאָזיקן רב מאיר שאַפּיראָ, וואָס האָט פּשוט אַ מלחמה געפירט, — און פירט נאָך אַלץ אָן, — קעגן אַ גרויסער צאָל מעכטיקע קעגנער, וואָס דולדן נישט זיינע מעטאָדן און שטרעבונגען. אָבער ער האָט דאָך געזיגט: ווי אַ „יש מאַיִן״ שטייט אויף צום לעבן אַן אַלטער ייִדישער שטייגער מיט אַ בית־מדרש, אַ שוחט, מיט אַ כשרער יאַטקע... ועוד ידו נטויה.

אָט דאָס איז, טייערע גאָלדע, אַן אַלגעמיינע באַשרייבונג וועגן ווענעסועלאַ. מען דאַרף, אָבער, זען מיט די אויגן, הן קאַראַקאַס, הן דאָס ייִדישע לעבן פון קאַראַקאַס. ווען איך האָב פון דערווייטנס דערזען די געביידע פון זייער שולע וואָס טראָגט צוויי נעמען: אַ... גוייִשן — „ליכט און מאָראַל״ און אַ ייִדישן — „הערצל־ביאַליק״, בין איך געבליבן איבערראַשט פון דעם שיינעם אויסזען! מיר זענען אין צווייען געפאָרן מיט אַ טאַקסי זוכן אָט די שולע, און מיר האָבן היפּש געבלאָנדזשעט, ווייל מיר האָבן געזאָגט דעם שאָפער, אַז מיר זוכן די שולע „הערצל־ביאַליק״. ערשט, ווען מיר האָבן אויך דערמאָנט דעם נאָמען „לוז און מאָראַל״ האָט דער שאָפער געוווּסט ווו זי געפינט זיך...

די שולע איז אַ אינטעגראַלע. מען לערנט די לאַנד־שפּראַך און מען לערנט עברית און אַ ביסעלע... ייִדיש. די ווענעסועלער ייִדן האָבן אַראָפּגעבראַכט פון אַמעריקע אַ דירעקטאָר פאַר דער שולע, דעם ה׳ גראָס און מען צאָלט אים... טויזנט דאָלאַר אַ מאָנאַט! די לערערס און לערערקעס זענען מערסטנטייל פון... ישראל.

מיין חבר גרינבאום, וואָס האָט מיך באַגלייט אין שפּאַציר איבער קאַראַ־קאַס, האָט זיך אין אָט דער שולע געפילט ווי אַ פיש אין וואַסער! עפּעס אַ קליי־ניקייט! כמעט אַ „עברית״־שולע! יידיש? — אויפן שפּיץ מעסער!...

מיך, האָט עס ווייַ געטון! איך האָב פאַראויסגעזאָגט דעם פּריינט גראָס אַז די שולע וועט אויסערלעך זיין שיין און וועט באַקומען אַ גוטן נאָמען ביי... דער נישט יידישער וועלט, און ספּעציעל ביי די קריסטלעכע עלטערן, וועלכע שיקן אויך אַהין זייערע קינדער, ווו זיי לערנען אין די שפּאַנישע שעהן, ביי בעסערע באַ־



אַן אויסזען פון אַ טייל שטאָט פון קאַראַקאַס, ווו עס וווינען אַ סך יידישע פאַמיליעס...

דינגונגען ווי אין די רעגירונגס שולן! אינערלעך, אינעווייניק, איז די שולע ליידיק און וועט בלייבן ליידיק פאַרן יידישן קינד!

איך האָב געפּרוווט רעדן מיט עטלעכע תלמידים און אַלע רעדן אַ פּערפעקטן... שפּאַניש!

אויף צו פאָרן „אַהיים״ צו דער שיף, האָט מיך דער דירעקטאָר ה׳ גראָס אָפּגעשיקט מיט זיין 54ער אויטאָ און מיט זיין שאָפער! טראַכט איך: וועלכער לערער אָדער — דירעקטאָר — מעג ער זיין דער בעסטער — קאָן זיך אין אונ־דזערע מקומות פאַרגינען צו האָבן אַן אויטאָ פון לעצטן מאָדעל און אַ שאָפער צו אים? און וועלכע שולע ביי אונדז, וואָלט זיך פאַרגינען צו צאָלן איר דירעק־טאָר... דרייסיק טויזנט פעזעס אַ מאָנאַט, און די לערער — נישט ווייניקער פון 15 טויזנט פעזעס אַ מאָנאַט?...

איך האָב זיך אויך פאַראינטערעסירט צו וויסן:

צי לייענען די ייִדן אין ווענעסועלאַ יידישע בלעטער און יידישע ביכער? נאָך אַ מין לייענען! זיי באַקומען די „ייִדישע סחורה" פון דער שכינותדיקער אַמעריקע. פון אַרגענטינע? — אַ סך באַקומען דעם „אַרגענטינער מאַגאַזין"!...

אַך! ווען גאָט „טוט מיר אַ טובה" און מאַכט עפּעס קאַליע אויף דער שיף, אַז זי זאָל דאָ דאַרפן שטיין עטלעכע טעג — וואָלט איך זיך מחיה געווען! איך וואָלט זיך געוואָלט פּערזענלעך נענטער באַקענען מיט ייִדישן לעבן פון קאַראַקאַס! אָט האָב איך אָנגעקוקט זייער נייע שול וואָס זיי בויען! אַפּילו אַראָפּגענומען



אַ גרופּע קינדערלעך פון אַ קלאַס פון דער מאָדערנער „הערצל־ביאַליק" — „לוז אי מאַראַל"־שולע. אינדערזייט — זייער דירעקטאָר ה' גראָס.

אַ פּאָר בילדער! איך וואָלט אָבער געוואָלט זיין ביי אַ שבתדיק דאַווענען און זען וויפל ייִדן קומען שבת אין אַזאַ גרויסער שול!

איך האָב פאַרלאָזט קאַראַקאַס, מיטן באַשלוס צו רעקאָמענדירן חברים שרייבער, קינסטלער און אַרטיסטן, אַז אויפן וועג קיין אַמעריקע, זאָלן זיי זיך לענגער אָפּשטעלן אין קאַראַקאַס, ווו זיי וועלן קאָנען פאַרקויפן זייערע ביכער, קאָנען דורכפירן קאָנצערטן און אויפפירן טעאַטער זאַכן! אָט איז דאָרט געווען דער באַרימטער און באַליבטער פאָלקס־זינגער סידאָר בעלאַרסקי, האָט ער דאָרט גע־

האָט אַ גרויסן דערפאָלג און אַוועקגעפירט פון דאָרט אַ זעקל אָדער אַ זאַק דאָלאַרן!... פריער האָט ער געגעבן צוויי קאָנצערטן אין מוניציפּאַלן טעאַטער, דערנאָך האָט ער געדאַוונט אַלס... משורר ביים שטאָט חזן. ער איז דאָרט געווען צו „כל נדרי". די קאַראַקאַסער ייִדן האָבן אָפּגעדונגען דעם גרויסן קינאָ „סאַן בערנאַרדאָ", וועלכער איז געווען איבערפולט און — לויט ווי יאַנקל שניידער דערציילט מיר, האָבן ייִדן... געוויינט ווען סידאָר בעלאַרסקי האָט געדאַוונט!

און, לסוף, נאָך אַ קוריאָז פון קאַראַקאַס־ווענעסועלאַ:

זיי, די דאָרטיקע ייִדן, זענען — אַלע הונדערט פּראָצענט — נאַציאָנאַל־געשטימטע. נישטאָ ביי זיי קיין „לינקע", קיין „פּראָגרעסיווע". אַלע, ממש אַלע, געבן פאַרן ישראל־קאַמפּיין, אַלע האָבן ישראל־„באָנאָס" און זיי פאַרשטייען גאָרנישט ווי עס קאָן אַנדערש זיין!...

איך האָב אויך געוואָלט וויסן, צו ווען עס קומט אַהער אַ ייִדישער שרייבער און ער הייבט דאָ אָן אַרויסגעבן אַ ייִדישן וואָכנבלאַט אויף ייִדיש, צי ער וואָלט געקאָנט עקזיסטירן? האָב איך באַקומען אַ תשובה:

ער וואָלט געוואָרן אַ... גרויסער עושר אין משך פון צוויי דריי יאָר!...

ווען די שיף האָט זיך גענומען אָפּרוקן פון פּאָרט האָב איך געטראַכט:

גערעכט זענען געווען אונדזערע חכמים וואָס האָבן געזאָגט אַז: „דער אויבערשטער האָט געטון די ייִדן אַ גרויסע טובה וואָס ער האָט זיי צעשפּרייט צווישן די פעלקער".

ווען אָט די ייִדן פון ווענעסועלאַ, וואָס לעבן איצט אַ רייך, גליקלעך לעבן, זאָלן געווען בלייבן אין זייערע געבורט־היימען, וואָלטן מיר — צו די זעקס מיליאָן קרבנות — געוועזן געהאַט נאָך עטלעכע טויזנט!

עס זאָל זיי נאָר נישט פאַרשטערט ווערן!...



## IX

טייערע גאָלדע:

בלויז איין נאַכט פאָרן מיט דער שיף טיילט אָפּ ווענעסועלאַ פון דעם לע־גענדאַרישן אינדזל קוראַסאַאָ.

וועגן דאָזיקן אינדזל וואָס געהער צו האָלאַנד, האָב איך שוין אַ סך מאָל געהערט. פּערזענלעכע גרוסן האָב איך געהאַט פון קוראַסאַאָ בלויז אַ פּאָר! איין גרוס — פון דעם הי באַקאַנטן רב שיף — וואָס האָט דערציילט, אַז אין קוראַ־סאַאָ וואַלגערט זיך, ממש, גאָלד אין די גאַסן; און אַ צווייטער גרוס — ווידער אַמאָל פון חבר יעקב בעלער.

דער דאָזיקער גרוס איז שוין געווען אַ „ניכטערער״. קיין גאָלד, וואַלגערט זיך טאַקע נישט! נאָר אַז קיין אָרעמע לייט זענען דאָרט נישטאָ — איז אַ פאַקט!...

איז, אָט שטייען מיר אינדערפרי אויפן דעק פון דער שיף, וועלכע דער־נענטערט זיך צום פּאָרט פון קוראַסאַאָ. דער פּאָרט געפינט זיך אינמיטן שטאָט און די שיף גייט דאָרט דורך פונקט ווי, להבדיל, אַ טראַמוויי, אָדער אויטאָבוס אין אונדזערע „פּשוטע״ שטעט. ווען די שיף דאַרף דורכגיין הייבט מען אויף די גרויסע בריק וואָס פאַרבינדט ביידע טיילן פון שטאָט. איין טייל איז אַ „רע־זידענץ״־ווינקל און די צווייטע טייל איז דער קאָמערציעלער און לעבעדיקער נערוו פון אינדזל. און אַזוי ווי קוראַסאַאָ איז אַ „פרייער פּאָרט״, נישטאָ דאָרט קיין „אַדואַנאַ״, איר מעגט אַהין אַריינפירן און אַרויספירן וואָס איר ווילט — איז דאָרט דער מסחר גרויס!

אויפצווזוכן אַ ייִדן, דאַרף מען נישט לאַנג! באַלד ווי איר גייט אַריבער צו דער קאָמערציעלער טייל, דערזעט איר שיינע, גרויסע, געשעפטן מיט ייִדישע נעמען אויף די שילדן און ייִדישע פּנימער אויף דער שוועל פון קלייט.

די געשעפטן זענען פול מיט קונים! פאַראַן עטלעכע שיפן אין פּאָרט און די פּאַסאַזשירן און אויך די מאַטראָסן, אָפיסיאַלן, און אַפילו די קאַפּיטאַנען פון די שיפן — קומען אַהער קויפן און איינהאַנדלען מציאות! און אַז דאָ קאָסט אַ סך ביליקער ווי אין אַנדערע ערטער — איז גאָר קיין פראַגע נישט!

מיר שפּאַצירן אַריין אין דער הויפּט־גאַס פון אינדזל. זי הייסט „הערענ־סטראַט״, אַ שמאָלע גאַס, פול מיט די רייכסטע קלייטן און די בעסטע זאַכן, וואָס מאַכן באַקוועם דעם מענטשנס לעבן! מען קאָן קוים דורכגיין די גאַס. אינ־מיטן דערינען פאָרט נאָך אָן אַן אויטאָמאָביל און מען ווערט שיעור נישט דער־שטיקט פון ענגשאַפט.

מיר גייען אַריין צו אַ ייִדן, אַ גאַליציאַנער, שוין דריי צענדליק יאָר אין קו־ראַסאַאָ. ער הייסט פּרוכטער, און לויט ווי ער דענקט, איז דער פּאָפּולערער אַר־געַנטינער שרייבער נתן פּרוכטער — זיינער אַ קרוב. דער ייִד נעמט אונדז זייער פריינטלעך אויף, אָבער, האָט קיין צייט נישט צו שטיין און רעדן מיט אונדז! אָט, ווען מיר בלייבן נעכטיקן — וואָלט ער געווען גליקלעך מיט אונדז צו פאַרברענגען.




קוראַסאַאָ, — דאָס לעגענדאַרישע אינדזל, וואָס געהער נאָך אַלץ צו דער האָלענדישער קרוין. דאָס וואַסער צעטיילט די שטאָט אויף 2 טיילן.

— וויפל ייִדן וווינען דאָ אויף דעם אינדזל?

— זייער ווייניק! אַפילו קיין טויזנט נפשות נישט!

פאַראַן דאָ אַ סך ספרדים. אָבער דער גרעסטער טייל זענען אַשכנזים. מען לעבט זיך נישט איבעריק חברלעך און ברודערלעך. מען האָפט אַז מיט דער צייט וועלן צוקומען נאָך ייִדן קיין קוראַסאַאָ.

דער ייִדישער ישוב האָט אַ שיינע קאָנגרעגאַציע, אַ ראַבינער, און אַ ייִדישע שולע מיט די נישט ייִדישע שכנים לעבט מען זיך זייער גוט ,און ווען די ייִדישע קהילה פון קוראַסאַאָ האָט געפראַוועט איר 300־יאָריקן יובל, האָט די דאָרטיקע פראָטעסטאַנטישע קירכע אָנטייל גענומען אין די פייערונגען און אַפילו געפלאַנצט 300 ביימער אין דעם „יער יהודי קוראַסאַאָ" אין מדינת ישראל.

שפּאַצירנדיק איבערן אינדזל און רעדנדיק מיט ייִדן, ווערן מיר געוווּיר פאַר־וואָס צווישן די אַשכּנזים און ספרדים איז דאָ קיין שלום נישטאָ!... די ספרדים, האַלטן זיך פאַר גרויסע מיוחסים. פאַר אַריסטאָקראַטן! זיי זענען די ערשטע ייִדן וואָס זענען געקומען אַהער, נאָך אײדער די ייִדן האָבן באַטראָטן ניו־יאָרק (דעמאָלט — ניי־אַמסטערדאַם).

די קהילה אין קוראַסאַאָ הייסט „מקווה ישראל". און איר ראַבינער איז אַ אינטעליגענטער מענטש און האַרציקער ייִד וואָס הייסט רב ישורון קאַרדאָזאָ. ערשט נישט לאַנג האָבן די ספרדישע ייִדן געפּייערט דעם שלוס פון 300 יאָריקן יום טוב מיט אַ פּראָצעסיע איבער די גאַסן פון קוראַסאַאָ, טראָגנדיק די זיבן ספרי תורות וואָס די קהילה פאַרמאָגט. ביי אָט דער געלעגנהייט האָט הרב קאַרדאָזאָ געקראָגן פון דער האָלענדישער קעניגין דעם טיטול: „ריטער פון אָרדן אָראַנזשענעטאָ". אַגב, אויך זיין געהאַלט באַקומט ער פון דער האָלענדישער רעגירונג!...

נו, ס'וועט אפשר נישט זיין איבעריק צו פאַרצייכענען, אַז די פאַר הונדערט ייִדן וואָס וווינען אין קוראַסאַאָ גיבן פאַרן „מגבית", נישט פיל ווייניקער פון... אַלע אַרגענטינער ייִדן!...

מען ווייזט מיר אָן אויף פיר ייִדן וואָס גיבן פאַרן „מגבית" צו 50 טויזנט דאָלאַר יעדער איינער...

איין גרויסן פּראָבלעם האָבן די קוראַסאַאָר ייִדן: חתונה מאַכן זייערע קינדער! טאַקע פאַראַן זייער ווייניק געמישטע חתונות, אָבער מען איז נישט זיכער מיטן מאָרגן! איינער אַ ייִד, מאַכט מיר אַ וויק:

שיקט אונדז אַהער עטלעכע אינטעליגענטן — בחורים... זיי וועלן זיך דאָ גוט איינאָרדענען!

— וווּהין קומען אַהין די בחורים פון די דאָרטיקע ייִדישע איינוווינער? צי אפשר זענען געבוירן געוואָרן אין קוראַסאַאָ מער מיידלעך ווי ייִנגלעך?

— חלילה! ביי אונדז אין קוראַסאַאָ ווערן געבוירן מיידלעך אין דער זעלבער פּראָפּאָרץ ווי ייִנגלעך! דער חילוק איז נאָר, וואָס די ייִנגלעך, ווי נאָר זיי קענען זיך שטעלן אויף די אייגענע פיס — צו זעכצן־זיבעצן יאָר — פאָרן אַוועק אין „די שטאַטן" — קיין אַמעריקע! דאָרט, לערנען זיי, דאָרט ענדיקן זיי און ווען זיי קומען צוריק — צוגאַסט צו טאַטע־מאַמע, זענען זיי שוין באַווייבטע, האָבן שוין קינדערלעך און ווי נאָר זיי זעטיקן זיך אַ ביסל אָן מיט זייער געבורסט־אינדזל, פליִען זיי ווייטער אַוועק אַהין, צום צפון!...

אַלזאָ, אין קוראַסאַאָ איז דאָ פּלאַץ פאַר ייִדישע אינטעליגענטע בחורים, פאַר

יידישע לערער, מוזיקער, און... געניטע סוחרים! דאָס איינציקע וואָס מען קריגט נישט לייכט אין קוראַסאַאָ איז... אַ וויזע פאַר אונדזערס אַ יידן! אָבער, מען גיט זיך, יאַקאָס, אַן עצה!...

אינטערעסאַנט אויך איבערצוגעבן די מיינונג פון חשובן שרייבער, יעקב





רעכטס: וו. טשערנאָוועצקי און לערער גרינבוים שפּאַצירן איבער די קוראַסאַאָער גאַסן; לינקס: דער יידישער צענטער פון קוראַסאַאָ.

בעלער, וועלכער האָט אויך באַזוכט קוראַסאַאָ, און האָט געהאַט אַ געלעגנהייט דאָ לענגער צו זיין.

דערציילט בעלער וועגן קוראַסאַאָ:

דער ערשטער איינדרוק פון קוראַסאַאָ איז, אַז עס איז נישט ענלעך צו די איבעריקע לאַטיין־אַמעריקאַנער רעפּובליקן, וואָס זענען ענלעך איינס צום אַנדערן. דאָ געפינט איר זיך אין אַ גאַנץ אַנדער וועלט. איר האָט פאַר זיך אַ שטיק האָ־לאַנד. די גאַסן פון דער שטאָט, די קאַנאַלן וואָס שניידן דורך די גאַסן, די הענג־בריק אין סאַמע צענטער פון שטאָט, וועלכע פאַראייניקט ביידע טיילן פון שטאָט. די אַרכיטעקטור פון די הייזער, שטעלן מיט זיך פאָר אַ טייל פון האָלענדישן סטיל פון 17טן יאָרהונדערט. די ווענט געפאַרבט מיט ליכטיקע פאַרבן און דער דאַך מיט רויטע ציגל. עס פעלן בלויז די ווינט־מילן.

די צוויי הויפּט־גאַסן פון קוראַסאַאָ, גיבן דעם איינדרוק דעם אויסזען פון אַ גרויסער שטאָט. געשעפטן פון פאַרשיידענע ערשטקלאַסיקע אַרטיקלען, וואָס זענען דאָ ביליקער ווי אין אַלע אַנדערע לענדער. קוראַסאַאָ איז אַ פרייער פּאָרט. חוץ

טאַבאַק און אַלקאָהאָלישע געטראַנקען, קומט אַלץ אַריין מיט אַ קליינעם אָפּצאָל פון דריי פּראָצענט, נישט געקוקט פון וואַנען זיי קומען; פראַנצויזישער פּערפומס, שוויי־צאַרישע זייגערלעך, זייד און טעפּיכער פון די אָריענטאַלישע לענדער, שטיקערייען פון פּאָרטוגאַל, קונסט־שאַלן פון שפּאַניע, אײַרישע לינען, אַמעריקאַנער אויטאָ־מאָבילן און וואַשמאַשינען, אַרגענטינער און בראַזיליאַנער לעדער, זילבער־געשיר און קונסט־אויסאַרבעטונגען פון פּערו, — אַלץ קענט איר דאָ זען אין די רחבות־דיקע שויפענצטער פוןביידע שטאָט־טיילן. די האָלענדישע שפּראַך איז די רעגי־רונגס־שפּראַך, אָבער אויף שריט און טריט הערט איר דאָ פּאַפּימענטאָ — דאָס איז אַ מין דיאַלעקט, אַ געמיש פון פאַרשיידענע שפּראַכן: שפּאַניש, ענגליש, האָ־לענדיש.

קוראַסאַאָ איז הונדערט דריי און זיבעציק קוואַדראַט מייל גרויס, און איז דער גרעסטער אינדזל פון די וועסט־אינדיעס. אין שכנות פון איר געפינען זיך די אינדזלען ארובא, באנאריא, סאבא, סט. עוסטאַטיוס און סט. מאַרטין. פראַנצויזיש קוראַסאַאָ — די אַנדערע העלפט פון דעם אינדזל — ליגט ביים ברעג פון ווע־נעסועלאַ.

ווען מען האָט אין 1915 אין ווענעסועלאַ אַנטדעקט גרויסע אויל־קוואַלן אַרום טייך מאַראַקייבאַ, אינגאַנצן אַכט און דרייסיק מייל פון דעם אינדזל, איז, כדי צו טראַנספּאָרטירן דעם אויל האָט זיך געניטיקט אין אַ טיפן און ברייטן וואַסער־פּאָרט מיט מאָדערנע ראַפינעריעס. האָט די „האָלענדישע ראָיאַל קאָמפּאַניע״ בשותפות מיט אַמעריקאַנער קאָמפּאַניעס דאָרט אויסגעבויט די גרעסטע אויל־ראַפינעריעס אין דער וועלט. טאַנקעס ברענגען היינט טאָג־טעגלעך אַהין דעם אויל, ווו ער ווערט ראַפינירט און טראַנספּאָרטירט אין אַלע וועלט־טיילן. דאָ, און אין שכנהשן אינדזל אַרובאַ, אַרבעטן די ראַפינעריעס טאָג און נאַכט. אין מלחמה־צייט האָבן די צוויי אינדזלען געשפּילט אַ גאָר וויכטיקע ראָלע אין זיג פון די אַליאירטע אַרמייען; זיי זענען געווען דער לעבנס־נערוו פאַר דעם קריגס־ און האַנדלס־פלאָט פון די אַרמייען. די נאַציס איז עס געגאַנגען אין לעבן אָפּצושניידן דעם שטראָם־אויל, וואָס האָט פון דאָרט געפלאָסן פאַר דער קריגס־מאַשין פון די אַליאירטע אַרמייען.

אין אָט דעם פאַרוואָרפענעם אינדזל געפינען זיך נאָך היינט צו טאָג יידישע קהילות, וועלכע האָבן הינטער זיך אַ געשיכטע וואָס פירט צוריק צום יאָר 1634, די ערשטע יידן זענען אַהינגעקומען פון שפּאַניע איבער די פאַרפאָלגונגען פון דער שפּאַנישער אינקוויזיציע. די דאָרטיקע רעגירונג האָט זיי דאַן אויפגענומען מיט אָפענע אָרעמס, זיי געגעבן פולע פרייהייט און גלייכבאַרעכטיקונג. דער האָלענ־דישער גובערנאַטאָר האָט דאַן אַרויסגעגעבן אַ דעקרעט, אַז די יידן פון קוראַסאַאָ

ווערן באַפרייט פון שטייער גאַנצע צען יאָר, און זיי געגעבן אַן אייגענעם יידישן קוואַרטאַל „יאַדענווייק", אַזוי האָט טאַקע דער יידישער קוואַרטאַל געהייסן.

די נייעס, אַז אין קוראַסאַאָ האָבן יידן פרייהייט פון רעליגיע, האָט זיך דאַן צעטראָגן צו די פאַרוואָגלטע אַנוסים, וועלכע האָבן זיך דאַן געפונען אין פאַרשיידענע לענדער פון דער נייער וועלט אין אַ שטענדיקער מורא פאַר די אינקווי-



דער יידישער טעמפל פון קוראַסאַאָ, וועלכער איז איינער פון די עלטסטע אין די אַרומיקע יידישע ישובים.

זיטאָרן, וועלכע האָבן זיי נאָכגעפאָלגט אפילו אין די לענדער, ווו זיי האָבן זיך געראַטעוועט. האָבן זיי זיך פון אָט די לענדער אַ לאָז געטון קיין קוראַסאַאָ, און עס איז דאָרט אויסגעוואָקסן אַ גרויסער יידישער ישוב.

די יידן פאַרנעמען אין קוראַסאַאָ גאָר אַ געהויבענעם פּלאַץ אין מסחר, אינדוסטריע און פינאַנצן! מיט עטלעכע יאָר צוריק האָט איין יידישע פירמע —

מאדורא — געפייערט איר הונדערט־יאָריקן יובל און דאָס גאַנצע לאַנד האָט זיך געפרייט מיט אָט דעם יובל ווי מיט אַ נאַציאָנאַלער געשעעניש!...

אין קוראַסאַאָ ווי אין ארובא האָבן די מזרח־יידן איינגעוואַנדערט ווען די אימיגראַציע־געזעצן פון דער גאָרער וועלט זענען נאָך נישט געווען אַזוי שטרענג. און דאָ, אויפן אינדזל, נאָך ווייניקער שטרענג. די יידן האָבן דאָ אַן אייגענעם קלוב וווּ מען קומט זיך זונטיק צונויף און מען פאַרברענגט. דער קלוב הייסט „קלוב יוניאָן" און איז אַ וויכטיקער געזעלשאַפטלעכער צענטער. דער גרעסטער טייל פון די מזרח־יידן פון קוראַסאַאָ קומען פון גאַליציע — גאָר אַ סך פון זיי פון סניאַטין. אָנגעהויבן האָט זיך די אימיגראַציע, ווי עס פּאַסירט אָפט אין יענע פאַרוואָרפענע ווינקלען: אַ יידישער אימיגראַנט האָט נישט געקענט פאָרן קיין אַמע־ריקע, האָט ער באין־ברירה „אַנטדעקט" אַ ניי אַמעריקע... נאָכדעם אַריבערגע־בראַכט די קרובים זיינע, און נאָכדעם האָבן זיך ווידער דערוווּסט שכנים... אַזוי, אַז דאָס איז געווען אַ מין קרובים־אימיגראַציע.

דער עקאָנאָמישער מצב פון די קוראַסאַאָר יידן איז זייער אַ גוטער. אַ יידישער אינזשיניער, וואָס איז אויך אַהינגעקומען און באַקומען אַ שטעלע ביי דער רעגי־רונג, האָט אויפגעגעבן זיין פּראָפעסיע און בעסער געוואָרן אַ סוחר...

אין סאַמע צענטער פון שטאָט קענט איר לייענען די אויפשריפטן פון היימישע יידישע נעמען: שניידער, אַקערמאַן, פּרוכטער, גראָסמאַן און נאָך אַזעלכע ...מאַנס. די גרעסטע גאָלד־געשעפטן פון קוראַסאַאָ געהערן צו צוויי יידישע אימיגראַנטן פון גאַליציע, „שפּריטצער און פורמאַן". אָנגעהויבן האָט מען דאָ, ווי אין אַלע אַנדערע לאַטיין־אַמעריקאַנער לענדער, מיט דער יידישער פּרנסה פון טראָגן אַ פּעקל אויף די פּלייצעס, געשפּאַנט איבער די הייס־גליענדיקע גאַסן. עס האָט לאַנג נישט גענומען, און מען האָט זיך אַרויפגעאַרבעט צו אייגענע געשעפטן אין שיינע געגנטן פון שטאָט; פון די ענגע צימערלעך, וווּ מען האָט געוווינט גרינערהייט, זענען אויסגעוואַקסן פּאַלאַצן אין די שענסטע געגנטן פון שטאָט.

דער ליבעראַלער גייסט פון האָלאַנד, וואָס מאַכט נישט קיין אונטערשייד צווישן ראַסן און רעליגיע, הערשט אויך דאָרט. עס טוט אָבער די דאָרטיקע יידן וויי, וואָס אַ טייל פון זיי, וועלכע געפינען זיך שוין דאָרט אַ צוואַנציק יאָר — אַ סך מער יאָרן ווי עס זענען נייטיק כדי צו באַקומען די בירגערשאַפט — און נישט געקוקט, וואָס זיי האָבן זיך וועגן דעם באַמיט, זענען זיי אַליין נישט געוואָרן קיין בירגער... די מאָדנע סיטואַציע ציט זיך שוין דאָרט אַ צייט לאַנג. ווען אַ ייד, וואָס וווינט שוין דאָרט יאָרן, וויל אַרויספאָרן ערגעץ ווו, מוז ער בעטן ביי די דאָרטיקע באַהערדן זיי זאָלן אים געבן אַ דאָקומענט, וואָס דערלויבט אים צוריק־צוקומען. אייניקע פון אונדזערע יידן האָבן זיך פאַר מיר אויך באַקלאָגט אויף דער

באַציִונג פון די האָלענדישע ייִדן דאָרט, וואָס האָבן זיי אַרויסגעוויזן פריינטשאַפט נאָר דאַן, ווען זיי זענען געווען גרויסע קבצנים; דאַן האָבן זיי אויף זיי „רחמנות" געהאַט. אָבער ווען זיי האָבן אָנגעהויבן אַרויפאַרבעטן זיך, האָט מען אויף זיי אָנגעהויבן קוקן פון אויבן אַראָפּ.

***

פאַרן פאַרלאָזן דאָס אינדזל, האָבן מיר געמאַכט אַ שפּאַציר איבערן מאַרק, — דער הויפּט־מסחר איז דאָרט פיש. דערנאָך זענען מיר אַוועקגעגאַנגען אין פּאָסט



די פּאָסט פון קוראַסאַאָ איז אַ שיינער פּאַלאַץ וועלכן מען זעט נישט אומעטום!

אַריין. ווערליק אַזאַ קליין אינדזל, האָט עס אַ פּאָסט וואָס קאָן זיך נישט פאַרשעמען מיט ניו־יאָרק, בוענאָס איירעס און פּאַריז. צו וואָס אָט די איינוווינער, פון אַזאַ טל־ומטר־אינדזל, דאַרף האָבן אַזאַ פּרעכטיקע פּאָסט? אפשר צוליב דער באַקוועמ־לעכקייט פון די טוריסטן!...

ווען איך בין צוריקגעקומען „אַהיים" אויף דער שיף און זיך אַוועקגעלייגט אָפּרוען אויף דער פּליושענער סאָפע פון מיין קאַבינע, האָב איך געטראַכט:

גיי, ווייס, אַז אין זכות פון אַ בינטל פּאַרטאַטשנע קובאַנער אַרטיסטן וועט מיר אויסקומען צו באַזוכן אַזאַ אינטערעסאַנט אינדזל, און וועל זיך טרעפן מיט אַזאַ „פּאַרוואָרפענעם" ייִדישן שבט — ווי די קוראַסאַאָר ייִדן!

און איך האָב די גאַנצע צייט טענות צו דער באַנדע אַרטיסטן, וואָס טומלען אַזוי... און וואָס האָבן פאַרכאַפּט די „פּילעטאַ דע נאַטאַסיאָן"...

# X

טייערע גאָלדע:

איך בין היינט געווען דער „גאַסט" פון „קובאַנער פאָלק". נאָך קנאַפּע דריי טעג רייזע פון קוראַסאַאָ האָט אונדזער שיף, שטאָלץ אַריינגעמאַרשירט אין פּאָרט פון האַוואַנאַ, קובאַ.

מיר זענען אָנגעקומען אַרום 10 אינדערפרי, און צענדליקער שיפלעך, אָנגע־פּיקעוועטע מיט מענטשן זענען „אונדז" אַרויסגעפאָרן אַנטקעגן און אונדז אויפ־גענומען מיט הוראַ געשרייען און מיט וויוואַטן פאַר אונדזער לאַנד! ערשט שפּעטער, בין איך געוווירע געוואָרן וואָס פאַר אַ גדולה עס איז אויף זיי!



פאַרלאָזנדיק דעם קוראַסאַאָר פּאָרט. אַ טייל פון יידישן געגנט.

דער פּראָפּאַגאַנדע־אַגענט פון דער הויפּט־אַרטיסטקע, וואָס פאָרט אַהיים מיט איר טרופּע, און האָט נישט געהאַט צו באַצאָלן אַפילו קיין טרינק־געלט די באַדי־נער פון דער שיף, האָט אין האַוואַנאַ, פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז די טרופּע האָט אין אַרגענטינע אַזוי אויסגענומען, אַז אויף אַהיים צו פאָרן, האָט דער פּרעזידענט פון דער רעפּובליק געשטעלט צו דינסט פון דער טרופּע... זיין פּריוואַטע יאַכט־שיף. די שיף — אַזוי האָט מען געמעלדעט אין האַוואַנאַ — וועט שוין, אין איין וועגס, מאַכן אַ רייזע ביז ניו־יאָרק, און וועט דאָרט אַראָפּלאָזן עטלעכע פּאַסאַזשירן, וואָס פאָרן צופעליק מיט, מיט דער טרופּע. עס הייסט, מען טוט אונדז אַ טובה און

אַנשטאָט זיך אומקערן פון האַוואַנאַ צוריק קיין בוענאָס איירעס, פירט מען אונדז צו ביז ניו־יאָרק!...

און, אָט דאָס, באַגעגנט דאָס קובאַנער פאָלק, איר „באַרימטע" אַרטיסטן, פאַר וועמען מען שטעלט צו אַ שיף, אַ פּריוואַטע „זשאַטע" און אָט דאָס שרייט מען הוראַ פאַר אַרגענטינע וואָס האָט אָנערקענט דאָס גרויסקייט פון די קובאַנער אַרטיסטן!...



ה׳ סענדער קאַפּלאַן

דער רעדאַקטאָר פון דער יידישער אויסגאַבע אין קובאַ „האַוואַנעו לעבן", און דער ערן־קאָנסול פון ישראל אין קובאַ.

זאָל זיי, די קובאַנער, אָט דער „בלאָף" וויל באַקומען!

נאָך מיטיק גייען מיר אַראָפּ פון דער שיף און לאָזן זיך... זוכן יידן. עפּעס, האָב איך דאָרט אַ וואַזשנעם קאָלעגע — דעם רעדאַקטאָר פון „האַוואַנער לעבן"! ער איז, חוץ אַ רעדאַקטאָר, אויך ערן־קאָנסול פון ישראל! אַ זכות, וואָס נישט אַלע יידישע שרייבער אין די תפוצות קאָנען עס דערגרייכן! איך האָב דאָרט נאָך אַ פּאָר אומבאַקאַנטע־באַקאַנטע, ווי א. דובעלמאַן, אַ שרייבער וואָס האָט שוין אַ „באַלאַנס" פון עטלעכע ביכער! בכלל איז דאָ וואָס צו זען אין האַוואַנאַ! איז אָבער דאָ אַ צרה! ס׳איז היינט זונטיק! טיר און טויער זענען געשלאָסן! זעלטן אפילו אַז אַ קאַפע זאָל זיין אָפן! די קובאַנער זענען טאַקע פריי פון שפּאַניע, אָבער די קאַטוי־לישע קירכע האָט דאָרט אַ גרויסע דעה און גיט שוין אַכטונג אַז זונטיק זאָל אָפּגעהיט ווערן ווי „גאָטס־זון" האָט געבאָטן!

איך האָב אַן אַדרעס — על סאַל 153. דאָרט איז די רעדאַקציע פון „האַוואַנער לעבן". זי איז פאַרמאַכט מיט 7 שלעסער. לאָזן מיר זיך גיין צו דער פלאַסאַ און...

מיר דערזעען אַ גרויסע, אַלטע, געביידע מיט אַן אויפשריפט:

„יידישער קולטור צענטער פון האַוואַנאַ".

עס איז אַרום דריי אַזייגער. מעגלעך אַז עמעצער איז דאָרט דאָ. מיר האָבן קוים געטראָפן דעם אַריינגאַנג, הן די פלאַסאַ, הן די געביידע זענען פון אַלטן קאָלעניאַלן סטיל, און נאָך אַ לאַנגן זוכעניש, טרעפן מיר דעם אַריינגאַנג. מיר דערשלאָגן זיך אויך צום... „פאָרטעראָ", צום שומר פון דער געביידע. אַ סימפּאַ־




אַ טייל פון אויסערלעכן אויסזען פון „יידישן צענטער" פון קובאַ.

טישער שוואַרצער, וועלכער וויל אונדז באַהילפיק זיין, געפינט ער אונדז אויס דעם טעלעפאָן פון סענדער קאַפּלאַן — רעדאַקטאָר פון דער צייטונג, געפינט אויך אויס אַז דער סוב־רעדאַקטאָר דובעלמאַן ליגט אויף אַ שטיקל גריפּע און אין איין וועג, עפנט ער פאַר אונדז טיר און טויער, ווייזט אונדז דעם זאַל, די ביבליאָטעק און די עסקריטאָריעס פון „יידישן צענטער". זיי מאַכן דעם איינדרוק, אַז זיי זענען פון דער... קאָלאָניאַלער עפּאָכע.

מיר שפּאַנען איבער די האַוואַנער שמאָלע גאַסן. דאָס לענדעלע איז טאַקע קליין און אַלטמאָדיש. אָבער זייער מטבע האָט די זעלבע ווערט וואָס... דער דאָלאַר! פונקט פאַרקערט: זיי נעמען אַ סך מערער גערן זייער אייגענע פּעזאָ ווי דעם דאָלאַר!

פון דעם אויסזען פון „פאָלק" וואָס מיר האָבן געטראָפן אין די גאַסן, ווי בכלל פון די אַלטמאָדישע הייזער און אַלטע אויטאָבוסן, האָבן מיר זיך געשאַפן אַ מיינונג,

אַז זיי, דאָ, מיט זייער הויכער מטבע, לעבן נישט אַזוי באַקוועם און אַזוי גליקלעך, ווי זייער שכן וועמענס דאָלאַר איז ווערט מיט 2 סענט... ווייניקער!

גייענדיק אויפן וועג צו קאַפּלאַנען, האָבן מיר שוין געקאָנט באַמערקן... בעט־לערס וואָס בעטן „אויף יום טוב" (ס'איז געווען ערב „קריסטמעס") מען האָט שוין



די נייע גרויסע געביידע פון דער היים פון יידישן ישוב פון האַוואַנאַ, קובאַ.
די געביידע ווערט אָנגערופן: „די היים פון קובאַנער יידן".

געקאָנט באַמערקן, בכלל, אַ סך אָפּגעריסענע אָדער שלעכט־געקליידעטע מענער און פרויען. דאָרט, און קוראַסאַאָ און ווענעסועלאַ, וווּ די מטבע איז אַ נידעריקערע, האָט מען קיין אָרעמקייט נישט געקאָנט אַזוי באַמערקן...

פון חבר סענדער קאַפּלאַן און זיין סימפּאַטישער פרוי ווער איך אויפגענומען זייער וואַרעם! ער האָט געוווּסט אַז איך דאַרף זיין אין קובאַ. ער איז אַ געטרייער לייענער פון „אַרגענטינער מאַגאַזין" און ער ווייסט וואָס עס טוט זיך ביי אונדז. אַגב, ער האָט אויך באַקומען אַ בריף פון... מיכאל גרייזוער פון ישראל וועגן מיין

קומען. און חבר קאַפּלאַן איז גרייט צו טון פאַר מיר אַלעס וואָס איך זאָל אים בעטן, אָבער. גיי רעד, אַז אין אַ פּאָר שעה אַרום פאָרט אונדזער שיף אָפּ... דאָס איינציקע פּאָזיטיווס וואָס ער האָט געטון פאַר מיר איז געווען: — זיך אַוועקשטעלן אויפן באַלקאָן און איך האָב אים אַראָפּגענומען אַ בילד, לזכרון.

חבר קאַפּלאַן דערציילט מיר, אַז די ייִדן לעבן דאָ גאַנץ גוט! כמעט דער גאַנצער ייִדישער ישוב פון קובאַ איז געווען אַ... „דערווייל" איינוואַנדערער! מען איז געקומען אַהער, ווען עס איז געוואָרן אַ „קוואָטע" צו פאָרן קיין נאָרד־אַמעריקע. האָט מען זיך דערשלאָגן אויף דערווייל קיין קובאַ, פון וואַנען מען וועט קאָנען דערנאָך זיך אַריבערפּעקלען אין „די שטאַטן". אָט דער „דערווייל", געדויערט שוין העכער דריי צענדליק יאָר. ייִדן האָבן זיך דאָ איינגעאָרדנט, האָבן זיך אויפגעשטעלט אַ שטוב, האָבן שוין חתונה געמאַכט קינדער און אַפילו קינדס־קינדער, און טראַכטן נישט פון „אַריבערפּעקלען זיך" אין די שטאַטן! פּונקט פאַרקערט. דאָס לעבן אין „די שטאַטן" געפעלט גאָר נישט די מערסטע קובאַנער ייִדן. און אַז ער פאָרט איינמאָל אַהין אויף אַ באַזוך, וויל ער שוין מער אַהין נישט פאָרן.

דערפאַר, אָבער, ציט עס דער יוגנט צו די „שטאַטן". אַ סך האַוואַנער ייִדישע קינדער זענען אַוועקגעפאָרן לערנען קיין אַמעריקע און זענען שוין דאָרט געבליבן! מען קאָן טרעפן קובאַנער ייִדישע קינדער אין די גרויסע וועלטלעכע אוניווערזי־טעטן פון די שטאַטן און אויך אין אַ סך ישיבות פון ווילאַמסבורג אָדער קליוולאַנד. פאַרשטייט זיך, מען טרעפט אויך אַ סך קובאַנער ייִדישע קינדער אין ישראל, און דווקא אויף די פאָדערשטע פּאָזיציעס!

ווען מען צערעדט זיך מיט'ן חבר קאַפּלאַן וועגן ארץ ישראל, הייבט אָן ביי אים פינקלען די אויגן! ער איז איינגעליבט אין ישראל און אין אַלעס וואָס איז נוגע ישראל. דערפאַר, אפשר, טרייבט ער איבער אַ ביסל ווען ער זאָגט אונדז, אַז 95 פּראָצענט פון די ייִדן אין קובאַ זענען ציונים און 99 פּראָצענט פון די קובאַנער ייִדן שטייערן זיך מיט פאַר ציוניסטישע פאָנדן. ער דערציילט אונדז, אַז קובאַנער ייִדן, זענען אפשר די איינציקע אויפן קאָנטינענט וואָס זענען צופרידן ווען צו זיי קומען שליחים אָדער ליטעראַרישע געסט. מען זאַמלט דאָ לייכט פאַר אַלע „פאָנדן" און מען קומט גערן צו די לעקציעס פון שרייבער־געסט.

— וועגן אַנטיסעמיטיזם אין קובאַ?

— וואָס זשע? פאַרוואָס זאָלן מיר זיין אָן אויסנאַם? און קובאַ איז דאָך אַ קאַ־טוילישע לאַנד! און דייטשן מיט אַראַבער פעלן דאָ אויך נישט, און זיי זיצן נישט ליידיק! דאָך, דאַרף מען אָנערקענען, אַז פון „אויבן" טאָלערירט מען נישט קיין אַנטיסעמיטיזם, און די ייִדן לעבן זיך דאָ רויִק אַלס בירגער און אַלס ייִדן...

וואָס איז שייך דאָס אַלגעמיינע געזעלשאַפטלעכע לעבן פון האַוואַנאַ — קובאַ — וואָלט איך עס געקענט רעזומירן אין פאָלגנדיקע שורות:

פאַראַן אין האַוואַנאַ אַ שפּרודלדיק געזעלשאַפטלעך יידיש לעבן. פאַראַן אַ „יידישער צענטער" און פאַראַן אַ „פּאַטראָנאַט" פון דער יידישער שולע און... מען קריגט זיך גאַנץ נישקשהדיק. אַזוי ווי איך האַלט, אַז דאָרט וווּ עס איז פאַ־




אַ צווייטער טייל פון דער געביידע פון קובאַנער יידישן ישוב.
ער באַשיינט די גאַס און די געגנט.

ראַן מחלוקת איז פאַראַן לעבן — איז שוין דער בעסטער באַווייז, אַז אין האַ־וואַנאַ איז פאַראַן אַ סך יידיש־געזעלשאַפטלעך לעבן.

אָבער מיר דאַכט זיך, אַז די האַוואַנער יידן האַלטן איצט דאָרט, וווּ מיר, די אַרגענטינער יידן, האָבן געהאַלטן מיט... 20 אָדער 30 יאָר צוריק. אין זייער געזעלשאַפטלעכער קריגעריי באַמערקט מען אַ סך פּערזענלעכעס! מען דיסקו־טירט און מען... זידלט זיך! ספּעציעל צווישן די מענטשן פון „צענטער" און פון „פּאַטראָנאַט". צווישן דער אויטאָנאָמער שולע און דער „צענטער" שולע־מענטשן. און עס שיטן זיך „בריוו אין רעדאַקציע", ווי ביי אונדז אין יענע „גרינע" יאָרן פון אונדזער ישוב.

אַז אין האַוואַנאַ, קובאַ, זענען פאַראַן ווילע יידן, וואָס זשאַלעווען נישט קיין כבוד — האָב איך נאָך געוווּסט אין בוענאָס איירעס, ווען איך פלעג לייענען

זייער צייטונג „דאָס האַוואַנער לעבן" און איך פלעג באַמערקן ווי אינסטיטור־ציעס דאַנקען אָפּ עפנטלעך (ספּעציעל דער קרן קימת און דער „פּרויען פאַר־איין") פאַר האָבן בייגעשטייערט... 1 פּעזאָ, וואָס טאַטע־מאַמע האָבן זיך בייגע־שטייערט לכבוד דעם וואָס זייער זונדעלע האָט געענדיקט בשלום... די יידישע




די נייע געביידע פון יידישן ישוב אין קובאַ איז דער טרעף־פּלאַץ פון אַלע יידן, אַלע טאָג און אַ גאַנץ יאָר.

שולע! נישט איינמאָל פלעג איך אַ שמייכל טון ביים לייענען אָט די „דאַנק־אויס־דרוקן", וואָס האָבן מיר אויסגעוויזן אַזוי קליינשטעטלדיק. איצט, שפּאַן איך איבער די גאַסן פון דער שטאָט ווו אָט די יידן וווינען. עס זענען געשלאָסן טיר און טויער און אפילו דער לערער א. עליאָוויטש, וועלכער איז אַ באַקאַנטער פּעדאַגאָג אין זיד־אַמעריקע, איז אויך ערגעץ אַרויסגעפאָרן אויף אָפּרו. וואָס דאַרפסטו מערער, גאָלדע, איך האָב געוואָלט אַריינגיין אין זייער איינציקן יידישן רעסטאָראַן, וואָס טראָגט דעם טשיקאַוון נאָמען פון „משה פּיפּיק" (אַבי נישט „משה מיט די הינערשע לעבערלעך" — איז שוין גוט) איז ער אויך געווען גע־שלאָסן. אין האַוואַנאַ איז זונטיק... זונטיק! קומט דער ליבער זונטיק — צעפּאָרט מען זיך פון דער שטאָט. איך האָב געהאַט אין מיין צעטל זיך צו טרעפן מיט די דאָרטיקע כלל־טוער, ספּעציעל מיט די הערן: דוד אוטיאַנסקי, הרב מאיר

ראָזענבוים, הרב יהודה מעלבער, אהרן יוקען, א. ז. וויינשטיין, י. שטיינבערג, מ. קאָנסקי און אַנדערע. איך האָב זיך וועגן זיי אַ סך אָנגעהערט און אָנגע־לייענט און איך האָב זיי געוואָלט קענען פּערזענלעך. אָבער, גיי שריי חיי וקיים, אַז אַלץ איז פאַרמאַכט און אפילו קיין ליטישע קאַפּע איז נישט צו קריגן.

איך האָב באַשלאָסן: ווען איך וועל נאָר קענען אויספירן, וועל איך זיך ווי־דער אַמאָל אַראָפּכאַפּן צו אָט דעם היימישן יידישן לעבן.

ווען מיר האָבן זיך אומגעקערט צו דער שיף איז שוין געווען היפּש שפּעט־לעך און מיר האָבן געטראָפן אַ נייעס. מען האָט שוין „איינגעפּאַקעוועט" דעם „באַד־באַסיין" (פּילעטאַ דע נאַטאַסיאָן) און מען האָט שוין אַראָפּגענומען פון דעק די




איינע פון די שענסטע געגנט פון האַוואַנאַ: דער סענאַט, דער „שפּאַנישער צענטער" און דער „צענטראַל־פּאַרק" פון דער הויפּטשטאָט.

זומערדיקע זאַכן, ווי שטולן, מאַטראַצן, און אַנדערע מכשירים. דאָס הייסט — מען גרייט זיך שוין צום ווינטער, וועלכער דאַרף אָנקומען... היינטיקע נאַכט.

דער ערשטער אָפיסיאַל, וועלכער איז דער „פאַרמיטלער" צווישן דער אױ־טעריטעט און פּאַסאַזשירן, רעקאָמענדירט אונדז, ביינאַכט, אָנטון דאָס וואַרעמע וועש און אויספּאַקעווען די ווינטערדיקע מלבושים! מיר פאָרן אַריין אין אַ געגנט פון פרעסט!...

ווייזט אויס אַז... זיי ווייסן טאַקע וואָס זיי זאָגן! אַרום 12 ביינאַכט האָט מען

שוין אינדרויסן נישט געקאָנט אַרויסגיין צוליב דעם שטאַרקן ווינט און נאָך שטאַרקערער קעלט!

סטייטש? ערשט נעכטן זיך געבאָדן אין דער „פּילעטאַ״? ערשט נעכטן איז מען אַרומגעגאַנגען אויפן דעק האַלב אָדער אינגאַנצן נאַקעט?

דאָס איז געווען נעכטן! היינט איז שוין ווינטער!

ביי דער וועטשערע, איז אין „קאָמעדאָר״ געווען... סקוטשנע! עס זענען אַראָפּ די כאָפּטע אַרטיסטן, זענען מיר געבליבן זייער ווייניק פּאַסאַזשירן ביז ניו־יאָרק. מען האָט שוין אָנגעהויבן פילן די אומרויקייט פון דערנענטערן זיך צום לעצטן



דער „קאַפּיטאָל״ פון האַוואַנאַ, די הויפּט־גאַס וווּ עס געפינט זיך דאָס רעגירונגס־הויז.

פּאָרט פון אונדזער רייזע — קיין ניו־יאָרק. חוץ דעם, ווערן מיר געוווירע „בסוד סודות״, אַז מיר פאָרן אַריין אין „שלעכטע״ וואַסערן, אין אַ שטורמישן ים, און מען דאַרף זיך ריכטן אויף צוויי ביטערע טעג און נעכט...

אַרום איינס ביינאַכט, ערב גיין שלאָפן, זאָגט מען אונדז אָן די „בשורה״, אַז די טעמפּעראַטור אין דרויסן איז... 5 אונטער נול!

נו! גיי פאַרשטיי גאָטס וועלטל! אַ גאַנצן טאָג אַזוי וואַרעם, ממש הייס, און אין עטלעכע שעה רייזע מיט אַ שיף — זענען מיר אין... סיביר!

# XI

טייערע גאָלדע:

מיר זענען שוין נישט ווייט פון ניו־יאָרק. היינט ביינאַכט קומען מיר אַהין אָן, און וועלן בלייבן שטיין „אינדרויסן״ ביז אינדערפרי ווען עס וועלן אַרויפקומען די אימיגראַציע באַאַמטע. עס איז געווען אמת! מיר האָבן טאַקע געהאַט אַ שלעכט שטיקל וועג צווישן קובאַ און ניו־יאָרק. דער ים איז נישט געווען „אַספּאַלטירט״, פאַרמאָגט אַ סך „גריבער״ און אונדזער שיף איז אַריין און אַרויס פון זיי. אָבער — עס איז נישט געפערלעך; מען קאָן בלייבן לעבן! נאָך אַלץ בעסער ווי פאָרן מיטן אַוויאָן און האָבן אַ „שלעכטן וועג״. דאָרט, זאָגט מען ווידוי און דאָ האָט מען אַ ביסעלע „אָפּגעגעבן״ — ווער עס האָט געקאָנט. מיין גאַליציאַנערקע ליגט אַ „טויטע״! מען וועט זי דאַרפן פון שיף אַראָפּטראָגן! עס האָט זיך איר פאַרגלוסט זען אַ שוועסטער!... אָבער, אַהיים, טעלעגראַפירט זי אַלץ: איך פיל זיך זייער גוט!...

דער עולם שרייבט בריוו אַ היים און שיקט טעלעגראַמעס. ביז מאָרגן פאַרנאַכט, קאָן מען שיקן אַ טעלעגראַמע קיין אַרגענטינע מיט דעם זעלבן טאַריף וואָס עס קאָסט אין אַרגענטינע פון איין שטאָט צו דער צווייטער. מען קאָן אויך רעדן טעלעפאָניש אַהיים, פאַר בלויז זעקס פּעזאָס. וויל טאַקע איטלעכער רעדן אַהיים און איטלעכער שיקט אַהיים לופט־פּאָסט־בריוו אַז מען זעט שוין אַרויס ניו־יאָרק.

מיטן רעדן טעלעפאָניש קומט אָן אַ ביסל שווערלעך. צוליב דעם שלעכטן וועטער — קאָן מען זיך נישט פאַרבינדן מיט בוענאָס איירעס. טאָ, קומט מען אָפּ דערמיט, וואָס מען שיקט טעלעגראַמעס אַהיים!

מיר האָבן שוין אויסגעפילט די אָפיציעלע פּאַפּירן וואָס מען פירט מיט זיך און אייניקע דערציילן שטוינענדיקע זאַכן, ווי שווער עס איז אַראָפּצוגיין פון דער שיף! עס קומט אַרויף אָן אויספאָרשונגס־קאָמיסיע און פרעגט אייערע פּאָליטישע איבערצייגונגען און אַפילו, וואָס פאַר אַ מיינונג איר האָט וועגן מאַקאַרטין! אויב, חלילה, איר פאַרפּלאָנטערט זיך אין אייערע דערקלערונגען — לאָזט מען אייך פון דער שיף נישט אַראָפּ און היידאַ צוריק אַהיים!...

פון די אַלע פּוסטע מעשיות וואָס מען דערציילט און בכלל פונעם פאַקט, וואָס מאָרגן אין דער צייט וועט איר שוין זיין אויף דער יבשה און צווישן אייגענע, ווערן די נערוון נאָך מער אָנגעשטרענגט און פון שלאָפן טראַכט מען שוין נישט!...

אינטערעסאַנט, גאָלדע, איך דערמאָן זיך יענעם אויפדערנאַכט ווען מיר האָבן דעם צווייטן פאַרטאָג, געדאַרפט אָנקומען קיין... חיפה! איך דערמאָן זיך יענע

עמאָציע, יענע שעהן און מינוטן און גלייך זיי צו, צו דעם היינטיקן אויפדערנאַכט און — עס איז אַ חילוק ווי פון טאָג צו נאַכט.

דעמאָלט, יענעם 13טן אַפּריל פון 1953, האָבן אַלע מיינע אברים געזונגען שירה! דעמאָלט, האָב איך געפילט אַז יעדע מינוט וואָס עס ציט זיך די נאַכט איז אַ יאָר און יעדע שעה — אַן אייביקייט! דעמאָלט, בין איך געשטאַנען אויף דער דעק און נישט אַראָפּגענומען קיין אויג פון דער ווייטקייט, אפשר וועל איך דער־זען די ערשטע ליכט, דעם ערשטן סימן פון ארץ ישראל באָדן. היינט, דאָ, גלוסט



מען זעט ניו־יאָרק ביינאַכט פון דער שיף. ווען נישט דער גרויסער פראָסט, וואָלטן אַ סאַך געבליבן שטיין אויפן דעק ביז פאַרטאָג און געקוקט אויף ניו־יאָרק.

זיך גאָר אויף דער דעק נישט אַרויסגיין! נישט דערפאַר וואָס דער טערמאָמעטער ווייזט... 15 גראַד אונטערן נול! צו דעם — בין איך שוין צוגעגרייט! אָבער, די שטימונג איז עפּעס אַן אַנדערע, אַ גלייכגילטיקע.

איך זיץ אין מיין קאַבינע, שרייב בריוו און פאַר מיינע אויגן שוועבן יענע ווינטערדיקע נעכט, אין מיין שטעטעלע טעפּליק. דער טאַטע שטייט ביי דער הייסער הרובע און רייבט מיט די הענט די וואַרעמקייט. מיר, קליינוואַרג, ליגן אין די בעטן, אונטערן איבערבעט, און הערן זיך צו ווי אַזוי דער טאַטע מאַכט פלע־־

פון „אַוועק קיין אַמעריקע". דאָ, אין טעפּליק, איז נישט קיין פּלאַן אָפּצופינצטערן דאָס לעבן! דאָס ערשטע וועט ער שיקן אַהין מיינע צוויי שוועסטער מרים־שרה און פרומע, און דערנאָך וועלן מיר אַלע אַרויספאָרן. מירן וווינען אין ברוקלין. זיינס אַ ברודער וווינט דאָרט אויף אַסתּרס (העסטער) סטריט!

דערהערט: אסתרס סטריט, ווערן מיר קליינוואַרג אייפּערדיק! וואָס הייסט? אין אַמעריקע איז דאָ אַ גאַס מיט אַ יידישן נאָמען „אסתר"?



ניו־יאָרק פּאָרטאָג. פון דער ווייטנס זעט מען די וואָל־סטריט, — די הויפּט־פּאָסט, די „עמפּאַיר סטייט בולדינג" אאַ"וו.

— וואָס פאַר אַ פראַגע? אַמעריקע איז אַ פריי לאַנד און יידן האָבן דאָרט אַ... דעה!...

כ'האָב דעמאָלט, אין מיין פאַנטאַזיע, געזען ניו־יאָרק, געזען ברוקלין, געזען „אסתר" סטריט און אַפילו געזען די וווינונג ווו מיר וועלן וווינען און דעם „שאָפּ" ווו מיר וועלן אַלע אַרבעטן!... איך האָב זיך דאַן פאַרשאַפט אַן ענגליש־רוסישן ווערטער־בוך, און זיך גענומען לערנען ענגליש! כ'האָב זיך שוין אַפילו אָנגעהויבן געזעגענען מיט מיינע חברים און זיי צוגעזאָגט צו שיקן אַ „לעטער" און אַ „פּיקטשור". און יאַנקל דעכטיאַר, האָב איך אפילו צוגעזאָגט שיקן אַ... שיפסקאַרטע!

אין „אומגליק" האָב איך נאָר דאַן געהאַט: מען האָט געדאַרפט פאָרן מיט אַ שיף דרייסיק טעג, און מען איז געפאָרן אין דריטן קלאַס איינגעפּאַקעוועט ווי אין אַ פעסל הערינג! בכלל, האָב איך מורא געהאַט פאַר פאָרן מיטן ים! אַ קשיה אויף אַ מעשה! סכנות הדרך! דער לויתן קאָן געבן אַ דריי מיטן עק און אויס מיט וועלוול נוסקעס!... אויס מיט אַמעריקע!

און, אָט שוועבן פאַר מיינע אויגן די צווייטע טייל בילדער. איך בין שוין גרויס! קאָן שוין פאָרן — פון קעשעניעוו — קיין אַמעריקע, און עס ווערט אַ „קוואָטאַ" און מען קאָן שוין נישט אַריינפאָרן אין אָט דעם גאָלדענעם לאַנד און עס „פאַרטראָגט מיך, נעבעך", קיין אַרגענטינע.

און איצט? איצט פאָר איך קיין אַמעריקע, נישט מיטן דריטן קלאַס, נישט אין אַן איינגעפּרעסטן פאַס הערינג, און נישט אויף קיין „קוואָטאַ"! איך פאָר ווי,



דער קאַפּיטאַן פון שיף, — פאַרן געזעגענען זיך ביי דער ענדע פון דער רייזע — באַטראַכט און איז צופרידן פון אַ בילד אין „אַרגענטינער מאַגאַזין" וווּ ער איז דערשינען צוזאַמען מיטן מחבר.

— ביי אונדז אין טעפּליק — גראַף „פּאָטאָצקי" — אין אַ וואַשנער קאַבינע — פאַר מיר אַליין — מיט אַ טעלעפאָן ביים בעט, מיט 2 באַדינערס וואָס וואַרטן בלויז אַז איך זאָל אַ קוועטש טון דאָס קנעפּל און זאָל זיי אַ רוף טון...

אַך! ווען דער טאַטע זאָל עס קאָנען זען! צי וואָלט ער נישט געלעגן רויקער אין קבר?

***

נאָך איידער איך בין אין אַמעריקע — בין איך שוין ברוגז אויף איר. נאָר, הער און זאָג אַליין, צי מען קען נישט ווערן ברוגז?

איך פרעג מיין אַמעריקאַנער, ווי אַזוי מען זאָגט אויף ענגליש „אַ מתנה“. איך וויל דעקלאַרירן דריי מתנות וואָס איך פיר. ווי אַזוי זשע זאָגט מען אויף אַ מתנה אין ענגליש?

אַנו, טרעף, ווי אַזוי זאָגט מען?

נישט מער און נישט ווייניקער ווי... גיפט!

איך דאַרף פשוט אָנשרייבן אַז איך פיר דריי „פּאַקעט־באָקס־גיפטס“!...

ווען איך זאָל געוועץ וויסן ,אַז אַ מתנה איז... גיפט, וואָלט איך קיין מתנות אַהין נישט געפירט!

איך קוק אויף דעם מגושמדיקן „יענקי“ און איך ווייס נישט צי איך זאָל אים מקנא זיין אָדער לערנען פון זיין פּנים! וואָלסט געמעגט זען, ווי שטאָלץ ער גייט אַרום! ווי פרעך ער איז! עפּעס אַ קלייניקייט! ער פאָרט צו זיין מדינה. צו זיין שפּראַך, צו זיין... קרעפּטיקער און מעכטיקער מדינה.

איך דערמאָן זיך: דאַכט זיך, אַז ענלעכס האָט מיט מיר פּאַסירט:

ווען צוריק מיט 2 יאָר האָט זיך אונדזער „גרימאַניע“ דערנענטערט צו חיפה, און אויף דער שיף, האָבן זיך געפונען קריסטן און גלחים וואָס זענען געפאָרן צו מיין לאַנד, צי האָב איך זיך נישט געפרייט וואָס זיי וועלן נישט קענען רעדן דאָרט מיין שפּראַך?...

ניין! די נערוון גיבן נישט מער! אפשר וועל איך איינשלאָפן!... מען דאַרף זיך גרייטן צום מאָרגנדיקן „יום הדין“. אפשר איז טאַקע אמת אַז מען דאַרף „אָפּגעבן עקזאַמען“ פון לאָיאַליטעט צו דער גרויסער אַמעריקאַנער רעפּובליק?...

## XII

טייערע גאָלדע:

דעם דאָזיקן בריוו שרייב איך דיר אין ניו־יאָרק. עס איז נישט מיין ערשטער בריוו פון ניו־יאָרק, נאָר מיין לעצטער בריוו פון וועג! איך שליס מיט אים אָפּ דאָס קאַפּיטל פון געפינען זיך 19 טעג אויפן וואַסער, דאָס קאַפּיטל וואָס הייסט: פון בוענאָס איירעס ביז ניו־יאָרק!

איך וויל דיר באַשרייבן ווי אַזוי אַזעלכע פּאַסאַזשירן ווי איך — דאָס הייסט, טוריסטן — קומען אָן קיין ניו־יאָרק. מעגלעך, אַז אַמעריקאַנער ווערן אַנדערש באַגעגנט, כאָטש איך האָב געזען אַז דער „עמיגראַנט" סעגאַל וואָס איז געפאָרן מיט זיין אַמעריקאַנער ווייבל, די „סיטיזן פון די יונייטעד סטייטס" (בירגערין פון אַמעריקע), אַז ער, סעגאַל, האָט אויך נישט געהאַט קיין שוועריקייטן ביים אָפּ־שטייגן. ווייזט אויס, אַז די אימיגראַציע־באַאַמטע זענען שוין געוווינט צו אַזעלכע „עמיגראַנטן" וואָס קומען באַגלייט פון זייערע בירגערינס...

אונדזער שיף איז אָנגעקומען קיין ניו יאָרק ביינאַכט, אַזייגער דריי, און איז געבליבן שטיין אויסער דער „ראַדאַ". ווען מיר זענען אינדערפרי אַרויסגעגאַנגען אויפן דעק, האָבן מיר שוין געהאַט ניו־יאָרק פאַר די אויגן. דאָס ערשטע וואָס מען דערזעט איז... די „וואָל־סטריט". אָט די גאַס וואָס שרעקט אַזוי מיט אירע קאָמער־ציעלע און פינאַנציעלע אָפּעראַציעס. אָט די גאַס, וווּ עס געפינען זיך מענטשן וואָס ווערן דורך נאַכט מיליאָנערן אָדער גרויסע קבצנים. דאָס ערשטע וואָס מען דערזעט אַז מען קומט קיין אַמעריקע — איז אָט די גאַס. מען זעט אויך די געביידע פון דער גרעסטער פּאָסט אין דער וועלט — די ניו־יאָרקער פּאָטשט וואָס — לויט ווי מען דערציילט — קומען אָן אַהין אַלע טאָג 12 מיליאָן בריוו און צייטונ־גען און זיי ווערן דעם זעלבן טאָג צעטיילט. אָ! אין אָט דער פּאָסט — וועל איך זיין די ערשטע טעג וואָס איך וועל אָנקומען אין לאַנד!...

מען זעט אויך פון דערווייטנס — די „פרייהייט סטאַטוע". אַ פּרעכטיקע סטאַטוע אין מיטן ים! ווי שיין זי זעט אויס! ווי דערלעבט מען שוין צו מאַכן אַ שפּאַציר צו איר!...

אַרום זיבן אינדערפרי זענען צוגעפאָרן צו אונדזער שיף עטלעכע לאָדקעס פון וועלכע עס זענען אויסגעשטיגן די אימיגראַציע־באַאַמטע, די „אויפזעער אי־בערן געזונט" וואָס דאַרפן היטן אַז קיין אַמעריקע זאָל זיך — אַפילו אויף אַ פּאָר וואָכן אָדער חדשים — נישט אַריינרוקן עפּעס אַ קראַנקער. און הינטער זיי זענען אַרויפגעשטיגן עטלעכע פּאָליציי־לייט!

אַדרבה! וואָס פאַר אַ חילוק פון יענע שיפלעך, פון יענע פאַרשטייער פון געזונטס־מיניסטעריום און פון יענער פּאָליציי וועלכע מיר האָבן באַגעגנט דעם 14טן אַפּריל אין חיפה! דו געדענקסט, גאָלדע, ווען דאָס ישראל־שיפל איז צוגעשוווּמען צו אונדזער „גרימאַניע” האָט מען זיי אויפגענומען מיט אַזאַ אַפּלאָדז, אַז מען האָט אונדז דערהערט אין חיפה! דו געדענקסט, ווי די ישראל־פּאָליציי, האָט יעדערן פון אונדז געגעבן די האַנט, געזאָגט שלום, און אַ טייל פון די פּאַסאַזשירן האָבן זיך צעקושט



די „פרייהייט־סטאַטוע”, וואָס שטייט אינמיטן וואַסער ביים אָנקומען קיין ניו־יאָרק. ביי מיליאָנען איראָפּעאישע מענטשן איז געווען דער אייביקער טרוים צו זען אָט די „סטואַטע”.

מיט זיי... געדענקסט דעם גרויסן „קאַרטעל” וואָס איז געהאַנגען אויף דער אַדוואַנאַ מיטן אויפשריפט „ברוכים הבאים”!... זענען מיר טאַקע אַלע געווען עמאָציאָנירט, עלעקטריזירט ביים צושווימען צום פּאָרט.

דאָ, פּונקט פאַרקערט! עפּעס פילט זיך אַ פרעמדקייט, אַ מורא, און אַ זאָרג!...

דאָס ערשטע רופט מען אַריין דעם אַמעריקאַנער! ער גייט אַריין אַזוי שטאָלץ און קוקט אויף אונדז מיט אַזאַ ביטול אַז איר טראַכט מיר: אָט דער אַמעריקאַנער איז... אַ שלעכטער און נישט געטרייער בירגער פון זיין לאַנד! ער שאַפט נישט קיין פריינט פאַר אַמעריקע.

עס זיצן אַרום די טישלעך עטלעכע קאָמיסיעס. מיר פילן אויף זיך אויך זייטיקע אויגן. קאָן זיין, אַז דאָס זענען אויך אימיגראַציע־באַאַמטע און עס קאָן זיין אַז דאָס זענען פאָרשטייער פון דער געהיים־פּאָליציי וואָס דאַרפן — פון דער זייט — אויסשטודירן וואָס עס טוט זיך אין אונדזער האַרצן. ערשט שפּעטער ווערן מיר געוווירע אַז דאָס זענען גאָר... פאָרשטייער פון דער שיפס־קאָמפּאַניע אין ניו־יאָרק, וואָס דאַרפן באַהילפיק זיין די פּאַסאַזשירן מיט דער שפּראַך!...

אָט אַזוי שאַפט די מורא קאָפּ־ווייטיק און זאָרג!...

די אימיגראַציע־באַאַמטע האָבן זיך אויסגעזעצט ביי דריי טישלעך. נאָכן דורכגיין די „סאַנידאַד" און פּאָליציי, בין איך צוגעקומען צו אַ טיש וואָס דאַרף



ניו־יאָרק — 100 מעטער פון דער שיף.

שטעלן דעם לעצטן שטעמפּל! שטעלט ער דעם שטעמפּל — גייט מען אַראָפּ פון דער שיף! שטעלט ער נישט — איז דאָ... צרות!

איך קום צו צו אָט דעם וויכטיקסטן טישל. עפּעס אַ גאָר, גאָר יונגער בחור. דערצו נאָך מיט אַ רויטן קאָפּ האָר. באַטראַכט מיין דאָקומענט, קוקט אויף מיר, און קוקט ווידער אויפן דאָקומענט. לסוף פרעגט ער מיך אין ענגליש:

אויף וועלכער שפּראַך עס איז מיר באַקוועם צו רעדן? און ווען איך הייב אָן „בעבען" חצי ענגליש און חצי שפּאַניש, לייגט ער מיר פאָר:



אַ פּראַכטפול בילד פון ניו־יאָרקער הויפּט־טייך וואָס „צעשניידט" די שטאָט אויף צווייען.

— אפשר ווילט איר גאָר רעדן אויף יידיש?...

ער פרעגט מיך אויס צי איך קאָן... ראָזאַריאָ! ער האָט דאָרט אַ פעטער פון וועלכן ער הערט שוין נישט אַ יאָר פינף. ער ווייסט נישט זיין אַדרעס!... גראדע קאָן איך זיין פעטער, כ'האָב אים ערשט נישט לאַנג געטראָפן אויף אַ ציוניסטישן כינוס אין בוענאָס איירעס. איך זאָג אים צו, אים פאַרבינדן מיט אים און —

איך האָב שוין דעם פּאַספּאָרט אין קעשענע! נישט מען פרעגט מיך, נישט מען האָט עמעצן געפרעגט וועגן פּאָליטישע אַנשויאונגען! מען האָט נאָר געפרעגט דעם אַדרעס ווו מען וועט וווינען אין אַמעריקע. ער ווינטשט מיר אַ „גוט טאַים" — דאָס הייסט: — הנאה האָבן פון מיין פאַרווײלן אין אַמעריקע...

די אינספּעקציע האָט זיך געענדיקט. אונדזער שיף שווימט פּאַוואָלינקע צום

ברעגו אָט פאָרן מיר שוין דורך די „פּרייהייט" סטאַטוע". וויפל מאָל האָב איך גע־הערט וועגן אָט דער „סטאַטוע" וועלכע איז דער טויער צו אַמעריקע? וויפל לעגענ־דעס האָב איך, קינדווייז, אין זיך אַריינגעזויפּט וועגן אָט דער מתנה וואָס פראַנקרייך האָט געשאָנקען אַמעריקע און — אָט איז זי די סטאַטוע! אָט זע איך זי פון דער נאָענט! אַ „שאָד", וואָס דער „קעסטל־גאַרדען" — דאָס „טרערן אינדזל" איז שוין געשלאָסן און איך קאָן נישט האָבן דאָס פאַרגעניגן עס אָנצוקוקן און דעם לאַכן אין פּנים אַריין!...



ניו־יאָרק פון דער ווייטנס: אַז מען שטייט אויף דער שיף, פיבערט מען שוין צו זיין אין אָט די גאַסן!

מיר קומען צו צום פּאָרט. ווען איך דערציייל דיר, גאָלדע, אַז דער ניו־יאָרקער פּאָרט איז... דער מיאוסטער אין דער וועלט, וואָלסטו מיר זיכער נישט געגלויבט! ווען די שיף קומט צו — קאָן מען קיינעם פון דערווייטנס נישט זען! מען קומט צו, צו אַ באַלאַגאַן און די שלעפּ־שיפלעך, שלעפּן אונדזער שיף אויף צוריק.

די פּאָרט־אַרבעטער, געזונטע יונגען, וועלכע רעדן אַ... פּערפעקטן ענגליש, שרייען און טומלען, נאָך העכער און נאָך שטאַרקער ווי די פּאָרט־אַרבעטער אין נעאַפּאָלי און כענאָווא! איינער פון זיי — רעדט שפּאַניש. נאָך מער — ער איז אַן

אַרגענטינער ייִד און נאָך איידער איך פּרוּוו קומען צו זיך — שטופּט ער מיר אַריין „שלום עליכם״, רופט מיך אָן ביים נאָמען, רופט מיך, אַפילו, גאָר היימיש — וועלוול, און גיט מיר די ערשטע אינסטרוקציעס ווּהין איך דאַרף גיין!

פאַר אַלעס, זאָגט ער מיר, אַז איך האָב מזל! ווען די שיף זאָל געווען אָנקומען נעכטן אינדערפרי, וואָלט איך געווען געהאַט 22 גראַד „אונטערן נול״. היינט איז בלויז 15 גראַד „אונטערן זירא״.

איך גיי מיטן אַרגענטינעם — לאַמזשער לאַנדסמאַן צו דער אַדואַנאַ. ער איז שוין אין אַמעריקע זעקס יאָר. אין אַרגענטינע איז ער געווען אַ בעקער, האָט שווער געאַרבעט און האָט גאָרנישט אָפּגעשפּאָרט. דאָ, אַרבעט ער אין דער „אַדואַנאַ״. באַקומט געהאַלט פון דער רעגירונג און האָט „זייט-געלט״ און מאַכט אַ לעבן! ער האָט שוין אַפילו אַ היפּש באַנק-ביכל, און ווען עס וועט ווערן פול — וועט ער אויסבייטן די דאָלאַרס און וועט צוריקקומען קיין בוענאָס איירעס, ווו ער וועט אויפעפענען אַ... בעקעריי! זיין איינציקע אַמביציע איז — אַז די אַרבעטער וואָס האָבן געאַרבעט מיט אים — זאָלן אַרבעטן פאַר אים! ספּעציעל, וואַרט ער צו נעמען נקמה אין „קאַפּאַטאַס״ („פאָרמאַן״) פון זיין געוועזענעם באַלעבאָס! ער וועט אים צאָלן צוויי מאָל אַזוי פיל וויפל ער פאַרדינט ערגעץ — און ער וועט אים ברענגען אין זיין בעקעריי!...

— וואָס האָט ער צו אים?...

גאָרנישט! ער האָט בלויז איינמאָל באַקומען פון אים אונטערגעהאַקט אַן אויג פאַר נישט אָפּגעבן אים דעם „גוט-מאָרגן״, ווי עס פלעגן עס טון די איבעריקע אַרבעטער!

דער ייִדיש-אַרגענטינער-אַמעריקאַנער טרעגער פירט מיך צו ביזן טויער פון דער אַדואַנאַ. מיינע טשעמאָדאַנעס ווערן אויטאָמאַטיש איבערגעשיקט צום בוכשטאַב „טש״. איך קום צו צו אָט דעם „אות״ און טרעף דאָרט נישט מיינע זאַכן. מען הייסט מיר וואַרטן. זיי וועלן שוין אָנקומען און, איך האָב קיין אַנדער ברירה נישט! די וואַליזעס פון מיינע איבעריקע שיפס-ברידער און שיפס-שוועסטער זענען שוין אָנגעקומען און מען האָט זיי שוין איבערגעקוקט און מיינע זענען נאָך נישטאָ!...

פונדערווייטנס זע איך שטיין בעטין, מונין און אַלטערן. כאָטש איך האָב זיי געזען צוריק מיט 35 יאָר, דאָך דערקען איך זיי פון דערווייטנס און שיק זיי איבער מיין האַנט-גרוס!

איך לאָז זיך גיין איבערן „גאַלפּאַן״ וואָס טראָגט דעם נאָמען אַדואַנאַ. מיין „לאַנדסמאַן״ — דער טרעגער גייט מיט מיר. ענדלעך געפין איך זיי! על פי צופאַל האָט מען זיי אַוועקגעלייגט אויף אַ פּלאַץ פון וועלכן אַז מען... פאָרט אַרויס פון אַמעריקע — שיקט מען אַהין. פריִער, דעם באַגאַזש. מיין באַגלייטער „פאַר-

שעמט״ זיך. אין „זיין״ אַמעריקע זאָל מען מאַכן אַזאַ טעות? כאָטש ער רעדט און דענקט זיך אומקערן קיין אַרגענטינע, דאָך שטייט אים נישט אָן, וואָס אין זיין אַמעריקע, וועלכעס ער האָט שוין אַזוי ליב באַקומען, זאָל מען זיין אַזוי אומ־פּאַרזיכטיק מיט אַ פּאַסאַזשירס באַגאַזש. ער פאַרזיכערט מיר, אַז ווי נאָר איך וועל אָפּזיין דריי טעג אין אַמעריקע — אַזוי וועל איך עס אויך ליב באַקומען.

איידער איך צעשייד זיך מיט מיין טרעגערישן חבר, גיט ער מיר צוויי גוטע עצות!

ערשטנס: — זאָלט איר היטן די קעשענעס. דאָ, אין ניו־יאָרק, זענען זיי ספּעציאַליסטן אייך צו געבן אַ זעץ אונטן אַרום, אָדער אַפילו פון פאָרנט און אייך אויסליידיקן די קעשענעס! אויב איר האָט מיט זיך געלט — טראָגט עס אַריין אין באַנק און שרייבט טשעקן! און —

אַ צווייטע עצה גיט ער מיר:

—ווען איר דאַרפט קרייצן די גאַס — נעמט די אויגן אין די הענט. דורכ־גיין דאָ אַ גאַס, דאַרף מען גוט קוקן אויף דעם „רויטן ליכט״ און ערשט דערנאָך דאַרף מען גוט, גוט קוקן צי עס לויפט נישט אַ מחבל, אַ מלאך המוות!

און נאָך אַ „לעקציע״ גיט מיר מיין ארגענטינער־לאַנדסמאַן־אַמעריקאַנער גו־טער ברודער:

— אויב עס וועט אייך עפּעס נישט געפעלן אין אַמעריקע, זאָלט איר עס קיינעם נישט זאָגן! אַז מען פרעגט אייך: „ווי געפעלט אייך אַמעריקע? דאַרפט איר ענטפערן:

אָ! פיין! וועריִ גאָאָד!

וועט איר, אָבער וועלן זיין אַן אַרגענטינער פּאַטריאָט און זאָגן אַז ביי אייך איז שענער אָדער אַז ביי אייך, איז אויך אַזוי — דאַן... שפּאַרט איר אָפּ אַ שונא אין אַמעריקע! געדענקט עס גוט!...

און נאָך אַ זאַך זאָג איך אייך אָן:

דאָ, אין אַמעריקע, קאָן מען נישט אַרגענטינע. און אויב מען קאָן עס — איז נאָר פון דער שלעכטער זייט! איר זאָלט זיך נישט באַליידיקן ווען זיי וועלן אייך שטעלן נאַרישע פראַגעס...

זיי מיינען אַז איר זענט... ווילדע, אָפּגעשטאַנענע מענטשן. איר זאָל זיך נישט באַליידיקן אויב איר וועט זען אַז זיי דענקען אַזוי וועגן אַרגענטינע און וועגן די אַרגענטינער מענטשן. זיי זענען נישט שולדיק! מען האָט זיי אַזוי אויסגעלערנט צו קוקן אויף די מענטשן פון „סאָוט־אַמעריקע״. מיך, האָט איינער געפרעגט צי אין אַרגענטינע איז פאַראַן... סאָדאַ־וואַסער?

הלמאי זאָל איך דיר זאָגן, גאָלדע, ווען דער טרעגער איז אַוועק פון מיר,

האָב איך זיך מחיה געווען! כאָטש ער האָט געמיינט ערלעך מיט מיר און כאָטש ער האָט נישט געוואָלט נעמען דעם דאָלאַר וואָס איך האָב אים פאָרגעלייגט, און כאָטש, ער האָט מיר אַזויפיל מאָל אונטערגעשטראָכן אַז ער האָט ליב אַמעריקע — דאָך, בין איך געווען אונטערן איינדרוק אַז ער וויל מיר פאַרנמאסן דאָס לאַנד נאָך איידער איך זע עס...

די פּראָצעדור אין דער אַדואַנאַ מיט מיינע טשעמאָדאַנעס איז דורכגעגאַנגען זייער לייכט! מען האָט מיר נישט געעפנט קיין איין וואַליזע און מען האָט מיר געגלויבט אויפן וואָרט, אַז מער ווי די דריי „פּאַקעטס־בוקס" — האָב איך נישט! און מען האָט מיך איינגעלאַדן צו באַצאָלן... 4 דאָלאַר שטייערן!

געמיינט האָב איך, אַז... איטלעכן גלויבט מען אויפן וואָרט. לאָזט זיך אויס, אַז איינעם פון מיינע „טיש־ברודער" האָט מען זייער שיין געעפנט אַלע וואַליזעס, געפונען אַ סך זאַכן, וועלכע ער האָט נישט „דערקלערט", און, כאָטש ער רעדט ענגליש — האָט ער אַ סך צרות און איך בין נישט זיכער „צי ער וועט זיך אויס־שלאָגן די הוצאות"...

דער מוסר השכל: „אַז מען עסט נישט קיין קנאָבל — פּילט זיך נישט פון מויל"...

אין עטלעכע מינוט אַרום, בין איך שוין געווען אין די אָרעמס פון בעטין, מונין און אַלטערן! מיר האָבן געהאַט אַזוי פיל זיך צו זאָגן, אַז... מען איז אַזש געבליבן אָן לשון. דאָס איינציקע וואָס איך האָב נאָר געזאָגט איז, דערמאָנענדיק מונין און בעטין, אַז:

היינט, דעם 22סטן דעצעמבער איז פּונקט 34 יאָר זינט מיר האָבן זיך געשיידט אין קעשענעוו. עס האָבן זיך דאַן צעשיידט אונדזערע וועגן! זיי — קיין נאָרד־אַמעריקע און מיר — קיין אַרגענטינע.

ביים אַרויסגיין פון דער „אַדואַנאַ" האָב איך געהאַט די ערשטע איבערראַשונג!

מוני וויזט מיר, אַז ער האָט פאַר מיר מיטגענומען אין זיין „קאַר" (אויטאָ) אַ פּאָר וואַרעמע מלבושים און אַ אויבערראָק (פּאַלטאָ). אַזוי ווי איך קום פון אַ וואַרעם לאַנד, וועל איך דאָך קומען אין אַ לייכטן אַנצוג — נו, האָט ער מיר מיט־גענומען וואַרעמע מלבושים!...

דאָס האָב איך געהאַט דעם ערשטן גרוס און באַשטעטיקונג, אַז אין אַמעריקע קאָן מען אונדז נישט! אָדער, מען מיינט טאַקע, אַז מיר זענען ווילדע מענטשן, וואָס לייענען נישט און ווייסן נישט, אַז פון יענער זייט, עקוואַטאָר" איז אַן אַנדער קלימאַט.

ווען מוני האָט באַמערקט אַז איך גיי וואַרעמער אָנגעטאָן פון אים האָט... ער זיך פאַרשעמט!...

איצט, איז געוואָרן אַ „פּראָבלעם", צו וועמען דאַרף איך דאָס ערשטע פֿאַר־פֿאָרן. ביידע, אי אַלטער מיט פרומען, אי בעטי מיט מונין, האָבן צוגעגרייט פאַר מיר אַ וווינונג. ביידע, ווילן מיך האָבן פאַר זייער גאַסט. עפּעס אַ קלייניקייט — אַזוי פיל יאָרן זיך נישט געזעען! נו, אַזוי ווי מען קאָן מיך נישט צערייסן אויף צווייען, האָט מען זיך אַביסל „געדונגען" און: מען האָט זיך אויסגעדונגען:

אַ טאָג דאַרף איך זיין אין בראָנקס, ביי אַלטערן מיט פרומען און אַ טאָג ביי בעטין מיט מונין! געמיינט, האָב איך, אַז בראָנקס און ברוקלין איז אַ „שטוב מיט אַן אַלקער". לאָזט זיך אויס, אַז פון מיין וווינונג ביי אַלטערן, ביז „צופאָרן" צו דער צווייטער קוואַרטיר קיין ברוקלין, וועל איך דאַרפן פאָרן... קנאַפּע צוויי שעה מיטן „עקספּרעס" סובטע...

איך האָב גאָר נישט געוווּסט, אַז ניו־יאָרק איז אַזוי גרויס!

על פּי גורל, בין איך דעם ערשטן טאָג צוגעפאָרן צו אַלטערן! פאָרט אַ שטיק קרוב! און פאָרט דעם...

טעפּליקער רבס זון!

דאָס ערשטע וואָס איך האָב געטון ווען איך בין געקומען אויף מיין קוואַר־טיר איז...

זיך לייגן שלאָפן!...

# אמעריקע דו ביסט גרויס

רייזע - באַשרייבונגען

צווייטע טייל

## איבער אַמעריקאַנער שטעט און שטעטלעך

## XIII

ניו־יאָרק.

טייערע גאָלדע:

איך בין שוין אין אַמעריקע 3 טעג. איך בין שוין אַ „פאָלנער" אַמעריקאַנער. שטעל זיך פאָר, אַז איך פאָר שוין אַליין אַרום איבער דער גרויסער ריזיקער שטאָט, איך בייט שוין אַליין די „סאָבוויי"־באַנען (סובטעראַנעאָס) און איך בלאָנדזשע שוין גאַנץ נשקשהדיק.

דאָס ערשטע מאָל וואָס איך בין אַרויסגעפאָרן איבער ניו־יאָרק, בין איך געווען באַגלייט פון אַ ווילן ייִדן, אַ שטיקל שרייבער און אַ גרויסער לייענער פון אַלעס וואָס ער קאָן באַקומען. ער הייסט וועלוול קיזנער. ער איז אַן עלטערער מענטש, שוין אַ „ריטאַיערטער" (כובילירטער) און ער האָט מיר באַלד פאָרגעלייגט זיין צייט און זיין הילף מיך באַגלייטן די גאַנצע צייט וואָס איך וועל זיין אין ניו־יאָרק.

האָט ער אָבער אַ פאָר וויכטיקע חסרונות:

ערשטנס: קאָן ער אַזוי ניו־יאָרק, ווי איך פּאַריז! אמת טאַקע, ער וווינט שוין דאָ אַ פיר צענדליק יאָר, אָבער, ווען מיר האָבן גענומען פאָרן פון די בראָנקס צו דער „איסט־סאַיד", האָב איך שוין באַמערקט אַז מיין „אַמעריקאַניעץ" איז שטומפּיק אויף דער „עברי" אין ענין טראַפיק.

אָט זענען מיר געפאָרן מיטן „סאָבוויי" און אָט פאָרן מיר שוין מיט אַ „באָס" (אויטאָבוס) און אָט... גייען מיר אַ ביסל צופוס, און מיר בלאָנדזשען אויך צו־ביסלעך... נאָך אַ גליק וואָס ער שעמט זיך נישט און פרעגט...

אַ צווייטן חסרון האָט ער — ער איז, נעבעך, אַ ביסעלע קראַנק. מוז עסן צו דער שעה און מוז זיך אָפּרוען צו דער מינוט, און דאָ, דאַרף מען גאָר גיין און גיין! און דער פראָסט? — פרעג שוין נישט! איצט איז שוין „וואַרעם". איך האָב געבראַכט די „וואַרעמקייט"! פון זינט איך בין געקומען, איז דער טערמאָמעטער נישט געפאַלן נידעריקער ווי 15 אונטערן „נול" (לויט אונדזער טערמאָמעטער) פריער מיט אַ פאָר טעג איז דאָ געווען אַריבער 20 — אונטערן נול!...

איך — קוועל פאַר נחת! עפּעס אַ קלייניקייט! שוין 35 יאָר נישט געפילט אַזעלכע קעלטן וואָס „צעגייען זיך אין יעדער אבר"! ווען גאָט העלפט מיר נאָך און גיט זיך אַ לאָז אַראָפּ אַ ביסעלע... שניי — וואָלט שוין צו מיין צופרידנקייט קיין גרענעץ נישט געווען!...

עפּעס אַ קלייניקייט! שניי! שוין אַזוי פיל יאָרן נישט געזען און נישט געפילט

קיין שניי אויף זיך! פרומע און בעטי — אַ לעבן אויף זיי — טרייסטן מיך, אַז איך וועל נאָך האָבן אַזעלכע שנייען, אַז איך וועל שרייען: גענוג! אָבער, איך גלויב זיי נישט! מיר ווייזט זיך אויס, אַז ווען איך זע אַ שניי, דערפיל איך זיך יינגער מיט 35 יאָר! איך וואָלט דערפילט... טעפליקער לופט אַרום זיך! דערווייל, מוז איך זיך באַנוגענען מיטן שטאַרקן פראָסט און מיט דער שפּיץ נאָז און די אויערן וואָס האַלטן מיר אין איין אָפּפרירן.

און, פונקט, אַזוי ווי עס איז קאַלט אין דרויסן — אַזוי איז הייס אין די צי־מערן, אין „סאַבוויי", אין די אויטאָבוסן און אַפילו אין די טאַקסיס! אומעטום איז דאָ „סטים" (קאַלעפאַקסיאָן). עפנסטו נאָר אויף אַ טיר — סיי פון אַ שטוב, סיי פון אַ קלייט אָדער „אָפיס" — אַזוי מוזסטו זיך תיכף צעשפּילען, אויסטון דעם פּאַלטאָ, אַראָפּוואַרפן די הענטשיקעס — און אויב דו ביסט אין שטוב — אויסטון דאָס רעקל און אפילו דעם „סוועטר".

פאַרשטיי איך טאַקע נישט, ווי אַזוי די אַמעריקאַנער גייען נישט אַרום אַ גאַנצן ווינטער פאַרקילט? שטעל זיך פאָר: דו גייסט אין גאַס, דער פראָסט „ברענט"! דו גייסט אַריין אין אַ קלייט אָדער אויטאָבוס — קומסטו אַריין אין אַ וואַרעמקייט. אין צען מינוט אַרום — ביסטו ווידער אויפן פראָסט — און אַזוי איז אַ גאַנצן טאָג!

איז טאַקע אין ניו־יאָרק שטאַרק פאַרשפּרייט דער „קאָלד" — (פאַרקילעכטס) און ווי נאָר איך בין אַרויס אין גאַס, האָט מיך פרומע גוט אַרומגעבונדן דעם האַלדז כדי איך זאָל חלילה נישט קריגן קיין „קאָלד". און ווען איך בין געקומען צו בעטין — האָט זי מיר ווידער אָנגעזאָגט אַז איך זאָל זיך היטן פאַר אַ „קאָלד".

דו הערסט, גאָלדע, עס קומט מיר זייער גוט צונוץ מיין פּראַקטיצירן ענגליש אויף דער שיף! ווען נישט מיינע „קענטענישן" אין ענגליש, וואָלט איך מיט קיין שום... יידן זיך נישט געקאָנט צעגויפרעדן!... דו האָסט קיין אַנונג נישט, ווי אַזוי מען האָט דאָ פאַריידישט דעם ענגליש! די ערשטע לעקציע וואָס בעטיטשקע האָט מיר נעכטן געגעבן איז געווען:

„ווען דו ווילסט צו וואָקן צום קאָרנער, זאָלסטו גוט וואָטשן! דו זאָלסט נעמען קער אויף זיך"!

אַ נו טרעף, וואָס דיין אומאַניער חברטע, וואָס האָט גערעדט (און רעדט נאָך איצט אויך) אַ פּערפעקטן רוסיש, וואָס זי מיינט מיט אָט דעם „וואָקן" און „וואָטשן"? דאָס האָט זי מיר אָנגעזאָגט אַז:

ווען איך וועל קומען צו ענדע פון דער גאַס, צום ראָג, זאָל איך אַכטונג געבן! איך זאָל זיך היטן!

און אַזוי רעדן אַלע „גרינע", פון אַ דריי צענדליק יאָר אין אַמעריקע. עס איז מיר אַ סך לייכטער צו פאַרשטיין זייער ענגליש ווי זייער יידיש!...

דערווייל, די ערשטע פאָר טעג, בין איך אַנציקט פון אַמעריקע און פון ניו־יאָרק. איך האָב אָפּגעשטאַט אַ וויזיט די צוויי גרויסע יידישע צייטונגען — דעם „פאָרווערטס" און „טאָג־מאָרגן־זשורנאַל" און איך וועל זיך נישט שעמען דיר צו דערציילן:

ווען איך בין צוגעקומען צום „פאָרווערטס", און אויפגעהויבן דעם קאָפּ צו באַטראַכטן די צען־שטאָקיקע געביידע, האָב איך זיך אַוועקגעשטעלט אַנטקעגן, און מיט מיין גאַנצער נשמה און גאַנצן האַרצן געמאַכט אַ „שהחינו".

וויפל יאָרן האָב איך אָט די געביידע — די פעסטונג פון יידישן געדרוקטן וואָרט — געזען אין מיין פאַנטאַזיע?

וויפל יאָרן האָב איך געחלומט צו דערלעבן מיט מיינע אייגענע אויגן צו זען אָט דאָס הויז און עפענען מיט מיין האַנט די טיר וואָס פירט אַריין אין דער רע־דאַקציע פון דער גרעסטער יידישער צייטונג אין דער וועלט!

און — ווי זאָגט אונדזער מאַרקאָס רעזניק — אַז מען לעבט — דערלעבט מען! אָט בין איך ביי דער טיר פון דער געביידע! אין דרויסן איז אַ ביטערער פראָסט, אָבער ווי נאָר מען עפנט די פראָנט־טיר — איז וואַרעם, אַ מחיה.

ווען איך שעם זיך נישט, וואָלט איך דיר איצט, גאָלדע, דערציילט דעם אמת: מיין הויפּט־שטרעבונג צו פאָרן קיין אַמעריקע, איז געווען זיך פּערזענלעך טרעפן און באַקענען זיך מיט די יידישע שרייבער פון דער גרויסער אַמעריקע! איך האָב געוואָלט אָנקוקן פּערזענלעך די ליכט וואָס באַלייכטן — מעגלעך דעם לעצטן — דור פון אונדזער יידיש לעבן! איך בין אַזאַ געטרייער לייענער פון:

הלל ראָגאָף, ס. דינגאָל, י. ב. פאָגעלמאַן, ד. מעקלער, ש. ז. צוקערמאַן, חיים ליבערמאַן, ברוך שעפנער, מ. אשעראָוויטש, ח. יאפע, מנשה אונגער, שאול סאַפּיר, ש. י. גאָלדשטיין, מ. נודעלמאַן, וו. מערקור, איציק מאַנגער, ה. לייוויק, ל. שפּיז־מאַן, ש. ניגער, א. גלאַנץ, חיים גראַדע, יעקב גלאַטשטיין, א. אויערבאַך, אַ. מענעס, א. לוצקי, ש. איזבאַן, ל. פיינבערג, ד"ר נ. סווערדלין, ח. ערענרייך, ס. רעגנסבערג, מ. דלוזשאַנאָווסקי, ל. קרישטאַל, יעקב פּאַט, י. שמולעוויטש, ע. פּאַט, ח. גאָטעס־פעלד, ח. פּופּקאָ, קאַדיאַ מאָלאָדאָווסקי, ראָוז שושנה און נאָך און נאָך אַנדערע, וואָס איך פלעג הערן פון זיי און זיי געוואָלט קאָנען פּערזענלעך, ווי למשל: ז. עפּרויקין, איסר גאָלדבערג, ח. בעז, יעקב לעווין, יעקב מארינאָוו, נ. כאַנין א"אַ.

מיין שטרעבונג אין מיין לעבן איז געווען: — זיי אַלע אָפּגעבן אַ ברייטן שלום עליכם און זיי אָנווינטשעווען אריכת ימים און כוח און טאָקע מוט צו שרייבן.

גאָר ספּעציעל, האָב איך זיך געוואָלט באַקענען מיט מיין טייערן פריינט דניאל טשאַרני, מיט ד״ר מוקדוני, מיט מיין לאַנדסמאַן און רבי יעקב לעסטשינס־קי, און מיטן ד״ר אהרן ראזמארין.

און, אָט שטיי איך פאַר זייער טיר! אָט, האָט זיך מיין חלום פאַרווירקלעכט. איך פיל, אַז אַלע מיינע אברים זאָגן שירה. איך שטעל זיך פאָר, אַז אַזוי האָט



אַ גרופּע באַרימטע יידישע שרייבער, „אויפגעכאַפּט” אין גאַרדאַנס קאַפעטעריע. פון רעכטס צו לינקס: מ. נודעלמאַן, מ. אָשעראָוויטש, וו. מערקור און ב. שעפנער.

געפילט אַ הייסער חסיד ווען ער איז געשטאַנען ביי דער טיר פון זיין רבין און האָט געהאַלטן די קליאַמקע אין דער האַנט אַריינצוגיין אין רבינס חדר מיוחד...

דער אַסענסאָריסט פון דער „פאָרווערטס”־געביידע האָט מיך נישט געדאַרפט פרעגן אויף וועלכן שטאָק איך וויל פאָרן! אויף מיין פּנים האָט ער דערקענט אַז איך בין אַ „גרינער”, מיינע צעפלאַמטע רויטע באַקן האָבן אים עדות געזאָגט וווהין איך וויל פאָרן, און ער האָט מיר געעפנט די טיר ביים:

— ניינטן שטאָק!

***

דו געדענקסט מן הסתם, גאָלדע, אַז איך האָב דיר געזאָגט, אַז איך פאָר נישט קיין אַמעריקע זוכן כבוד! אויך אין „פאָרווערטס” בין איך קיין כבוד נישט געקו־

מען זוכן — אָבער דער כבוד איז מיר געגאַנגען אַנטקעגן! די האַרציקע באַגעגעניש מיט פריינט־שרייבער, מיט די „בערן" פון דער יידישער זשורנאַליסטיק און ליטעראַטור; די וואַרעמע סביבה וואָס עס איז באַלד געשאַפן געוואָרן אַרום מיר, ספּעציעל פון די פריינט ב. שעפנער, מ. אשעראָוויטש, שאול סאַפּיר, חיים ליבערמאַן און ל. קרישטאל (פּרעזידענט פון שרייבער פאַריין) האָט מיר קלאָר געמאַכט אַז שלמה המלך איז געווען גערעכט ווען ער האָט געזאָגט אַז... „געלט איז בלאָטע"! ווען עס קומט אַהער אַן אַרגענטינער ייד אָנגעשטאָפּט מיט דאָלאַרן און בריליאַנטן, וואָלט מען זיך אין „פאָרווערטס" אויף אים אַפילו נישט אומגעקוקט! גבירים — האָבן זיי אייגענע און רייכערע ווי אונדזערע! אַ שרייבער איז ביי זיי טייערער ווי אַ גביר!...

דער סוב־רעדאַקטאָר פון „פאָרווערטס", חבר י. פאָגעלמאַן, פירט מיך אַרום איבער דער רעדאַקציע פון „פאָרווערטס". ער האָט מיר געוויזן יעדער צימערל ווו עס זיצן די גרעסטע יידישע קאָפּ־מענטשן און שאַפן לייען־מאַטעריאַל פאַר הונדערטער טויזנטער און אפשר אַ פאַר מיליאָן יידן וואָס לייענען זיי.

אָט איז דאָס צימערל פון דעם גאון־הדור, פון דעם גרויסן יידישן שרייבער, יידישן... ייד און יידישן געלערנטן, חיים ליבערמאַן. פון אָט דעם צימערל האָט זיך אָנגעהויבן די אַטאַקעס קעגן שלום אשס טענדענץ אונדז משדך צו זיין מיט יעזוסן, דורך שרייבן וועגן אים אין אַזאַ טאָן, ווי ער זאָל אויך אָנערקענט ווערן פון יידן...

פון אָט דעם צימערל, האָט מען עס געצווונגען שלום אשן צו פאַרלאָזן אַמעריקע — און וואָס נאָך מערער — ער זאָל אָנהייבן שאַפן וואָגיקע ווערק לטובת... דער יידישער רעליגיע!

אינטערעסאַנט איז דיר צו דערציילן, אַז כאָטש דער „פאָרווערטס" איז אַ סאָציאַליסטישע צייטונג און ווערט אָנגעפירט פון סאָציאַליסטן, דאָך האָט מען פאַר חיים ליבערמאַן און פאַר זיין געהילף הרב שרון, אָפּגעגעבן אַ שיין פּלאַץ אין „פאָרווערטס"־רעדאַקציע און עס שאַדט נישט דעם סאָציאַליזם וואָס אין זייער פעסטונג זיצן צוויי יידישע שרייבער, אַנגעטון אין זייערע יאַרמעלקעס, און שרייבן אויף רעליגיעזע טעמעס!

אָט דאָס, קאָן טרעפן בלויז אין אַמעריקע!...

פריינט י. פאָגעלמאַן פירט מיך אַרויף אויפן צענטן שטאָק ווו עס שטייען צוויי רייען מיט די בעסטע לינאָטיפּן און אַרום זיי — עטלעכע צענדליק מענטשן, וואָס זעצן און גרייטן צו די צייטונג.

די דרוקעריי פון „פאָרווערטס" איז איינע פון די מאָדערנסטע. זי קאָן זיך נישט פאַרשעמען פאַר דער גרעסטער צייטונג פון גאַנץ זיד־אַמעריקע. איך האָב

אַ טראַכט געטון: מען וואָלט געדאַרפט איינלאַדן די דעלעגאַטן פון „יו־ען״ אַז זיי זאָלן באַזוכן אָט די רעדאַקציע און גאָר ספעציעל, אָט די דרוקעריי, וואָלטן זיי פאַר אונדז, ייִדן, באַקומען אַ ביסעלע מערער דרך־ארץ.

די דרוק־מאַשין — די גרויסע ראָטאַטיווע, שטייט אין קעלער. ווען זי הייבט אָן אַרויסוואַרפן צייטונגען פון זיך — הייבט אָן שווינדלען פאַר די אויגן. עס שוועבן פאַר דיינע אויגן ייִדישע אותיות, עס פאַלן אַרויס הונדערטער און טויזנטער און צענדליקער טויזנטער ייִדישע צייטונגען, מיט פרישע ייִדישע נייעסן — נישט



ל ע אָ ן  ק ר י ש ט אַ ל
איינער פון די הויפּט־שרייבער פון „פאָרווערטס״ און פּרעזידענט פון שרייבער־פאַריין.



ב ר ו ך  ש ע פ נ ע ר
באַרימטער שרייבער, איינער פון די וויכטיקסטע מיטאַרבעטער פון „פאָרווערטס״.

שטענדיק קיין אָנגענעמע און דערפרייענדיקע, אָבער דאַנקען גאָט דערפאַר! די ייִדן פון אַמעריקע מעגן שטאָלץ זיין מיט אַזאַ צייטונג! טאַקע נאָר זיי קאָנען זיך פאַר־גינען צו האָבן אַזאַ טעכניק!...

דער אינטערעסאַנטסטער צימער איז פון שעף־רעדאַקטאָר פון „פאָרווערטס״, קאָלעגע הלל ראָגאָף. דעם דאָזיקן צימער האָט פריִער פאַרנומען — אים צו לענ־גערע יאָרן — דער גרינדער און אויפבויער פון דער דאָזיקער גרויסער צייטונג,

אייב קאַהאַן ע״ה. עס הענגט טאַקע דאָרט אַ גרויס אויל־בילד פון נפטר, און זיין ביבליאָטעק איז נישט געריהרט. איך האָב פאַרבראַכט מיטן פריינט הלל ראָ־גאָף אַ היפּשע צייט. ער האָט מיך אויסגעפרעגט אויף אַלץ און אַלעמען אפּון אַר־לעכקייטן פון יידישן אַרגענטינע. דאָס ערשטע פרעגט ער אויף יעקב באָטאָשאַנ־גענטינע. ווי איך האָב באַמערקט, קען ער אַ סך יידישע שרייבער און פּערזענ־סקין. און ווען מען צערעדט זיך וועגן די יידישע שרייבער פון אונדזער לאַנד, קען ער אַ סך פון זיי פּערזענלעך און אַ סך פון לייענען זייערע אַרטיקלען. ער



ש. ל. שניידערמאַן
ערשטקלאַסיקער זשורנאַליסט
פאַרטרעטער פון „טאָג־מאָר־
גנזשורנאַל״ אין דער „און״.



חיים גראַדע
איינער פון אונדזערע בעסטע שרייבער.
מיטאַרבעטער פון „טאָג־מאָרגנזשורנאַל״.

פרעגט אויף: מ. רעגאַלסקי, אויף ש. ראָזשאַנסקי, אויף י. האָרן, אויף מרדכי (מאַ־טוויי) בערנשטיין, אויף פּיניע וואַלד און אויף א. זאַק.

ווען איך דערצייל אים, אַז אונדזערע יידישע צייטונגען האַלטן אָן זייער צאָל לייענער פון די לעצטע יאָרן און אַז זיי מאַכן גלענצנדיקע געשעפטן — האָט ער... מקנא געווען. פון זיין קלוגן, אָבער טרויעריקן בליק, האָב איך אַרויסגעלייענט די ווערטער:

גאָטעניו! אויף אונדז, אַמעריקאַנער יידישע צייטונגען, געזאָגט געוואָרן...

פון „פאָרווערטס״ גייט מען בלויז צו עטלעכע שפּאַן און מען איז אין דער רעדאַקציע פון דער צווייטער גרויסער יידישער צייטונג, „מאָרגנזשורנאַל״.

דער אַריינגאַנג צו אַט דער גרויסער, וויכטיקער, און זייער חשובער יידישער וועלט־צייטונג, האָט מיך אַ ביסעלע אַנטוישט! פאַר אַמעריקאַנער יידן, וואָלט געמעגט אָנשטיין, אַז אַזאַ צייטונג ווי דער „טאָג־מאָרגן־זשורנאַל" זאָל האָבן אַ שענערע געביידע!...

אָבער, אל תסתכל בקנקן! קוק נישט אויפן פעסל נאָר וואָס אין פעסל געפינט זיך! אַז מען שלענגלט זיך אַרויף איבער די טרעפ, קומט מען אַריין אין אַ זאַל וווּ מען טרעפט די גרעסטע יידישע פען־מענטשן! מען טרעפט דאָרט א א. אלפּערין אַ יעקב גלאַטשטיין, אַ אפרים אויערבאַך, א ל. פיינבערג און להבדל צווישן ייד און יעווסעק — א ב. צ. גאָלדבערג. די רעדאַקציע־אָפּטיילונג איז זייער באַשיידן. די וויכטיקסטע רעדאַקטאָרן — טאַקע די שעף־רעדאַקטאָרן דינגאָל און מעקלער, מוזן אַרבעטן אין דרייען אין אַן ענג צימערל! גיי ווייס, אַז פון אָט דעם צימערל גייט אַרויס אַזוי פיל וויסנשאַפט, אַזוי פיל ליטעראַטור, און אַזוי פיל... יידישקייט!

„דער טאָג"־„מאָרגנזשורנאַל" ווערט פאַררעכנט פאַר דער באַלעבאַטישער יידישער צייטונג פון אַמעריקע און טאַקע פון דער וועלט. דאָרט, שטעלט מען נישט דעם טראָפּ אויף דער אָפּטיילונג פון „אַרבעטער־באַוועגונג" — נאָר פון יידישער אינטעליגענץ. איצט, ווען דער „טאָג" האָט זיך פאַראייניקט מיטן „מאָרגנ־זשורנאַל", איז די צייטונג געוואָרן די פעסטונג פון רעליגיעזן יידנטום. זיי האָבן טאַקע נישט קיין חיים ליבערמאַן, דערפאַר האָבן זיי אַנדערע גרויסע רבנישע און בכלל רעליגיעזע פערזענלעכקייטן ווי ג. גאָרדאָן, הרב דוד איידעלסבערג, מנשה אונגער א״אַ. און כאָטש די גאַנצע צייטונג איז אַן אַבסאָלוטע נאַציאָנאַלע, דאָך, טאָלערירט מען דאָרט אַ יעווסעק, וועלכער האָט דאָרט דעם וויכטיקסטן קאָלום!

אויך דאָס טרעפט זיך בלויז אין אַמעריקע!... אין קיין לאַנד אויף דער וועלט וואָלט קיין יעווסעק נישט געקאָנט זיצן אין אַ רעדאַקציע פון נאַציאָנאַלע און רעליגיעזע יידן און פון דאָרט פּרעדיקן קעגן זיין לאַנד און קעגן זיין פאָלק, אין אַמעריקע — איז אַלעס מעגלעך!

אַזוי איז אַמעריקע!

פריינט ס. דינגאָל „גיט מיך איבער אין די הענט" פון זייער אַ סימפּאַטישן שרייבער, ד״ר נ. סווערדלין. ער איז אויך דער טעאַטער־רעצענזענט פון דער צייטונג, און איז בכלל זייער אַ פעיקער און טאַלאַנטירטער שרייבער. אין איין האַלבער שעה צייט האָבן מיר זיך האַרציק באַפריינדעט. ער באַקענט מיך דערוויל מיט אַ סך שרייבער און ביי יעדן נאָמען גלוסט זיך מיר זאָגן: שהחינו!

הלמאַי זאָל איך דיר לייקענען, גאָלדע, ווען איך שעם זיך נישט, נעם איך מאָרגן די שיף (זי שטייט נאָך אין פּאָרט) און פאָר שוין צוריק! איך האָב

שוין געזען אין אַמעריקע אַלץ וואָס איך האָב געוואָלט זען! דאָס איבעריקע — אַזוי ווייזט זיך מיר אויס — האָט שוין ביי מיר אַ קליינע ווערט!...

***

ווען איך בין אַרויסגעגאַנגען פון אָט די צוויי צייטונגען, האָב איך ביי זיך געטראַכט:

כל זמן יידיש און יידישקייט וועט עקזיסטירן — וועלן אָט די צוויי ציי־



יצחק וואַרשאַווסקי
(י. באַשעוויס־זינגער־ד. סעגאַל)
באַרימטער מיטאַרבעטער פון
„פאָרווערטס".



נחום יוד
באַרימטער יידישער דיכטער, וועמענס 65־יאָריקער יובילעאום ווער׳ט איצט געפּראַוועט.

ליטעראַטור — דער „פאָרווערטס" און „טאָג־מאָרגנזשורנאַל" וועלן עקזיסטירן — וועט... יידיש און יידישקייט האָבן אַ קיום!...

טונגען עקזיסטירן! און כל זמן אָט די צוויי זיילן פון יידישער זשורנאַליסטיק און

## XIV

טייערע גאָלדע:

איך בין געקומען צום שלוס, אַז מיר האָבן געזינדיקט!

מיר פלעגן זיך אָנברוגזן אויף אונדזערע אַמעריקאַנער פּריינט פאַרוואָס זיי ענטפערן אונדז נישט אַזוי אָפט אויף אונדזערע בריוו! איצט זע איך, אַז אונדזער ברוגז איז אַן אומבאַרעכטיקטער! ווען האָבן זיי צייט צו שרייבן בריוו? ווי קאָן זיי ליגן אין קאָפּ שרייבן בריוו? אַז זיי זענען נעבעך אַזוי פאַריאָגט און אַזוי פאַר־האָרעוועט, אַז עס איז אַ גאָטס רחמנות אַ קוק צו טון אויף זיי!

ווען עס איז „גוט" אין אַמעריקע — איז דעם אַרבעטער וואָס אַרבעט אין אַ „שאַפּ" (פאַבריק), אָדער „אָפיס"! ער האָט זיינע שעהן אַרבעט. ער ווייסט אַז ער דאַרף אויפשטיין... פינף מיט אַ האַלבן פאַרטאָג — אַזוי זומער און אַזוי ווינטער — מאַכט זיך זיין „ברעקפעסט" (איבערבייסן), — וועגן עסן וועל איך דיר באַזונדער שרייבן — און אַרום זעקס אינדערפרי גייט ער אַוועק צו דער אַרבעט. בעסער געזאָגט, — ער גייט נעמען די „סאָבוויי" (די סובטעראַנעאַ) אָדער דעם „באָס" וואָס פירט אים... ביז דער סאָבוויי.

אין פאַבריק אַריין קומט ער אַ צען־פופצן מינוט פאַר... אַכט! ווייניקער ווי אָנדערהאַלבן שעה — פאָרט קיינער נישט צו דער אַרבעט!

פאַראַן נאָך אַ מיטל צו קומען צו דער אַרבעט. אויב זיין פאַבריק איז אויף אַן אָפּגעזונדערט פּלאַץ — קאָן ער פאָרן מיט... זיין קאָטש! זייער זעלטן אַז אַן איינוווינער פון ניו־יאָרק זאָל נישט האָבן קיין „קאַר". אָבער, ביז ער וועט דורכפאָרן די שטאָט מיט זיין קאָטש — וועט ער גיכער... אָנקומען צופוס! און נישט דערפאַר וואָס די אויטאָס גייען אַזוי פּאַוואָליע! פונקט פאַרקערט! זיי גייען — פון איין סקינע ביז דער צווייטער — דווקא שנעל, אָבער, ביי יעדן ראָג בלייבט מען שטיין אויף עטלעכע מינוט און מען וואַרט אַז עס זאָל זיך בייטן די „רויטע־ליכט" און אָט דאָס וואַרטן — נעמט צו די גרעסטע צייט פון דער רייזע. און כאָטש מען פאָרט פּאַוואָליע, זענען דאָ הונדערטער און הונדערטער אַקצידענטן פון אויטאָס אַלע טאָג און אַלע שעה!

אָט האָט מען מיר היינט געוויזן אַ נאָטיץ אין די ענגלישע צייטונגען, אַז פאַר די לעצטע דריי טעג זענען פאָרגעקומען 12 הונדערט אַקצידענטן, ביי וועל־כע 885 מענטשן האָבן פאַרלוירן דאָס לעבן! אין משך פון דעם ערשטן דעצעמבער ביז היינט — דעם 24טן דעצעמבער — זענען דאָ קרוב צו זעקס טויזנט קרבנות פון טראַפיק, און העכער זעקס טויזנט ליגן אין די שפּיטעלער פאַרוווּנדעטע.

ווען איך האָב דאָס איבערגעלייענט, האָב איך שוין פאַרשטאַנען פאַרוואָס מען זאָגט מיר אַזוי פיל מאָל אָן, אַז ווען איך וועל „צו וואָקן צום קאָרנער, זאָל איך וואַטשן". אַז מען דאַרף איבערגיין די גאַס אין ניו־יאָרק — מוז מען גוט



אַ טיפּיטשנער „שאָפּ", — אַ שניידער־טאַזשער אויף דער זעקסטער עוועניו. עס אַרבעטן דאָרט הונדערטער מענטשן.

קוקן ווו און ווי אַזוי מען גייט און ערשט דערנאָך איז נישט איבעריק, אַז מען זאָגט... ווידוי!... און נישט איינמאָל טרעפט אַז —

צו דער אַרבעט — גייט מען און פון דער אַרבעט ברענגט מען!...

דאָך, זאָלסטו נישט מיינען אַז ניו־יאָרקער מענטשן זיצן אין שטוב און האָבן מורא די גאַס אַריבערצוגייען! מעגסט זיך פאַרגינען אויפשטיין אינדערפרי און זען ווי אַזוי —

ניו־יאָרק לויפט!

אַזוי איז עס, גאָלדע, מען לויפט! מען האָט קיין צייט נישט צו ענטפערן אויפן גוט־מאָרגן, מען האָט קיין צייט נישט זיך גוט אַרומבונדן דעם האַלדז! מען לויפט כאַפּן דעם באָס אָדער דעם סאָבוויי־עקספּרעס! עס לויפן מענער! עס לויפן פרויען! עס לויפן יונגע קינדער און עס לויפן עלטערע מענטשן! אויב מען איז נאָך נישט אַלט קיין 65 יאָר און מען קאָן זיך נאָך נישט „ריטאַיערן" (כובילירן) — דאַרף מען אַרבעטן! און אויב מען דאַרף אַרבעטן — מוז מען לויפן!

ווען מען פרעגט מיך: וואָס טוען אינדערפרי די אַכט־ניין מיליאָן ניו־יאָרקער מענטשן? וואָלט איך געענטפערט: זיי לויפן!

טאַטע־מאַמע און „גראַנד־פּאַ" און „גראַנד־מאַ" לויפן צו דער אַרבעט און די קינדער לויפן אין שולע! מען לויפט מיטן ביסן אין מויל!

גראַדע האָב איך נעטראָפן אין אַזעלכע טעג וואָס מען לויפט „ספּעציעל"! עס איז ערב חגא! ערב „קריסטמעס"! ערב „נאַווידאַד!"

דו האָסט קיין אַנונג נישט, גאָלדע, וואָס דאָ טוט זיך מיט „נאַווידאַד", מיטן „קריסטמעס"! דוכט זיך, אַמעריקע איז אַ לאַנד פון פּראָטעסטאַנטן, דוכט זיך, אַז אין ניו־יאָרק וווינען העכער 2 מיט אַ האַלבן יידן און נאָך אַ פּאָר מיליאָן פּראָ־טעסטאַנטן און גלאַט אַ פּאָר מיליאָן נישט קיין קאַטאָליקן און אפילו נישט קיין קריסטן — דאָך איז דער טאָג פון יעזוסעס געבוירן ווערן — דער גרעסטער און וויכטיקסטער יום טוב פון יאָר! ספּעציעל — טומלען אַרום אָט דעם יום טוב יידישע מענטשן, יידישע יוגנט און יידישע קרעמער!

לאָזט זיך אויס, אַז מען פרייט זיך נישט אַזוי וואָס דער „דערלייזער" איז געבוירן געוואָרן, ווי מען פרייט זיך, וואָס אַ דאַנק זיין געבורטסטאָג מאַכט מען גוטע ביזנעס און מען האָט פיין פּרנסה!

שייך פּרנסה? ערב קריסטמעס שאַרט מען מיט לאָפּעטעס! קינדער קויפן די עלטערן מתּנות און עלטערן שיקן מתּנות זייערע קינדער און אייניקלעך!

איך וויל אָבער, גאָלדע, אַז דו זאָלסט נישט בלייבן מיטן איינדרוק, אַז אַמעריקאַנער יידן זענען אַזוי פאַרגוייִשט, אַזוי „פאַרקריסמעסט" און אַזוי „פאַר־ביזנעוועט", אַז זיי האָבן גאָר פאַרגעסן, אַז היינט איז... חנוכּה! אַז ס'איז אויך אַ ייִד־ישער יום טוב, און נאָך וואָס פאַר אַ יום טוב!

וויל איך דיר דערציילן, גאָלדע, אַז דעם ערשטן אויפדערנאַכט וואָס איך בין געקומען אַהיים פון „דער גאַס" — איך האָב אַליין געמאַכט אַ שפּאַציר עט־

לעכע בלאָק (קוואַדרעס) אַרום מיין וווינונג אין די בראָנקס אויף נעלסאָן גאַס 1340 — ווען איך בין געקומען אין שטוב, האָב איך דערזען אַ זאַך וואָס איך האָב שוין נישט געזען קנאַפּע פערציק יאָר — אַ חנוכה־לעמפּל און עס האָבן געברענט —חנוכה־ליכטלעך. צו דער ווערשערע האָט פּרומע, זאָל לעבן, צוגעגרייט אַ טעי־לער רעטשענע לאַטקעס!

נו, האָב איך געטראַכט:

פּאָרט יעקב מאיר דעם טעפּליקער רבס זון! פּאָרט — טשערנערס טאָכטער פון טערניוועקע! די 35 יאָר אין אַמעריקע האָבן זיי נישט געמאַכט פאַרגעסן אין יידישקייט, און טראַדיציע. אַפילו די מזוזה ביי דער טיר, האָבן זיי געבראַכט פון טערניוועקער שטייגער.

עס האָט מיך אויך נישט געוווּנדערט זייער כשרע קיך! וואָס דען? אַלטער טאַראַזאַ איז געוווינט אויף טריפס?

ווען איך בין, אָבער, דעם צווייטן טאָג געקומען צו מונין און בעטין און זיי האָבן געוואַרט אויף מיר מיט... בענטשן חנוכה־ליכט — בין איך געבליבן דער־שטוינט! איך האָב אויך באַמערקט אַז ער האָט אויף דער טיר אויפגעקלאַפּט אַ מזוזה!... איך האָב עס נישט פאַרשטאַנען! מוניע — חנוכה־ליכטלעך?

אין אַ גרעסערן קלעם האָב איך זיך געפונען ווען מוני האָט, מיך, דעם גאַסט, מכבד געווען מיט בענטשן חנוכה־ליכט! גיי, דערצייל אים, אַז איך האָב — פאַר די 40 יאָר — פאַרגעסן ווי אַזוי מען בענטשט חנוכה־ליכט און וואָס פאַר אַ ברכות מען זאָגט!... איך האָב זיך געביסן די ליפּן פאַר פאַרדרוס! סהייסט? איך, אַ יידישער שרייבער, אַ שול־טוער, אַ תלמוד־תורה עסקן, און טאַקע אַ געוועזע־נער יידישער לערער, איך — ווייס נישט ווי אַזוי מען בענטשט חנוכה־ליכט, און ער, מוני, דער „יענקי״, וואָס איז אין דער היים געווען אַזוי ווייט פון יידישקייט ווי איך — און אפשר נאָך ווייטער — ער, זאָגט אַזוי אָנגענעם, אַזוי געשמאַק, אַזוי באַטעמט דעם „שעשה נסים לאבותינו!״...

אַ גליק וואָס נישט מוני און נישט בעטי האָבן באַמערקט אַז... ביי מיר שטייען טרערן אין די אויגן!

איך בין אָט די לעצטע צוויי אויפדערנאַכטן געווען אין טעפּליק, אין אומאַן, אין דער אַלטער היים! איך בין געזעסן ביי מיין, אָדער ביי דיין טאַטנס טיש, מיר האָבן געגעסן לאַטקעס און געשפּילט אין קוויטלעך...

אַ שאָד, וואָס נאָך די רעטשענע לאַטקעס, וואָס בעטי האָט געמאַכט, האָט מען נישט געשפּילט אין קוויטלעך...

דאָס אַלעס, דערצייל איך דיר, גאָלדע, כדי דו זאָלסט זיך נישט שאַפן קיין מיינונג, אַז אַמעריקאַנער יידן האַלטן בלויז פון „קריסמעס״! ביי זיי איז אַזוי:

— חנוכה איז טאָקע אַן „אמתער יידישער יום טוב און — „קריסטמעס" איז אַ „ביזנעס"־ענין. מען פאַרקויפט אַ סך סחורה און... מען קויפט טאָקע אַ סך.

ערב „קריסמעס־דעי" פאַרמאַכט מען פריער די קליטן, מען אַרבעט מיט אַ פּאָר שעה ווייניקער אין שאַפּ (מען וועט אָפּאַרבעטן די שעהן...) און מען לויפט אַהיים צום פאַמיליען־טיש, אָדער, צום יום טוב־טיש פון די אייגענע און פריינט ווו מען קומט זיך צונויף...

איך האָב געהאַט נאָך אַ מזל מיטן אַריינפאַלן קיין ניו־יאָרק פּונקט צו קריסטמעס. פאַרשטייסטו מיך! קריסטמעס, איז איינער פון די זעקס טעג אין יאָר וואָס מען האַלט פאַרמאַכט דאָס געשעפט אָדער די פאַבריק, און מען גייט נישט צו דער אַרבעט! מען אַרבעט נישט די 2 טעג ראש השנה, דעם יום כפור־טאָג, און להבדיל — „קריסטמעס", ניי־יאָר, און וואַשינגטאָנס געבורטסטאָג. און אַזוי ווי הייַנטיקס יאָר פאַלט אויס „קריסטמעס" און ניי־יאָר אום שבת — רוט מען זיך אויס צוויי טעג נאָכאַנאַנד! ווער איך... געניסן פון אָט די צוויי טעג! אין אָט די צוויי איינציקע טעג, האָט מוני צייט צו נעמען זיין אויטאָ און פאָרן מיט מיר ווייזן אַ שטיק ניו־יאָרק!...

אויף אויפדערנאַכט זענען מיר איינגעלאַדן צו אַ אומאַנער פאַמיליע, ליאָווע טעפּליצקי הייסט ער, ער וווינט אין די בראָנקס, און פון מונין — וואָס וווינט אין צענטער פון ברוקלין, ביז צו טעפּליצקין, וואָס וווינט אין צענטער פון די בראָנקס, געדויערט די רייזע מיטן אויטאָ אַרום... 2 מיט אַ האַלבע שעה. — אויב עס וועט נישט זיין קיין גרויסע טראַפיק. — מיט טראַפיק געדויערט אַרום פיר שעה!

אָט דאָס איז ניו־יאָרק!

כדי דו זאָלסט נאָך האָבן אַ בעסערן באַגריף ווי ניו־יאָרק איז גרויס, וועל איך דיר דערציילן אַז:

פון ניו יאָרק ביז פילאַדעלפיע געדויערט ווייניקער פון 2 שעה. פון ניו־יאָרק קיין באַלטימאָר, געדויערט דריי שעה, פון ניו־יאָרק ביז וואַשינגטאָן געדויערט פיר שעה. און...

פון מונין ביז טעפּליצקין — אין זעלבן ניו־יאָרק, און פון איין צענטער־שטאָט ביזן צווייטן צענטער־שטאָט, געדויערט, נישט ווייניקער פון 2 מיט אַ האַלבער שעה.

איז שוין אַ חידוש וואָס עלטערן און קינדער, ברידער און שוועסטער, וואָס וווינען אין זעלבן ניו־יאָרק, זעען זיך איין מאָל אין חדשים!...

דערווייל — האָב איך געפונען דעם איינציקן וויכטיקן חסרון אין ניו־יאָרק:

— עס איז צו גרויס! צו גרויס!...

# XV

טייערע גאָלדע:

לאָגיש וואָלט געווען, אַז אין מיין איצטיקן בריוו זאָל איך דיר באַשרייבן ווי אַזוי איך האָב אויסגענוצט דעם „גרויסן" וואָזשנעם יום טוב פון די אַמעריקאַנער דעם „קריסטמעס־דעי" (נאַווידאַד) און ווי אַזוי איך האָב פאַרבראַכט ביי די אומאַנער לאַנדסלייט, ביי די טעפּליצקיס.

וועל איך אָט דאָס אַלעס איבערלאָזן אויף דער צווייטער בריוו און איצט וועל איך דיר באַשרייבן אַ צווייט פּלאַץ ווו איך בין געווען. איך וועל דיר באַשרייבן אַ שטיק ניו־יאָרק, וואָס איך בין זיכער, אַז, נישט נאָר קיין סך אַרגענטינער מענטשן זענען דאָרט נישט געווען — נאָר אַפילו אַ סך ניו־יאָרקער קאָנען עס נישט...

***

אַז מען קומט אַלס טוריסט קיין ניו־יאָרק, וואָס לויפט מען דאָס ערשטע אָנקוקן?

— די „עמפּייר סטייט־בילדונג" — אַ געביידע פון 126 שטאָק.

אַנדערע לויפן באַלד אָנקוקן די „און".

איך — איך האָב באַשלאָסן אַז אָט דעם „עמפּייר סטייט־בילדונג" וועט מען נישט צוגנבענען און די „און"־געביידע איז נישט קיין... ציג אין זי וועט נישט אַנטלויפן! איך האָב זיך גענומען נאָכפרעגן ביי באַקאַנטע, ביי חברים שרייבער און בין אַוועק אין אַ טעמפּל, אין אַ שול פון:

— שוואַרצע.

פאַראַן אין ניו־יאָרק אַ געגנט, הייסט ער „האַרלעם". אַמאָל, גאָר, גאָר אַמאָל, האָבן דאָרט געוווינט יידן און בלויז יידן! מיט דער צייט, האָבן זיך אַהין אָנגעהויבן אַריינציִען שוואַרצע, פשוטע נעגערס, און יידן האָבן גענומען דעם „וואַנדערשטעקן" אין האַנט און האָבן זיך פון דאָרט אַרויסגעצויגן!

היינט, וווינען אין האַרלעם ניינציק פּראָצענט שוואַרצע און דאָס איבעריקע

— כינעזער, יאַפּאַנעזער און אַנדערע ענלעכע פעלקער.

אין אָט דעם האַרלעם וווינען אויך שוואַרצע יידן. איך האָב עס נאָך געוווּסט אײדער איך בין געפאָרן קיין אַמעריקע, אַז עס זענען פאַראַן שוואַרצע יידן אין אַמעריקע. פון וואַנען זיי קומען אַהין — איז נישט דאָ דאָס פּלאַץ איך זאָל דיר באַשרייבן!

אין אַמעריקע, באַלד דעם ערשטן טאָג, האָב איך זיך אָנגעהויבן פרעגן אויף זיי — האָט מען מיר אָנגעוויזן, אַז זיי האָבן אַפילו אַ שותפותדיקע שול צום דאַווענען! וואָס הייסט אַ „שותפותדיקע״? מיט וועמען זענען זיי שותפים? מיט ליטוואַקעס אָדער מיט גאַליציאַנער?






ניו־יאָרקער צענטראַל־גאַסן און די העכסטע געביידעס — ביינאַכט.
זיי באַלויכטן אויף צענדליקער און צענדליקער קוואַרטאַלן די ווייט.

חלילה! זיי זענען שותפים מיט אַ פּראָטעסטאַנטישער „קהילה״, וועלכע האָט אַ קליינע „טשוירטש״ (קירכע) און האָט פאַרדינגען אָדער אומזיסט אָפּגעטראָטן די שוואַרצע ייִדן, אַ... טאָג — שבת, — ווען די ייִדן קאָנען זיך צונויפקומען אַהין און בעטן צו זייער, שוואַרצן, אָדער, ווייסן, גאָט.

***

ביז איך בין צוגעקומען צו דער 159ער גאַס, ווו די שול געפינט זיך, האָב איך אַ היפּש ביסל געבלאָנדזשעט. דער פראָסט האָט געשניטן דאָס פּנים. איך

בין געווען זיכער, אַז איך פאַרליר די נאָז. איך האָב געטראָגן אַ פּאַפּירל אויף וועלכן עס איז געשטאַנען אָנגעשריבן 159 Str. ..... 535, כ׳האָב עס געוויזן אַ פּאָר מענטשן אין סאָבווייַ, און מען האָט מיר — אויף שטום-לשון געהייסן פאָרן ווייטער. כ׳האָב געזוכט אַ ייִדיש פּנים, געקוקט אין די הענט אַריין, אפשר טראָגט עמעצער אַ ייִדישע צייטונג — אויף מיין מזל האָב איך אויף קיין ייִדן נישט אָנגעטראָפן. אַ דאַנק מיין ביסל ענגליש, האָב איך זיך איינפאַרשטאַנען מיט איינעם, און יענער האָט מיך אַרויסגעפירט אויף אַ וועג. נאָכן אָפּגיין אַ צען בלאָק צופוס, בין איך צוגעקומען צו אַ „טשוירטש״ צו אַ קירכע, און האָב דערזען דעם נומער 535, און האָב אויך דערזען — צווישן אַנדערע טאַבליצקעלעך, אַ קליין שילדל ווו איך האָב איבערגעלייענט:

„טעמפּל-סאָסייטע״ פון אַביסיניער ייִדן. רעווערענד: ד״ר ראַבאַי ס. מ. קרעיג. תפילות ווערן אָפּגעריכט יעדן שבת אינדערפרי״.

הייסט עס: — איך בין געקומען אין פאַסיקן טאָג און צו דער פּאַסיקער שעה. אַ שאָד וואָס איך האָב נישט מיטגענומען מיין טליתל. אָבער, מן הסתם וועל איך קריגן אַ טליתל.

ווען איך בין אַריינגעקומען אין דער „טשוירטש״-שול האָב איך דאָס ערשטע געוואָלט זען צי עס הענגט דאָ נישט דער „געקרייציקטער״! עפּעס איז דאָס דאָך אַ „טשוירטש״! צו מיין גרויסער צופרידנקייט, האָב איך, קיין שום סימן פון צלם נישט געפונען דאָרט:

די דאָזיקע שול איז ערשט נישט לאַנג דערעפנט געוואָרן! אַ שאָד וואָס איך בין נישט געווען אויף דער פייערלעכער דערעפענונג! אָבער, אַזוי ווי מיינער אַ קאָלעגע, אַ שרייבער פון „פאָרווערטס״, דער פּאָפּולערער זשורנאַליסט י. שמו-לעוויטש, איז יאָ געווען ביי דער דערעפענונג, וועל איך דיר איבערגעבן, וואָרט ביי וואָרט, וואָס ער האָט דעמאָלט דאָרט געזען יענעם פרימאָרגן.

די דערעפענונג איז געווען באַשטימט אויף 10.30 פרי. דערציילט קאָלעגע שמולעוויטש. ווען איך בין אַריינגעקומען אין דער באַשטימטער צייט אין דער קירכע-שול, האָב איך דאָרט באַגעגנט בלויז 3 מענער. אין איינעם פון זיי האָב איך גלייך דערקענט דעם ראַבאַי פון דער שול, ראַבאַי ס. מ. קרעיג, אַ הויכער, שוואַרצער, גלאַט-ראַזירטער ייִדישער נעגער-יונגערמאַן פון אַ יאָר 30. ער האָט געטראָגן אַ לאַנגן, שוואַרצן זיידענעם כאַלאַט מיט אַ ווייס טליתל אויפן האַלדז און אַ ווייסע יאַרמעלקע אויפן קאָפּ. די אַנדערע צוויי, וואָס זענען געשטאַנען איןביידע זייטן פון דעם ראַבאַי, זענען געווען ווייסע ייִדישע יונגעלייט. ביידע זענען געווען אין עלטער פון 19 אָדער 20 יאָר, מיט ווייסע יאַרמעלקעס אויף די קעפּ און ווייסע טליתלעך אויף די העלדזער, ווי זיי וואָלטן געווען דעם ראַבאַיס

אַרויסהעלפער אָדער משוררים. ביי מיר האָט דאָס אַרויסגערופן פאַרוווּנדערונג, אָבער שפּעטער איז מיר אַלץ קלאָר געוואָרן.

די טיר פון דער קליינער טשוירטש האָט זיך געעפנט און עס זענען ווידער אַריינגעקומען עטלעכע „ווייסע" ייִדישע בחורים. איך האָב פאַרפירט אַ שמועס מיט די דאָזיקע יונגעלייט און ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, זענען דאָס זין פון אַריינגעקומענע ייִדישע פליכטלינגען פון דייטשלאַנד, וואָס זענען אַהערצו געקומען מיט 15 יאָר צוריק און וווינען אין יענער געגענט. די דאָזיקע יונגעלייט האָבן מיר דערקלערט, אַז זיי געהערן צו אַ טעמפּל פון דייטשע ייִדן, אָבער זיי זענען געקומען אין דעם נייעם פּלאַץ פון האַרלעם, כדי מיטצוהעלפן אַריינציִען די קינדער פון די נעגער־ייִדן אין טעמפּל אַריין, כדי זיי זאָלן נישט אָפּגעפרעמדט ווערן פון ייִדישקייט. „עס איז נישט וויכטיק אין וואָס פאַר אַ שול ייִדן קומען — האָבן די זין פון די דייטשע ייִדן צו מיר געזאָגט — עס דאַרף נישט זיין קיין אונטערשייד צווישן שוואַרצע און ווייסע ייִדן, מיר זענען דאָך פון איין גאָט, דאַרפן מיר העלפן פאַרשטאַרקן אונדזער גלויבן, דינען אונדזער אַלמעכטיקן גאָט".

אַרום 11 אַזייגער, אַ האַלבע שעה נאָכדעם ווי די פייערלעכע דערעפענונג פון דער שול האָט זיך געזאָלט אָנהייבן, האָבן זיך אין דער טשוירטש־שול געפונען דער נעגער־ראַבאַי און אַ פינף, זעקס ווייסע ייִדן. עס איז נאָך נישט געווען קיין מנין פון נעגער־ייִדן. אין אַ געוויסן מאָמענט זענען אַריינגעקומען 4 ייִדישע נעגער־פרויען. צוויי פון זיי זענען געווען עלטערע, מיט גרויע האָר. מען האָט אין זיי גלייך דערקענט זייער ייִדישן אָפּשטאַם. די אַנדערע צוויי זענען געווען מיטליאָריקע, מיט שוואַרצע געקרייזלטע האָר, און אָנגעטאָן זענען זיי געווען אין פאַרשיידנפאַרביקע קליידער, אויף דעם נעגערישן שטייגער און איך וואָלט קיינמאָל נישט געגלויבט, אַז דאָס זענען ייִדישע טעכטער. די פיר פרויען האָבן זיך אָוועקגעזעצט אין אַ ווינקל, אָפּגעזונדערט פון די מענער.

דער יונגער נעגער־ראַבאַי האָט זיך געדרייט אַהין און צוריק און אַרויסגעוויזן גרויס אומגעדולד צוליב דעם קליינעם עולם נעגער־ייִדן, וואָס איז געקומען אין שול אַריין. עס האָט זיך געעפנט די טיר און עס זענען אַריינגעקומען עטלעכע מענטשן, ווידער ווייסע: אַ פאָרשטייער פון אַן ענגליש־ייִדישער צייטונג, ראַבאַי ווינטערס, פון דער רעפאָרם־קאָנגרעגעישאָן אין פאָקיפּסי, אַלס גאַסט, אַ פּאָטאָ־רעפּאָרטער מיט זיינע מכשירים און אַ יונגע פרוי, וואָס האָט זיך מיט אַלעמען באַגריסט מיט אַ ברייטן „שלום". היות ווי קיין מנין איז נאָך אַלץ נישט געווען, מען האָט זיך נאָך נישט „געשטעלט" דאַוונען, האָב איך אויסגענוצט די געלעגנהייט און געכאַפּט אַ שמועס מיט דער יונגער פרוי, ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, איז דאָס דינה פּעסקין, אַ באַקאַנטע אַרטיסטין פון דער תל־אָביבער

„הבימה״, וואָס געפינט זיך איצט אין ניו־יאָרק און לערנט אין אַ דראַמאַטישער שולע. אַליין אַ געבוירענע אין ישראל, „סאַברע״, אינטערעסירט זי זיך מיטן היגן ייִדישן לעבן. אַזוי ווי זי האָט באַזוכט האַרלעם, איז זי אויך געקומען בייַ־ווינען די דערפּענונג פון דער נייער שול פאַר די נעגער־ייִדן.

דאָן זענען אין שול אַרייַנגעקומען צוויי היימישע, ווייסע ייִדן. דער ערשטער, אַ מיטליאָריקער מאַן, האָט מיט קיינעם נישט געוואָלט רעדן אַנדערש ווי נאָר העברעיִש. ווען איך האָב זיך מיט אים צערעדט, האָב איך אויסגעפונען, אַז ער רעדט אַ פיינעם, פּליסיקן ייִדיש. דער ייִד איז אַליין אַ געבוירענער אין ווין, האָט געלעבט דאָרט ביזן אויסברוך פון דער מלחמה און איז געקומען אַהער מיט 14 יאָר צוריק. אויף מיין פראַגע פאַרוואָס ער וויל נישט רעדן קיין ייִדיש, האָט ער מיר געגעבן אַ „פּשוטן״ ענטפער. די מערסטע ווערטער אין דער ייִדישער שפּראַך — האָט דער ייִד צו מיר געזאָגט — זענען גענומען געוואָרן פון דער דייטשער שפּראַך. און היות ווי ער האָט שטאַרק געליטן פון די דייטשן, טאָ נאָך וואָס נוצן די שפּראַך וואָס איז זייער ענלעך צו זייער שפּראַך?

עס האָט זיך געעפנט די טיר און עס זענען אין דער קירך־שול אַרייַנגעקומען זעקס יונגע ייִדן־נעגער. איינער פון זיי האָט געהאַט שטעקן אין לאַץ פון ראָק אַ ווייסע רויז. בעתן דאַווענען איז ער די גאַנצע צייט געזעסן מיט אַן אַנטבלויזטן קאָפּ, נישט אָנגעטאָן קיין יאַרמעלקע, ווי דאָס האָבן געטאָן די אַנדערע. אויף די אַן ערך הונדערט שטולן וואָס זענען אויסגעשטעלט אין דער שול, זענען געזעסן, אויסער די פינף פרויען, אַ זיבן נעגער־ייִדן און ביי 10 היימישע. קיין מנין פון נעגער־ייִדן איז טאַקע נישט געווען, אָבער צוזאַמען מיט די צייטונגס־פאָרשטייער, מיט די זין פון די דייטשע ייִדן און מיט די צוויי אַלטע אימיגראַנטן זענען געווען קנאַפּע צוויי מנינים. ווי מען האָט מיר דערקלערט, זענען ווייניק נעגער־ייִדן גע־קומען דערפאַר, ווייל שבת אינדערפרי איז אַ שלעכטער טאָג פאַר דורכפירן די דערעפענונג פון אַ נייער שול...

אויבנאָן איז געשטאַנען אַ קליינער ארון־קודש. אויף אים זענען געשטאַנען ווייס־באַמאָלענע, גלעזערנע לוחות מיט גילדן־אויסגעמאָלענע עשרת־הדברות. דער טיש איז געווען באַדעקט מיט אַ רויטער סאַמעטענעם טישטעך, מיט אַן אויס־געהאָפטענעם מגן־דוד. דער עולם האָט זיך אויסגעזעצט אויף די שטולן, אויף וועלכע עס זענען געלעגן סידורים אין העברעיִש און אין ענגליש, און ס׳האָט זיך אָנגעהויבן דאָס דאַווענען.

פאַרן אָנהייבן די תפילות האָט דער יונגער נעגער־ראַבאַי, ד״ר ס. מ. קרעיג, גערעדט וועגן די אויפגאַבן פון דער נייער שול אין האַרלעם. ער האָט אָנגעוויזן, אַז דער נייער טעמפּל וויל נישט לעבן ווי אַן אָפּגעזונדערטע סעקטע, נאָר זיין

פאַרבונדן מיטן וועלט־ייִדנטום. אין די רייד פון יונגן ראַבאַי האָבן זיך אויך געהערט ביטערע רייד וועגן אונטערוואַקסנדיקן דור, וואָס מען הערט דאָס אַזוי אָפט אין אַנדערע שולן און ביי צוזאַמענקונפטן פון אונדזערע היימישע ייִדן.

„וואָס פאַראַ ווערט האָט אונדזער ווייטערדיקער קיום? — האָט דער ראַבאַי אויסגערופן — אויב דער אונטערוואַקסנדיקער דור זאָל נישט איבערנעמען די גרויסע גייסטיקע ירושה, וואָס מיר האָבן אָנגעזאַמלט?"

דער ראַבאַי האָט גערעדט וועגן דעם אונטערוואַקסנדיקן דור, וואָס ווערט כסדר אָפּגעפרעמדט פון אונדזער פאָלק און שטאַם. די ייִדן האָבן אָנגעזאַמלט אַ טייערן אוצר, האָט ראַבאַי קרעיג אָנגעוויזן, וואָס קיין שום פאָלק האָט דאָס נישט; מיר האָבן אַ גלויבן, פון וועלכן אַלע אַנדערע פעלקער האָבן געלערנט. מען דאַרף דעריבער דעם דאָזיקן פאַרמעגן און גלויבן אָפּהיטן, איבערפלאַנצן אים אין די קומענדיקע דורות.

דער ראַבאַי האָט אויך געזאָגט, אַז דער נייער טעמפּל פאַר די נעגער־ייִדן אין האַרלעם וועט נישט בלויז זיין אַ הייליק געבעט־הויז, וווּ מען וועט אָפּריכטן תפילות, וווּ מען וועט דאַווענען אין די שבתים און יום טובים, נאָר וווּ מען וועט אויך לערנען די ייִדישע נעגער־קינדער, זיי דערציִען אין ייִדישן גייסט. דער טעמפּל האָט די פולע אונטערשטיצונג פון דער „דזשואיש עדיוקישאָנאַל קאָמיטע", וואָס העלפט ייִישע שולן און תלמוד תורות און די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע וועט אויך צושטעלן לערער און ביכער צו לערנען די ייִדישע נעגער־קינדער.

***

דאָס איז געווען ביי דער דערעפענונג! הײַנט, איז שוין די שול אַ גוט־באַזוכטע! ווען איך בין אַריינגעקומען, האָט מען שוין געהאַלטן אינמיטן דאַווענען, און אַ יונגער שוואַרצער בחור, האָט מיר דערלאַנגט אַ טליתל און אַ... ענגלישן סידורל. פולשטענדיק ענגליש, אָן אײן ייִדישן אות!

דער נוסח פון דאַווענען איז געווען זייער מאָנאָטאָן. אָן שום פּיצל טעם! ערשט שפּעטער האָב איך זיך געכאַפּט אַז מען דאַוונט אויף ענגליש. בלויז קדיש, און נאָך אַ פּאָר וויכטיקע תפילות, האָט דער רבי געזאָגט אויף לשון קודש. ווען ער האָט געדאַרפט אָנהייבן אַ תפילה — זיי זענען נישט אין אָרדענונג — האָט ער געזאָגט אויף וועלכן זייטל מען דאַרף זוכן.

אינמיטן דאַווענען איז צוגעקומען צו מיר אַ ווייסער יונגערמאַן און מיך אין אַ שיינעם ריינעם עברית געפרעגט, צי איך פאַרשטיי וואָס מען „זאָגט" און „וווּ מען האַלט"? ער, דער דאָזיקער יונגערמאַן — אַן אַמעריקאַנער געבוירענער, אַ ישיבה־בחור פון אַ ישיבה־אוניווערזיטעט פון ניו־יאָרק, איז געשיקט געוואָרן

אַהער, מיט נאָך עטלעכע בחורים, צו העלפן אַז עס זאָל זיין... אַ מנין און טאַקע העלפן דעם ראַבאַי, אַז ער זאָל זיין מונטער און מוטיק אָנצוגיין מיט זיין וויכ־טיקער און היילקער אַרבעט.

כ׳האָב געגעבן אַ צייל איבער די בייוועזנדיקע און אָנגעציילט 48 פּערזאָן צווישן זיי 19 ווייסע און 8 פרויען! איין ישיבה־בחור זאָגט מיר, אַז וואָס אַמאָל קומען צו אַלץ מערער און מערער נעגער־מתפּללים; מען מוז דערגרייכן אַז אין שול זאָלן קומען לכל הפּחות 10 מנינים שוואַרצע!...

— וויפל בכלל זענען פאַראַן שוואַרצע יידן אין הארלעם?

— מען זאָגט אַז... דריי טויזנט פאַמיליעס!

מען האָט געלייענט אין דער תורה און נאָכן לייענען איז מען אַרומגעגאַנגען מיט אַ קוישל און יעדער איינער פון די שוואַרצע האָט אַריינגעוואָרפן ניקל־געלט. די ווייסע און איך צווישן זיי — האָבן מיר אַריינגעוואָרפן נישט ווייניקער ווי אַ דאָלאַר.

נאָכן דאַווענען, האָט דער ראַבאַי איינגעלאַדן צו אַ קידוש. מען האָט — טאַקע דאָרט, אין שול — געטרינקען לחיים און צוגעביסן און געוווּנטשן דעם ראַבאַי דערפאָלג אין זיין היילקער מיסיע.

נו! גאָלדע! האָט זיך געלוינט די רייזע קיין אַמעריקע? ווען וואָלט איך געזען אַזאַ בילדל?...

ווען איך בין אַרויס פון דער שול פון די שוואַרצע, האָב איך דעמאָלט, צום ערשטן מאָל, אַ טראַכט געטון:

בלויז אין אַמעריקע קאָנען זיך געפינען שוואַרצע יידן און זיי זאָלן האָבן אַ שול, מיט מתפּללים, מיט... קדיש־זאָגער, מיט שוואַרצע עולי תורהניקעס, און שוואַרצע לחיים־טרינקער.

אַמעריקע! ביסט גרויס!

## XVI

טייערע גאָלדע:

איך האָב היינט געהאַט זייער אַ שלעכטן טאָג! איך בין אויפגעשטאַנען אינ־דערפרי מיט אַ קאָפּ־ווייטיק! איך בין די גאַנצע נאַכט נישט געשלאָפן! איך האָב נעכטן געלייענט אַ שטיקל נייעס אין די אַמעריקאַנער בלעטער, האָט עס מיך אַריינגעוואָרפן אין אַ שרעק. עס האָט זיך געשריבן, נישט מער און נישט ווייני־קער, אַז ניו־יאָרק איז די גרעסטע „פרעסערקע" אין דער וועלט!

לויט ווי דער שרייבער האָט געמאַכט אַ חשבון, קומט אויס, אַז, ווען צוליב וועלכע עס איז נישט סיבה, זאָל מען 8 טעג נישט קאָנען צופירן קיין עסנוואַרג דער שטאָט ניו־יאָרק, קאָן דאָ ווערן אַזאַ הונגער אַז... מענטשן זאָלן עסן שטיינער אָדער די סלופּעס (קיין פערד, בהמות, קעץ און הינט — ווי מען האָט געגעסן אין דער באַלאַגערטער שטאָט ירושלים צוריק מיט 2 טויזנט יאָר — קאָן מען דאָ נישט עסן, ווייל פאַר די עטלעכע טעג וואָס איך בין אין ניו־יאָרק, האָב איך נאָך אַזעלכע חיות און בהמות נישט געזען!).

ווען די בלעטער שרייבן אַז ניו־יאָרק איז אַ פרעסערקע — מיינען זיי נישט די 8 מיליאָן איינוווינער פון ניו־יאָרק, נאָר מען רעדט וועגן „גרייטער־ניו־יאָרק", דאָס הייסט, „גרויס ניו־יאָרק", ווי ביי אונדז „גרויס בוענאָס איירעס".

צו „גרייטער ניו־יאָרק", רעכנט מען צו די פאָרשטעטלעך, אַזוי ווי ביי אונדז רעכנט מען צו די פאָרשטעטלעך: אַוועזשאַנעדאַ, לאַנוס, מאָראָן, קילמעס, און נאָך אַ צענדליק אַזעלכע נאָענטע מקומות, אַזוי רעכנט מען צו צו ניו־יאָרק די „שטעטלעך":

נואַרק, ניו דזשוירזשי־סיטי, לאָנג איילאַנד, ניו ראָשעל, פּעטערסאָן, וועסט ניו־יאָרק און נאָך, און נאָך אַזעלכע שטעטלעך וואָס צוזאַמען פאַרמאָגן זיי אַרום... — 7 מיליאָן איינוווינער.

מיט ניו־יאָרק צוזאַמען, פאַרמאָגט „גרייטער ניו־יאָרק" אַרום:

— 15 מיליאָן איינוווינער!

און אַזוי ווי די ניו־יאָרקער — זאָלן זיי מיר מוחל זיין — זענען גרויסער עסערס און פרעסערס, שטעל זיך פאָר, וואָס וואָלט געווען, ווען 15 מיליאָן איינ־ווינער, בלייבן אין מיטן דערינען, אָן עסנוואַרג!

ווען איך דערצייל דיר, וואָס די ניו־יאָרקער „פאַקוועןי" אין זיך אַריין אינ־דערפרי צום איבערבייסן — זיי רופן עס דאָ „ברעקפעסט", — וואָלסטו נישט געגלויבט! מען דאַרף עס זען, כדי צו גלויבן!

באַלד ווי מען עפנט אויף די אויגן, און מען גיסט זיך אָפּ נעגל־וואַסער, גיט מען אַ גיס אַריין אין זיך אַ גרויסע גלאָז סאָק פון אויסגעקוועטשטע מאַראַנצן אָדער פּאָמעלאָס, אָדער, גאָר טאָמאַטעס. דאָ, רופט מען עס „דזשוס“. אָן אָט דעם „דזשוס“ הייבט זיך דער טאָג נישט אָן. זיי זאָגן, אַז אָט דער „דזשוס“ איז גוט צום מאָגן, גוט צום האַרצן, און גוט צו אַלעמען! איי, ווי אַזוי האָב איך אָפּגעלעבט 57 יאָר און אויפן ניכטערן מאָגן האָב איך קיין „דזשוס“ נישט גענומען און... פיל זיך אויך נישט ערגער פון די אַמעריקאַנער? ענטפערן זיי אייך:

— אַ מיין טרינקען מיר נישט אָט דאָס „גראַז“ וואָס דו טרינקסט (די מאַטע) און מיר לעבן, זיך, יאַקאָס, אויך דורך אונדזער לעבן!...



די „ברוקלין־בריק“ — איינע פון די גרעסטע אין ניו־יאָרק, דורך וועלכער מען פירט אַריין אַ טאָג מיליאָנען קילאָס עסנוואַרג.

אַלזאָ. איז בלויז אויף איבערבייסן דאַרפן די ניו־יאָרקער האָבן:

— אַ גלאָז „דזשוס“.

— אַ טעלער מילך מיט קאַשע, אָדער מיט פּערלגרויפּן!

— 2 אייער, לויזע אָדער געפּרעגלטע!

— אַ שטיק ווייסן קעז — וואָס האָט טאַקע אַלע טעמים!

— אַ גוט שטיקעלע געמאַנירטן הערינג מיט אַ פיר־פינף אַסעיטונעס — די גרויס ווי אַ פינגער יעדע איינע!

— אַ צוויי־דריי, פיר־פינף, שוואַרצע שטיקלעך ברויט אָדער ברויט „גע־בראָטן“ אויפן עלעקטרישן בראָט־אייוועלע. און לסוף —

— אַ גרויסע טאַסע אָדער גלאָז קאַווע מיט מילך (אויף זייער שפּראַך הייסט עס: קאָפע־קאָווע).

אַ מאָל גייט צו צו אָט דעם „אָרעמען“ איבערבייסן — אַ טוץ... לאַטקעס פון רעטשען מעל.

אויב דער מאַן גייט אַוועק פריִער ווי זיין פרוי צו דער אַרבעט — מאַכט ער זיך אַליין אָט דעם „באַנקעט“ און אַמאָל — וואַשט ער נאָך אויס די גלאָז אויך!...

דאָס איז בלויז אַיבערבייסן! פאַרשטייסטו דאָך שוין אַליין, אַז דאָס וואָס „גרייטער ניו־יאָרק“ „בייסט איבער“ — קאָנען דערמיט אויסקומען אַ... צענדליק קלענערע און גרעסערע לענדער פון אייראָפּע און אַמעריקע! אַ גאַנצן חודש אָדער אַ גאַנץ יאָר!...

האָבן טאַקע נעכטן געשריבן דאָ די בלעטער וואָס „גרייטער ניו־יאָרק“ פאַר־ברויכט אין שפּייז! עס ווערט דערוויזן אַז:

אין פאַרלויף פון איין יאָר צייט פאַרברויכט „גרייטער ניו־יאָרק“ אַזוי פיל שפּייז וואָס וואָלט געקלעקט צו שפּייזן עטלעכע לענדער, און נישט בלויז אָרעמע אַזוי גערופענע „הונגער־לענדער“, נאָר אַפילו רייכע לענדער, ווו די איינוווינער עסן צו זעט און האָבן הנאה פון לעבן.

נאָרוועגיע, דענעמאַרק, און בעלגיע צום ביישפּיל, זענען לענדער ווו מען עסט גוט. אַלע דריי לענדער צוזאַמען האָבן אַ באַפעלקערונג פון איבער 15 מי־ליאָן, אַ ביסל מער ווי די באַפעלקערונג פון „גרייטער ניו־יאָרק“. נאָרוועגיע און נאָך מער דענעמאַרק זענען באַוווּסט אַלס „מילך“־לענדער, וועלכע עקספּאָרטירן זייער מילכיקס צו אַנדערע לענדער. „גרייטער ניו־יאָרק“ מיט אירע 15 מיליאָן „עסערס“ פאַרברויכט אָבער אַליין מער מילך ווי אָט די אַלע דריי לענדער צו־זאַמען. מען פאַרברויכט דאָ אויך מער קעז, פּוטער, סמעטענע, ווי ערגעץ אַנדערש ווו. ווו נאָך זעט מען אַזוי פיל „העלאַדאָס“ („אייז־קרים“), ווי אין „גרייטער ניו־יאָרק?“ נישטאָ אַזאַ פלאָץ אויף דער גאַנצער וועלט.

מאַנכע קרייזן, באַזונדערס די „פאַרמערס“, וועלכע פּראָדוצירן מילכיקס, באַקלאָגן זיך, אַז ניו־יאָרק „טרינקט נישט גענוג מילך“. אַ סימן האָט איר — זיי, די פאַרמערס זעצן נישט אָפּ זייער גאַנצע מילכיקס און אַ היפּש ביסל פון דעם גייט אין ניוועץ, ווייל זיי האָבן נישט ווו צו פאַרקויפן עס.

פאַרשטייער פון די פאַרמערס באַהויפּטן, אַז ווען יעדער ניו־יאָרקער וואָלט געטרונקען צו בלויז נאָך איין גלאָז מילך אַ טאָג מער, ווי מען טרינקט איצט, וואָלט די מילך אינדוסטריע גענאָסן פון אַ שפע און די פאַרמס וואָלטן געקענט אויסקומען אָן הילף פון דער רעגירונג וואָס קויפט אָפּ ביי זיי די איבעריקע פּראָדוקטן צו העלפן זיי מאַכן אַ לעבן.

און איצט הערט דעם חשבון וואָס ניו־יאָרק פאַרנוצט:

אין פאַרלויף פון אַ חודש פאַרברויכט ניו־יאָרק:

200 מיליאָן קילאָ פיש;
600 מיליאָן באַנאַנעס;
2 ביליאָן אייער און
5 מיליאָן פונט קנאָבל.

די ניו־יאָרקער עסן אויף מער ספּאַגעטי ווי די איינוווינער פון גאַנץ איטאַ־ליע, ביי וועלכע ספּאַגעטי איז איינע פון די טעגלעכע הויפּט־שפּייזן, ווי ברויט ביי אונדז.

ביי אונדז, אין אַרגענטינע, זאָגט מען, אַז אין אַמעריקע עסט מען נישט קיין פלייש ווייל... עס איז טייער. טאָ הער די אָפיציעלע סטאַטיסטיק וואָס די בלעטער שרייבן:

אַמעריקע איז איצט איינע פון די גרעסטע „פלייש־עסערס" אין דער וועלט. פאַר די לעצטע צוויי יאָר האָט אַמעריקע פאַרברויכט 30 ביליאָן פונט פון אַלערליי פליישן — ס׳הייסט, אַלערליי מינים פלייש און פלייש־פּראָדוקטן: רינדענע פלייש, קעלבערנע, שעפּסענע, חזיר־פלייש, אַלערליי עופות, געררויכערטע מינים פליישן, קאָנסערווירטע. ניו־יאָרק פאַרברויכט מער ווייניקער 12 פּראָצענט פון דער גאַנ־צער שפּייז וואָס דאָס גאַנצע לאַנד עסט אויף אין פאַרלויף פון אַ יאָר. אָבער וואָס שייך פלייש עסט ניו־יאָרק אויף מער ווי איר חלק דאַרף באַטרעפן. די ניו־יאָרקער האָבן נישט בלויז ליב צו עסן פלייש, נאָר זענען היפּשע מפונקים (מעפּו־נאָקים) אָדער איבערקלייבערס ווען עס קומט צום עסן פלייש. זיי האָבן ליב צו עסן די בעסטע מינים פלייש, און גראַד די טייערסטע חלקים — ווי מען רופט עס אין ענגליש — „סטעיקס" („ביפן"). די ניו־יאָרקער, — אַ חוץ די אימיגראַנטן, די אַריבערגעקומענע פון אַנדערע לענדער, — עסן נישט די ביליקערע מינים פליישן, דעם מאָגן, האַרץ, מאַרך, מילץ, נירן, לונגען, די באַק־פלייש פון וועלכע מען מאַכט אַלערליי פּאַטראַוועס, מיט וועלכע מען פּאָסמאַקעוועט זיך אין די אָרע־מע לענדער פון דער אַלטער וועלט. זיי ווילן דורכאויס די בעסטע און טייערסטע. די געלט וואָס ניו־יאָרק גיט אויס בלויז אויף פלייש באַטרעפט מער ווי דער בודזשעט פון גאַנצע לענדער.

די אַלערליי מינים שפּייזן וואָס „גרייטער ניו־יאָרק" פאַרשלינגט יעדן טאָג ווערט געבראַכט פון נאָענט און ווייט. טויזנטער אָנגעלאָדענע שיפן, פּראַכט־וואַגאָנעס און לאַסט־אויטאָס ברענגען אַלערליי גרינסן, פּרוכטן, תבואות און וואָס נאָר אַ מויל קען אַרויסרעדן. מען ברענגט אַהער, קיין ניו־יאָרק, שפּייזן אַפילו אין אַעראָפּלאַנען פון די ווייטסטע מקומות. ווינטערצייט ברענגט מען אַהער אַלער־ליי זומערדיקע פּירות ווי פלוימען, אַפּריקאָזן, פערשקעס (דוראַזנאָס) און קאַרשן פון זיד־אַמעריקע און זיד־אַפריקע ווו אָט די פּירות ווערן דאָרט דאַן צייטיק.

טויזנטער קאָמיאָנען פון אַלע עקן לאַנד, שטראָמען טעגלעך קיין ניו־יאָרק אונטער די טונעלן וואָס פאַראייניקן ניו־יאָרק מיט אַנדערע פראָווינצן, און פירן מיט זיך שפּייז! שפּייז פאַר די „ברעקפעסט״, פאַר די „לאונטש״ און פאַר די „סאַפּערס״, וואָס די 15 מיליאָן ניו־יאָרקער שלינגען איין, אין איין טאָג בלויז! און זאָל, צוליב וועלכער עס איז סיבה — מעג זיין אַ פּשוטער שטרייק — זיך אָפּשטעלן אָט די טראַפיק מיט דער שפּייז — וואָס וואָלט געוואָרן פון ניו־יאָרק מיט אירע 15 מיליאָן עסערס און פרעסערס!

אמת! פאַראַן אין ניו־יאָרק אַ גרויסער סטאָק פון „געקענטע״ עסנוואַרג. אין פּושקעס, גוט פאַרחתמעטע און פאַרקאָרקעוועטע! אויך יעדער באַלעבאָסטע האָט אַ זאַפּאַס פון אָט די „געקענטע״ מאכלים! אָבער אויף וויפל קאָן עס סטייען!

און דאָ איז אינטערעסאַנט גאָר אַן אַנדער זאַך:

די ניו־יאָרקער האָבן אַ סך דאגות אויף זיך. איך וועל דיר וועגן יעדער דאגה זייערער, שרייבן באַזונדער! איינע פון די וויכטיקע דאגות פון די ניו־יאָרקער מענטשן איז:

— ווי אַזוי פאַרלירט מען עטלעכע פונט?

ספּעציעל דאגהן וועגן דעם די פרויען! קומען זיך צונויף 2 פרויען — רעדט מען וועגן דער „דיעט״ (דיעטאַ) וואָס דער און דער דאָקטאָר האָט איר פאַרשריבן. זי דערציילט די ניסים פון אָט דער „דיעט״; זי מעג עסן אַלעס, נאָר נישט טרינקען קיין שום זאַך מיט צוקער און דאַרף בלויז נוצן סאַכאַרין און... מאַכן גימנאַסטיק.

נו, עסט מען אַלע זיסע זאַכן וואָס מען טרעפט אין קאָנפּיטעריע, מען טרינקט „קאָקאַ־קאָלאַ״, מען מאַכט גימנאַסטיק און... מען „פאַרלירט״ הונדערט גראַם אַ חודש.

גייט מען טאַקע אַרום מיט הוילע צרות און דאגות און מען קוקט אָפט אין שפּיגל. און ווען מען קומט זיך צונויף צו אַ פּאַרטיע — רעדט מען פון אָט דעם פּראָבלעם. עס רעדן וועגן דעם פרויען און עס רעדן מענער.

אַ יידישער שרייבער, מ. אָבאַדאָווסקי, האָט זייער געלונגען כאַראַקטעריזירט אָט דעם פּראָבלעם און „דאגה״ פון דער דיעטע און וואָס טוט מען כדי צו פאַרלירן וואָג?

דוכט זיך ערשט נישט לאַנג צוריק איז דאָס געווען, ווען די פראַגע וועגן דעם ווי אַזוי מען קען פאַרלירן וואָג, איז געווען אַ ענין פאַר ווייבער. נאָר פאַר ווייבער.

זיי האָבן זיך גערדאַרפט זאָרגן וועגן דעם. פאַר זיי איז דאָס געווען אַן ענין, ווייל עס איז דאָך געוואָרן אַ מאָדע, אַז אין וואָס פאַר אַן עלטער אַ פרוי זאָל נישט

זיין — אויב זי איז נאָר נישט קיין אַלטע באָבעצע און זי האָט נאָך נישט קיין אור־אייניקלעך — דאַרף זי האָבן אַ שיינע פיגור און זי מוז געדענקען, אַז פאַר פעטקייט דאַרף זי זיך היטן ווי פאַר פייער.

דאָס איבערגיין אויף אַ ספּעציעלער דיעטע, כדי צו פאַרלירן וואָג איז געוואָרן עפּעס אַ מין מכת מדינה. עס איז פּשוט שווער געווען צו געפינען אַ פאַמיליע ווו די פרוי זאָל נישט זיין אויף אַ ספּעציעלער דיעטע, כדי צו פאַרלירן וואָג. עס איז געווען אַ קאַמף אויף טויט און לעבן צו האָבן אַ שיינע פיגור.

מאַמעס זענען פּשוט געקראָכן פון דער הויט צו האָבן פּונקט אַזעלכע פיגורן ווי זייערע טעכטער. און עס איז שוין אַפילו דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז באָבעס האָבן זיך געמאָרעט ווי די אַמאָליקע רוסישע „נאָוואָבראַנצעס״ צו האָבן פּונקט אַזעלכע פיגורן ווי זייערע אייניקלעך.

אַלץ איז געווען כדאַי, אַבי צו האָבן אַ שיינע פיגור און זיך דרייען אויפן קאַרעק...

מענער אָבער זענען דערפון געווען פּטור. זיי האָבן זיך נישט געדאַרפט מאָרען און עס איז קיינעם פון זיי נישט געגאַנגען אין לעבן צו האָבן דווקא אַ גראַציעזע פיגור. די צאָל פון די, וואָס האָבן דווקא געוואָלט האָבן אַזאַ פיגור ווי אַפּאָלאָ, איז געווען קליין. דאָס האָט מען איבערגעלאָזט בלויז פאַר יענע לייט, וואָס שטייען שטענדיק אין שידוכים.

איצטער אָבער איז אַנדערש. עס ווייזט זיך אַרויס, אַז ווען מען נעמט אַרויף צופיל וואָג, שאַדט עס נישט נאָר צו דער פיגור, נאָר צום געזונט. דאָקטוירים האָבן פעסטגעשטעלט, אַז פעטקייט איז אַ סכנה. פעטע מענטשן שטאַרבן יינגער ווי מאָגערע מענטשן. אַזוי זאָגט מען, און מען האָט שוין וועגן דעם נישט איין מאָל געשריבן אין די צייטונגען.

איז אַ וווּנדער וואָס די מאַנספּאַרשוינען האָבן זיך אַזוי דערשראָקן, אַז עס איז ביי זיי געוואָרן אַ געיעג אין אָפּציִען זיך!

אַלע ציִען זיך אָפּ, אַלע מאָרען זיך, אַלע רעדוצירן. און עס זענען שוין פאַראַן ספּעציעלע רעסטאָראַנען אַזעלכע, וווהין עס קומען נאָר אַזעלכע מענטשן, וואָס ציִען זיך אָפּ, כדי צו פאַרלירן וואָג. עס זענען שוין פאַראַן ספּעציעלע פירמעס וואָס פּראָדוצירן נאָר אַזעלכע אַרטיקלען, וואָס זענען גוט ווייל זיי העלפן פאַרלירן וואָג. און עס זענען שוין אַפילו פאַראַן ספּעציעלע ספּעציאַליסטן אַזעלכע, וואָס פאַרשרייבן דיעטעס און גיבן אינסטרוקציעס פאַר די, וואָס קריכן פון דער הויט צו פאַרלירן וואָג.

אָבער נישט אַלעמאָל העלפט דאָס.

אַמאָל העלפט דאָס גראָד נישט, און דאָס גאַנצע אָפּציִען זיך איז אַרויסגע־וואָרפן.

און ווי אַזוי קאָן דאָס העלפן, אַז מען עסט אַזעלכע איבערבייסנס (ברעקפעסט) און אַז עס קומט 12 אַזייגער לויפט מען כאַפּן אַ „לאונטש“, און ערשט אויפדערנאַכט עסט מען אַ זאַטן „סאַפּער“.

איז צוריק געפרעגט: — פאַרוואָס זשע עסט מען דאָ אַזוי פיל? זענען דערויף פאַראַן אַ סך תירוצים. דער בעסטער תירוץ איז: — ווייל דער דורכשניטלעכער אַמעריקאַנער פאַרדינט דאָ גאַנץ נישקשהדיק און לויט ווי מען זאָגט — אַ סך בעסער ווי צוריק מיט עטלעכע יאָר, און ער קאָן זיך מערער פאַרגינען. עס האָבן מיר שוין דערציילט ניו־יאָרקער איינוווינער, וואָס לעבן שוין דאָ עטלעכע צענדליק יאָר, אַז צוריק מיט 20 יאָר, האָט טאַקע געקאָסט אַלעס אַ סך ביליקער! אָבער — מען האָט נישט געהאַט דעם דאָלאַר צו קויפן דאָס „ביליקע“. אַ גלאָז מילך האָט געקאָסט אַ סענט, און דער סענט איז נישט געווען! היינט, פאַרדינט מען לייכטער און מערער און מען גיט אויס — ספּעציעל אויפן עסן — אַ סך מערער ווי אַ מאָל. מען פאַרגינט זיך מערער ווי צוריק מיט עטלעכע יאָר.

אַ יידישער שרייבער, ל. סענדערס, באַהאַנדלענדיק אָט דעם ענין ברענגט אַרויס פאָלגנדיקע מיינונג:

קיינער קאָן נישט לייקענען דעם פאַקט, אַז דער לעבנס־סטאַנדאַרט פון דעם דורכשניטלעכן אַמעריקאַנער לוין־פאַרדינער איז היינט צו טאָג אַ פּיל גרעסערער, ווי ער איז ווען עס איז געווען פריִער אין דער אַמעריקאַנער געשיכטע.

נאָך מער, נישט נאָר איז דער לעבנס־סטאַנדאַרט העכער, נאָר אַ פּיל גרעסערע צאָל אַמעריקאַנער לוין־פאַרדינערס, קריגן איצט העכערע שכירות ווי ווען עס איז פריִער.

מען קאָן אַפילו זאָגן, אַז דער ענין אָרעמקייט האָלט בכלל אין פאַרשווינדן פון דער אַמעריקאַנער סצענע, יעדנפאַלס צווישן די שכירות־פאַרדינערס אין די גרויסע שטעט.

אינטערעסאַנט איז, ווי אַזוי דאָס אַמעריקאַנער פאָלק האָט זיך אין די לעצטע 25 יאָר, נאָך דער גרויסער דעפּרעסיע, אַרויפגעאַרבעט סיי אויף העכערע שכירות, סיי אויף אַ העכערן לעבנס־סטאַנדאַרט.

אָט איז בלויז איין ביישפּיל: אין די דרייסיקער יאָרן, אין סאַמען מיטן פון דער גרויסער דעפּרעסיע, האָבן גאַנצע 80 פּראָצענט אַמעריקאַנער פאַמיליעס פאַרדינט העכסטנס 2.000 דאָלאַר אַ יאָר, אַרום 40 דאָלאַר אַ וואָך, און ווייניקער.

איצט זענען פאַראַן בלויז 30 פּראָצענט אַמעריקאַנער, וואָס פאַרדינען בלויז 2.500 דאָלר אַ יאָר. די אַנדערע 70 פּראָצענט פאַרדינען פיל מער.

לאָמיר נעמען נאָך אַ פּאָר ביישפּילן:

אין 1935 זענען אין אַמעריקע געווען אַ מיליאָן מיט 200 טויזנט לוין־פאַרדי־נערס, וועמעס שכירות זענען געווען איבער 5.000 דאָלאַר אַ יאָר. היינט צו טאָג זענען פאַראַן 21 מיליאָן מיט הונדערט טויזנט לוין־פאַרדינערס, וועמענס שכירות זענען איבער פינף טויזנט דאָלאַר אַ יאָר.

מיט אַנדערע ווערטער מיינט עס, אַז קנאַפּע 20 מיליאָן מענטשן פאַרדינען היינט צו טאָג איבער 5.000 דאָלאַר אַ יאָר אין פאַרגלייך מיטן 1935.

וועגן די העכערע פאַרדינערס איז די מעשה אַזאַ: אין 1935 זענען אין גאַנץ אַמעריקע געווען בלויז 300 טויזנט מענטשן וואָס האָבן פאַרדינט איבער 10 טויזנט דאָלאַר אַ יאָר. היינט זענען פאַראַן 3 מיליאָן מיט 8 הונדערט טויזנט אַזעלכע פאַרדינערס, אָדער מיט גאַנצע דריי און אַ האַלבן מיליאָן מער העכערע לוין־פאַרדינערס.

דאָס מיינט ווייטער, אַז די צאָל העכערע לוין־פאַרדינער איז אין די לעצטע 20 יאָר שטאַרק אויסגעוואָקסן — און אַז די דאָזיקע צאָל האַלט ווייטער אין איין וואַקסן.

דאָס אַלץ באַווייזט, אַז די דורכשניטלעכע אַמעריקאַנער פאַמיליע פאַרדינט היינט מער און גיט אויס מער סיי אויף לעבנסנויטיקע זאַכן, סיי אַפילו אויף לוקסוס־זאַכן.

די סטאַטיסטיקס ווייזן, אַז וויניקסטנס 72 פּראָצענט אַמעריקאַנער פאַמי־ליעס פאַרמאָגן איצט אַן אייגענעם אויטאָמאָביל און 12 פּראָצענט פאַרמאָגן אַפילו מער ווי איין אויטאָמאָביל. טעלעוויזיעס, ראַדיאָס און עלעקטרישע פרידזשידערס זענען איצט פאַראַן כמעט אין יעדן הויז, גאַנץ באַזונדערס אין די גרעסערע און קלענערע שטעט.

אָט דאָס, גאָלדע, איז דער אמתער סך הכל, פאַרוואָס מענטשן — זייער און זייער אַ סך — זענען דאָ, ב״ה גאַנץ נישקשהדיק פעטלעך. מען לעבט גוט און מען עסטן גוט!

וואָס ס׳איז שייך אַרבעט — דערווייזט די לעצטע סטאַטיסטיק, אַז אויף עטלעכע און זעכציק מיליאָן אַרבעטנדיקע אַמעריקאַנער, זענען קוים פאַראַן דריי מיליאָן אַרבעטסלאָזע, וועלכע... שטאַרבן אויך נישט פאַר הונגער ווייל די רעגי־רונג און די „יוניעס״ שטיצן זיי. וואָס יאָ! דו מעגסט זיין זיכער, אַז ביי אָט דעם אָרעמען און „דערשלאָגענעם״ אַרבעטסלאָזן אַמעריקאַנער, געפינט זיך אין שטוב אַ... טעלעוויזאָר, אַ עלעקטרישער אייז־קאַסטן, אַ גוטע ראַדיאָ און, כדי עס זאָל אים זיין באַקוועמער צו זוכן אַרבעט — האָט ער אויך ביי דער שטוב אַ... אויטאָ

— טאַקע אַ „אַלטן" אויטאָ, פון יענע מאָדעלן, וועלכע מען שענקט אַוועק אַזעלכע אויטאָס, ווי אַ שטייגער פון... 39סטן אָדער 40סטן יאָר.

און, אַז איך דערצייל דיר שוין, גאָלדע, וועגן דעם ווי אַזוי די אַמעריקאַנער עסן און ווי אַזוי זיי פאַרדינען אויפן עסן, וועל איך דיר שוין אויך באַשרייבן די אַמעריקאַנער „שפּייז־קראָמען" די „אַלמאַסענען" און „מערקאַדאָס" ווו זיי קויפן איין זייערע פּראָדוקטן.

די דאָזיקע קראָמען האָבן אַ נאָמען: „סופּערמאַרקעט". זיי רופן זיך אויך „סעילף סוירוויס" — דאָס הייסט: מען באַדינט זיך אַליין! אַזאַ קלייט, האָט אויך מוני. עס איז אינטערעסאַנט צו שטיין אין קלייט און זיך צוקוקן, ווי אַזוי עס גייט אַריין דער קונה — מערסטנטייל — פרויען, ביי דער טיר שטייט אָנגעגרייט אַ וועגעלע אויף רעדלעך, נעמט דער קונה אָט אַזאַ וועגעלע און פאָרט מיט דעם אַרום איבער דער קלייט. פאָרענדיק, לייגט דער קונה אַריין אין וועגעלע אַריין די פּראָדוקטן וועלכע ער דאַרף. אָפּט, זייער אָפּט, איז דער קונה געגאַנגען אין „סופּערמאַרקעט" קויפן קעז אָדער בוימל, אָדער גאָר, פּאַסאָליעס, און פאָרנדיק מיטן וועגעלע איבער דער קלייט, דערזעט ער אין פּאָליצע שטיין אַ זאַך, וואָס עס פאַרגלוסט זיך אים, אָדער ער האָט זיך דערמאָנט, אַז עס פעלט אויס אין שטוב, לייגט ער עס שוין אַריין אין וועגעלע.

אין אָט דעם „סופּערמאַרקעט" קאָנסטו קויפן, אַלע זאַכן צום עסן, אַלע זאַכן פאַר דער קיך און... אַלע זאַכן וואָס מען דאַרף האָבן אין אַ שטוב. דאָס וואָרט „נישטאָ", עקזיסטירט נישט אין „סופּערמאַרקעט". פּערפומע צו גאָלן זיך, אַ פּראָשעק פאַר די מייז, אַ ציין־בערשטעלע און אַ שמאַטע צו דער קיך. אַ פּראַ־באָטשניק צו עפענען קאָרקעס און הייס ברויט און וואַרעמע קנישעס פון קאַשע, נאָרוואָס פון אויוון אַרויס. אַלצדינג קריגסטו אין „סופּערמאַרקעט" דו דאַרפסט זיך אַליין נעמען אַלעס. נישטאָ קיין באַדינער. סיידן דו זוכסט אַן אַרטיקל און דו ווייסט נישט ווו עס ליגט — גיסטו אַ פרעג דעם באַלעבאָס. קיין באַדינער זע־נען נישטאָ. פאַראַן בלויז צוויי־דריי אַרבעטער וועמענס מיסיע איז — צוגרייטן די סחורה אין די פּאָליצעס. אַז מען גייט אַריין — זאָל אַלעס שטיין פאַר די אויגן.

ווען דער קונה האָט שוין אַלעס אַריינגעלייגט אין וועגעלע אַריין, קומט ער צו מיט דעם צו דער קאָכע, ביים אַרויסגאַנג. דאָרט, לייגט ער אַריין די סחורה אויף דער „סטויקע". דער קאַסיר — גיט עס אַ שלעפּ צו צו זיך, נעמט אין דער האַנט אַריין יעדער זאַך באַזונדער און מאַרקירט אין רעדזשיסטער די פּרייז פון יעדער פּראָדוקט. אָפּגעמאַרקירט — גייט אַרויס פון רעדזשיסטער דאָס פּאַפּירל מיט דער סומע געלט וואָס דער קונה דאַרף באַצאָלן. באַטרעפט דער איינקויף 13 דאָלאַר מיט צוויי סענט — באַצאָלט דער קונה... 13 דאָלאַר מיט צוויי סענט.

נישטאָ אַזאַ זאַך ווי „אָפּרייסן" די צוויי סענט. איך האָב אַפילו געזען אַ „פּאַק־טוראַ", אַ „אָרדער", פון 42 דאָלאַר מיט 4 סענט, און דער קונה האָט באַצאָלט ביזן סענט.

— אַזוי פירט מען זיך אין אַמעריקע!

וואָס טוען יונגע באַלעבאָסטעס וואָס האָבן קליינע, פּיצלעך, קינדערלעך און דאַרפן גיין איינקויפן אין „סופּערמאַרקעט"?



אַ בילד אויפגעכאַפּט אין אַ פּראָסטיקן פרימאָרגן, ווען די באַלעבאָסטער קומען אין קלייט אַריין איינקויפן שפּייז פאַר זייער שטוב.

וואָס זאָלן זיין טון? זיי נעמען די פּיצעלעך קינדערלעך, מעגן זיי אַלט זיין בלויז אַ פּאָר חדשים, לייגן זיי אַריין אין די קינדערשע וועגעלעך און פירן זיי מיט אין קלייט אַריין. ווען זיי קומען צו דער קלייט, לאָזן זיי איבער די וועגעלעך מיט די קינדערלעך אינדרויסן און זיי גייען אַריין אינעווייניק איינקויפן.

איי? אין דרויסן איז דאָך קאַלט? אָט איז דאָ נעכטן געווען 18 גראַד אונטערן נול.

נו, איז וואָס? די קינדער זענען גוט אַרומגעוויקלט און עס וועט זיי גאָרנישט שאַטן צו זיצן אין וועגעלע און אַריינכאַפּן אַ ביסעלע קעלט.

נייַן! זאָג מיר וואָס דו ווילסט, גאָלדע, בלויז אין אַמעריקע קאָן מען אָט דאָס זען!

מוניס געשעפט איז נישט קיין „סופּערמאַרקעט", נאָר אַ פּשוטער „סטאָר". אויף צו עפענען אַ „סופּער־מאַרקעט" דאַרף מען האָבן עטלעכע הונדערט טויזנט דאָלאַר. פאַרגעס נישט, אַז מען גייט אַריין אין אַ „סופּער־מאַרקעט" און מען נעמט דאָס וועגעלע, קאָן מען דאָרט איינקויפן אַ גוטן פיש — טאַקע אַן אמתן קאַרפּ ווי ביי אונדז אין טעפליק. מען קאָן דאָרט קויפן אַ גוטן „סטייק" (ביף) און גלאַט פלייש אָדער אַן עוף. דער „סופּערמאַרקעט" איז ווי ביי אונדז אַ מערקאַדאָ. דער חילוק איז נאָר, וואָס איז אונדזער מערקאַדאָ, איז ביי יעדער שטעל (פּועסטאָ) פאַראַן אַ באַזונדער באַלעבאָס און אָט די באַלעבאַטים פון די שטעלן, קריגן זיך אָפּט און קאָנקורירן צווישן זיך, און דער „סופּערמאַרקעט" דאָ, אין אַמעריקע, געהער צו איין באַלעבאָס, וועלכער שטייט ביים רעדזשיסטער (קאַכאַ) און האַלט אין איין קלאַפּן און מאַרקירן וויפל יעדער קונה קויפט איין.

אין איין „סופּערמאַרקעט" פון ברוקלין בין איך אַריינגעגאַנגען. איך האָב זיך אַרומגעדרייט און גאָרנישט געטראַכט צו קויפן. בין איך אויסגעקומען אַ ביסעלע פאַרדעכטיק. איז צוגעקומען צו מיר איינער — דערנאָך בין איך געווירע געוואָרן אַז דאָס איז דער דעטעקטיוו פון סטאָר, — און מיך געפרעגט וואָס און וועמען איך זוך... מיין זשורנאַליסטיש קאַרנעטל אויף ענגליש, האָט מיר אַרויסגעהאָלפן און דער באַלעבאָס האָט מיך איינגעלאַדן צו זיך און מיר געגעבן עטלעכע אינטערעסאַנטע ידיעות וועגן אָט די סאָרטן געשעפטן! דערווייל בין איך געווירע געוואָרן, אַז אין אָט די „סופּערמאַרקעטן" ...גנבעט מען גאַנץ נישקשה־דיק! און די אויפגאַבע פון דעטעקטיוו איז אַכטונג צו געבן, אַז מען זאָל נישט אַריינלייגן אין קעשענע עפּעס אַ פּושקעלע קאוויאר אָדער אן אַנדער זאַך וואָס קאָן אַריין אין די הויזן־קעשענעס. שפּעטער, האָט מיר שוין מוני אויך דערציילט, אַז אויך ביי אים גנבעט מען און ער האָט שוין געפּאַקט נישט איין גנב. בעטי איז געווען ברוגז אויף מונין פאַרוואָס ער האָט עס מיר דערציילט. עס הייסט... פאַרשעמען איר אַמעריקע! ביי איר, אין איר געליבטער אַמעריקע, טאָר נישט זיין קיין גנבים! און אויב עס זענען יאָ פאַראַן — דאַרפן עס קיין פרעמדע נישט וויסן!

אָט אַזוי האָט מען ליב אַמעריקע!...

און, ווי אויף דער גאַנצער וועלט — איז אויך אין אַמעריקע פאַראַן אַ טאָג וואָס מען „ליקווידירט" ביליק סחורה. דאָ, הייסט עס: „סעיל". אין אָט דעם טאָג,

קאָן מען אין „סופּערמאַרקעט“ אָדער אין סטאָר נישט אַריינגיין, אַזוי ענג איז. מען קומט צעלויפן כאַפּן מציאות וואָס דער קרעמער האָט באַשטימט צו ליק־ווידירן פאַר וויניקער ווי עס קאָסט אים. אינטערעסאַנט איז: קיין פאַרלעגענע סחורה פאַרקויפט מען נישט! איז פאַראַן אַן אַרטיקל אויף וועלכן עס איז דאָ אַ חשד אַז עס טויג נישט — לייגט מען עס אַוועק אין דער זייט און ביי דער ערשטער געלעגנהייט שיקט מען עס אָפּ אין פאַבריק אַריין.

צו האָבן אָט די סטאָרס און „סופּערמאַרקעטס“ בלויז מעלות און נישט קיין חסרונות?

חלילה. דער גרעסטער חסרון איז, וואָס, אַז מען קומט צו צו דער „קאַכאַ“ אויף צו באַצאָלן, מוז מען אָפט שטיין אין אַ לאַנגער רייע און מען דאַרף, אָפט, וואַרטן שיינע עטלעכע מינוט ביז מען ווערט אַטענדירט! און, וואָס ביי אַן אַמע־ריקאַנער מענטשן און ספּעציעל, ביי דער אַמעריקאַנער פרוי, וואָס ביי איר הייסט פאַרלירן צייט — זאָלסטו גאָרנישט פרעגן. די גרעסטע טייל פרויען... אַרבעטן אויך. זיי אַרבעטן וויניקער שעהן, ווייל זיי דאַרפן אַטענדן די שטוב און צוגרייטן דעם „סאַפּער“, אַז ווען דער מאַן קומט, זאָל ער האָבן וואָס צו עסן! איז דאָס וואַרטן ביי דער קאַכאַ — און אין סטאָר און אין „סופּערמאַרקעט“ זענען פאַראַן עטלעכע „רעדזשיסטערס“ — זייער אַ ביטערער פּיל. מען ווערט נערוועזיש, מען קריגט זיך אַפילו און מען גייט אַרויס נישט צופרידן. עס טרעפט אויך, אַז ווען מען גייט אַרויס, טרעפט מען דאָס קינד — וואָס מען האָט געלאָזט אין דרויסן — וויינען, און...

אין עטלעכע טעג אַרום אָדער וואָכן, גייט מען ווידער אין „סופּערמאַרקעט“. וויניק, זייער וויניק פרויען, באַשטעלן זייערע פּראָדוקטן דורכן טעלעפאָן. די אַמעריקאַנער פרוי, האָט ליב צו זען וואָס זי קויפט און וואָס מען דערלאַנגט איר. ביים קצב (בוטשער) און פיש־מאַן, האָט זי ליב זיך צוצוקוקן ווי אַזוי... מען וועגט אָט דאָס פלייש אָדער די פיש. די איבעריקע פּראָדוקטן גייען אַלע אָפּגעוויגן און פאַרפּאַקעוועט אין סעלאָפאַן־פּאַפּיר, וואָס קאָן אויסהאַלטן וואָכן און חדשים.

און, איידער איך ענדיק דיר אָט דעם בריוו וועגן עסן און פרעסן, און אַז איך דערצייל דיר שוין די קיך־זאַכן פון דער אַמעריקאַנער פרוי, וועל איך דיר שוין אויך דערציילן, אַז דאָ איז איינגעפירט דאָס מען קויפט איין „אַלמאַסען“־זאַכן און אַפילו פלייש און פיש אויף גאַנצע וואָכן און חדשים! אָט דאָס וואָס דו הערסט! מען קויפט פלייש און מען לייגט עס אַריין אין פרידזשדער, אויבן, ווו עס פרירט אַממיינסטנס און עס ליגט אַזוי, אַ פּאָר וואָכן און אַ פּאָר חדשים און עס שאַדט דעם נישט. ווען מען דאַרף עס קאָכן, נעמט מען עס אַרויס אַ פּאָר שעה פריִער און ערשט דערנאָך קאָן מען עס שניידן אָדער האַקן! פאַראַן באַלע־

באָסטעס — האָט מיר דערציילט בעטי — וואָס ווינען ווייט פון צענטער ווו עס קאָסט ביליק, קומען זיי צעפאָרן איינמאָל אין פיר אָדער פינף חדשים, קויפן איין פלייש און באַהאַלטן עס אין פרידזשעדער. פאַראַן אין אַמעריקע... 41 מיליאָן פרידזשעדערס און אַלע זענען פול מיט עסנוואַרג וואָס ליגן אָפּ וואָכן און חדשים און קיינעם שאַדט עס נישט!

שטייענדיק ביי מונין אין סטאָר, האָב איך זיך באַקענט... מיט אַ שטיק אַמע־ריקאַנער לעבן! דער וואָס וויל קאָנען אַמעריקע פון אינעווייניק, דאַרף נישט פאָרן בלויז אָנקוקן די מיליאָנען ליכט־שיינען פון בראָדוויי, נאָר דאַרף זיך אַרומ־דרייען אין אָט אַזעלכע ערטער ווו דאָס פאָלק קומט. דאָ, קאָן מען אויסשטודירן דאָס אמתע לעבן פון אַמעריקאַנער מענטשן.

אָט, למשל: אינטערעסאַנט צו זען ווי דער מאַן קומט מיט דער פרוי איינ־קויפן די סחורה און איר העלפן פאַרטראָגן. פאַרגעס נישט, אַז די באַקאַליי־אַרטיקלען — דערהויפּט ווען מען קויפט אַ סך עסנוואַרג אין פּושקעס, וועגט אַ סך און פאַר אַ פרוי איז דאָס שווער צו טראָגן. קומט דער מאַן — אויב ער אַרבעט נישט ווייט, פריִער אַהיים, קומט ער העלפן טראָגן דעם „אָרדער". ער העלפט אויך אויסקלויבן די זאַכן וואָס מען דאַרף אַמנויטיקסטן האָבן אין שטוב. ווען עס קומט צום באַצאָלן — באַצאָלט די פרוי! זי האָט דאָס געלט פאַרן טאָג־טעגלעכן לעבן! ווען דער מאַן קומט אַהיים שבת פון שאַפּ, פון זיין אָפּיס און בכלל פון זיין אַרבעט, גיט ער אָפּ דער פרוי דעם קאָנווערט מיטן געלט־שכירות, וואָס ער האָט באַקומען און זי, טיילט אים אַרויס אויף זיינע וועכנטלעכע הוצאות און דאָס איבעריקע — טראָגט מען אין באַנק אַריין.

און נאָך אַן אינטערעסאַנטע זאַך: אין אָט די קליינטן פון עסנוואַרג, גיט מען נישט אויף באָרג! נישטאָ דאָ קיין „ביכל", אויף וועלכן דער קונה נעמט אָן אויף דער וואָך. פונקט ווי אַלעס, אַלע גרויסע זאַכן, קריגט מען אין אַמעריקע אויף אויסצאָלן אַ דאָלאַר אַ וואָך, אַזוי קאָן מען אין „סופּערמאַרקעט" אָדער אין עסנ־וואַרג־סטאָר נישט קויפן פאַר קיין צען סענט אָן געלט. פאַראַן קונים וועמען דער באַלעבאָס קאָן שוין יאָרן און יאָרן, אָבער, באָרגן אַ דאָלאַר וועט ער איר נישט! מען ווייזט נישט קיין וועג, אַז מען קאָן קויפן אויף באָרג!

איך האָב אַליין געזען, ווי עס האָט אַ קונהטע אויסגעפעלט זעכצן סענט צו איר „אָרדער", האָט זי אַרויסגענומען אַ פּושקעלע און געקויפט מיט איין זאַך ווייניקער!...

דאָס — איז מיר גראָדע נישט געפעלן! אָבער, ווער זאָגט דען, אַז אַלעס מוז מיר געפעלן אין אַמעריקע?...

אָט, למשל, איז מיר נישט געפעלן וואָס אין די גרויסע „סופּערמאַרקעטס"

שיקט מען נישט אָפּ די סחורה אַהיים. קומט אַ פרוי — אָפּט־אָפּט — אַן עלטערע פרוי און קויפט איין פּאַר עטלעכע דאָלאַר אירע פּראָדוקטן, דאַרף זי זיך אַליין שלעפּן מיט זיי. זי נעמט אַמאָל אַ טאַקסי אויף צוצופירן זיי אַ היים — בלויז אַ פּאָר בלאָק, איז נישטאָ ווער עס זאָל איר די סחורה אַרויסטראָגן צו דער טאַקסי. זי דאַרף זיך אַליין שלעפּן מיטן שווערן פּאַק! נו, איז דאָס יושרדיק!

דערפאַר, אָבער, אין די קלענערע סטאָרס, אַזעלכע ווי מוניס אַפילו, איז פאַראַן אַ בחורל וואָס פירט אָפּ די סחורה. דער בחור הייסט דאָ „אַ דילעיוועריבאָי“. זייער ווילע חברה, נאָר... זיי האַלטן זיך נישט אויפן פּאָסטן. אַלע צוויי וואָכן לויפט עס זוכן אַ בעסערע שטעלע. מוני האָט פון זיי געגנוג צרות דערפאַר...

לאָמיך דיר שוין אויך דערציילן, אַז אָט די „קליינע“ סטאָרס ווי מוניס, האָבן זיך אַרומגעקוקט, אַז אָט די „סופּערמאַרקעט“ וועלן זיי וואַרפן פון די פיס, האָבן זיי זיך פאַראייניקט אין אַ ריזיקער קאָאָפּעראַטיווע וואָס הייסט „קי־פּאָאַד“. אָט די קאָאָפּעראַטיווע קויפט איין אַלעס אין הורט. אַנדערע זאַכן, פאַבריקירן זיי אַליין און זיי קאָנען קאָנקורירן מיט די גרויסע מאַרקעטס וואָס האָבן אַ נאָמען — אַ פאַלשן נאָמען — אַז מען האַנדלט דאָרט „מציאות“. מוני, איז איינער פון די פירער פון אָט דער קאָאָפּעראַטיווע, וועלכע איז שוין אַ ריזיקע אונטערנעמונג און עס שטייט איר פאָר אַ גרויסע צוקונפט.

אין איינע פון מיינע נעקסטע בריוו, וועל איך דיר באַשרייבן, ווי אַזוי מען עפנט דאָ אויף אַ פּושקע און מען נעמט אַרויס פון דאָרט אַ... ראָסל־פליייש פון אַן עוף אָדער אַ יוך מיט קאַשע, אָדער א זראַזע פון רייז...

וועגן אָט די עסנס אין די פּושקעס, אָדער ווי זיי רופן זיי: „געקענטע“ עסנס, וועל איך דיר שרייבן אין אַ באַזונדער בריוו. דאָס איז איינע פון די אַמעריקאַנער וווּנדער מיט וועלכע עס לוינט זיך, אַז דו און דיינע חברטעס און די גאַנצע וועלט זאָל זיך באַקענען.

איצט, גיי איך שלאָפן, ווייל דער קאָפּ טוט מיך וויי. איך האָב געהאַלטן אין איין טראַכטן און מאַכן חשבונות:

וויפל באַטרעפט אין גריכישע דראַכמעס און אין איטאַליענישע לירעס דאָס, וואָס „גרייטער ניו־יאָרק“ עסט אויף אין... אַ חודש צייט?

## XVII

טייערע גאָלדע:

איך וויל דיר איצט באַשרייבן אַ ייִדישע „מלוכה" פֿון ניו־יאָרק. די דאָזיקע מלוכה געפֿינט זיך נישט דירעקט אין ניו־יאָרק, נאָר אין שכנות מיט אָט דער מיליאָנען־שטאָט, אין אַ געגנט וואָס געפֿינט זיך אין „גרייטער־ניו־יאָרק", טאַקע נישט מער ווי אַ האַלבע שעה רייזע מיט אַ סובטוע אונטערן... וואַסער.

יאָ! אַזוי איז ניו־יאָרק. די סובטעס גייען דאָרט אונטער דער ערד, אויף די דעכער, און זיי גייען אויך אונטער דעם וואַסער. אויבן — איז אַ גרויסער, ברייטער טייך, און אונטערן טייך האָבן אַמעריקאַנער אינזשעניערן אַוועקגעלייגט גרויסע, גראַנדיעזע „טובעס" און אין אָט די טובעס פֿאָרן באַנען, פֿאָרן אויטאָס מיט קאַמיאָנען (טראָקס) און ווער ווייסט צי עס וועט נישט קומען קיין צייט, אַז דורך אָט די „טובעס" וועלן... פֿליִען אַעראָפּלאַנען! אויף אַמעריקע, אויף אַמעריקאַנער אינזשעניערן, איז אַלץ צו גלויבן!

אַלזאָ, ווען איך בין געקומען קיין אַמעריקע, און די ייִדישע און די ענגלישע צייטונגען — די גרעסטע אין דער וועלט — האָבן געשריבן, אַז איך בין דאָ צו גאַסט אין ניו־יאָרק, האָב איך באַקומען צוגעשיקט אַ וואַרעם בריוועלע, פֿון אָט דער „ייִדישער מלוכה", אין וועלכן מען האָט מיך, פֿריינטלעך איינגעלאַדן צו קומען אַהין.

די דאָזיקע „ייִדישע מלוכה" הייסט:

„מאַנישעוויטץ מצה־פֿאַבריק".

דוכט זיך מיר, זינט איך שטיי אויף מיינע פֿיס און זינט איך לייען ייִדישע בלעטער — הער איך דעם נאָמען פֿון דעם גרויסן ייִדישן פֿאַבריקאַנט פֿון ייִדישע שפּייזן:

„די ב. מאַנישעוויץ קאָ."

נישט איינמאָל פֿלעג איך טראַכטן: אַמעריקאַנער ייִדן האָבן צו אַלץ מזל! טאָמער דאַרף עמעצער אויסבויען אַ פֿאַבריק ווו מען זאָל קענען קריגן עפּעס אַ פֿיין שטיקל מצה, אַ פֿיין פּסחדיק אָדער חמצדיק מאכל — דאַרף עס טרעפֿן דווקא אין אַמעריקע און נישט אין אונדזערע מקומות!... ביי אונדז, דאַרפֿן מצות אויף פּסח באַקן... גויִים!

ווען איך האָב באַקומען די איינלאַדונג צו באַזוכן אָט די פֿאַבריק וואָס זאָרגט פֿאַרן אַמעריקאַנער ייִדנס אַפּעטיט, האָב איך געמיינט, אַז מאַנישעוויץ פֿאַבריקירט בלויז מצות אויף פּסח און דאָס האַלל! לאָזט זיך אויס, אַז:

— אַ גוטן רויטן באָרשט — מאַכט מאַנישעוויטש — אַ גוטן „טשאַוועל"־באָרשט — גרייט צו מאַנישעוויטש! — אַ גוט שטיקעלע געפילטע פיש, ווער מאַכט? — מאַנישעוויטש!

איך בין געוואויר געוואָרן, אַז מאַנישעוויטש פאַרזאָרגט די גרעסטע טייל ייִדן פון אַמעריקע מיט אַ פאַרטיקן אָנבייסן אָדער וועטשערע און מיט עסן אויף די גאַנצע אַכט טעג פסח, און... אויף אַלע טעג פון יאָר!



הרב פישמאַן־מימון (געוועזענער רעליגיע־מיניסטער פון ישראל), צוזאַמען מיט נאָך רעליגיעזע פאַרשטייער אויף אַ באַזוך אין דער מאַנישעוויטש־מצה־פאַבריק.

איך האָב מיינע אויגן נישט געוואָלט גלויבן, ווען מוני האָט מיר געוויזן וואָס מאַשינעוויטש פאַבריצירט פאַר די אַמעריקאַנער מענטשן און ספּעציעל פאַר אַמעריקאַנער ייִדן!

פאַר אַלעס: — אַלץ וואָס מאַנישעוויטש פאַבריצירט איז שטרענג, גאָר שטרענג כשר! און נישט פון „יענע" „כשרותן", וואָס מען נעמט אַ פאָר טולער און מען „כשרט" די מיל, און מען גיט אַוויסאָס, אַז אַלץ איז שוין כשר און איר קענט, ייִדעלעך, עסן!

עס איז נישט פון יענע „כשרותן", וואָס איר קויפט אַ פלאַש וויין און עס שטייט אויף דעם אַ קוויטל: „כשר לפסח", בהכשר הרב גמליאל בן פדהצור, און ווען איר קלייפּט אָפּ דאָס כשרע קוויטל, טרעפט איר, הינטן, אַ צווייט קוויטל וואָס זאָגט זיך „ווינאָ טאָראָ" אָדער „ווינאָ מענדאָסאַ"!

דאָ — אַזוי קלערט מען מיר אויף — איז היינט אַזוי שטרענג כשר, אַז דער פרומסטער ייִד קען עס עסן און זיך מהנה זיין.

און, אַליין, אָן באַגלייטער, האָב איך זיך געלאָזט „אונטערן ים“ און בין בשלום אָנגעקומען קיין „דזשורזי סיטי“ צו דער ייִדישער מלוכה, ווי אינדרויסן שטייט אָנגעשריבן מיט גרויסע אותיות:

„די ב. מאַנישעוויטש קאָ.“



דאָס פּראָדוצירן די געפילטע פיש. בערל און וויליאַם מאַנישעוויטש באַטראַכטן דאָס מאָדערנע פּאַקן פון פיש.

וואָס זאָל איך דיר זאָגן, גאָלדע, מיר דוכט זיך, אַז בלויז אָנקוקן אָט די ייִדישע פאַבריק, אָנקוקן ייִדישע אַרבעט און ייִדישע אחריות, איז ווערט געווען די רייזע קיין אַמעריקע. איך בין זיכער, אַז קיין שום אַרגענטינער ייִד וואָס האָט באַזוכט אַמעריקע, האָט נישט געפונען פאַר נייטיק אָפּצושפּאָרן אַ ביסל צייט און אָנקוקן אָט יענעם מקום, וואָס שפּייזט טעגלעך הונדערטער טויזנטער ייִדישע און נישט־ייִדישע מענטשן אין אַמעריקע.

איך זאָג דיר „נישט־ייִדישע“, ווייל לויט ווי מוני — וואָס האָט אַ קלייט ווו מען פאַרקויפט אָט די כשרע, פאַרטיקע, שפּייזן, — און לויט ווי אַנדערע האָבן מיר שוין דערציילט, קויפן אָט די פּראָדוקטן טויזנטער און הונדערטער טויזנטער אַמעריקאַנער נישט־ייִדן, וועמען עס געפעלן די ייִדישע מאכלים. עס גייט טאַקע אַרום אַ וויץ אין ניו־יאָרק, אַז מאַנישעוויטשעס פאַבריק

האָט צוגצויגן צו יידישקייט, טויזנטער אַמעריקאַנער און דערמיט אָפּגעשוואַכט זייער אַנטיסעמיטיזם...

אַלזאָ, איך וועל דיר פאָרזעצן צו באַשרייבן די פאַבריק. דאָ, ווו איך בין איצט געווען, באַקט מען בלויז מצות און די סוב־פּראָדוקטן פון מצות, ווי פאַרפל, מצה־מעל, זיסע מצות אאז״וו. די אַנדערע צענדליקער קלאַסן פּראָדוקטן, ווערן אויסגעאַרבט אין פאַבריקן, וואָס זענען פאַרבונדן מיט דער פירמע ב. מאַנישע־




הרב אליעזר סילווער, פּרעזידענט פון אגודת הרבנים אין קאַנאַדא און אַנדערע פּראָמי־נענטע רבנים באַ־טראַכטן דאָס באַקן „שמורה־מצה״ אין דער מאַנישעוויטש־פאַבריק.

וויץ און קאָ. באַזונדערס באַקאַנט זענען די פאַבריקן אין סינסינעטי און אין וויינלענד.

איך קום צו צו דער פאַבריק. באַלד, ביים טויער, דערפילסטו „אַ יידישע טעריטאָריע״... עס פאַרשווינדט דער לויפנדיקער, רעשנדיקער, פאַרשייטער אַמע־ריקאַניזם, און דו געפינסט זיך אין אַ רויקער, בנעימותדיקער און טראַדיציאָנע־לער יידישער פאַבריק, יידישער היים, וואָס — ווו דו גיסט זיך נישט אַ דריי — שמעקט מיט יידישקייט, מיט טראַדיציע־היימישקייט, און מיט... טעפליק!

דער אַסענסאָריסט, וואָס פירט דיך אַרויף, אויפן פערטן שטאָק, ווו די אַדמיניסטראַציע געפינט זיך — איז אַ פשוטער ייד, אַנגעטון אין אַ ווייסן כאַלאַט מיט אַ יאַרמעלקעלע אויפן קאָפּ, און מיר דוכט זיך, אַז... ער קאָן מערער לער־נען פון מיר! זיין אויפן פון מיך פרעגן, וווהין איך דאַרף? איז געווען פון אַ

איידעלע ייִדן, וואָס זיצט אויף אַ בענקל און פּירט אַרויף און אַראָפּ הונדערטער מענטשן אַ טאָג — אַ חוץ שבת און יום־טוב, — ווען די „ייִדישע מלוכה" רוט.

אַ גרויסער, ליכטיקער זאַל — דאָס איז די אַדמיניסטראַציע. פון אָט דער גרויסער ייִדישער אונטערנעמונג. אַ עולם, יונגע און עלטערע, זיצן ערנסט איבער זייערע שרייב־מאַשינקעס אָדער ביכער און פּאַפּירן! אייניקע מענער טראָגן... קליינע קיילעכדיקע יאַרמעלקעלעך.

איך בין זייער פריינטלעך אויפגענומען געוואָרן פון ה' חיים פּאָמעראַנץ, אַ



ה' וויליאַם מאַנישעוויטץ דערקלערט די באַדייטונג פון פּסח צו ת"ת־תלמידים, וואָס קומען באַזוכן די דאָזיקע באַרימטע מצה־פאַבריק.

מענטשן אַן אינטעליגענט מיט... אַ פּען אין דער האַנט, טאַקע אַ שטיק שרייבער, וועמענס נאָמען פיגורירט שוין אין קאַטאַלאָג פון ייִדישע ביכער, און פון זיין אַרוסהעלפער ה' גאָרפיין. אין אין זייער באַגלייטונג האָב איך אויסגעשפּאַצירט די גאַנצע פאַבריק.

אינטערעסאַנט צו זען די מדרגה פון מעכאַניזירונג פון דער פאַבריק און ווי גיך אַלץ גייט־צו! ווי ריין די מענטשן, וואָס דרייען זיך דאָרט אַרום, גייען אָנגעטון. אין אַלע אָפּטיילונגען דרייט זיך אַרום אַ משגיח, וואָס איך בין זיכער, אַז — אויב ער איז נישט קיין רב — האָט ער סמיכה אויף רבנות!

— וואָס קריגט מען ביי אָט דער פירמע אַ חוץ מצות און מצה־מעל?
— און... וואָס קריגט מען דען נישט?
ווילסטו גוטע שמעקנדיקע טיי? — איז פאַראַן „מאַנישעוויטץ״־טיי״. געפּאַקט אין גלייכע זעקעלעך און יעדער זעקעלע איז גענוג אויף דריי־פיר גלע־זער טיי. אָט די זעקעלעך ווערן געפּאַקט צו 16 אָדער 48 אין אַ פּושקעלע און... אַמעריקאַנער באַלעבאָסטעס האָבן שטענדיק טיי צו דער האַנט. די טיי ווערט געפּאַקט אויטאָמאַטיש און איז שטרענג כשר לפסח.



אַ ווינקל אין דער מאַנישעוויטץ־פאַבריק אין דזשוירזי־סיטי.

אָבער, בלויז טיי? נו, צימרינג, זויער זאַלץ, זויערע אוגערקעס, זויער קרויט, זויערע טאָמאַטן און אַלץ וואָס עס קומט צו אַ ייִדישן טיש! אַלץ גרייט צו די ב. מאַנישעוויטץ פירמע.

דאָס שענסטע אָבער, וואָס דו קריגסט אין אָט דער „ייִדישער מלוכה״ איז: אַ פולשטענדיק פסחדיקער — און אויך חמצדיקער — טיש.

אָט האָסטו אַ צעטל פון מאכלים:
— געפילטע פיש.
— כריין, גוטן געשמאַקן כריין, פערווי סאָרט.
— קניידלעך פון מצה־מעל מיט יויך פון עוף.
— ריינע יויך פון עוף.

— אַן אָפּגעקאָכט עוף, וואָס מען דאַרף נאָר דערוואַרעמען און מען קאָן עס עסן.

— פּיינעם קאָמפּאָט פון כלערליי פּרוכטן.

דאָס אַלץ גייט „געפּאַקעוועט" אין גלעזערנע אָדער מעטאַלענע כלים און זיי קאָנען אָפּשטיין וואָכן, חדשים, און יאָרן און נישט קאַליע ווערן.

איצט, קאָנסטו שוין פאַרשטיין, גאָלדע, וואָס פאַר אַ גוט לעבן אַ באַלע־באָסטע אין אַמעריקע מאַכט. אויב זי האָט געסט אין שטוב, דאַרף זי נישט האָרעווען ווי איר, דאָרט, האָרעוועט, קאָכט און באַקט און פּרעגלט און ווערט



הרב יוסף א. העגקין, באַרימטער רעליגיעזער פירער, אין דער באַ־גלייטונג פון די ה"ה (פון לינקס צו רעכטס): בערנאַרד מאַנישעוויטץ (פּרעז.), בערל און וויליאַם מאַנישעוויטץ.

פאַרשוואַרצט, און ווערט מיד, און אַז די געסט קומען צו גיין, האָט איר, ווייבער, קיין כוח נישט צו זיצן ביים טיש!

דאָ, איז דאָס לעבן לייכטער פאַר דער באַלעבאָסטע. דאָ, רעדט זי טעלעפאָ־ניש אין „סטאָר" אַריין, אָדער זי גייט אַליין צו, „אָרדערט" איין פּושקעלעך פון מאַנישעוויטצעס פּראָדוקטן וויפל זי וויל אַליין און ווען די געסט קומען — איז אַלץ דאָ פאַרטיק!

און, אַמעריקאַנער ווייבער, וואַרטן גאָר נישט, אַז געסט זאָלן קומען, כדי צו גיין איינקויפן די פּושקעס עסנוואַרג! דו וועסט זעלטן טרעפן אַ שטוב, ווו עס זאָל נישט זיין צוגעגרייט פון פריער, עטלעכע פּושקעלעך, אפילו געקאָכטע רייז „אַלאַ וואַלענסיאַנאַ", אַ פאָר סלויעקלעך מאַנישעוויטצעס געפילטע פיש, אַ ביסעלע כריין צו זיי, און טאַקע אַ פאָר „טאַראָס" מיט אָפּגעקאָכטע עופות!

נו, איז שוין אַ חידוש, וואָס די אַמעריקאַנער פרוי קאָן גיין אַרבעטן? אַז קיין פּראָבלעם פון צושטעלן אָנבייסן פאַר דעם מאַן — האָט זי נישט! זי דאַרף

אַפילו נישט קאָנען קאָכן! מאַנישעוויטץ האָט פאַר איר צוגעגרייט גוטע קעכנעס און זיי קאָכן שוין פאַר איר אויך.

דאָן פירט מען מיך אַריין אין אַן אָפּטיילונג וווּ עס זיצט אַ יונגע פרוי וועמענס אַרבעט איז: — געבן עצות די פרויען, ווי אַזוי צוצוגרייטן געשמאַקע טעלערס פון די פּראָדוקטן וואָס זיי קויפן. די דאָזיקע פרוי רעדט ענגליש — פאַר די יונגע באַלעבאָסטעס און רעדט אין יידיש פאַר די עלטערע ווייבער,



פסחדיקע פּראָדוקטן פון מאַנישעוויטץ־פאַבריק, וואָס מען טרעפט אין אַלע גרעסטע געשעפטן פון אַמעריקע.

וועלכע ווילן אויך הנאה האָבן פון דער מאָדערנער טעכניק פון קאָכן. עס וועט נישט זיין איבערטריבן, ווען איך וועל דיר דערציילן, אַז צאָלרייכע יידישע פרויען הערן אָט די לעקציעס, ווי אַזוי מען גרייט צו אַ שיינעם טעלער פאַר געסט...

בכלל, הערט מען זייער גערן אין אַמעריקע די יידישע ראַדיאָ און ספּעציעל — אינפאָרמאַציע וועגן מאַנישעוויטץ פּראָדוקטן.

מען האָט מיך אויך אַריינגעפירט אין אַ גראַנדיעזער לאַבאָראַטאָריע, וווּ עס זיצן און שטייען כעמיקער און שטודירן נייע מיטלען, כדי צו פאַרבעסערן די עסנס און כדי צו געפינען נייע מעטאָדן פאַר נייע... מאכלים. דו וואָלסט זיך געמעגט פאַרגינען אָנקוקן אָט די לאַבאָראַטאָריע, וווּ מען שטודירט ווי אַזוי צו מאַכן, אַז אַ... יידיש געפילט שטיקל פיש — זאָל זיין געשמאַקער און עס זאָל זיך עס גלוסטן צו עסן!

דאָס קאָן מען בלויז קריגן אין אַמעריקע!...

אין דער שפּיץ פון אָט דער צוגרייטונג פון עסנוואַרג אין פּושקעס, שטייט אָט די גרויסע יידישע פאַבריק, די גרויסע „יידישע מלוכה", וואָס טראָגט דעם נאָמען „ב. מאַנישעוויטש קאָ."

מיר דאַכט זיך, אַז אויב איך וועל לעבן 120 יאָר, וועל איך נישט פאַרגעסן דאָס אַלץ, וואָס איך האָב היינט געזען. דאָס יידישסטע פון יידישן לעבן — דאָס — באַקן מצה־לפּסח — ווערט מיר שטיין פאַר מיינע אויגן! איך האָב פאַרגלייכט



די „עקספּערימענ־טאַלע קיך" וואָס אַ ר ב ע ט אויס כ ש ר ע מאכלים.

אונדזערע היימישע קליינשטעטלדיקע מצה־בעקער, און אָט די גרויסע פאַבריק פון ב. מאַנישעוויטש וואָס באַקט אויס מיליאָנען און מיליאָנען קילאָ מצות יאָר איין יאָר אויס.

אַגב, איך האָב זיך דערמאָנט, וואָס איינער אַן אינטעליגענטער שרייבער, וואָס האָט פאַר מיר באַזוכט אָט די פאַבריק — קאָלעגע מאיר קוטשינסקי, האָט דערציילט וועגן זיין באַזוך אין אָט דער פאַבריק. אויך ער איז איבערראַשט און עמאָציאָנירט געוואָרן!

זיין באַזוך אין אָט דער פאַבריק באַשרייבט ער אַזוי:

די איינלאַדונג צו באַזוכן מאַנישעוויטשעס אינדוסטריע איז געווען נישט צו־ליב רעקלאַמע, ווייל סיי ווי ווייסן מיר, אַז מאַנישעוויטשעס מצות זענען די „קרו־כעלסטע און באַטעמטסטע מצה פון אַלע מצות", נאָר ווייל איינער פון די גע־שעפטספירער פון אָט דער פאַבריק (וואָס חוץ מצות שטעלט זי צו צום יידישן טיש עכט־יידישן כריין און עכט־יידישע געפילטע פיש) איז געכאַפּט אין דער מעשה פון שרייבער, אַ לערער, חיים פּאָמעראַנץ איז זיין נאָמען.

האָט ער זיך געוואָלט באַווייזן נישט מיט זיינע ליטעראַרישע שאַפונגען (מיט דעם נעמט זיך, כידוע קיינער נישט איבער פון אַ קאָלעגע), נאָר מיט זיין מצות־אינדוסטריע, די וועלט־באַרימטע פאַבריק, וואָס איר זכות הקיום האָט זי צו פאַר־דאַנקען דעם נס פון יציאת מצרים, ווי אַזוי זי באַווייזט צו רעדלען און צו אויס־אַרבעטן אַזויפיל מצות פאַר מיליאָנען יידן אין אַמעריקע און אין גאַר דער וועלט.

אויפן וועג אַהין האָבן מיר זיך פאַרגעשטעלט דעם באַקאַנטן ערב־פּסחדיקן האַרמידער מיט דעם לשון פון די מצה־בעקער, דאָס איבעררופן זיך פון די „שי־בערס" מיט די „דערלאַנגערס" מיט די „וואַלגערקעס", די „רעדלערס" און איבער זיי שטייט מסתמא אַ גרויסע מחנה נאמנים און משגיחים, — מאַנישעוויטשעס



די שול אין מאַנישעוויטצעס פאַבריק, וווּ עס ווערט געדאַוונט אַלע טאָג, ביי אַ געפּאַקטן עולם (פון די אַרבעטער זעלבסט).

מצות זענען כשר למהדרין מן המהדרין, — וואָס פליגעוועז שטרענג די דיני הכש־רות, און מען ווערטלט זיך און מען זאָגט זיך אַריין מיטן באַקאַנטן מצה־בעקע־רישן זשאַרגאָן און אַוודאי ערגעץ פאַרשטעקט אין דער גרויסער פאַבריק, בחדרי־חדרים, בסוד־סודות, ווערן געוואַלגערט איינס אויף איינס דורך ציטערדיקע יראַ־שמימדיקע הענט די מצה שמורה, פאַר יחידי־סגולה, יראים וחרדים וואָס אין גרויסן לאַנד ציילן זיי אויך מסתמא אין די צענדליקער טויזנטער. וואָס נישט?

אָט אַזוי, האָט זיך פּרייַנט קוטשינסקי פאָרגעשטעלט די דאָזיקע מצה־פאַבריק און... ער ווערט „אַנטוישט“! און ער דערציילט ווייטער:

פאָרן מיר מיטן גרויסן מאַנישעוויטץ־אויטאָבוס, דורך בריקן און טונעלן, אַרויס פון ניו־יאָרק צום קעגנאיבערדיקן ברוקלין, אין פאַבריטשנע און שטאַרק־חמצדיקע גאַסן, פאַרלייגטע און פאַרקאָפּטשעטע, ביז מיר שטעלן זיך אָפּ פאַר אַ גרויִען, נישט־געטונקעוועטן בנין:



צו פייערן „300 יאָר יידן אין אַמעריקע“ האָט מאַנישעוויטץ־פאַבריק אַרויסגעלאָזט אַ ספּעציעלן הענג־קאַלענדאַר, סימבאָליזירנדיק יענע עפּאָכע.

מאַנישעוויטצעס מצות־פאַבריק.

ווי דערשטוינט זענען מיר געווען צו זען די וווּנדערבאַרע מאַשינעריע און דעם העכסט־אינטערעסאַנטן אופן פון באַקן.

און אָט ווי עס ווערט אויסגעבאַקן די מצה:

עס באַווייזט זיך אַ מעכטיקע אייזערנע צוואַנג. זי גיט אַ באַפּ דאָס זעקל מעל און שיט עס אַרויס אין אַ נאַרוואָס אָפּגעשייערטן, בליאַנקענדיקן קעסל. באַלד קומט אַ צווייטע גולמדיקע האַנט און עפּנט אַ וואַסער־קראַן. די זעלבע האַנט מיט שאַרף־פּאָלירטע, גלאַנציקע קלעשטשעס, קנעט דאָס טייג שנעל, כּדי עס זאָל נישט יוירן, חמצן. די „מיירע" ווערט געוּומען. דאָס טייג וויקלט זיך און פּרעסט זיך וואָס אַמאָל דינער און דינער ביז עס ווערט אַ מין לאָקשן־בלאַט. איצט לויפט דער באַנד שנעל צו צום אויוון. האַרט פאַרן אויוון ווערט די מצה גערעדלט און געשניטן דורך אַזעלכע אויטאָמאַטישע מאַשינקעס. צוזאַמען מיטן לויפנדיקן באַנד קריכט די מאַנישעוויטץ־מצה אַריין אין אויוון און כהרף־עין קומט דער באַנד, ווי יענע לעגענדאַרע פייערדיקע צונג, וואָס קען נישט אָפּגעשניטן ווערן, אַרויס פון אויוון מיט די גליענדיקע מצות. באַלד, אין דער זייט, שטייען שוין אָנגעגרייט, אָנפּאַרנדיקע שעכטלעך, וואָס אַ באַזונדערער מאַשין־קאָמפּלעקס מיט לויפנדיקע בענדער מושטירן אויס אָנטקעגן דעם אַרויסגאַנג פון אויוון. אויטאָמאַטיש ווערט דאָס שאַכטל געוויגן און דאַן ווייטער אַוועקגעשלעפּט צום פּאַרקלעפּן און אויף וועלכן עס שיינט שוין אַראָפּ דער באַקאַנטער עטיקעט:

„מאַנישעוויטצעס מצות. כּשר לפסח".

די פּעקלעך, ווי יעדע באַזונדערע מצה, איז צו זיך גלייך, ווי צווי טראָפּנס וואַסער „שטאַנדאַריזירטע" מצות, אַמעריקאַנישע מצות.

ווער פירט אָן מיט דעם אַלעמען? — דאָס איז אַ סוד — אָבער עס איז אַ פּאַר־כאַפּנדיקער פּראָצעס. די גולמדיקע קלעשטשעס פירן אַראָפּ די קאָסטנס אונטן אַראָפּ צו די סקלאַדעס. און עס הייבט זיך אָן אויפסניי, אַ גלגל החוזר. אַזוי ווערט באַזאָרגט מיט מצות דער קאָנטינענט, אויף וועלכן עס לעבן 5 מיליאָן יידן, און עס דוכט זיך, אַז נישט בלויז פאַר 5 מיליאָן יידן קען די פאַבריק צושטעלן מצות, נאָר פאַר דער גאַנצער מענטשהייט.

אין אַ פליגל פון אָט דעם בנין איז איינגעאָרדנט אַ בית־מדרש מיט אַן ארון־קודש, וואָס איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר פולשטענדיקער כשרות.

עס דערקלערט אונדז פריינט פּאָמעראַנץ, אַז דער אַלטער מאַנישעוויטץ איז שוין אויפן עולם האמת, און ער פּרעזענטירט אונדז גלייך די יונגע מאַנישע־וויטצעס, די יורשים — פּסחדיק־פייערלעך, עלעגאַנט און גביריש געקליידט, — אַמעריקאַניש־געבילדעטע אָבער אויך טראַדיציאָנעל־יידישע. אין קאַנטאָר זענען זיי געזעסן אין די יאַרמעלקעס.

די באַלעבאַטים, די יונגע מאַנישעוויטצעס, לאַדן אונדז איין צו מיטיק, וואָס ווערט סערווירט טאַקע אין דער פאַבריק, אין איינעם פון די זאַלן לעבן דער מיסטעריעזער מאַשינעריע. מיט אונדז האָבן זיך אויסגעמישט נאָך

ייִדן, אייניקע פון זיי האָבן דערלאַנגט צום טיש. עס איז געווען פון כל־טוב, אָבער אַלץ פון דער מאַנישעוויטץ־פּראָדוקציע: „פּיסאַכאָווקע״, קניידלעך און אַפילו דער היימישער עכט־פּסחדיקער רויטער באָרשט. ס׳האָט אַ ווייַע געטון מיט עכטן פּסח, כאָטש ס׳איז געווען ערשט אלול.

איינער פון די מאַנישעוויטשעס באַגריסט אונדז אין ייִדיש. געוויזן ווי אַזוי עס שאַפּט זיך דער סינטעז פון קאָמערץ מיט ייִדישקייט; ביזנעס און כשרות. און שטאַרק באַטאָנט דעם פּיאָנערישן גייסט פון זיין פאַרשטאָרבענעם פאָטער, וואָס האָט אַ סך בייגעשטייערט צום אויפהאַלט פון ייִדישקייט ביי אַמעריקאַנער ייִדן.

איך האָב זייער אַ סך געלייענט וועגן מאַנישעוויטץ־פאַבריק. איצט האָב איך געזען מיט מיינע אייגענע אויגן, און... עס איז טויזנט מאָל שענער און רעאַליסטישער ווי אַנדערע דערציילן אָדער באַשרייבן!

ווען איך בין שפּעטער געקומען אַהיים און דערציילט מונין די גרויסע זאַכן, וואָס איך האָב היינט געזען, האָט ער מיך... אָנגעקוקט ווי אַ ווילדן! ביי זיי, ביי די אַמעריקאַנער, איז, אָט דאָס אַלץ, אַזוי געוויינלעך, אַזוי, פּשוט, פּונקט ווי ביי זיי איז געוויייינלעך, אַז... אַלע טאָג מוז ערגעץ זיין אַן „האָלד־אַפּ״ (וועגן דעם — וועל איך דיר באַזונדער שרייבן...). ביי אים, ביי מונין אין קלייט, אַ געשעפט פון עסנוואַרג, פאַרקויפן זיך אין די שווערע טויזנטער אָט די מאַנישעוויטשעס פּראָדוקטן, און נישט בלויז ייִדן קויפן זיי — טויזנטער קריסטלעכע היימען נוצן זיי! וואָס פאַר אַ נייעס איז דאָס? ער גלויבט מיר נישט, אַז ביי אונדז, אין אַרגענטינע, זענען אָט די פּראָדוקטן נישטאָ!... גיי דערצייל אים, אַז ביי אונדז, איז דאָס שוין גראַדע אַ נייעס!

נאָכדעם ווי איך בין געווען אין אָט דער גרויסער פאַבריק וואָס גרייט צו עסן פאַר מיליאָנען מענטשן, און נאָכדעם ווי מוני האָט מיר דערציילט וויפל עסנוואַרג זיין „סעלף־סערוויס״ (אַליין זיך באַדינען) געשעפט, פאַרקויפט אַ טאָג, האָב איך שוין געגלויבט, וואָס איך האָב געלייענט אין די „פּייפּערס״ וועגן ניו־יאָרקער עסערס:

ניו־יאָרק פּראָדוצירט מער געראויכערטע פלייש־פּראָדוקטן ווי שיקאַגאָ אָדער דענווער, וועלכע שמען אַלס פלייש־צענטערס און ווו מען האַנדלט אין די פּיס שאָף און חזירים, וואָס ניו־יאָרק עסט־אויף. ניו־יאָרק האָט מער וווּרשט־פאַבריקן ווו מען מאַכט „פרענקפורטערס״, אַלערליי „קאָלבאַסעס״; האַרטע אָדער ווייכע ווורשטן, געראויכערטע „העמס״ (שינקע) און אַנדערע פלייש־פּראָדוקטן, ווי מען מאַכט אין שיקאַגאָ אָדער אין דענווער.

ניו יאָרק שיקט פונאַנדער אירע פלייש־פּראָדוקטן צום גאַנצן לאַנד און

אויך אין די מערסטע אויסלענדישע לענדער איבער דער וועלט, אַזוי ווייט ווי קיין אַפריקע אָדער יאַפּאַן.

ניו־יאָרק האָט אויך די גרעסטע בעקערייען אין דער וועלט. און דאָס באַציט זיך אויף ברויט און מאַסיטעס־בעקערייען און אויך אויף די בעקערייען, וווּ מען באַקט אַלערליי ביסקוויטס. נעבן אָט די בעקערייען, טרעפט איר אָפט אַן אָטשע־רעד פון 2 בלאָק און אַמאָל מערער! דאָס וואַרט מען צו קויפן „קעיק" — מאַ־סיטאָס.

ניו יאָרק איז נישט קיין „חזירטע", זי „נעמט" טאַקע פון דער גאַנצער וועלט די מערסטע פּראָדוקטן און שפּייזן וואָס זי דאַרף האָבן פאַר איר אויסקו־מעניש און זעטיקן די אַפּעטיטן פון אירע איינוואוינער.

אָבער, אין דער זעלבער צייט, „גיט" זי אויך ברייטהאַרציק צו אַנדערע שטעט און לענדער. זי שיקט פאַנאַנדער אירע פּראָדוקטן וואָס זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן פון רוי־שטאָפן אין עסבאַרע, געשמאַקע מאכלים צו דער גאַנצער וועלט. אַפילו אין די ווייטסטע ווינקעלעך פון דער ערד קוויקט מען זיך מיט אַזעלכע מאכלים ווי פּאָמפּערניקל, אָדער קאָרענעם ברויט, וווּרשטן, פּאַסטראָמיס און אַפילו געפילטע פיש, קניידלעך, קעז־בלינצעס און קנישעס וואָס זענען געקאָכט אָדער געבאַקן געוואָרן אין ניו־יאָרק און וואָס ווערן איצט פונאַנדערגעשיקט צו זולל־וסובאס איבער דער גאַנצער וועלט.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ווען איך האָב, ביינאַכט אויפן געלעגער, נישט געקאָנט אַנטשלאָפן ווערן, זייענדיק נאָך אונטערן איינדרוק וואָס איך האָב היינט געזען אין מאַנישעוויטשעס פאַבריק, האָב איך צו זיך אַליין גערעדט:

אַמעריקע! דו ביסט גרויס!...

## XVIII

טייערע גאָלדע:

איך בין דיר „געבליבן שולדיק" צו באַשרייבן ווי אַזוי איך האָב „קריסט־מעס"־נאַכט פאַרבראַכט אין אַ אומאַניער סביבה ביי ליאָווע טעפּליצקי.

איצט, האָב איך מערער אַ ביסעלע צייט און איך „באַצאָל דיר מיין חוב".

איך האָב דיר שוין געשריבן: די אַמעריקאַנער מענטשן — דערוויל רעד איך וועגן די ניו־יאָרקער ייִדן — האָבן נישט קיין סך צייט און קיין סך מעגלעכ־קייט צו גיין צו גאַסט. אין אַמעריקע לעבט מען שנעל! צייט איז געלט!

דאָס ערשטע און וויכטיקסטע: — מען וווינט זייער וויט איינער פון אַנדערן.

צווייטנס: — כאָטש יעדער איינער האָט אַן אויטאָ, איז נישט שטענדיק מעגלעך צו פאָרן מיט אים. סיידן — פון זונטיק צו זונטיק!

איך וואָלט געגאַנגען שווערן אַז קיין שום ניו־יאָרקער איינוווינער פאַרנוצט נישט מער ווי 50 ליטער נאַפט אַ מאָנאַט, ווייל, נישט אַלע זונטיק קאָן מען דעם „קאַר" אַרויסנעמען! היינטיקן זונטיק איז אַ פראָסט און עס האָט געשנייט! און אַז עס שנייט — פאָרן אַפילו טאַקסיס אויך ווייניקער!

וואָס זשע דען? מוז מען פאָרן מיטן „סאָבוויי". איז, אָט די רייזע גאָרנישט קיין אָנגענעמע! פאַראַן שעהן, וואָס פאַר קיין פאַל קאָן מען זיך אַהין נישט אַריינ־שטופּן! און, שטופּט מען זיך אַריין — קאָנסטו נישט אַרויסגיין ווו דו ווילסט, און ביסט, בכלל, נישט זיכער מיטן לעבן.

גראַדע, מיר, זענען די „סאָבווייס" גאָרנישט געפעלן געוואָרן! אַלטע שמוצי־קע, אָנגעוואָרפן מיט ציישונגען פון אַלע גרויסן און אַלע שפּראַכן! דער אַמערי־קאַנער — אַזוי דערציילט מען מיר — קויפט אַ צייטונג און ברענגט זי נישט אַהיים! ער לייענט זי איבער אין „טרעין". צום לויב פון אחינו בני ישראל, וועל איך זאָגן, אַז קיין ייִדישע צייטונגען וואַלגערן זיך נישט אין סאָבוויי...

דערפאַר, זענען מוני מיט בעטין, דאָרטן געווען „גרויסע" געסט וואָס מען האָט זיך שוין נישט געזען באַלד אַ יאָר! ווי קאָן מען זיך זען פריִער, אַז איינער וווינט אין ברוקלין און דער צווייטער — אין בראָנקס!...

וואָס איך האָב יענעם ביינאַכט אַנדעקט, איז געווען, אַז די אַמעריקאַנער מענטשן לעבן שטענדיק אין מורא און אין ציטערניש פאַר אַ... — „האָלד־האָפּ"!

„האָלד־האָפּ" איז טאַקע אַ ריין אַמעריקאַנישע פּראָדוקציע! אויף אונדזער לשון וואָלט געהייסן „רוקי וווערדי!" ווי פּלעגט עס איבערזעצן שלום עליכם ע"ה: שאו ידיכם!

דער דאָזיקער „רוקי ווערד״ איז אַ טאָג־טעגלעכע געשעעניש אין לעבן פון די ניו־יאָרקער מענטשן! עס גייט נישט דורך קיין שעה, קיין מינוט, אַז ערגעץ זאָלן אַ פּאָר באַנדיטן, אָדער אַפילו איינער אַליין, נישט אַריין אין אַ קליינט, אַרויס־נעמען אַ רעוואָלווער און אַ זאָג טון:

— „דאָס איז אַ האלד־האָפּ״.

אויף ייִדיש — הייסט עס: גיט אָפּ דאָס געלט און מאַכט שווייגן!

אָט די „האלד־האָפּן״ טרעפן בייטאָג אין די געשעפטן, ביינאַכט אין גאַס, און זיי טרעפן זייער אָפט מיט אויטאָמאָביל־רייזנדע.

ווען מען בלייבט שטיין ביי אַ עק־גאַס (קאָרנער) און מען וואַרט אַז עס זאָל זיך בייטן די „רויטע ליכט״, איז, אויב די טיר פון אויטאָ איז נישט פאַרשלאָסן, קאָן זי אַ „האלד־האָפּניק״ געבן אַן עפן אויף, זיך אַריינזעצן אַהין, און מיטן רע־וואָלווער אין דער האַנט זיך הייסן פירן וווהין ער וויל און... מען מוז אים פאָלגן! נישט פאָלגן הייסט: שטאַרבן אָן ווידוי!...

ווען מיר האָבן זיך אַריינגעזעצט אין מוניס אויטאָ צו פאָרן צו טעפּליצקין, האָט מוני פאַרשלאָסן דעם אויטאָ פון אַלע זייטן! גראַדע זענען די לעצטע פּאָר טעג געווען צופיל „האָלד־אָפּס״ אין ניו־יאָרק. ווייזט אויס די באַנדיטן האָבן געדאַרפט אויף „יום טוב״, זיי האָבן געדאַרפט קויפן דער היים אַ „קריסטמעס״ מתנה, האָט מען זיך אַרויסגעלאָזט אין גאַס אַריין „האלד־האָפּעווען״.

נישט שטענדיק האָבן די „האלד־האָפּס״ דערפאָלג!

אָפט, אָפט, קריגן זיי ביי זייער קרבן קוים, קוים אַ... דאָלאַר אָדער צוויי!

די לעצטע „האלד־האָפּס״ האָבן טאַקע קיין גרויס מזל נישט געהאַט. פאַר אַ טשיקאַוועסט, ברענג איך דיר עטלעכע מעלדונגען אין די צייטונגען וועגן אַזעלכע „געשעפטן״ וואָס די באַנדיטן מאַכן. איך דערצייל עס דיר, נישט ווייל איך וויל איינמיאוסן ניו־יאָרק אין דיינע אויגן, נאָר דיר באַמאָלן די פּראָב־לעמען וואָס די ניו־יאָרקער ווי בכלל אַמעריקאַנער מענטשן האָבן מיט זייער... יוגנט. עס ווייזט זיך אַרויס, אַז די גרעסטע טייל „ביאַלאָטשיקעס״ זענען יונגע קינדער, צווישן 17 און 23 יאָר! פאַראַן אייניקע פון זיי, וואָס קומען אַרויס פון אָנשטענדיקע עלטערן, וועלכע האָבן זיי צעבאַלעוועט און געמאַכט אַ תל פון זיי!

אָט האָסטו אַ באַריכט וועגן איין „האלד־האָפּ״:

דער 78־יאָריקער יואל וואָלפער, איז באַפאַלן געוואָרן פון יונגע בויאַנעס בעת ער איז פאַרטאָג געגאַנגען צו דער שול בית יצחק, אויף 554 פּראָספּעקט פּלעיס. די בויאַנעס האָבן ביי אים געפונען איין דאָלאַר. דער אַלטער מאַן איז פון די בויאַנעס שטאַרק געשלאָגן געוואָרן. אין דעם ייִדישן האָספּיטאַל האָט מען מורא, אַז מר. וואָלפער קען פאַרלירן אַן אויג.

עס ווערט געמאָלדן, אַז דער זעלבער זקן איז מיט אַ צייט צוריק שוין באַ־פאַלן געוואָרן פון יונגע בויאַנעס ,און געוועזן איז עס אויך פאַרטאָג, בעת ער איז געגאַנגען דאַווענען.

די יידישע באַפעלקערונג פון יענער געגנט אין בראָנזוויל זענען זייער אויפ־געבראַכט פון דער פּאַסירונג. וואָרום אין דער לעצטער צייט האָט שוין נישט איינמאָל פּאַסירט, אַז יונגע בויאַנעס זענען באַפאַלן עלטערע יידן וואָס גייען באַגינען אין שול אַריין דאַווענען. מיט אַ פּאָר וואָכן צוריק איז מען באַפאַלן אַנ־דערע צוויי עלטערע יידן, וואָס זענען געגאַנגען דאַווענען אין אַן אַנדער שול.

אויף אַן אַנדער אָרט האָבן די באַנדיטן געהאַט מערער מזל! די צייטונג מעלדעט אַז:

דריי באַנדיטן האָבן געבונדן דעם גראָסערימאַן (אַלמאַסענעראָ) אַדאָלף קאַץ, 68 יאָר אַלט, פון 75 סעינט ניקאָלאַי פּלעיס, ביי דער 153טער גאַס, און אַנטלאָפן מיט 50 דאָלאַר און ציגאַרעטן פאַר 25 דאָלאַר.

די באַנדיטן קוקן נישט צי עס איז אַ מאַן אָדער אַ פרוי! מעג זי זיין אַפילו אַ... שוואַנגער פרוי. אָט שרייבן די צייטונגען אַז:

צוויי יונגע כוליגאַנעס האָבן נעכטן נאָך מיטנאַכט ברוטאַל צעשלאָגן אַ שוואַנגערע פרוי אין אַ פאַרזוך זי צו באַרויבן. אַ פּאָליסמאַן האָט באַוויזן צו פאַר־טרייבן איינעם און כאַפּן דעם צווייטן.

דער אַנטלאָפענער איז אויך שפּעטער אַרעסטירט געוואָרן ביי זיך אין שטוב.

דער 16־יאָריקער מאַרווין סמיט, פון 450 געיטס עוועניו, ברוקלין, וואָס איז ערשט מיט 5 וואָכן צוריק געפונען געוואָרן שולדיק אין אַן איבערפאַל, האָט אַ כאַפּ געטאָן פאַרן האַלדז די 23־יאָריקע מרס. בלאַנדעל וויליאַמס אין בעדפאָרד־סטאַיוועסאַנט געגנט, אַרום 1 פאַרטאָג, בעת זי איז אַהיימגעגאַנגען פון אַ באַזוך ביי איר מומע. ער האָט די שוואַנגערע פרוי אַריינגעשלעפּט אין אַ קאָרידאָר. נאָך דעם איז אונטערגעקומען דער 17־יאָריקער דזשעימס א. דזשאַנסאָן, פון 535 געיטס עוועניו, ביידע האָבן אָנגעהויבן מערדערלעך צו שלאָגן די פרוי, ווען זי האָט נישט געוואָלט אָפּגעבן איר געלט־טאַש. און וויפל, מיינסטו, איז אינגאַנצן געווען אין איר טאַש — גאַנצע זעקס דאָלאַר מיט 30 סענט.

אָדער נאַ דיר אַזאַ שטיקל נייעס:

צוויי בויאַנעס האָבן „געפּייערט אַ געבורטסטאָג” מיט באַרויבן און שלאָגן זיבן מענטשן. — זיי האָבן געקידנעפּט אַ מילכמאַן און געצוווּנגען אים פירן זיי איבער גאַסן און זוכן מיידלעך. — איינער פון זייערע קרבנות האַלט ביים שטאַרבן. — ד׳ צוויי בויאַעס זענען שוין פריער אַרעסטירט געוואָרן פאַר פאַרברעכנס און

זענען אָפּגעקומען מיט אַ „קניפּ אין בעקל". — די עלטערן זייערע קענען נישט גלויבן, אַז זיי זענען פאַרברעכער.

וועגן אָט די צוויי באַנדיטן, האָבן די צייטונגען געשריבן:

צעלאָזענע יוגנטלעכע פאַרברעכער באַגייען אָפּט ערגערע און גרויזאַמערע פאַרברעכנס ווי פאַרהאַרטעוועטע, עלטערע פאַרברעכער און פּראָפעסיאָנעלע קרימינאַליקעס.

די פאַרברעכנס וואָס די צוויי בחורים, דער 17־יאָריקער דזשאָן גילראָי, און דער 18־יאָריקער מעטיו מעקגהי, זענען באַגאַנגען לעצטן פרייטיק פאַרטאָג אין ברוקלין, זענען אָבער אָן אויסנאַם מיט זייער רציחה אַפילו צווישן די גרויזאַמע צעלאָזענע פאַרברעכנס וואָס זענען באַגאַנגען געוואָרן לעצטנס פון יוגנטלעכע פאַרברעכערס... זייער ברוטאַלער איזדיעקעווען זיך איבער זייערע קרבנות, זייער ווילדקייט און סאַדיזם, האָט געמאַכט צום שטוינען אַפילו די אַלטע, דערפאַרענע פּאָליסלייט, וועלכע האָבן זיך גענוג אָנגעזען און אָנגעהערט זיך אין זייערע לעבנס.

די צוויי יונגע בויאַנעס האָבן טעראָריזירט זייערע הילפלאָזע קרבנות בלויז צוליב הנאה; זיי האָבן געשלאָגן, געפּלעט די קעפּ און האָבן זיך אַרומגעטראָגן ווי טייוואָלים אין די גאַסן פאַר 6 שטונדן צייט. זיי זענען באַפאַלן זיבן מענער און ברוטאַל געשלאָגן זיי אָן אַ פאַרוואָס און פאַרווען, און איינעם פון די קרבנות זייערע האָבן זיי געצווונגען ער זאָל מיט זיי אַרומפאָרן איבער ברוקלין „צו זוכן מיידלעך", ווי זיי אַליין האָבן שפּעטער דערציילט.

אַ באַזונדערע רציחה האָבן די צוויי בויאַנעס אַרויסגעוויזן צו איינעם פון זייערע קרבנות אויף וועלכן זיי זענען אין כעס געוואָרן הלמאי ער האָט נישט געהאַט ביי זיך מער ווי אַ דאָלאַר... זיי האָבן אים אַזוי מערדערלעך געשלאָגן, אַז ער איז אין אַ קריטישער לאַגע אין האָספּיטאַל. און אויב ער וועט נישט אויסהאַלטן און שטאַרבן פון די ווונדן, וועלן די צוויי תכשיטים געשטעלט ווערן אונטער קלאַגעס פון מאָרד ערשטן גראַד.

די אָנפאַלן פון די צוויי בויאַנעס, האָט זיך אָנגעפאַנגען מיט אַ „געבורטסטאָג הוליאַנקע". די צוויי ווילדע בויאַנעס האָבן באַשלאָסן צו „משמח זיין זיך" לכבוד דעם געבורטסטאָג פון איינעם פון זיי, מעטיו מעקגהי, וועלכער איז לעצטן דאָנערשטיק אַלט געוואָרן 18 יאָר. די רויבערייען און טעראָר זענען געווען אַ טייל פון אָט דער „געבורטסטאָג־פייערונג".

ביים פאַרהער אין ריכטער־זאַל זענען געווען די עלטערן פון די צוויי פאַרהאַלטענע. גילראָיס טאַטע איז אַ טשאָפער און מעקגהיס טאַטע איז אַ קוכער. די עלטערן האָבן געהאַלטן אין איין באַהויפּטן, אַז זיי גלויבן נישט אַז זייערע

קינדער זענען באַגאַנגען די אַלע אָנפאַלן אין וועלכע זיי ווערן באַשולדיקט און געהאַלטן אין איין טענהן, אַז זייערע זין זענען „פיינע, שטילע בחורים".

זיי שטאַמען ביידע פון דורכשניטלעכע אַרבעטער־היימען, און אין די אויגן פון זייערע עלטערן האָבן זיי ביידע געגאָלטן און גילטן נאָך אַלץ אַלץ „פיינע, שטילע יינגלעך". די עלטערן „קענען אַלץ נישט גלויבן, אַז די זין זייערע זענען באַגאַנגען די פאַרברעכנס אין וועלכע מען באַשולדיקט זיי".

דער פּראָקוראָר, סאַלוואַטאָרע ראַמעטאָ, וועלכער האָט געפאָדערט אַז די צוויי חברה זאָלן פאַרהאַלטן ווערן, האָט דערקלערט, אַז לעצטנס זענען פאָרגעקו־מען אַזוי פיל פאַלן פון יוגנטלעכע רויבערייען און אָנפאַלן אויף פאַרבייגייער, אַז ס'איז אַ געפאַר אַרויסצוגיין אין גאַס ביינאַכט. ער האָט דערקלערט, אַז ווען די צוויי פאַרהאַלטענע ווערן געשטעלט ווערן צום משפט וועט די אָנקלאַגע פאָדערן די שווערסטע שטראָף פאַר זיי.

די ברוטאַליטעט און צעלאָזנקייט פון די יוגנטלעכע פאַרברעכער טרעט אי־בער אַלע גרענעצן און עס איז צייט, אַז מען זאָל אָננעמען ממשותדיקע שריט אָפּצושטעלן די יוגנטלעכע פאַרברעכערס, האָט דער פּראָקוראָר דערקלערט.

און אַ סך, אַ סך מענטשן וועלן איינשטימען מיט אים.

וואָס עס האָט מער פון אַלעס אויפגערעגט די ניו־יאָרקער באַפעלקערונג איז, וואָס די קרבנות פון די איבערפאַלן זענען, כמעט אַלע עלטערע מענטשן. עס מאַכט דעם איינדרוק, ווי די יונגע באַנדיטן, אָט די 20־יאָריקע בויאַנעס, זוכן ספּעציעל עלטערע מענטשן, כדי צו זיין זיכער אַז זיי וועלן נישט טרעפן אויף אַן ערנסטן ווידערשטאַנד:

אָט למשל ווערט געמאָלדן אַז:

צוויי יונגע כוליגאַנעס זענען אייערנעכטן ביינאַכט אַריין אין אַ בראָנקסער געשעפט פון „העלאַדאַס" (אייז־קרים) און האָבן שווער צעשלאָגן דעם 71־יאָריקן קרעמער, לאָרענזאָ דעמאַריאַ, ווען ער האָט געפּרוווט באַשיצן זיין פרוי. זיי זע־נען אַנטלאָפן מיט 2 דאָלאַר, וואָס זיי האָבן אַרויסגעכאַפּט פון מרס. דעמאַריאַ.

קיין שום איבערפאַל האָט אויף מיר נישט געמאַכט אַזאַ רושם, ווי איינער וואָס איז פאָרגעקומען אין די בראָנקס, טאַקע נישט ווייט פון מיין וווינונג, ווו יונגע בויאַנעס זענען באַפאַלן אַ אַלטשיטשקן יידן, וואָס איז פּשוט געגאַנגען דאַווענען, האָבן אים אַריינגעשלעפּט אין אַ קאָרעדאָר, אים מערדערלעך צע־שלאָגן ביז טויט און ביי אים אַוועקגערויבט... ווייניקער פון פינף דאָלאַר.

ווען מען האָט אָנגעזאָגט זיין 74־יאָריקע פרוי, וואָס מיט איר מאַן איז גע־שען, האָט זי באַקומען אַן האַרץ־שלאַג און איז באַלד געשטאָרבן!...

גאַנץ בראָנקס איז געגאַנגען כאָדעראַם! איך בין אויך געגאַנגען צו דער לוויה און וועל זי אייביק געדענקען!

נו! די באַנדיטן האָט מען געכאַפּט, און אַזוי ווי זיי זענען יונגע חברה, וועט מען זיי, מן הסתם, נישט זעצן אויפן עלעקטרישן שטול, נאָר אָפּשיקן אויף אייביק אין טורמע! אָבער, דאָס אַלטע פּאָרל, וועט שוין לעבעדיקער נישט ווערן!

מעגסט זיין זיכער אַז אין אַ פּאָר טעג אַרום וועט אין יענער געגנט, ווידער זיין אַן איבערפאַל!

דערפאַר האָב איך פאַרשטאַנען פאַרוואָס מוני פאַרשליסט דעם אויטאָ פון אינעווייניק,ווען ער זעצט זיך אַריין! די מורא פאַר אַ „האָלד־אָפּניק" — איז אין לשער!...

אַזוי איז אַמעריקע!...

אַ נייע צרה, אַ נייע מגפה צו די „האָלד־האָפּס" איז געוואָרן — דאָס אויפ־נעמען רייזנדע אין מיטן וועג אין אויטאָ.

געווען איז דאָס אין אַמעריקע זייער אַ שיינע טראַדיציע. ווען איינער איז געפאָרן אין וועג מיט זיין אויטאָ — און ווער פאָרט דאָרט נישט מיט זיין אויטאָ הונדערטער מייל? — פלעגן אויפן וועג שטיין מענער, פרויען קינדער און מיטן פינגער געוויזן: — אפשר וועט מען זיי אונטערפירן אַ ביסל, אויף דעם זעלבן וועג וואָס דער אויטאָ גייט. אויב דו געדענקסט, איז דאָס אין ישראל געווען די גרעסטע מאָדע. דאָרט שטייען סאָלדאַטן און סאָלדאַטעכעס און בעטן אַז מען זאָל זיי אונטערפירן.

דאָ, אין אַמעריקע, הייסט אַזאַ „אונטערפירן" „היטש־האיק". ווי איינער זאָגט: — מען הענגט זיך נאָך אַ ביסעלע. נו, איז ווען דאָס לאַנד איז געווען רויק און די מענטשן האָבן נישט געוווסט וואָס עס הייסט „האָלד־האָפּס" און מען איז נישט געווען צעווילדעוועט פון דער מילחמה, איז אָט דער מינהג פון „היטש האיק" — מיטנעמען מיטן אויטאָ און אונטערפירן — געווען זייער אַ שיינער און יעדער איינער האָט עס געטון.

היינט, איז אַרויפנעמען אַ מענטשן אויפן אויטאָ געוואָרן אַ געפאַר פאַרן לעבן! הונדערטער און טויזנטער פאַלן טרעפן, וואָס אָט די „היטש האיק"־קליענטן, פאַלן איבער דעם אויטאָמאָביל־טרייבער, דערהרגענען אים, באַראַבעווען און וואַרפן אים אַרויס פון אויטאָ.

אָט ווי אַזוי אַ שרייבער, ל. גאָרין, דערציילט וועגן אָט די אומגליקן, וואָס קומען פאָר צוליב אַרויפנעמען איינעם אין מיטן וועג אויף אונטערפירן אַ ביסל:

„היטש־האַיקינג", איז געוואָרן אַ מינהג, וואָס איז איינגעפירט געוואָרן אין אַמעריקע אין די ערשטע יאָרן, ווען די רייזעס אויף אויטאָמאָבילן האָבן זיך גע־

נומען פאַרשפּרייטן איבערן לאַנד. אין יענע, גליקלעכע יאָרן, פלעגט מען טרעפן טויזנטער מענער און פרויען, באַזונדערס יונגע מענטשן שטיין איבער די וועגן פון לאַנד און מיט אַ פינגער ווייזן דעם, וואָס איז געפאָרן אין אַן אויטאָ, אַז ער, דער „היטש־האַיקער", וואָלט געוואָלט כאַפּן אַן אומזיסטן שפּאַציר, אויב יענער פאָרט אין זיין ריכטונג. דער אויטאָ־טרייבער פלעגט מערסטנס זיך אָפּשטעלן, אַרויפנעמען דעם אומזיסטן פּאַסאַזשיר און אים פירן אַזוי ווייט, ווי ער איז געפאָרן מיט אים אין דער זעלבער ריכטונג, און אַמאָל אַפילו עטלעכע מייל אויסן זיין וועג.

אין יענע אַלטע, גליקלעכע יאָרן איז עס געווען אַ נאַטירלעכע זאַך, וואָס האָט געוויזן די פריינטשאַפט פון איין אַמעריקאַנער בירגער צום צווייטן, פון איינעם, וואָס האָט שוין באַוויזן זיך איינצוהאַנדלען אַן אויטאָמאָביל, צו איינעם, וואָס האָט נאָך דערווייל נישט קיין אויטאָ.

דאָס האָט אַזוי אָנגעהאַלטן ביז נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה. למען האמת דאַרף דאָ געזאָגט ווערן, אַז אויך פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה זענען געווען פאַלן, ווען „היטש־האַיקערס" זענען באַפאַלן, באַרויבט און אַפילו דער־מאָרדעט די גוט־האַרציקע אויטאָ־טרייבער, וועלכע האָבן זיי אַרויפגענומען אויף אַן אומזיסטן שפּאַציר. אָבער אין יענע יאָרן זענען דאָס געווען איינצלנע טראַ־גישע פאַלן.

היינט צו טאָג איז דער ענין רויבעריי, מאָרד און פאַרגוואַלטיקונג אַלס רע־זולטאַט פון „היטש־האַיקינג", געוואָרן ממש אַ נאַציאָנאַלע קאַטאַסטראָפע.

אַן „אַנקעטע", וואָס איז לעצטנס געמאַכט געוואָרן פון דער פּאָליציי פון עטלעכע שטאַטן איבערן לאַנד, ווייזט, ווי שרעקלעך און געפערלעך דער גאַנצער ענין „היטש־האַיקינג" איז לעצטנס געוואָרן איבערן לאַנד.

אָט לייענען מיר, למשל, ווי אין אָקלאַהאָמאַ, האָט אַ געשעפטס־מאַן אָפּגע־שטעלט זיין אויטאָ ביי אַ רעסטאָראַן און געכאַפּט אַ ביס. ביים זעלבן טישל לעבן אים איז געזעסן אַ יונגערמאַן אין אַ מיליטערישן אוניפאָרם און אויך עפּעס גע־געסן. מען האָט זיך צערעדט — און דער יונגערמאַן האָט דערציילט דעם סוחר אַז ער איז אַ סאָלדאַט, וואָס איילט זיך צו קומען אַהיים אין צייט פאַר „קריסמעס".

עס האָט פּונקט אַזוי געטראָפן, אַז דער סוחר האָט געדאַרפט דורכפאָרן דאָס שטעטל, אין וועלכן דעם סאָלדאַטס פאָטער האָט געהאַט זיין פאַרם. דער אויטאָ־אייגנטימער האָט מיט פאַרגעניגן פאַרגעשלאָגן דעם יונגן סאָלדאַט אים צוצופירן צו זיין פאָטערס פאַרם, כדי ער זאָל זיין אין דער היים אויף קריסטמעס.

אַזוי שנעל, ווי דער סאָלדאַט האָט זיך אַריינגעזעצט אין אויטאָ, האָט ער דערלאַנגט דעם סוחר מיט אַ שטיק אייזן איבערן קאָפּ, אים צוויי־דריי מאָל גע־

שטאָכן, צוגענומען ביי אים דעם בייטל, אים אַרויסגעוואָרפן פון אויטאָמאָביל און אַליין איז דער סאָלדאַט אַוועקגעפאָרן אין סוחרס אויטאָ, לאָזנדיק אים ליגן אין אַ באַוווּסטלאָזן צושטאַנד אויפן וועג. צופעליק האָט מען אים שפּעטער געפונען און געראַטעוועט זיין לעבן. דער סאָלדאַט איז פאַרשווּנדן.

ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, איז דער סאָלדאַט באַפרייט געוואָרן פון דער אַרמיי, ווייל ער איז געווען אַ גייסטיק־קראַנקער. מען האָט אים אַריינגעגעבן אין אַן אַנשטאַלט, פון וואַנען ער איז אַנטלאָפן.

אַן אַנדער פאַל מיט אַ סאָלדאַט האָט פּאַסירט אין נאָרט־קאַראָלינע מיטן יונגן ניו־יאָרקער ייִדישן סטודענט וויליאַם בראַוּוערמאַן. בראַוּוערמאַן איז געפאָרן אַהיים פון נאָרד־קאַראָלאַינע, ווו ער האָט געלערנט אין אַן אָרטיקער שול.

אויפן וועג האָט זיך באַוויזן אַ יונגער, 18־יאָריקער מאַרינער און געבעטן אַ „היטש־האַיק״. בראַוּוערמאַן האָט אָפּגעשטעלט דעם אויטאָ און אַרויפגענומען דעם יונגן מאַרינער. אין עטלעכע מינוט אַרום האָט דער מאַרינער אַרויסגענומען אַ רעוואָלווער און געפאָדערט, אַז בראַוּוערמאַן זאָל אים אָפּגעבן זיין געלט און דעם אויטאָמאָביל. בראַוּוערמאַן האָט זיך אַנטקעגנגעשטעלט — און דער מאַרינער האָט דערשאָסן בראַוּוערמאַנען אויף טויט, האָט אַרויסגעוואָרפן זיין טויטן קערפּער אין אַ קאַנאַווע און איז אַוועק קיין ניו־יאָרק, זיך צו טרעפן מיט זיין מיידל.

ער האָט גענומען דאָס מיידל מיט זיך אין בראַוּוערמאַנס אויטאָ און איז אַוועק מיט איר איבערן לאַנד אויף אַ „שפּאַציר״. אויפן וועג האָט ער דערהרגעט נאָך 4 מענטשן, ביז מען האָט אים ענדלעך געפּאַקט, געמשפּט און פאַראורטיילט צו אייביקער טורמע, ווייל מען האָט אויסגעפונען, אַז ער איז אַ משוגענער.

דער ערגסטער און נידערטרעכטיקסטער פאַל איז געווען דער פאָלגנדער:

איינער האָט געבעטן אַ „האַיק״ ביי אַ דאָקטאָר, וועלכער האָט זיך געאיילט צו אַ חולה אין אַ שטעטל לעבן פילאַדעלפיע. דער גזלן האָט דעם דאָקטאָר שטאַרק צעשלאָגן און אים געלאָזט ליגן אין אַ געפערלעכן צושטאַנד אין מיטן וועג, אַנטלויפנדיק אין יענעמס אויטאָ.

דער רעזולטאַט פון יענעם מערדערלעכן אָנפאַל איז געווען אַ טאָפּלט־טראַגישער: דער חולה, צו וועמען דער דאָקטאָר האָט זיך געאיילט, — איז געשטאָרבן, נישט קריגנדיק קיין הילף אין צייט. און דער דאָקטאָר איז אַזוי צעממיתט געוואָרן פון דעם גזלן, אַז ער איז געבליבן אַ קריפּל אויפן גאַנצן לעבן און קען מער נישט פּראַקטיצירן קיין מעדיצין.

אָט, דאָס אַלעס, דערצייל איך דיר, גאָלדע, אַנטקעגן דעם איינדרוק וואָס עס האָט אויף מיר, דעם „גרינעם״, געמאַכט, ווען מען זעצט זיך אַריין אין ניו־

יאָרק אין אַן אויטאָ, מוז מען אים פאַרשליסן אַרום און אַרום, ווייל גזלנים, רוי‌בער און מערדער, דרייען זיך אַרום אויף דער פריי און קאָנען אין יעדער צייט אָנפאַלן און הרגענען.

ווער ווייסט, וואָס איך וואָלט געוועז געטראַכט וועגן אַמעריקע, ווען באַלד, צומאָרגנס, קומט מיר אויס אָוועקפאָרן פון אַמעריקע מיט דעם איינדרוק וועגן די „האָלד־האָפּס" אָדער „היטש־האיקערס".

די אַמעריקאַנער מענטשן, נעמען עס אויף גלייכגילטיק!...

איך האָב אַ לייכטן ציטער געטון ווען איך האָב געזען ווי מוני פאַר־שליסט אַלע טירן פון אויטאָ, ווייל ער האָט מורא פאַר אַן „האלד־האָפּ". דעמאָלט, האָב איך ביי זיך געטראַכט צוויי זאַכן:

ערשטנס: — אַמעריקאַנער מענטשן זאָלן אַזוי מורא האָבן פאַר גאָט ווי זיי האָבן מורא פאַר אַ „האלד־האָפּ"... און —

צווייטנס: — צי אַמעריקע וועט מיר יאָ געפעלן, צי ניין — נאָר ווינען דאָ, און מורא האָבן פאַר אַ „האלד־האָפּ", טאָג און נאַכט, אין שטוב, אין קלייט און אויך אין אויטאָ — וואָלט איך קיין בעלן נישט געווען!...

איך האָב דערציילט מונין מיט בעטין: ביי אונדז אין „סאָוט־אַמעריקאָ" ביי די „ווילדע", — ווי זיי האַלטן אונדז, קומט אויך פאָר אַ „האָלד־האָפּ", נאָר ערשטנס: — קומט ער פאָר, נישט אַלע טאָג און אַלע שעה, נאָר איין מאָל אין... דריי יאָר און צווייטנס: — די קרבנות פון „האלד־האָפּ" זענען נישט קיין אַלטע יידן וואָס גייען דאַוונען און נישט קיין שוואַנגער פרויען וואָס גייען אַהיים פון אַ מומע — נאָר... די קאַסע פון אַ באַנק אָדער פריגאָריפיקאָ! קרבנות? זייער זעלטן!...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ווען מיר זענען געקומען צו ליאָווע טעפּליצקי, איז שוין געווען גוט נאַכט.

דאָס ערשטע וואָס טעפּליצקי האָט געטון, איז געווען... בענטשן חנוכה־ליכט.

איך בין זיכער, אַז קיין שום לאַנדסמאַן זיינער, וואָס וווינט אין אונדזערע לענ־דער, האָבן קיין חנוכה־ליכט נישט געבענטשט און זיי ווייסן, אפשר, נישט, אַז עס איז חנוכה.

מיר האָבן זייער גוט פאַרבראַכט, און דאָרט בין איך געוווירע געוואָרן אַז... קוענטעניקעריי — איז דער רוזקסטער געשעפט אין אַמעריקאָ!

אָט, נעם אַלטערן, ער האָט אַ שניט־געשעפט און מיט אַ שותף דערצו, און כאָטש ער איז אַליין באַלעבאָס, און אַזוי ווי ער וווינט נאָענט פון דער קלייט אינגאַנצן... אַ האַלבע שעה רייזע, דאָך, מוז ער אויפשטיין זייער פרי, אָפּעסן זיין „ברעקפעסט", מיטנעמען זיין „מיטיק" אין אַ רענצעלע וואָס פרומע גרייט אים צו, און אַרום 8 אינדערפרי איז ער שוין אין קלייט. צוריק אַהיים, קומט ער

נאָך... 9 אַזייגער ביינאַכט! צוליב דעם גאַסט, צוליב מיר, קומט ער, דריי מאָל אין וואָך אַהיים אַ ביסל פריִער.

דאָס זעלבע איז מיט טויזנטער אַנדערע קרעמער! מוני, למשל, עפנט די קלייט באַלד נאָך 7 אינדערפרי, ווייל מען הייבט אָן ברענגען די סחורות פאַרן טאָג וואָס ער וועט דאַרפן פאַרקויפן. בכלל, נאָך 8 אַזייגער, זענען שוין אָפן אַלע געשעפטן.

אַנדערש איז מיטן „פעדלער", מיטן קוענטעניק! ער שטייט אויף אינדערפרי — נישט געאיילט! ער גייט זיך פּאַוואָליִנקע אַרויס אין גאַס אַריין, באַזוכט זיינע „קאַסטימערס", מאָנט איין די וועכנטלעכע — און בלויז וועכנטלעכע! קיין מאָנאַטלעכע זענען אין אַמעריקע נישטאָ, — „קואָטאַס" און אַרום פינף פאַרנאַכט, איז ער שוין אין דער היים!

— פּרנסה?

ווייזט אויס, אַז פעדלער ,איז נאָך אַלץ דאָס בעסטע געשעפט אין אַמעריקע!

ער, טעפּליצקי, האָט 2 קינדער: אַ זון און אַ טעכטערל. דער זון איז... אין ישראל, אַ חלוץ! ער איז אין אַ קיבוץ און טראַכט נישט צו קומען אַהיים! גיכער טראַכט דער טאַטע זיך אַריבערקלייבן אַהין! דאָס איז געוועגדט אין דעם 19־יאָריקן טעכטערל!... אויב עס וועט זיך איר אויך פאַרגלוסטן פאָרן קיין ארץ — וועלן זיי מוזן נאָכפאָרן...

ביי דער וועטשערע, האָב איך אַ צווייטן סורפּריז! דאָס טעכטערל — ווי טויזנט און טויזנטער אַמעריקאַנער קינדער — קאָנען קיין איין יידיש וואָרט נישט אויסרעדן! אָט, למשל, פון בעטיס 2 זין און צוויי שנירן וואָס ווינען אין ניו־יאָרק, קאָן בלויז דער עלטערער — זייער און זייער אַ סימפּאַטישער מענטש — עטלעכע יידישע ווערטער. ווען איך רוף דעם פאָטער צום טעלעפאָן און ער אַטענדירט, הייסט ער מיר... „זיך איינהאַלטן אַ ביסל!" די איבעריקע קינדער און די אייניקלעך — קאָנען דאָס אויך נישט!...

מוטשע איך זיך, מיט טעפּליצקיס טעכטערל אויף מיין „גריִנעם" ענגליש, ביז... איך נעם שפּילן אויף דער פּיאַנאָ (ווי איך „קאָן" — מיט איין פינגער) אַ העברעישע מעלאָדיע — נעמט זי אויסזינגען די מעלאָדיע (בערבות הנגב) מיט ווערטער! דער סוף לאָזט זיך אויס: זי רעדט אַ פּערפעקטן עברית! זי גרייט זיך קיין ישראל און איז שוין אַ לערערקע אין אַ שולע!

אַזעלכע קינדער זענען אין אַמעריקע דאָ אין אַ היפּשער צאָל. עברית — קאָן מען! יידיש — קיין וואָרט נישט! אויך ביי אַלטערן איז די זעלבע צרה! ווען זיין טאַטע, יעקב מאיר דער טעפּליקער רב, שטייט אויף פון קבר, וואָלט ער מיט זיינע אייניקלעך זיך געדאַרפט צונויפרעדן אויף שטים־לשון! אַ גליק

איז, וואָס אַלטערס טעכטערל איז אַ היברו־טיטשעריןָ, אַ העברעישע לערערין, און רעדט, פאַרשטייט זיך, אַ פערפעקטן עברית!

אָט, אַזוי האָבן מיר פאַרבראַכט אין אַ היימישער אייגענער סביבה. ווי האָט געזאָגט דער באַלעבאָס פון שטוב: אַ דאַנק דעם גאַסט פון אַרגענטינע האָט ער אויך הנאה געהאַט. ווען קאָן ער זיך פאַרגינען, אַז פאַמיליעס פון „אַזוי ווייט״ זאָלן קומען צו אים צו גאַסט?...

אין אַלגעמיין גייט מען דאָרט זעלטן, זייער זעלטן, צו גאַסט איינער צום אַנדערן! עס טרעפט, אַז אין ניו־יאָרק זאָלן ברידער און שוועסטער זיך חדשים און יאָרן נישט זען! מען קומט אָפּ מיט רעדן טעלעפאָניש, מיטן זאָגן האַלאָ! און מיטן פרעגן „ווי פילסטו״?

אַמאָל, ביי אונדז, פלעגט מען זינגען אַ ליד וואָס האָט געהייסן „פאַפּירענע קינדער״, ווייל די קינדער זענען אַוועק אין דער וועלט און די מאַמע האָט זיי געהאַט בלויז דורך אַ בריוו, בלויז אויף פּאַפּיר!

דאָ, אין אַמעריקע, האָבן די עלטערן... טעלעפאָנישע קינדער! מען רעדט זיך דורך טעלעפאָניש און די קינדער מיט די אייניקלעך זעט מען איינמאָל אין זעקס וואָכן!...

זעסטו, גאָלדע, וועגן זייערע טעלעפאָנען בין איך זיי מקנא! עס קאָסט טאַקע דאָ טייער דער טעלעפאָן: יעדן מאָל רעדן, האָסט 12 סענט (וויפל איז דאָס אויף אונדזער געלט?...) אָבער, אַז דו בעטסט 2 אַזייגער בייטאָג, אַז מען זאָל דיר אַריינשטעלן אַ טעלעפאָן, מעגסטו זיין זיכער, אַז 2 אַזייגער מיט פופצן מינוט, וועסטו שוין רעדן פון דיין שטוב דורך דיין טעלעפאָן...

און, איך וויל דיר פאַרענדיקן די בריוו מיט אַ „דערציילונג״ וואָס מיט מיר האָט פּאַסירט מיט אַ טעלעפאָן.

אַזוי ווי דו האָלסט מיך אין איין בעטן, אַז איך זאָל, בלי שום תירוץ, זיך צונויפרעדן מיט מאַניעס שוועסטער, וואָס וווינט „אויך אין אַמעריקע״ — אין טשיקאַגאָ; און אַזוי ווי אַ פּאָר קיין טשיקאַגאָ קאָסט אָפּ אַ מאַיאָנטעק מיט פעזעס און איז אַ טאָג רייזע בלויז אַהין — האָב איך באַשלאָסן זי אַרויסרופן דורכן טע־לעפאָן.

וואָס זשע טוט גאָט? האָט זי זיך אַרויסגעצויגן פון איר וווינונג און איצט האָט זי נישט קיין טעלעפאָן און איר נייעם אַדרעס... ווייס איך נישט!...

דאָס אַלעס, האָט אַלטער דערציילט טעלעפאָניש דער טעלעפאָן־„אָפּערייטאָרקע״ און נאָך צוגעגעבן, אַז עס האַנדלט זיך וועגן אַ קראַנקער שוועסטער פון אַרגענטינע!

עס האָט געדויערט עטלעכע מינוט, די „אָפּעריייטאָרקע“ פון טשיקאַגאָ האָט זיך געשטעלט אין פאַרבינדונג מיטן באַלעבאָס ווו זי האָט פריִער געוווינט, דערנאָך מיטן באַלעבאָס פון איר נייער וווינונג און... מען האָט זי געבראַכט צום טעלעפאָן!



דאָס „אַטראַן“־הויז (זע טעקסט אויף זייט 368)

אַמאָל פלעגט מען זאָגן: „ניע וואַזמאָזשנאָסטי וו׳ראַסיע ניעט“.

היינט זאָגט מען: „קיין אוממעגלעכס — איז אין אַמעריקע נישטאָ“!

און, נאָך אַ קוריאָז וואָס עס הייסט און ווי אַזוי עס אַרבעט דער טעלעפאָן אין אַמעריקע.

איך האָב געוואָרט אַז מען זאָל מיך רופן פון קליוולאַנד דורכן טעלעפאָן. אַזוי ווי איך האָב זיך נישט געקענט דערוואַרטן, האָב איך באַשלאָסן אַוועקגיין פון דער שטוב, ווו איך האָב — גלאַט אַזוי זיך — געזאָגט אַז איך גיי אין „אטראַן הויז" ווו איך דאַרף זיך טרעפן מיט אַ חבר, אַ שרייבער פון „פאָר־זווערטס".

געקומען אין „אטראַן־הויז", געטראָפן דעם חבר, זענען מיר אַרויסגעגאַנגען „כאַפּן אַ ביס" אין אַ נאָענטער „קאָפעטעריע". פאַרן אַוועקגיין, האָט דער חבר מיינער אָנגעזאָגט זיינעם אַ געהילף וווהין מיר גייען.

זיצן מיר אַזוי אין „קאָפעטעריע" און מיר קייען אַ סענדוויטש. פּלוצעם הערן מיר, ווי דורכן מיקראָפאָן, רופט מען מיין נאָמען און מען בעט מיך קומען צום טעלעפאָן.

טראַכט איך — ווי יענע קליינשטעטלדיקע ייִדענע האָט געזאָגט — פון וואַנען ווייסט דער קיסר אַז איך האָב אַ זון וואָס דאַרף גיין דינען? — פון וואַנען ווייסט דער באַלעבאָס פון דער „קאָפעטעריע" אַז איך וועלוול טשערנאָוועצקי (אַזוי האָט מען גערופן) געפין זיך אין אַמעריקע און בין איצט דאָ אין זיין „קאָפעטעריע"? אָבער, אַז מען רופט — מוז מען גיין, ספּעציעל, ווען יעדער צוויי סעקונדן, רופט ער אויס מיין נאָמען!

איך קום צו צום טעלעפאָן און טרעף אַ פאַרבינדונג מיט קליוולאַנד.

ווען מען האָט געקלונגען צו בעטין פון קליוולאַנד, האָט זי געענטפערט אַז איך בין נישטאָ, און איך בין אַוועקגעגאַנגען אַהין און אַהין. האָט מען גע־קלונגען אין „אטראַן"־הויז, האָט מען געענטפערט, אַז איך געפין זיך אין דער און דער „קאָפעטעריע". נו! האָט מען געקלונגען אין „קאָפעטעריע" און מיך גערופן צום טעלעפאָן פון קליוולאַנד!

אַזאַ בעקוועמלעכקייט קאָן מען זיך נאָר פאַרגינען אין אַמעריקע!

ווען איך האָב געענדיקט רעדן האָב איך אַ טראַכט געטון:

אַמעריקע! דו ביסט גרויס!...

## XIX

טייערע גאָלדע:

איך בין שוין אַ גאַנצער „אַמעריקאַנער". איך פּאָר שוין אַרום איבער דער שטאָט און אָריענטיר זיך שוין גאַנץ פיין! איך זאָג דיר נאָך אַמאָל! עס איז אַבסאָלוט נישט אמת, אַז אין ניו־יאָרק, קאָן מען אויסקומען מיט... יידיש! מעג־לעך, אַז צוריק מיט 25 יאָר, איז אַזוי געווען! היינט, ווען דו דרייסט זיך אַרום אויף „איסט־בראָדוויי", אויף קאַנאַל־סטריט, אויף דילענסיע־סטריט, און אויף פּיטקין אָדער לודלאָוו גאַסן, ווו עס וווינען 90 פּראָצענט ייִדן, מוזטו קענען רעדן... ענגליש! אַז דו וועסט עפּעס פרעגן אויף ייִדיש, וועט מען דיר זעלטן ענטפערן!

אַנטקעגן וואָס זאָג איך דיר „פרעגן"? אין ניו־יאָרק, איז נישט ווי ביי אונדז אין בוענאָס איירעס, צי מאָנטעווידעאָ, וואָס דו קענסט אָפּשטעלן אַ מענטשן און יענער וועט זיך אָפּשטעלן און וועט דיר ענטפערן! דאָ, אין ניו־יאָרק, האָט ער קיין צייט נישט אָפּשטעלן זיך, און אויסהערן וואָס דו פרעגסט אים! ער לויפט! ער איז שטאַרק פאַרנומען! ער האָט קיין צייט נישט. ער לעבט שנעל!...

איך בין שוין צוגעוווינט צו דעם! איך שטעל שוין קיינעם נישט אָפּ אין גאַס. אַז איך הייב אָן בלאָנדזשען, אָדער אַז איך דאַרף עפּעס פרעגן, גיי איך צו צו אַ פּאָליסמאַן און מיט אים פאַרשטיי איך זיך איין! אַ סך פון זיי — ספּע־ציעל אין די ייִדישע געגנטן, רעדן יאָ אַ „שטיקל" ייִדיש, אַ מין אַמעריקאַנער ייִדיש!

אַלזאָ! אַנטקעגן וואָס דערצייל איך עס דיר?...

דו ווייסט דאָך, גאָלדע, אַז אין אַמעריקע, אַז מען טרעפט זיך מיט דיר, איז דאָס ערשטע וואָס מען פרעגט דיך איז:

„אַ דו לייט אַמעריקע"? — ווי געפעלט דיר אַמעריקע?

אויב דו ווילסט, אַז מען זאָל אויף דיר נישט קוקן קרום, אויב דו ווילסט, אַז יענער זאָל דיר זיין דאַנקבאַר מיט די אויגן און מיטן האַרצן, און אויב דו ווילסט אַז מען זאָל נישט ווערן ברוגז אויף דיר, זאָלסטו ענטפערן:

פיין! וועריי גאָאָד! דאָס הייסט: — בעסער — האָט קיין שיעור נישט!

אָט די „תורה", האָט מען מיך אויסגעלערנט, נאָך איידער איך האָב געמומען די שיף קיין אַמעריקע, און דאָס האָט מיר אויך אָנגעזאָגט דער אַרגענטינער־לאַטיין־אַמעריקאַנער טרעגער, אין דער אַמעריקאַנער אַדואַנאַ!

ביז איצט, האַלט איך זיך אין אָט די ראַמען פון „קאָרטעסיע" און איך ענטפער אויך אָט דעם שאַבלאָנעם ענטפער:

פיין! וועדי גאָאָד! זייער שיין! זייער גוט!

כאָטש, נישט קיין סך זאַכן געפעלן מיר דאָ. דערוויל... בין איך גאָרנישט אַזוי איבערראַשט פון אַמעריקע!...

און נישט בלויז וואָס די מענטשן... לויפן דאָ! נאָר גלאַט אַזוי, זע איך דאָ זאַכן וואָס איך באַנעם נישט ווי אַזוי מענטשן לעבן אַזוי!

איך בין נישט איינשטימיק מיט אַ לעבן, וואָס האָט בלויז 2 צילן:

— אַרבעטן, און —

— מאַכן אַ דאָלער!

די אַמעריקאַנער מענטשן זענען פשוטע שקלאַפן פון דער אַרבעט! ווען דו דערציילסט זיי, אַז אין אונדזערע מקומות, אַרבעט מען נישט אַזוי פיל, אַזוי אָנגעשטרענגט, ענטפערט מען דיר:

טאַקע, דערפאַר, זענט איר אַזוי הינטערשטעליק מיטן וועלט־פּראָגרעס!...

דאָ, ביי די אַמעריקאַנער, אַז זיי רעדן וועגן איינעם, זאָגן זיי אויף אים:

ער איז ווערט אַ האַלבן מיליאָן דאָלאַר. ד״ה: ער פאַרמאָגט אַ האַלבן מיליאָן דאָלאַר! לויט דעם וואָס ער פאַרמאָגט — אַזוי פיל איז ער „ווערט״.

דערקלער איך זיי, אַז ביי אונדז, טרעפט, אַ מענטש זאָל גאָרנישט פאַרמאָגן און ער זאָל ווערט זיין אַ אוצר מיט געלט!...

מיט איין וואָרט: ביי זיי איז מען „ווערט״, לויט דעם באַנק־ביכל און לויטן פאַרמעגן און נישט לויט די מעשים טובים פון מענטשן!...

ווילסטו געפעלן דיינע נייע אַמעריקאַנער פריינט, זאָלסטו... נאָכבאַמקען, זאָלסט זאָגן, אַז בלויז אַזוי איז גוט — וועסטו זיין אַ „גוד־באָי״ — אַ ווױלער יאַט! אַ חברה־מאַן! אויב דו זאָגסט פאַרקערט — קוקט מען אויף דיר שלעכט — אויב מען קוקט בכלל אויף דיר...

אָט, למשל, געפעלט מיר נישט וואָס אין אַמעריקע, מוז אַ מענטש אַרבעטן ביז... 65 יאָר, כדי ער זאָל, דערנאָך, זיך קאָנען „ריטייערן״ (כובילירן). ערשט נאָך 65 יאָר, קאָן אַ מענטש אָנהייבן „געניסן פון דעם לעבן״, ווייל די רעגירונג הייבט אים אָן אויסצאָלן. „כובילאַציע־פענסיע״ („סאָשעל סעקיוריטי״).

נו! וואָס אַ מענטש קאָן שוין „געניסן״ פונעם לעבן נאָך 65 יאָר — פאַר־שפּאָר איך דיר צו זאָגן! בפרט נאָך, אַז ביז אָט די יאָרן אַרבעטן זיי ווי בעל־גישע פערד, און שלאָגן זיך אויס פון די כוחות! וואָס זשע פאַר אַ לעבן קאָנען זיי שוין האָבן צו 65 יאָר?

אינטערעסאַנט איז, גאָלדע, אָט דער „פענסיע־געזעץ״ איז שוין איינגעפירט אין אַמעריקע 20 יאָר, און ער איז געמאַכט געוואָרן, נישט ווי ביי אונדז, די „ווילדע״ „סאָוט אַמעריקאַנער״, אַז באַלד ווי אַזאַ געזעץ איז אַריין אין קראַפט

— האָט מען אין 5 יאָר אַרום אָנגעהויבן כובילירן מענטשן! דאָ, אין „ציווילי־זירטן" אַמעריקע, האָט מען 19 יאָר בלויז אַריינגעטראָגן אין דער רעגירונגס־קאַסע! אַריינגעטראָגן שווערע מיליאָנען, ביליאָנען דאָלאַר אַ יאָר, און אויסצאָלן, האָט מען ערשט אָנגעהויבן צוריק מיט אַ פּאָר יאָר! און די פּענסיע וואָס מען צאָלט אויס, קאָן קוים סטייען אויף... דירה־געלט אָדער אַ האַלבן חדש צו לעבן! מען צאָלט די „פּענסיע" לויט דעם ווי מען האָט איינגעצאָלט פאַר די לעצטע עטלעכע יאָר.

וואָלסטו טאַקע געמעגט זען, גאָלדע, ווי אַלע אַמעריקאַנער צייטונגען — יידישע צווישן זיי — האָבן ספּעציעלע אָפּטיילונגען פון „סאָשעל סעקיוריטי" און גיבן עצות אָט די „גליקלעכע", 65־יאָריקע מענטשן, וואָס האָבן „דערלעבט" צו געניסן פון אָט דעם „פּענסיע־געזעץ". איך האָב געפּרוווט לייענען אַ פּאָר צענדליק פון אָט די פּראַגעס און ענטפערס, און האָב אויסגעפונען, אַז בלויז איינער פון 20 וועט קריגן... הונדערט דאָלאַר אַ מאָנאַט „פּענסיע", און מיט 100 דאָלאַר קאָן מען אין אַמעריקע זייער ווייניק אויפטון. עס קאָן קוים סטייען אויף 10 טעג לעבן!...

זעסטו! דערפאַר, אָבער, טוט די רעגירונג אַ טובה דעם 65־יאָריקן זקן אָדער זקנה! זי דערלויבט זיי... ווייטער אַרבעטן און פאַרדינען אַנדערע הונדערט דאָלאַר אַ מאָנאַט! נו! שטעלסט זיך פאָר, וואָס פאַר אַ „גליקלעך" לעבן אָט די געוועזענע אַרבעטער קאָנען האָבן אויף דער עלטער — אויב מען האָט נישט קיין קינדער וואָס קאָנען — און ווילן — שטיצן טאַטע־מאַמע!...

וואָס יאָ! אַ חוץ דער רעגירונגס „כובילאַציע" איז אויך פאַראַן אַ פּריוואַטע כובילאַציע, וואָס די באַלעבאַטים נעמען אַראָפּ ביים אַרבעטער און אַנגעשטעלטע — זיי, די באַלעבאַטים, טראָגן דערצו גאָרנישט צו... — און ווען דער אַרבעטער כובילירט זיך ביי דער רעגירונג, האָט ער, עטוואָס, אויך ביי זיין פּריוואַטער, באַלעבאַטישער — קאַסע (אויב ער האָט דאָרט געצאָלט); אָבער, וועלכער אַר־בעטער קאָן זיך פאַרגינען, אַז מען זאָל ביי אים אַזויפיל אַראָפּנעמען!...

פאַרשטייט זיך, אַז דער „כובילאַציע־געזעץ" געפעלט מיר נישט, ווייל ביי אונדז, און בכלל אין זיד־אַמעריקע, איז ער מער ליבעראַלער און די אַרבעטער געניסן פון אים צו 55 יאָר, דאָס הייסט: — ווען זיי קענען נאָך לעבן און הנאה האָבן פון לעבן!

פרעג אָבער די אַמעריקאַנער! זיי דערציילן און שרייבן וועגן אָט דעם „סאָשעל־סעקיוריטי"־געזעץ מיט באַגייסטערונג:

אַן ערך טויזנט מענטשן אַ טאָג איבער דער לענג און ברייט פונעם לאַנד דערגרייכן די עלטער פון 65 יאָר; און די מערהייט פון זיי פאַרלירט נישט קיין

צייט צו פאָדערן דאָס, וואָס זיי זענען באַרעכטיקט צו געניסן: די רעגירונג־פענסיע אונטער דעם „סאָשעל סעקיוריטי״־סיסטעם.

אין די ערשטע דריי חדשים פון 1954 האָט די רעגירונג אָנגעהויבן צו צאָלן מאָנאַטלעכע פענסיעס צו 187.500 געהאַלט־מענטשן, וועלכע האָבן אויפגעהערט צו אַרבעטן. די פענסיעס זענען אויפן גאַנצן לעבן.

היי־יאָר, 1955, אין דער זעלבער פעריאָד פון דריי חדשים, איז די ציפער געוואַקסן ביז 219 טויזנט כובילירטע (ריטייערטע).

מיט דער צייט, — און עס וועט לאַנג נישט נעמען, — וועט די ציפער דערגרייכן אַ מיליאָן. עס הייסט: אַ מיליאָן מענטשן וועלן יעדעס יאָר זיך ווענדן צו דער רעגירונג פאַר דער „סאָשעל סעקיוריטי״־פענסיע.

און אָט האָסטו אַ חשבון פון דעם אַרבעטערס „גליקן״:

לאָמיר נעמען צום ביישפיל אַן אַרבעטער אָדער אָנגעשטעלטן מיט אַ געהאַלט פון 4.200 דאָלאַר אַ יאָר; דאָס מיינט: עטלעכע און אַכציק דאָלאַר אַ וואָך. ווען ער הערט אויף אַרבעטן, צו 65 יאָר, וועט ער באַקומען מאָנאַטלעך פון דער רעגירונג 162.80 דאָלאַר אַ מאָנאַט, פאַר זיך און דער פרוי.

ווי געזאָגט: — טוט מען דעם עלטערן 65־יאָריקן מענטשן, גאָר־גאָר אַ „גרויסע טובה!״ — מען לאָזט אים ווייטער זיין פאַרשקלאָפט צו זיין אַרבעט.

אויסער דעם האָט די רעגירונג שטאַרק פאַרלייכטערט די „סאָשעל סעקיוריטי״־געזעצן בנוגע מענטשן, וואָס ווילן אַרבעטן נאָך דער עלטער פון 65 יאָר. די רעגירונג דערלויבט איצט דעם בירגער נאָך די 65 יאָר צו פאַרדינען ביז 1.200 דאָלאַר אַ יאָר אָן צו באַרירן דעם פולן פענסיע־פּלאַן. פון דער דאָזיקער פריווילעגיע געניסן די מענטשן, וואָס דערגרייכן די עלטער פון 65 יאָר און קענען און ווילן נאָך ווייטער אַרבעטן.

און, אויב דעם שטאָטישן אַרבעטער איז שלעכט — איז דעם פעלד־אַרבעטער — טויזנט מאָל ערגער!

עס איז ערשט אַ פּאָר יאָר זינט די מאַסן אָנגעשטעלטע ביי לאַנד־אַרבעט, אָדער פאַרמערס, האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין דעם „סאָשעל סעקיוריטי״ פענסיע־פּלאַן. נאַטירלעך וועלן די עלטערע פאַרם־אַרבעטער געניסן אַ קליינע פענסיע, אויב זיי ציִען זיך צוריק פון דער אַרבעט אין דער עלטער פון 65 יאָר. אָבער די 50 צי 60 דאָלאַר אַ חודש וואָס דער פאַרם־אַרבעטער קען שוין האָפן צו באַקומען אויב ער דערגרייכט 65 יאָר באַלד, איז אויך נישט קיין קלייניקייט.

און דער יקרות דאָ? — פרעג שוין נישט!

איך וויל דיר טאַקע, אין אָט דעם בריוו, דערציילן, אַז דער יקרות איז דאָ געוואַלדיק גרויס. איך מיין נישט דעם יקרות פאַר אַזעלכע מענטשן ווי איך

וואָס קומען פון לענדער מיט אַ נידעריקער וואַליוטע. איך מיין טאַקע דער יקרות פאַר די אַמעריקאַנער זעלבסט! דער דאָלאַר, האָט דאָ, פאַר דער היגער באַלעבאָסטע אַ קליינעם ווערט. אַמאָל, האָט אַ מענטש דאָ אָפּגעגעסן פאַר עט־לעכע סענט. היינט סטייעט אים נישט קיין צוויי דאָלאַר פאַר אַ קליינעם „ביס" אין דער צייט פון „לאונטש". אַמאָל — טאַקע ערשט נישט לאַנג, האָט „קאַר־פּעיִר" — טראַמוויי־געלט — געקאָסט 5 סענט און היינט קאָסט שוין 15 סענט און מען וואַרט, אַז גאָר אינגיכן, וועט שוין קאָסטן 20 סענט. פאַר אַן אַרבעטער־פאַמיליע, וואָס האָט קינדער וואָס פאָרן שטודירן, איז דער „קאַר־פּיִער" אַ גרויסער דלות...

אָט הערט מען, אַז די טראַנזיט־אַרבעטער, דאָס הייסט, יענע וואָס באַדינען די סובטעס און אויטאָבוסן, פאָדערן אַ העכערונג פון 17 סענט אויף דער שעה. אויב מען זאָל זיי מוזן נאָכגעבן אָט די העכערונג וועט מען זיכער העכערן דעם „קאַר־פּעיִר"... (טראַמוויי־געלט).

ניו־יאָרקער מענטשן, זאָרגן שוין וועגן דעם. ביי זיי, איבעריקע 20־30 סענט אַ טאָג טראַמוויי־געלט — איז אַ סומע!...

די גרויסע סטאַטיסטיקער פון אַמעריקע, וואָס נעמען געלט פאַר בלויז זיצן און מאַכן חשבונות ווי אַזוי די באַפעלקערונג לעבט זיך דורך, האָבן שוין אויך אויסגערעכנט, אַז דער יקרות שטייגט איבער די הכנסות — כאָטש מען פאַר־דינט איצט — אַזוי זאָגן זיי — זייער גוט. אַ סך מערער ווי צוריק מיט עטלעכע יאָר. וואָס זשע קומט, אָבער, אַרויס, אַז דער ווערט־קראַפט פון דאָלאַר האָט אַ סך, גאָר אַ סך, פאַרלוירן.

דאָס איינציקע גליק פון אַמעריקאַנער מענטשן איז, וואָס... דאָס ווייב גייט אויך אַרבעטן! טויזנטער און מיליאָנען פרויען אין אַמעריקע גייען אַרבעטן און העלפן אַרויס דעם מאַן צו דער שטוב. זי, די אַרבעטנדיקע פרוי, האָט זיך איר באַנק־ביכל, אירע אָפּשפּאָרונגען. בכלל איז דאָ די פרוי זייער אַ סך — שוין צופיל — אומאָפּהענגיק! דער עיקר, אָבער, אַז דאָ, שעמט מען זיך נישט מיט דער אַרבעט! ער, דער מאַן, איז אַ ביזנעס־מאַן, האָט ערגעץ אַ געשעפט און האָט, אַפילו, עטלעכע באַאַמטע און די פרוי וואָלט געקאָנט אַרבעטן ביי אים אין סטאָר אָדער אין אָפיס, טוט זי עס נישט! זי גייט אַרבעטן אין דער פרעמדער! זי פאָרט, אָפט, אַ פאָר שעה ביז זי קומט אין איר אָפיס! זי אַרבעט ווייניקער שעהן ווי דער מאַן און קומט אַהיים פריִער צוגרייטן דעם סאָפּער.

איך האָב זיך באַקענט מיט פאַמיליעס, ווען מען פאַרדינען 10 טויזנט דאָלאַר אַ יאָר — דאָ, אין אַמעריקע, איז דאָס אַ באַדייטנדיקע סומע — און

דאָס פאַרדינסט סטייעט אויף צו מאַכן אַ באַקוועם לעבן, דאָך, גייט די פרוי אַרבעטן און אירע פאַרדינסטן, טראָגט זי אין באַנק אַריין!

וועסטו אפשר מיינען, אַז אָט די פרויען האַלטן דאָ דינסטן, וועלכע העלפן זיי אין שטוב?

וועל איך דיר זאָגן, אַז דאָ, אין אַמעריקע, האָט מען אַ דינסט פאַר בלויז איין מאָל אין דער וואָך; אי דאָס בלויז אויף עטלעכע שעה. דאָ, צו האָבן אַ דינסט, קאָן זיך נאָר פאַרגינען אַ מיליאָנער. אַ געוויינלעכער באַלעבאָס, קאָן נישט האָבן קיין דינסט אויף אַ גאַנצן טאָג. אַזאַ פאַרגעניגן, קאָסט דאָ, אַמוויי־ניקסטן... דריי הונדערט דאָלאַר אַ מאָנאַט. און די גאַנצע פרנסה פון אַ געוויינ־לעכן אַמעריקאַנער מענטשן, איז אַרום פיר (4) הונדערט דאָלאַר אַ מאָנאַט.

אָט, למשל, ביי בעטין. זי הייסט שוין אַ שטיק גבירנטע. קומט צו איר אַריין אַ שוואַרצע דינסט (קיין ווייסע דינסטן, איז בכלל נישט בנמצא) איין מאָל אין וואָך, נעמט צו פאַר עטלעכע שעה העכער אַכט דאָלאַר און דאַטס־האָל.

אַגב. וואָלסט געמעגט אָנקוקן ווי אַזוי די דינסט זעט אויס. זי קומט צו־פאָרן אין אַ שיינעם פאָנטיאַק, פון די לעצטע מאָדעלן, גייט אָנגעטון אַ ווייסן כאַלאַט (גוארדאַפּאַלוואַ) פון ניילאָן, רויכערט סיגאַריזשאָס, נישט די „פּשוטע" טשעסטערפיעלד אָדער לוקי־סטריק, וואָס קאָסטן 22 סענט אַ פּעקל, נאָר רוי־כערט „וויסערי" אָדער „פּאַרלאַמענט" וואָס קאָסטן 35 סענט, און אַ צינד־מאַ־שינקעלע, האָט זי פון די טייערסטע און אַפילו אַ פּאָר שיך טראָגט זי פון 20 דאָלאַר, נישט ווי די באַלעבאָסטע, וואָס טראָגט שיך פון 8 אָדער 10 דאָלאַר אַ פּאָר!

איז טאַקע ביי די גרעסטע טייל פאַמיליעס אין אַמעריקע נישט פאַראַן קיין דינסטן! מען האָט אָפּגעגעסן „סאַפּער", נעמט דער מאַן און טוט זיך אָן דאָס פאַרטעך, גייט אַריין אין קיך אַריין און ווערט אַ גאַנצע באַלעבאָסטע. און נישט נאָר וואַשן „די דישעס" טוט דער מאַן. אויב ער קומט אַ היים פריִער פון דער פרוי — גייט ער אַריין אין קיך, מאַכט די ענסאַלאַדאַ (סאַלאַד), גרייט צו דאָס עסן אין קיך, גייט אַפילו אַוועק אין קלייט אָדער אין „מאַרקעט" (מערקאַדאָ), און קויפט איין די זאַכן וואָס פעלן אויס, און ביז די פרוי קומט פון דער אַרבעט צי פון דער גאַס, אָדער, חלילה, עס זאָל נישט זיין אויסגערעדט — פון קלוב וווהין זי איז געגאַנגען שפּילן אַ ברידזש אָדער אַ רעמי, אָדער גאָר אַ פּאָקער, אַלזאָ, ביז זי קומט אַהיים, טרעפט זי שוין צוגעשטעלט דאָס עסן צום וואַרעמען.

גאָר ספּעציעל, פירן זיך אַזוי די יונגע, ערשט־פאַרהייראַטע פרויען. ביי אָט די יונגע „צוצעקעס", העלפט אַפילו דער מאַן וויקלען און באָדן דאָס קינד.

אַן אויספאָרשונג האָט טאַקע פעסטגעשטעלט, אַז:

87 פּראָצענט פון די ערשט־פּאַרהייראַטע מענער, העלפן זייערע פרויען אין דער שטוב־אַרבעט. 70 פּראָצענט פון מיטל־פּאַרהייראַטע מענער, אַרבעטן ביי זיך אין קיך און אין שטוב און גייען אויך איינקויפן אין קלייט אַריין און 65 פּראָצענט פון פּאַרלעך, וואָס האָבן שוין חתונה געהאַט עטלעכע צענדליק יאָר, אַרבעט דער מאַן כמעט גלייך מיט דער פרוי ביי דער הויז־אַרבעט.

וואָס מערער אינטערעסאַנט איז: די אויספאָרשונג האָט פעסטגעשטעלט אַז 38 פּראָצענט פון גאָר אַלטע פּאָר־פּאָלקן, אַרבעט די פרוי גאָרנישט אין שטוב. דער מאַן טוט די גאַנצע אַרבעט. ער איז שוין „ריטאַערט" (כובילירט), האָט נישט וואָס צו טון, אַ גאַנצן טאָג און די פרוי איז שוואַך, טוט ער פאַר איר די הויז־אַרבעט. ער האָט זיך אויסגעלערנט קאָכן און באַקן, ער קאָן אויך אויפּרוימען די קיך און ער דאַרף נישט אָנקומען צום „רחמנות־געפיל" פון אַ שכנה אָדער קינדער, וועלכע וואָלטן במילא נישט געקומען העלפן דער מוטער.

די אַמעריקאַנער קינדער, זענען נישט בעסער פון די קינדער פון דער גאַנצער וועלט. כל זמן, טאַטע־מאַמע זענען געווען יונג און מען האָט געקאָנט קומען צו גאַסט צו זיי און ביי זיי „פאַרברענגען" אַ טאָג און אָפּעסן און אָפּ־טרינקען און... איבערלאָזן די טעלער מיט די טעפּ אויף דער מאַמען, אַז זי זאָל שוין אויפרוימען — האָט מען עס געטון. איצט, אַז טאַטע־מאַמע — ספּעציעל די מאַמע — איז שוין אַלט און שוואַך, קומט מען זעלטן, גאָר־גאָר זעלטן, און די אַלטע האָבן טאָקע מערער רו און ווייניקער אַרבעט...

זעסטו, גאָלדע, די אייניקלעך זענען שוין אַנדערש! ווען זיי קומען צום זיידן און באָבען צו גאַסט, העלפן זיי אין קיך, אין שטוב, און לאָזן די אַלטע צו גאָר־נישט זיך צורירן! די אייניקלעך קומען אָפטער געוויינטלעך ווערן צום „גראַנד פּאַ" און „גראַנד מאַ"...

עס וועט פאַר דיר זיין אינטערעסאַנט צו הערן די מיינונג פון אַ יידישן שרייבער וואָס הייסט אָסקאַר ווייס, וואָס ער דערציילט וועגן אָט דער „פרויע־שער אַרבעט" וואָס מענער אין אַמעריקע טוען איצט.

נאָכדעם ווי ער גיט איבער אין אַ סטאַטיסטיק וויפל און ווי אַזוי מענער אַרבעטן ביי הויז־אַרבעט, דערציילט ער:

איצט, ווען די מענערישעווירטשאַפט איז שוין געוואָרן אַזוי וואָכעדיק, הייבט מען אָן אין געוויסע קרייזן אַריינצוטראַכטן וועגן די סיבות פון דער דאָ־זיקער דערשיינונג. צי זענען דעריין שולדיק די מענער וואָס האָבן געלאָזט פון זיך מאַכן „פאַנטאָפלעס", אָדער זענען דעריין שולדיק די ווייבער, וואָס האָבן געשטרעבט צו ווערן „מענער" אין הויז?

די וואָס אינטערעסירן זיך מיט „פאָרשן" דאָס דאָזיקע פּראָבלעם קומען

צו פאַרשיידענע לאָגישע אויספירן. אייגנטלעך זענעןביידע צדדים, נישט די ווייבער און נישט די מענער שולדיק אין דער דאָזיקער „רעוואָלוציע". די צייט און די לעבנס־באַדינגונגען האָבן געבראַכט דערצו.

אָנגעהויבן האָט זיך די „רעוואָלוציע" מיט אַ האַלבן יאָרהונדערט צוריק ווען ווייבער האָבן אָנגעהויבן וואָס אַמאָל מער און מער פאַרנעמען מענערישע שטעלעס סיי אין דער אינדוסטריע און סיי אין דער פּאָליטיק.

גלייכצייטיק מיט דער דאָזיקער באַוועגונג, האָבן ווייבער זיך אָנגעהויבן צו פילן זעלבסטשטענדיק און אָנפירעריש צוגלייך מיט מענער. און ווען די מענער האָבן דערפילט די ווייבערישע „קאָנקורענץ", האָבן זיי, די מענער, אָנגעהויבן צו טראַקטירן די ווייבער ווי גלייכע מיט גלייכע. און אויב שוין יאָ גלייך אויף גלייך, טאָ פאַרוואָס קומט די ווייבער דער טיטל „דאָס שוואַכע געשלעכט"? אויב שוין יאָ אַזוי, — האָט די מענערישע וועלט געטראַכט, — דאַרפן די ווייבער מער נישט געניסן פון די ספּעציעלע „פּריווילעגיעס", וואָס זיי האָבן זיך ביז איצט דעראָבערט. וואָס עפּעס ציִען די שליאַפּע ביים באַגריסן די פרוי? וואָס עפּעס אָפּטרעטן אויף די סובטעס אָדער אויטאָבוסן דעם פּלאַץ דער פרוי? אויב גלייך אויף גלייך, איז דאָך נישט שייך קיין ספּעציעלע אויסנאַמען!...

און אויב איר זעט היינט אויף די סובטעס ווי ווייבער שטייען און די מענערישע פּאַסאַזשירן זיצן זיך גלייכגילטיק און לייענען, און טרעטן נישט אָפּ קיין פּלאַץ פאַר די פאָרשטייערינס פון שוואַכן געשלעכט, — אויב איר זעט אָפּט אַזעלכע נישט־טאַקטישע האַנדלונגען, זענען נישט בלויז די מענער שולדיק אין דעם. אומדירעקט האָט די ווייבערישע וועלט אַליין געבראַכט פאַר זיך דעם דאָזיקן שווערן גזר פון מאַניערן־קאָדעקס...

אָבער — ס'איז פאַראַן אַנדערע וויכטיקע סיבות, וואָס האָבן געבראַכט צום איצטיקן מצב. די צוויי וועלט־מלחמות האָבן אַ סך בייגעשטייערט צו דעם, וואָס מענער זענען געוואָרן ספּעציאַליסטן אין קאָכן, ראַמען, וואַשן און בכלל אין באַלעבאַטישקייט. אין די מלחמה־יאָרן, ווען מען האָט געזוכט, „הענט" ווי מיט ליכט, האָבן צענדליקער מענער אָנגענומען שטעלעס פון קוכערס און וואַשערס. די דאָזיקע ספּעציאַליסטן האָבן שפּעטער, אין די נאָך־מלחמה־יאָרן, אָנגעהויבן זייערע פּראָפעסיעס אין די אייגענע היימען.

***

איך האָב אוממיסטן, גאָלדע, באַשריבן פּאָדראָבנע וועגן יקרות און וועגן זייער כובילאַציע־געזעץ, וואָס ברענגט מערער נוצן די באַלעבאַטים און דער

רעגירונג ווי די אַרבעטער, ווייל אויף אַט דעם „געביט" האָב איך געהאַט דעם ערשטן „צוזאַמענשטויס" מיט מיינע נייע אַמעריקאַנער פריינט — דערהויפּט פון דער שרייבער־משפּחה. זיי קאָנען נישט פאַרשטיין, אַז ערגעץ, אין „סאָוט־אַמע־ריקע" קאָנען זיך געפינען לענדער מיט מער פאָרגעשניטענע אַרבעטער־געזעצן ווי זייער באַליבטע אַמעריקע!

איך שטרייך דיר אונטער דאָס וואָרט באַליבטע! דו האָסט קיין אַנונג נישט, גאָלדע, ווי די אַמעריקאַנער מענטשן — און גאָר ספּעציעל די אַמעריקאַנער ייִדן — האָבן ליב אַמעריקע!

נעם דיר אַלס ביישפּיל בעטין! זי האָט געהאַט אירע דריי זין אויפן פראָנט! איינער פון די זין, דער בעסטער פון זיי, איז, נעבעך, געקומען צוריק אַ קאַלי־קע! זי איז נישט זיכער, אַז זי וועט אירע 2 זין ווידער נישט דאַרפן שיקן ערגעץ קיין אַזיע, קיין פאָרמאָסאַ, אָדער, קיין קאָרעאַ! דאָך, ווען זי רעדט וועגן אַמעריקע — באַלעקט זי זיך אַזש! אפשר 20 מאָל האָט זי מיר שוין איבערגעחזרט:

אַך! ווי איך האָב ליב אַמעריקע!

און אַזוי ווי זי איז, אַזוי זענען מיליאָנען און מיליאָנען אַמעריקאַנער, אַ חוץ די, וואָס זענען אָנגעשטעקט מיט דער „סאָוויעטישער טוירע".

אָט האָב איך זיך געטראָפן מיט אַ ייִדן אין „סאָבוויי", וואָס איז געזעסן און געלייענט דאָס קאָמוניסטיש בלעטל „פרייהייט". איך האָב מיט אים פאַרבינדן אַ געשפּרעך. ער איז שוין 45 יאָר אין אַמעריקע; ער אַרבעט נאָך אַלץ אין אַ שאָפּ! שעלט דעם באַלעבאָס, דעם... „פּראָווערטס", פאָסטער דאַלעסן און אַמערי־קע מיט טויטע קללות! אַמעריקע זאָל ברענען! זאָל שרפהנען!... ווען אַ פּאָר רו־סישע אַטאָמישע באָמבעס פאַלן אויף אַמעריקע — וואָלט ער זיך מחיה געווען!...

אָבער, אַזעלכע אידיאָטן, זענען פאַראַן זייער און זייער ווייניק! איך ווייס נישט צי איינער פון הונדערט טויזנט! די איבעריקע האָבן ליב, שטאַרק ליב, אַמעריקע און זענען גרייט אַליין און זייערע קינדער גיין און שיקן אין פייער אַריין פאַר זייער אַמעריקע!... און אויב דו ווילסט, אַז מען זאָל דיך גערן האָבן — דאָ רעד נישט קיין שלעכטס אויף אַמעריקע! זוך נישט קיין חסרונות — כאָטש אַזעלכע זענען פאַראַן איבערגענוג!

אָט, למשל, די געשיכטע מיט די פייער־לעשער.

אין מיין וואוינונג אין די בראָנקס ביי אַלטערן, גייט נישט אַוועק קיין האַלבע שעה איך זאָל נישט הערן קלינגען און פייפן און טרומייטן די „באָמבעראָס", די פייער־לעשער! האָב איך געפּרוווט פרעגן פרומען ווי קומט עס וואָס די אַמערי־קאַנער... ברענען אַזוי פיל?! די צייט איז דאָך איצט דאָ זייער גוט, טאָ צו וואָס מאַכט מען אַזוי פיל „בורא מאורי האש"?

דערציילט מיר פרומע, אַז פון יעדע צען מאָל וואָס די פייער־לעשער פליִען מיט זייערע אויטאָ־באָמבעס, צו לעשן אַ שריפה — איז זעקס מאָל אַן „אומזיסטער אַליאַרם״.

— וואָס הייסט „אומזיסטער אַליאַרם״?

— גאָר פּשוט! אַזוי ווי אויף יעדער בלאָק (קוואַדראַ) איז פאַראַן אַ סלופּ אין וועלכן עס איז אינסטאַלירט אַן אַפּאַראַט וואָס, אַז מען גיט אים אַ ציִ — הייבט אָן קלינגען אין „פייער־אָפּטיילונג״ פון דער געגנט, און עס ווערט דאָרט אויך אָנגעוויזן ווו דער „ציִ״ איז געווען — דאָס הייסט, ווו עס ברענט — נו, זענען פאַראַן אין ניו־יאָרק — ספּעציעל אין די „בראָנקס״ — געווג „לאָבוזן״, ליידיקגייער, דערהויפּט פון דער „יוגנט״, וועלכע גנבענען זיך צו צום סלופּ, גיבן אַ ציִ דאָס דראָטל און אַנטלויפן! אין עטלעכע מינוט אַרום נאָך יענעם „ציִ״ הער איך עס לויפן די „פּאַזשאַרנע קאָמאַנדע״ מיט זייער גאַנצן קלאַפּערגעצייג!...

נו! פרעג איך דיך, גאָלדע, קאָן דיר געפעלן אַזאַ לאַנד וואָס האָט אויסגעפונען די „אַטאָם״־ און „הידראָגען״־באָמבע, און האָט נישט אויסגעפונען קיין מיטל אַז מען זאָל נישט „ציִען״ אומזיסט, און מען זאָל אַזוי פיל מאָל נישט מטריח זיין די פייער־לעשער מיט זייערע „וואַסער־־קישקעס״?!

זאָגט פרומע: — בעסער זאָל דער פייערלעשער לויפן זעקס מאָל אומזיסט, אַבי עס זאָל אַ „ציִער״ פאַר די אמתע פיר מאָל!...

כדי, אָבער, זאָלסט נישט בלייבן מיטן איינדרוק, אַז אַמעריקע איז טאַקע אַזאַ שלעכט לאַנד און ניו־יאָרק אַזאַ שלעכטע שטאָט, וועל איך דיר באַשרייבן אַ פּאָר זאַכן וואָס איך האָב לעצטנס געזען, וואָס טאַקע נאָר אין אַמעריקע קאָן מען עס טרעפן!

למשל: איך וועל דיר דערציילן, אַז אַמעריקע האָט גאַסן מיט יידישע נעמען! גאַסן מיט וועלכע מען האָט פאַראייביקט יידישע גאונים!

אָט, למשל, איז דאָ אַ גאַס וואָס הייסט:

הערצל־סטריט.

נישט־ווייט פון דער „הערצל־גאַס״ איז פאַראַן אַ גאַס אויפן נאָמען פון אַ גרויסן יידיש־אַמעריקאַנעם פּאַטריאָט און פילאַנטראָפּ:

„נייטאַן שטראַוס״־גאַס.

לעבן די רעדאַקציעס פון „פאָרווערטס״ און „טאָג־מאָרגן־זשורנאַל״ איז פאַראַן אַ סקווער, אַ פּאַרק. אין דאָזיקן פּאַרק זיצן שטענדיק די עלטערע יידן פון יענעם געגענט און דערציילן און רעדן. אַפילו, איצט, ווען עס איז אַזוי קאַלט אין דרויסן, זיצן אין סקווער אַלטע יידן און דערמאָנען זיך אין זייערע יונגע יאָרן: דער דאָזיקער סקווער הייסט:

„סטראַוס־סקווער״!

פאַראַן אין ניו־יאָרק אַ „יידישע״ גאַס וואָס הייסט „דילענסיע״־סטריט. דאָס איז אַ מין קאַזשע קאָרריענטעס פון קאַזשאַאָ ביז טשאַקאַריטאַ. אַ טייל פון אָט דער גאַס איז איבערגעשניטן און הייסט:

„דזשייקאָב שיף״־גאַס!

פאַראַן אויך אין ניו־יאָרק אַ „י. ל. פרץ־סקווער״, אַ „סידני הילמאַן סקווער״ און נאָך אַ סך גאַסן נאָך יידישע גאונים און גדולים.

איך ווייס נישט צי אין וועלכן עס איז לאַנד אין דער וועלט — אַ חוץ אין ישראל — זענען פאַראַן גאַסן מיט אַזוי פיל יידישע נעמען!

קומסטו אויף אַזאַ גאַס און דו קוקסט אויף דעם בראָנדזענעם טאָוול וואָס




די „סטראַוס״־גאַס, צום אָנדענק פון דעם באַרימטן יידישן פילאַנטראָפּ.

איז צוגעקלאַפּט צו דער וואַנט פון דער לעצטער שטוב, מוזטו אויך ליב באַקומען אַזאַ לאַנד און עס — לכל הפחות — באַוווּנדערן!...

אָדער, נעם למשל, דעם נייעם סיסטעם ווי אַזוי די אַמעריקאַנער קהילה — די „פעדעראַציע פון פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס״, פירט אָן איר קאַמפּיין צו זאַמלען פאָנדן פאַר די הונדערט זעכצן (116) אינסטיטוציעס וואָס זי האַלט אויס אין אַמעריקע.

איר נייער סיסטעם הייסט:

„טעלעפאָן־קאַמפּיין״.

— וואָס הייסט „טעלעפאָן־קאַמפּיין״? ווי אַזוי פירט מען אים?

— גאָר פּשוט׳ די וויכטיקסטע פּערזענלעכקייטן פון יעדער שטאָט, ווערן אָרגאַניזירט, אַז אַ׳ געוויסן טאָג פון אַ געוויסן חודש, גיבן זיי אָפּ דעם טאָג פאַר דער צדקה־פעדעראַציע. זייער אַרבעט איז: יעדער איינער פון זיי רופט אַרויס טעלעפאָניש זיינע פריינט — אין משך פון טאָג קאָן אַזאַ מענטש אַרויסרופן טע־לעפאָניש ביז צוואַנציק מענטשן, און ער בעט זיין פריינט, אַז ער זאָל נישט פאַרגעסן היינט אַרויסשיקן זיין טשעק, זיין באַשטייערונג, פאַר דער „צדקה־פעדעראַציע״.

און, פאַרגעס נישט, אַז די וואָס רופן, זענען נישט אַבי ווער! אין אָט דעם „טעלעפאָן־קאַמפּיין״ פון דער צדקה־פעדעראַציע טרעפסטו: שטאָט־אינטענדענטן,




די „הרצל״־גאַס אין ניו־יאָרק.

ריכטער פון סופּרעמאַ׳ קאָרטע, די וויכטיקסטע ראַבינער און בכלל די גרעסטע פּערזענלעכקייטן פון שטאָט און לאַנד. נו! דו שטעלסט זיך פאָר, אַז אַ רייכער ייִד באַקומט אַ „טעלעפאָן־קאָל״, דאָס הייסט, ווערט אַרויסגערופן טעלעפאָניש פון אַ וויכטיקן׳ ריכטער אָדער גובערנאַטאָר פון אַ פּראָווינץ און יענער בעט אים אַ קלייניקייט: — ער זאָל נישט פאַרגעסן אַריינשיקן היינט זיין טשעק צו דער צדקה־פעדעראַציע... ווי אָט דער גביר פילט זיך געשמייכלט און ער שיקט טאַקע היינט׳ אַריין זיין געהויבענע באַשטייערונג!

אָט, האָסטו טאַקע אַ „קליינטשיקן״ ביישפּיל.

דער הויפּט־פּראָקוראָר פון ניו־יאָרק איז אַ ייִד און הייסט יאַנקל דזשאַוויץ. איז ער, אָט דער פּראָקוראָר דזשייקאָב דזשאַוויץ, סעקרעטאַר פון „טעלעפאָן־קאַמפּיין״. האָט ער איבערגעגעבן דעם קאַסיר פון פאַראייניקטן קאַמפּיין אַ טשע־

קעלע פון... אַ מיליאָן מיט דריי הונדערט טויזנט דאָלאַר, וואָס מען האָט — דורכן טעלעפאָן — געזאַמלט ביי ביישטייערער...

ווי געפעלט דיר 'אַזאַ „טעלעפאָנישער קאַמפּיין"?

אָט דאָס הייסט „טעלעפאָן־קאַמפּיין", וואָס גיט אין איין טאָג **דעם גרעסטן** דערפאָלג!

איך בין שוין געווען אין די „אָפיסעס" פון דער צדקה פעדעראַציע אויף 130 איסט 59סטע סטריט. עס איז דאָרט אַ פולשטענדיקע מלוכה. אָט די קהילה שטיצט די גרעסטע און וויכטיקסטע יידישע פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס פון לאַנד און אירע באַאַמטע, וואָס פירן אָן דעם דאָזיקן „אָפּיס" וואָס נעמט אַריין מיליאָנען דאָלאַר אַ יאָר — דערגרייכן נישט צו... 20 פּערזאָן!

ווען איך רעד דיר וועגן דער „צדקה־פעדעראַציע" וואָס אַמעריקע פאַרמאָגט, מוז איך זיך אַ ביסעלע אָפּשטעלן און דיר דערציילן, אַז בלויז ביי יידן און בלויז אין אַמעריקע קאָן עקזיסטירן אַזאַ גרויסע און אַזאַ וויכטיקע יידישע פילאַנטראָפּישע אָרגאַניזאַציע.

אַז אַמעריקאַנער יידן גיבן אַ סך צדקה — ווייסט עס שוין די גאַנצע וועלט. ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָבן אַמעריקאַנער יידן געגעבן צדקה בלויז ביי זיך אין דער היים, זייערע אָרעמעלייט! זיי האָבן נישט געוווּסט וואָס עס הייסט שיקן צדקה אויסער רוסלאַנד, פּוילן, גאַליציע אָדער אַנדערע טיילן וועלט, ער האָט געשיקט הילף בלויז זיין פאַמיליע.

נאָך דער מלחמה, ווען עס האָט שוין אָנגעהויבן אַרבעטן דער דזשאָינט און אַנדערע אָרגאַניזאַציעס, האָט מען אָנגעהויבן שיקן הילף צו אַלע יידן פון דער וועלט! אָבער אין דער זעלבער צייט, האָט מען נישט פאַרנאַכלעסיקט די הילף פאַר אייגענע אָרעמעלייט. הונדערטער מיליאָנען צדקה זאַמלט די דאָזיקע פעדעראַציע פון פילאַנטראָפּישע אַנשטאַלטן און הונדערטער מיליאָנען דאָלאַר גיט זי אויס אויף צדקה!

פאַראַן אַ סך וואָס מיינען, אַז אין אַמעריקע זענען נישטאָ קיין אָרעמעלייט און קיינער דאַרף דאָרט נישט קיין נדבה! די אַלע וואָס מיינען אַזוי, האָבן אַ גרויסן טעות! פאַראַן זייער אַ סך אָרעמעלייט און ווען נישט די צדקה־פעדעראַציע, וואָלטן קראַנקע נישט געהאַט וווּ צו קרענקען און אַלטע וואָלטן נישט געהאַט וווּ צו נעכטיקן!...

אַמעריקאַנער יידן, זענען גרויסע צדקה־געבער! זיי גיבן צוויי מאָל צדקה! איינמאָל, אַלס יידן, גיבן זיי אַ סך צדקה אין יידישע אַנשטאַלטן, אין ספּעציפיש־יידישע אינסטיטוציעס, און אַלס אַמעריקאַנער — גיבן זיי פאַר די נישט־יידישע אַנשטאַלטן!

אַמעריקאַנער קריסטן האָבן אויך אַ סך בענעוואלענט אַנשטאַלטן, און זיי קלויבן נישט איבער ביי וועמען צו זאַמלען און ביי וועמען נישט! זיי ווענדן זיך צום שכן, מעג ער זיין פון וואָס פאַר אַ רעליגיע ער איז, און בעטן און באַקומען טאַקע אויך שטיצע.



ביאַליסטאָקער מושב־זקנים אין ניו־יאָרק, איסט בראָדוויי 228, ווו עס האָבן אַ באַקוועמע היים עטלעכע הונדערט אַלטע לייט.

אַמעריקאַנער יידן, גייען נישט זאַמלען צו קיין פרעמדע. מען שעמט זיך גאָר! מען וויל נישט אַז דער קריסטלעכער שכן זאָל טראַכטן, אַז די יידן קאָנען אַליין נישט אויסהאַלטן זייער אַנשטאַלט — גייט מען נישט צו אים און מען האַלט אַליין אויס די שפּיטעלער, די „היימען" און אַנדערע אַנשטאַלטן.

אָט דאָס איז אַמעריקע!

# XX

טייערע גאָלדע:

צווישן די וויכטיקסטע זאַכן וואָס איך האָב געוואָלט געווירע ווערן אין אַמעריקע איז:

— צי איז פאַראַן אַנטיסעמיטיזם אין אַמעריקע, און אויב יאָ — ווי שטאַרק ער איז?

דערפאַר האָב איך נעכטיקן טאָג אָפּגעגעבן אָט דער פראַגע. איך האָב גע־רעדט מיט 2 צענדליק מענטשן וועגן דעם, און דעם רעזולטאַט פון מיין טאָג „אינוועסטיגיישען", קום אים דיר איצט באַשרייבן.

***

אַז אין אַמעריקע איז פאַראַן אַנטיסעמיטיזם — איז דאָך גאָר קיין פראַגע נישט! און ווו איז דען נישט פאַראַן קיין אַנטיסעמיטיזם? איך, למשל, האַלט, אַז דער גרעסטער אַנטיסעמיטיזם פון דער היינטיקער צייט און פון אַלע צייטן פאַר די לעצטע טויזנט יאָר, ווערט פּראַקטיצירט אין... דעם לאַנד פון דער „סאָציאַ־לער־רעוואָלוציע", אין דעם לאַנד ווו יעדער איינער האָט אַ רעכט צו... שטאַרבן אין טיורמע אָדער אויף פאַרשיקונג! פאַרוואָס זשע קומט עס אַמעריקע, אַז דאָ זאָל נישט זיין קיין אַנטיסעמיטיזם?...

גאָר ספּעציעל האָב איך געוואָלט וויסן צי דאָס באַוווּסטע פּאָרל קאָמוניס־טישע שפּיאָנען, ראָזענבערג, האָבן נישט איבערגעלאָזט קיין נאָך־טעם, אַז דער אַנטיסעמיטיזם זאָל, אין אַמעריקע, שטאַרקער ווערן!

מיין אויספאָרשונג האָב איך אָנגעהויבן באַלד ווי נאָר איך האָב זיך אינ־דערפרי אַריינגעזעצט אין „סאָבוויי" פון דער „בראַיטאָן־לאַין" אויף קינגס „האַייוועי סטיישען".

מיט דעם ערשטן ייִדן, וואָס איך האָב געטראָפן מיט אַ... ייִדישער צייטונג אין האַנט, האָב איך פאַרטשעפּעט אַ שמועס. דאָס איז געווען אין אַ שעה, ווען מען „לויפט" נישט צו דער אַרבעט. דער ייִד איז געווען אַ קרעמער און ער איז געפאָרן קיין ניו־יאָרק (מאַנהאַטען) צוליב ביזנעס. אין ברוקלין, וווינט ער ערשט די לעצטע 40 יאָר...

— שייך צו זאָגן אַז עס איז נישטאָ קיין אַנטיסעמיטיזם — אַזוי הייבט אָן דער ייִד מיר צו דערציילן! דער, וואָס וועט אייך זאָגן, אַז עס איז קיין אַנטיסע־

מיטיזם נישטאָ — דער זאָגט אַ ליגן! אַ מאָל, איז דער אַנטיסעמיטיזם געווען פּרעכער! אַ מאָל, האָט מען געטראָפן אַנאָנסן אין די צייטונגען פון האָטעלן אין די זומער פּלעצער, ווו זיי האָבן פּשוט און פּרעך געמאָלדן אַז...

יידן און נעגער זענען נישט געוווּנטשן!

היינט, טוט מען עס אידעלער! אַגב — לויטן געזעץ טאָר מען נישט! שרייבט מען אין די אַנאָנסן, אַז דער האָטעל איז:

נאָענט צו אַ קירכע!...

פאַרשטייען שוין יידן אַליין, אַז דאָס מיינט מען זיי, און זיי פאַרפאָרן נישט אין אָט די פּלעצער!

איך האָב מיין „ביזנעס" (געשעפט) אין אַ געגנט דאָ, ווו עס וווינען זייער אַ סך קריסטן! אַלע ווייסן אַז איך בין אַ ייד און זיי ווייסן אַפילו, אַז די ערשטע טעג פון פּסח, אַ טאָג שבועות, ראש השנה און יום כיפור, האַלט איך געשלאָסן די טירן פון מיין ביזנעס, און דאָך, פיל איך נישט קיין אַנטיסעמיטיזם אַרום מיר!...

נאָך מער! מיין „קאָמפּעטעיטער", מיין קאָנקורענט, וואָס וווינט בלויז דריי טירן פון מיר, איז אַ „ראַדיקאַל". ער איז פון „יענע" וואָס פּלעגן גיין אויף די „כל נדרי־באַלן" וואָס מען פּלעגט דאָ צוריק מיט פערציק יאָר איינאָרדענען... ער, האָט עטלעכע יאָרן געהאַלטן אָפן זיין סטאָר אי ראש השנה אי יום כפור. וואָס זשע איז געווען? האָבן אַ סך קריסטן אויפגעהערט ביי אים צו קויפן. זיי טענהן, אַז אויב ער גלויבט נישט אין גאָט, האָט ער דאָך נישט קיין... גאָט אין האַרצן, איז ער זיכער אַן אָפנאַרער און איז גרייט צו גנבענען ביי דער וואָג און געבן שלעכטע וואַרע.

ווען ער האָט דערזען אַז ער פאַרלירט קונים, האָט ער... אָנגעהויבן פאַר־מאַכן די סטאָר אין אָט די הייליקע טעג און ער האָט זיך געראַטעוועט פון רוי־נירט צו ווערן...

אַן אַנדער גרוס, האָט מיר אָפּגעגעבן אַ קאָלעגע אַ שרייבער, מיט וועמען איך בין אַריינגעגאַנגען טרינקען אַ „קאָפּע־קאָפּע" אין „גאַרדאָנס קאָפּעטעריע", ווו עס קומען זיך צונויף די גרעסטע שרייבער, דיכטער און פען־מענטשן אונ־דזערע.

יענער זאָגט מיר: דעם אַנטיסעמיטיזם פילט מען שטאַרק אין אַרבעטער־לעבן. טויזנטער און טויזנטער יידישע אַרבעטער באַקומען נישט קיין אַרבעט בלויז דערפאַר, ווייל זיי זענען יידן. אַ געוויסע פאָרשונגס־אינסטיטוציע האָט פעסטגעשטעלט, אַז העכער פון 25 פּראָצענט גרויסע, נאַציאָנאַלע פירמעס פון לאַנד פּראַקטיצירן דיסקרימינאַציע קעגן יידישע אַרבעטער! עס ווערט געפירט

אַ שטאַרקער קאַמף קעגן דיסקרימינאַציע. גאָר ספּעציעל, פירט אָן דעם קאַמף דער „יידישער אַרבעטער־קאָמיטעט״, וואָס איז די וויכטיקסטע און איינפלוס־רייכסטע יידישע אָרגאַניזאַציע אין אַמעריקע. דער „יידישער אַרבעטער־קאָמיטעט״ האָט שוין, נישט איינמאָל, אַראָפּגעריסן די מאַסקע פון אָנגעזעענע פירמעס



אַדאָלף העלד
פּרעזידענט פון יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט
און פון „פאָרווערטס״ אַסאָסיישען״.



דוד דובינסקי
באַרימטער אַרבעטער־פירער,
פּרעז. פון „אַמאַלג. יוניע״.

וואָס האָבן זייער אַ סך יידישע קונים, ווייל זיי פאַרקויפן פּראָדוקטן וואָס יידן נוצן אַ סך, און דאָך, מאַכן אָט די פירמעס דעסקרימינאַציעס קעגן יידן.

אַ וויכטיקע אינפאָרמאַציע וועגן אַנטיסעמיטיזם אין אַמעריקע, האָב איך געקראָגן אין „אָפיס״ פון „יידישן וועלט־קאָנגרעס״, ווו איך בין זייער פריינטלעך איינגעלאַדן געוואָרן פון דעם באַרימטן עסקן און פירער פון וועלט־קאָנגרעס ד״ר א. שווארצבורד.

ביי אַ צוויי־שעהדיקן געשפּרעך, אַרומרעדנדיק יידישע פראַגן פון אַמעריקע און אַרגענטינע, זענען מיר אַרויפגעקומען אויף דער טעמע:

„אַנטיסעמיטיזם אין אַמעריקע".

דר" שוואַרצבורד באַשטעטיקט, אַז אין געוויסע ערטער — ספּעציעל געשעפטלעכע — פּראַקטיצירט מען אַנטיסעמיטיזם אין אַמעריקע. דער „יידישער וועלט קאָנגרעס" פאַרנעמט זיך זייער שטאַרק מיט אָט דער פּראָבלעם. ערשט נישט לאַנג איז אין זשענעווע געווען אַ קאָנגרעס, וועלכער האָט באַהאַנדלט די פראַגע פון דיסקרימינאַציע.

אַגב, דער יידישער וועלט קאָנגרעס איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1918 דורך ד"ר סטיפן וויז ע"ה און ריכטער לואיס בראַנדעס, כדי צו פאַרטיידיקן



ד"ר אברהם שוואַרצבורט
הויפּט־פאָרשטייער פון יידישן וועלט־קאָנגרעס אין אַמעריקע, וועלכער באַקעמפט שטאַרק דעם אַנטיסעמיטיזם.

דאָס רעכט פון יידן — אַמעריקאַנער אַריינגערעכנט!... אין יענער צייט האָט מען געדאַרפט קעמפן, אַז מען זאָל אין אַמעריקע...

— פאַרדינגען הייזער צו יידן;

— זיי אַריינלאָזן אין האָטעלן;

— אָננעמען — אָן באַגרענעצונגען אין די שולעס און אוניווערזיטעטן און

— נישט מאַכן קיין דיסקרימינאַציעס ביים געבן אַרבעט.

אין ניו־יאָרק האָט מען שוין אַ סך דערגרייכט! אין דער פּראָווינץ — איז נאָך דאָ צרות...

אַ קאָלעגע, אַ שרייבער פון „טאָג־מאָרגנזשורנאַל" ווייזט מיר אַ נאָטיץ וועגן טשיקאַגאָ, ווו עס ווערט דאָרט געמעלדעט, אַז:

27 פּראָצענט פון די 8.000 אַרבעטס־געבער אין טשיקאַגאָ, וועלכע האָבן געפאָדערט אַרבעטער פון אַרבעטס־ביוראָ, האָבן זיך אָפּגעזאָגט אָנצונעמען יידישע אַרבעטער. (אין טשיקאַגאָ עקזיסטירט נישט קיין געזעץ וואָס פאַרבאָט דיס־

קרימינאַציעס. דאָס דאָזיקע געזעץ איז חל נאָר אין 12 שטאַטן). דאַקעגן לויט אַ דורכגעפירטן פלעביסציט אין דער מעדיצינישער הויך־שול אין ניו־יאָרקער שטאַט איז פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז 47 פּראָצענט פון אַלע תלמידים זענען יידן. (אין דער פּריוואַטער מעדיצינישער הויך־שול אין ניו־יאָרק „ניו־יאָרק אוניווערסיטי" זענען 81 פּראָצענט פון אַלע תלמידים — יידן)...

די בעסטע אינפאָרמאַציע וועגן אַנטיסעמיטיזם האָב איך געקראָגן ביי איינעם פון די בעסטע און פעיקסטע יידישע שרייבער און זשורנאַליסטן אין אַמעריקע — דעם פּרעזידענט פון שרייבער פאַראיין „י. ל. פּרץ". דער דאָזיקער זשורנאַליסט, לעאָן קרישטאַל, איז, אַגב, דער פאָרשטייער פון „פאָרווערטס" אין דער „און" און איז בכלל אַ גוט־אינפאָרמירטער.

היינטיקע טעג רעשט זיך אין גאַנץ אַמעריקע מיט אַן אַנטיסעמיטישן בריוו, וואָס אַ רוסישער „ווייסער גוואַרדעיעץ" האָט געשריבן צום מיניסטער פון אַגרי־קולטור אין אַמעריקע וועגן אַ יידן וואָלף לאַדיזשינסקי, וועמען דער מיניסטער האָט אָפּגעזאָגט פון זיין הויכן פּאָסטן דערפאַר וואָס ער, לאַדיזשינסקי, האָט... קרובים אין רוסלאַנד!

די אַמעריקאַנער יידן האָבן זיך, צום ערשטן מאָל זייט אַ סך יאָר געפילט שטאַרק געטראָפן און טאַקע דערשלאָגן פון אָט דעם בריוו, וואָס דער מיניסטער, וואָס טראָגט אַזאַ חנעוודיקן נאָמען ווי עזרא בענסאָן האָט פאַרעפנטלעכט דעם בריוו און געהאָלפן פאַרשפּרייטן זיין גיפט איבער גאַנץ אַמעריקע. און, אַזוי ווי מיטן ענין לאַדיזשינסקי און מיט דעם אַנטיסעמיטישן בריוו קאָכט איצט גאַנץ אַמעריקע, איז כדאי אַז דו זאָלסט זיך באַקענען מיט דעם גאַנצן ענין און מיטן... אַמעריקאַנער אַנטיסעמיטיזם.

דערציילט לעאָן קרישטאַל:

וואָלף לאַדיזשינסקי, אַ ייד פון דער אוקראַינע, וועלכער איז געקומען קיין אַמעריקע אין יאָר 1921, איז אַן עקספּערט אין לאַנדווירטשאַפטלעכע פראַגן און עס איז שוין כמעט צוואַנציק יאָר — זינט 1935, אַז ער איז אַ באַאַמטער פון אַמעריקאַנער אַגריקולטור־מיניסטעריום.

אין יאָר 1950, ווען גענעראַל מעקאַרטור האָט געדאַרפט האָבן אַן עקס־פּערט אין לאַנדווירטשאַפטלעכע פראַגן, כדי דורכצופירן גרונטלעכע רעפאָרמען אין דער פאַרם־ווירטשאַפט פון יאַפּאַן דורך פאַרטיילן די ריזיקע יאַפּאַנישע גי־טער צווישן די מיליאָנען אָרעמע פּויערים, האָט ער זיך געווענדט צום שטאַט־דעפּאַרטאַמענט.

אַזוי ווי דער שטאַט־דעפּאַרטאַמענט האָט נישט קיין אייגענע לאַנדווירט־שאַפטלעכע עקספּערטן, האָט ער זיך געווענדט צום אַגריקולטור־דעפּאַרטאַמענט.

דער אַגריקולטור־דעפּאַרטאַמענט האָט דאַן „אויסגעליִען" וואָלף לאַדיזשינסקין צום שטאַט־דעפּאַרטאַמענט.

ס'פּאַרשטייט זיך, אַז איידער וואָלף לאַדיזשינסקי איז אַוועקגעשיקט געוואָרן קיין יאַפּאַן, האָט דער שטאַט־דעפּאַרטאַמענט גענוי אונטערזוכט זיין פּאַרגאַנגענהייט. די אונטערזוכונג איז געווען אַ ספּעציעל־שטרענגע טאַקע דערפּאַר, וואָס וואָלף לאַדיזשינסקי איז געווען אין רוסלאַנד ווען די באָלשעוויסטישע איבערקערעניש איז דאָרט פּאָרגעקומען, און ווען ער האָט זיך אין יאָר 1919 אַריבערגעפּעקלט איבער דער גרענעץ קיין רומעניע, איז ער שוין אַלט געווען 21 יאָר און איז געווען אַ געענדיקטער פון אַ רוסישער גימנאַזיע. קנאַפּע צוויי יאָר נאָך זיין אַריבערגיין די גרענעץ קיין רומעניע, האָט די „האַיאַס" געהאָלפן וואָלף לאַדיזשינסקין קומען קיין אַמעריקע.

ווי אַ סך אַנדערע יונגעלייט, האָט לאַדיזשינסקי געלאָזט אייגענע „אין דער אַלטער היים". אין דעם פאַל האָט דער אויסגעוואַנדערטער געלאָזט אין דער אוקראַינע אַ טאַטן און דריי שוועסטער.

ווי עס איז דער שטייגער, האָט זיך דער יונגער אימיגראַנט די ערשטע יאָרן גאַנץ היפּשלעך געפּלאָגט. אָבער אין דער זעלבער צייט האָט ער זיך ווייטער געלערנט. ער האָט געשטודירט אין קאָלאָמביאַ אוניווערזיטעט.

ווען דער אַגריקולטור־דעפּאַרטאַמענט האָט אים אָנגעשטעלט אין 1935, זענען די פאַראַנטוואָרטלעכע באַאַמטע פון דעם דעפּאַרטאַמענט געווען איבערצייגט, אַז וואָלף לאַדיזשינסקי איז אי אַ קעגנער פון קאָמוניזם, אי אַ געטרייער בירגער פון אַמעריקע. ווען דער שטאַט־דעפּאַרטאַמענט האָט אים אונטערזוכט אין יאָר 1950, איז דער באַריכט וועגן אים געווען פול מיט אויסדרוקן פון לויב און צוטרוי צו אים.

אין 1952, ווען אייזענהאַוער איז געוואָרן פּרעזידענט, און דער גוט־באַקאַנטער סקאָט מעקלאָוד, וועלכער האָט אַלס „זיכערקייט־באַאַמטער" פון שטאַט־דעפּאַרטאַמענט אויפסניי אונטערזוכט אַלע באַאַמטע און אָנגעשטעלטע פון דעם אַגריקולטור־דעפּאַרטאַמענט, האָט ער אָנגעוויזן, אַז אויף וואָלף לאַדיזשינסקי איז נישטאָ דער מינדסטער פאַרדאַכט.

די יאַפּאַנישע רעגירונג האָט שטאַרק געלויבט וואָלף לאַדיזשינסקין פאַר זיין אַרבעט; גענעראַל דאָגלאַס מעקאַרטור האָט אים שטאַרק געלויבט; דער שטאַט־סעקרעטאַר דאַלעס האָט אים געלויבט. עס איז שווער צו געפינען נאָך אַ רעגירונגס־באַאַמטער פון ענלעכן ראַנג, וועלכער זאָל האָבן באַקומען אַזוי פיל לויב און אָנערקענונג ווי וואָלף לאַדיזשינסקי.

דאַן איז געקומען אַן ענדערונג אין באַשטימען אַמעריקאַנער באַאַמטע פאַר

אויסלענדישער דינסט. לויט דער נייער פירונג דאַרף נישט דער שטאַט־דעפּאַר־טאַמענט, נאָר דער אַגריקולטור־דעפּאַרטאַמענט באַשטימען אַמעריקאַנער אַגרי־קולטור־עקספּערטן פאַר אַנדערע לענדער. אין וואָלף לאַדיזשינסקי׳, וועלכער איז דאָך בלויז געווען ביים שטאַט־דעפּאַרטאַמענט אויף באָרג, איז אומגעקערט גע־וואָרן צוריק דעם אַגריקולטור־דעפּאַרטאַמענט אויף ווידער באַשטימט צו ווערן אויף דעם זעלבן אַמט אין יאַפּאַן.

אָבער צו אַלעמענס שטוינונג האָט דער אָפּיס פון אַגריקולטור־סעקרעטאַר בענסאָן געלאָזט וויסן, אַז וואָלף לאַדיזשינסקי וועט נישט צוריק־באַשטימט ווערן אויף זיין ביז־איצטיקן אַמט אין יאַפּאַן, ווייל צו לאָזן אים אין דעם אַמט איז אַ ריזיקע פאַר אַמעריקע.

די דאָזיקע מעלדונג האָט אַרויסגערופן אַ שטורעם פון פּראָטעסטן. דער פּראָגרעסיווער דעמאָקראַטישער סענאַטאָר הייבערט האַמפרי און דער רעפּובלי־קאַנער קאָנגרעסמאַן וואָלטער דזשאַד, האָבן פּראָטעסטירט און געפאָדערט, אַז פּרעזידענט אייזענהאַואר זאָל פאַראָרדענען אַן אונטערזוכונג פון דער דאָזיקער האַנדלונג פון אַגריקולטור־מיניסטעריום.

דאַן האָט דער „זיכערקייטס־באַאַמטער״ פון אַגריקולטור־דעפּאַרטאַמענט, דזשאַהן גלען געמאַכט אַ דערקלערונג וואָס איז ווילד און ברוטאַל אין דער זעלבער צייט.

ער האָט געזאָגט, אַז גראָד דאָס, וואָס וואָלף לאַדיזשינסקי האָט נישט מורא געהאַט און האָט געשריבן אַרטיקלען קעגן דעם סאָוועטישן רעזשים, כאָטש ער האָט אַ טאַטן און שוועסטער אין רוסלאַנד, גיט אַ גרונט צו פאַרדעכטיקן, אַז עס קען זיין אַז ער זאָל האָבן אַ מין געהיימען אָפּמאַך מיט דער סאָוועטן־רעגירונג.

אָבער קיינער האָט נישט גענומען ערנסט די דאָזיקע דערקלערונג און דאַן האָט מילאַן ד. סמיט, הויפּט־געהילף פון מיניסטער בענסאָן, געוויזן פאַר צייַ־טונגסלייט דעם בריוו וואָס ער האָט באַקומען פון דעם רוס דזשאָרדזש וויט. דער מר. סמיט האָט זיך באַרימט מיט דעם דאָזיקן בריוו, ווי מיט דעם בעסטן באַ־וויז, אַז דער אַגריקולטור־דעפּאַרטאַמענט האָט געהאַט אַ רעכט אַוועקצונעמען וואָלף לאַדיזשינסקין פון דעם אַמט אין יאַפּאַן.

און אָט זענען די אַנטיסעמיטישע, שוואַרץ־מאהדיקע „פּערל״ פון דעם בריוו:

„ס׳איז צום באַדויערן, וואָס אין פאַרלויף פון די לעצטע 65 יאָר זענען אייניקע רוסישע רעוואָלוציאָנערן פון פאַרשיידענע ריכטונגען געקומען קיין אַמע־ריקע, וווּ זיי האָבן געפונען פאַר זיך אַ היים.

„ס׳איז פונקט אַזוי צום באַדויערן דער פאַקט, וואָס אַ גרויסער טייל פון

די דאָזיקע רעוואָלוציאָנערן זענען געווען יידן, וועלכע זענען געקומען אַהער, ווייל זיי זענען אַנטלאָפן פון צאַרישן רעזשים.

„יידן, וועלכע זענען געוואָרן קאָמוניסטן, זענען דער ערגסטער מין פאַר־רעטער, נישט נאָר צו זייער נייעם פאָטערלאַנד אַמעריקע, נאָר אויך צו זייער אייגן פאָלק, ווייל סטאַלינס פאַרפאָלגונגען אויף יידן זענען געווען אַזעלכע פאַרפאָלגונגען, מיט וועלכע די צאַרישער פאַרפאָלגונגען וואָלטן זיך נישט גע־קאָנט פאַרגלייכן.

„די ראָזענבערגס, די היגגעריכטעטע אַטאָמען־שפּיאָנען, זענען אַ גוטער ביישפּיל.

מר. לאַדיזשינסקי מעג זיך אַפילו זיין הונדערט פּראָצענט אומשולדיק, אָבער די פאַקטן פון זיין פאַרגאַנגענהייט רעדן וועגן אים. אַזוי אַרום — צוליב דער זיכערקייט פון אַמעריקע — מוז ער אַראָפּגעזעצט ווערן".

דאָס פאַרעפנטלעכן אָט דעם בריוו האָט גוואַלדיק אויפגערודערט די עפנט־לעכע יידישע מיינונג אין אַמעריקע און מען האָט געפאָדערט אַז:

די הויכע באַאַמטע פון מיניסטעריום, וואָס האָבן פאַרשפּרייט די העצערישע אויסצוגן פון דעם שוואַרץ־מאהדיקן בריוו, טאָרן נישט פאַרבלייבן אויף פאַר־אַנטוואָרטלעכע אַמטן. זיי מוזן באַזייטיקט ווערן. וואָס שנעלער אַלץ געזונטער נישט נאָר פאַר יידן, נאָר פאַר גאַנץ אַמעריקע.

צי די יידן וועלן טאַקע אויספירן און מען וועט די באַאַמטע באַזייטיקן — ווער ווייסט! מיר דוכט אַז יידן האָבן היינט אַ קליינעם איינפלוס אין וואַשינגטאָן...

***

איך וויל דיר פאַרענדיקן דעם ענין „אַנטיסעמיטיזם אין אַמעריקע" מיט גאָר אַ טרויעריקער געשיכטע וואָס האָט אויך געגוג אויפגעשטורעמט אַמעריקע.

פאַראַן אין דער אַמעריקאַנער פּראָווינץ, 7 מייל פון באָסטאָן, אַ שטעטעלע וואָס הייסט מילטאָן. אַ שטעטעלע ווי אַלע שטעטעלעך. דוכט זיך, רויִקע אַמערי־קאַנער, וואָס גייען זונטיק אין קירך, זינגען די קאַפּיטלעך תהילים און וואַרפן אַריין אין דער פּושקע, און בייטאָג גייען זיי זען אַ „בעיזבאָל געים".

לאָזט זיך אויס, אַז מילטאָן איז גאָר נאַציסטיש געשטימט, טאַקע ווי ביי היטלערן!

אין מילטאָן וווינען איצט 400 יידישע פאַמיליעס, און אָט די יידישע בלע־טער האָבן אַליאַרמירט וועגן זיי:

„מילטאָן, גיהנום פאַר 400 ייִדישע פאַמיליעס", שרייבט איין ייִדישע צייטונג!

אַנטיסעמיטן מאָלן סוואַסטיקאַס אויף ייִדישע הייזער, שיקן בריוו מיט „טויט צו ייִדן", רופן אויפן טעלעפאָן און סטראַשען. — אין איין הויז האָט אַן אַנטיסעמיט אַריינגעשאָסן אַ קויל. — די 400 ייִדישע פאַמיליעס פון מילטאָן, וואָס האָבן זיך באַזעצט אין דעם דאָזיקן קליינעם שטעטל אַרום באָסטאָן אין די יאָרן נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווערן טעראָריזירט פון אַן אַנטיסעמיטישער באַנדע.

דער אַנטיסעמיטישער טעראָר, וואָס געדויערט שוין אַ פּאָר יאָר, דריקט זיך אויס אין אָנצייכענען מיט קרייד סוואַסטיקאַס אויף טירן פון ייִדישע הייזער, און שיקן שרעק־בריוו צו ייִדן און אין רופן ייִדן אויפן טעלעפאָן מיט כלערליי זידלערייען און דראָונגען. איין מאָל האָט מען אַפילו אַריינגעשאָסן אַ קויל אין אַ ייִדישער שטוב, אָבער די קויל האָט צום גליק קיינעם נישט געטראָפן.

די ייִדן אין מילטאָן לעבן אין שרעק פון דעם אַנטיסעמיטישן טעראָר. זיי האָבן איבער צוויי יאָר געשוויגן, זיי האָבן געמיינט, אַז די אַנטיסעמיטישע באַנדע וועט מיד ווערן פון אירע טעראָריסטישע אַקטן. אָבער עס איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז די שטילע, פאַרמעגלעכע ייִדישע באַפעלקערונג האָט מער נישט געקענט אויסהאַלטן און זיך געמוזט ווענדן צו דער פּאָליציי, צו דער עף־בי־אַי און צום פּאָסט־אָפיס־דעפּאַרטאַמענט.

ביז נאָך דער לעצטער וועלט־מלחמה האָבן אין מילטאָן געלעבט נישט מער ווי 15 ייִדישע פאַמיליעס. ס'איז געווען רויק. די נישט־ייִדישע שכנים זענען געווען פריינטלעך צו די ייִדישע און קיינער האָט נישט אַרויסגעוויזן דעם מינדסטן סימן פון אומצופרידנקייט מיט די עטלעכע ייִדישע פאַמיליעס.

ווער עס האָט איצט אַריינגעבראַכט דעם אַנטיסעמיטיזם קיין מילטאָן איז נישט שווער צו טרעפן! פאַר די לעצטע עטלעכע יאָרן, ספּעציעל זינט די לעצטע פּליטים־אימיגראַציע, זענען אַריינגעקומען קיין אַמעריקע הונדערטער טויזנטער ווייס־רוסן, דייטשן, אונגאַרישע און סתם פיינע מענטשן, וועמענס הענט זענען נישט ריין פון ייִדיש בלוט, און זיי פאַרסמען עס די לופט אין די קליינע שטעטלעך! אין די גרויסע שטעט איז זיי שווער צו אַרבעטן, אָבער אין דער פּראָווינץ קאָנען זיי זיך צעפירן די הענט!

ווען מיר זענען פאַרנאַכט געזעסן אין דער קאַפּיטעריע און דיסקוטירט אַרום פּראָבלעם אַנטיסעמיטיזם, האָב איך אַרויסגעבראַכט מיין פּערזענלעכן מיינונג, וועלכע איז פאָלגנדיק:

אין זיד־אַמעריקע זענען די פעלקער נישט אַנטיסעמיטיש — און אייניקע — גאָר־גאָר ייִדנפריינטלעך — און די רעגירונגען האָבן אויך נישט קיין איינ־

טערעס אין אַנטיסעמיטיזם! און אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, פוילן, רומעניע און אונ־גאַרן זענען די פעלקער פאַרסמט פון אַנטיסעמיטיזם און ווילן האָבן יידיש בלוט... אויך די רעגירונגען האָבן אַ האַנט אין אַנטיסעמיטיזם! אַז מען וועט שלאָגן יידן וועט מען פאַרגעסן אין זיי!...

אין אַמעריקע איז פאַראַן אַ געשעפטס־„קנאה"־אַנטיסעמיטיזם, און די רע־גירונג — וועלכע רעגירונג עס זאָל נישט זיין — איז נישט אַנטיסעמיטיש, שטיצט נישט קיין אַנטיסעמיטיזם און באַקעמפט אים אַפילו!

— איי, עזראַ בענסאָן?

ער איז אויך נישט קיין אַנטיסעמיט! גיכער פון אַלעס איז ער אַ... טיפּש!

און, נישט בלויז אַנטיסעמיטן זענען פאַראַן ווייניק אין אַמעריקע. עס זענען דאָ אויך פאַראַן ווייניק... פערד! יאָ! פשוטע פערד!

איך האָב דאָ געזוכט און געזוכט און נישט געטראָפן קיין... פערד! אָט די פשוטע פערד, וועלכע מען טרעפט נאָך ביי אונדז אַרומפאָרן אויף די צענטראַלע גאַסן און וואָס מיר רופן „מאַטעאָס", אָדער די פשוטע בעלגישע פערד וואָס שלעפּן די שווערע וועגענער מיט סחורות און פאַרשטעלן די טראַפיק אין די גאַסן — אָט דאָס אַלעס איז נישט צו טרעפן נישט אין ניו־יאָרק, נישט אין ברוקלין און אַפילו נישט אין וויטן בראָנקס.

איך האָב זיך איינגעשפּאַרט, אַז איך מוז טרעפן אַ פערד און וואָגן! האָב איך גענומען אַ „באָס" (אַן אויטאָבוס) און דערנאָך גענומען אַ צווייטן און אַ דריטן! איך בין אויסגעפאָרן צענדליקער און צענדליקער גאַסן פון ניו־יאָרק און פון אַלע אַרומגעגנטן און האָבן נישט געטראָפן אויף מיין „רייזע" קיין פערד און וועגעלע אָדער גלאַט אַ פערד!

צוליב קוריאָז, — און טאַקע ווייל איך וויל קענען ניו־יאָרק גרינטלעך, האָב איך זיך נאָכגעפרעגט צי אין ניו־יאָרק נוצט מען טאַקע נישט קיין „אויטאָ־מאָביל" וואָס, אַנשטאָט נאַפט, נוצט ער האָבער אָדער פאַשע — און מען האָט מיר געענטפערט, אַז אין ניו־יאָרק איז דאָס נישט אין דער מאָדע.

מיט אַ יידן וואָס איז געזעסן אין העסטער פּאַרק און געלייענט זיין „פּעיפּער" האָב איך געפירט אַ לענגערן געשפרעך וועגן ניו־יאָרקער פערד. ער, דער ייד, איז שוין אין אַמעריקע 56 יאָר. ער געדענקט נאָך, ווען די פערד האָבן אין די ניו־יאָרקער גאַסן געשפּילט אַ גרויסע ראָל און האָבן אַפילו געשלעפּט די טראַמ־ווייען. אָבער, דאָס איז געווען אַמאָל, אַמאָל! דער אויטאָמאָביל און דער „טראָק" (קאַמיאָן) האָבן „אַרויסגעשטופּט" די פערד פון די ביזנעס, פון זייער פּאָזיציע און פון דער שטאָט.

דייך, זאָלסטו קיין יסורים נישט האָבן. פאַראַן נאָך, ב"ה, אין ניו־יאָרק

עטלעכע טויזנט פערד. די וויכטיקסטע פון זיי, שפּילן אַ גרויסע ראָל אין די „קאַרעראַס“ — דאָ, הייסט עס: „רעיסעס“, אָדער פערד־געיעגן. טויזנטער מענטשן נוצן דאָ, אָט דעם „ספּאָרט“, וועלכער איז אין אַ סך „סטעיטס“ פאַרבאָטן. אָבער, דאָרטן ווו מען מעג שפּילן אין די „רעיסעס“, דאָרט, שפּילן די פערד אַ גרויסע ראָל.

פאַראַן אויך פערד און בריטשקעס וואָס מיליאָנערן נוצן פאַר אַ שפּאַציר.



„טיימס־סקווער“, אייגע פון די הויפּט־גאַסן פון ניו־יאָרק, ווו אַ פערדישער פוס האָט שוין דאָרט צענדליקער יאָרן נישט געטראָטן...

אָבער, אַזוי, אין מיטן גאַס, זעט מען זיי נישט פאָרן. ווען אַזאַ פערד און בריטשקע זאָל אַריינפאָרן אויף דער פינפטער עוועניו, וואָלטן אים די טאַקסיס באַלד צעקוועטשט מיט דער בריטשקע צוזאַמען!

דאָס ביסל פערד וואָס שלעפּן ערגעץ וועגענער, קאָסטן זייער טייער! מען שמועסט אַז... 4 הונדערט דאָלאַר אַ פערד!

## XXI

טייערע גאָלדע:

איך האָב דיר איין אַ פּריִערדיקן בריוו, אַ ביסעלע „פּאַרשוואַרצט" דאָס פּנים מיט „מיין" אַמעריקע, איך האָב דיר באַשריבן די כוליגאַנסטווע און בו־יאַנסטווע וואָס עס קומט פאָר, טאָג איין — טאָג אויס, איבער די ניו־יאָרקער גאַסן, און אַז די שלעגערס, און „נאַליאָטשיקעס" זענען, מיינסטנס, יונגע קינדער, וואָס דער מאַמעס מילך ליגט זיי נאָך אויף די ליפּן!

דעם אמת געזאָגט, בין איך די ערשטע פּאָר טעג און אַפילו די ערשטע פּאָר וואָכן פון מיין זיין אין אַמעריקע, געווען אַ ביסעלע איבערגעשראָקן און נאָך מער דענערווירט פון דעם פאַקט, וואָס „מען דאַרף זיך היטן"!

ווי דו ווייסט, נעכטיק איך איין נאַכט אין ברוקלין, ביי מונין און בעטין און איין נאַכט אין די בראָנקס, ביי אַלטערן און פרומען. נו, איז מוניס וווינונג, נאָך אַ ביסעלע אַ צענטראַלע גאַס! בלויז איין בלאָק פון דער וויכטיקסטער אַוועניו „קינגס־האייוועי".

אַנדערש איז שוין אין די בראָנקס. כאָטש „מיין" גאַס, איז אַ „אַוועניודאַ", נעלסאָן־עוועניו, דאָך, איז זי אַ ביסעלע פינסטערלעך, און ווען איך דאַרף גיין פון דער סובטע (סאָבווי) ביז דער שטוב — אַ פינף־זעקס קוואַרטאַלן, ציטערט מיר דאָס האַרץ, נישט צוליב דעם גרויסן פראָסט, וואָס וויל מיר בלויז אָפּ־פרירן די נאָז — נאָר פאַר מורא, טאָמער קומט מען מיר אָן אַנטקעגן און מען מאַכט פון מיר אַ „ווייניקן עפּל"!

און, ווי אויף צו להכעיס, קומט מיר אויס צו קומען „אַהיים", קיין בראָנקס, העט, העט, שפּעט ביינאַכט. דאַרפסט פאַרשטיין, אַז ביז אַכט אַזייגער אויף דער נאַכט, איז אוממעגלעך זיך אַריינשטופּן אין „סאָבווי" און מען האָט מיר הונדערט מאָל שוין אָנגעזאָגט אַ, איך זאָל נישט פאָרן מיטן „סאָבווי" אין די שעהן פון פינף ביז אַכט. נו! מוז איך פאָרן נאָך אַכט. — קום איך אַהיים אַזייגער ניין, אָדער נאָך שפּעטער, איז שוין... אַ מורא צו גיין איבער אַ גאַס ווו עס איז פינס־טער און מען זעט נישט קיין פּאָליסמאַן...

ווי איך האָב דיר שוין אין אַ פאָריקן בריוו געשריבן, האָט אויף מיר גע־מאַכט אַ פיינלעכן איינדרוק דאָס דערהרגענען, נאָך ביי דער שיין פון טאָג — עס איז ערשט נאַכט געוואָרן, אַן אַלטיטשקן, 74־יאָריקן ייִדן פון די בראָנקס, וואָס האָט געוווינט נישט ווייט פון מיין וווינונג, אַלעקסנדר בזשוסטאָווסקי האָט ער

געהייסן. זיין פרוי איז געשטאָרבן אין 5 שעה אַרום. דעם אמת דיר זאָגן, ווען איך האָב דעם צווייטן טאָג אַ שיף — אַנטלויף איך אַהיים!

דעם דריטן טאָג, ווען איך האָב זיך באַרויִקט, האָב איך ערשט אַרויס־געזען, אַז...

מען דאַרף זיך שטאַרק נישט נעמען צום האַרצן אָט די זאַכן. מאָרגן וועלן זיין אַנדערע רויבערייען און אַנדערע מאָרדן! אַזוי איז און אַזוי מוז זיין! אין אַזאַ וועלט־שטאָט ווי ניו־יאָרק. און אַנשטאָט זיך מיאש זיין — בין איך אַוועק זיך פאַראינטערעסירן מיט אַ טייל פון יידישן לעבן פון ניו־יאָרק, פון אַמעריקע, וואָס אינטערעסירט אויך אונדז, די אַרגענטינער יידן!



אין ביאַליסטאָקער מושב זקנים אין ניו־יאָרק, ריכטן די זקנים אָפּ אַ סדר, — מעג מען זיך פאַרגינען אים בייצוזיין...

איך האָב אָנגעהויבן צו „שטודירן" און אויספאָרשן, וואָס די אַמעריקאַנער יידישע זין און טעכטער טוען מיט זייערע

— אַלטע טאַטע־מאַמע!

איך האָב זיך געוואָלט באַקענען מיט אַמעריקאַנער מושב זקנימס — און:

איך בין אַרויס אַן איבערראַשטער פון דעם אופן ווי אַזוי מען האָט אין אַמעריקע טיילווייז געלייזט אָט דעם פּראָבלעם.

אין אַמעריקע, זענען נישטאָ אַזעלכע מושב זקנימס ווי ביי אונדז אין „בורסאַקאָ", נישטאָ דאָרט קיין פּלאַץ ווו עטלעכע הונדערט זקנים און זקנות זאָלן זיצן און... וואַרטן אויפן טויט! נישטאָ דאָרט אַזעלכע „פּאַוועליאָנען" ווו צען, צוואַנציק אָדער דרייסיק עלטערע מענטשן זאָלן שלאָפן אין איין גרויסן זאַל און איין זקן זאָל — מיט זיין הוסטן אָדער קרעכצן — נישט לאָזן שלאָפן דעם צווייטן! און לסוף: אין אַמעריקע זענען נישטאָ קיין מושב זקנימס ווי ביי אונדז, ווו מענטשן

וואָס קענען נאָך עפּעס טון — זאָלן נישט אַרבעטן און זיך גאָר וואַרעמען אַ גאַנצן טאָג אויף דער זון אָדער זיצן אין פּאַוועליאָן און זיך קריגן, אָדער רעדן רכילות.

אַמעריקאַנער ייִדן, האָבן פאַר דער עלטער, פאַר די „עלטערע יאָרן״ זייער אַ סך דרך־ארץ! זיי פאַרזיסן די לעצטע יאָרן פון די עלטערע מענטשן און — נישט איינער פון די יעניקע, וועלכע האָבן געהאָלפן בויען אָט די „היימען פאַר אַלטע״, זענען איצט אַליין זייערע חשובע תושבים און געניסן פון זייער גוטער, פּערפעקטער אָרגאַניזאַציע.

רעדנדיק וועגן עלטערע מענטשן אין אַמעריקע, דערציילט חיים ליבערמאַן, איינער פון די בעסטע און באַליבטסטע ייִדישע שרייבער וואָס מיר פאַרמאָגן.

רעדנדיק וועגן „עלטערע יאָרן״ זאָגט ער:

אַלע ווייסן, אַז אין אַמעריקע איז היינטיקע צייט דאָ אַ פּראָבלעם מיט עלטערע מענטשן. און אַ „פּראָבלעם״ מיינט — אַ צרה. וואָס טוט מען מיט אַזוי פיל עלטערע מענטשן ווי עס זענען היינט דאָ? און וואָס זאָלן עלטערע מענטשן טון מיט זיך אַליין? אַזעלכע פראַגן פילן היינט אָן ממש די לופט. רעגירונגען פאַרנעמען זיך מיט זיי, געזעלשאַפטלעכע טוער, אָדער ווי מער רופט זיי „סאָשעל וואָירקערס״, פאַרנעמען זיך מיט זיי, שרייבער שרייבן ביכער וועגן זיי. מען טראַכט פּלענער, מען זוכט עצות.

אין פלוג איז עס זייער מאָדנע. יעדער מענטש וויל לעבן וואָס לענגער. די בעסטע ווינטשעוואַניע וואָס מען קען געבן אַ מענטשן איז:

— לאַנג לעבן.

אַז מען מאַכט אַ שנעפּסל, מאַכט מען „אַ לחיים״ ביז 120 יאָר!...

אָט האָט גאָט געהאָלפן, און מענטשן לעבן היינט לענגער ווי אַמאָל. דאָס איז צו פאַרדאַנקען דער מעדיצין, וואָס האָט אין די לעצטע פּאָר דורות געמאַכט גרויסע פאָרשריט. עס איז צו פאַרדאַנקען די בעסערע סאַניטאַרע באַדינגונגען, און אַזוי ווייטער.

איז עס דאָך, דוכט זיך, גוט. צום סוף איז עס גאָר אַ „צרה״. וואָס עס איז אייביק געדאַכט געוואָרן ווי אַ ברכה, ווייזט זיך גאָר אַרויס, לויט דער מיינונג פון אַנדערע, ווי אַ קללה, רחמנא ליצלן. געלערנטע האָבן אויסגערעכנט, אַז אין אַ פינף־צען יאָר אַרום וועט אַ העלפט פון דער באַפעלקערונג אין אַמעריקע באַשטיין פון עלטערע מענטשן, און מען ברעכט זיך די קעפּ: וואָס וועט דעמאָלט זיין?

מיט עלטערע מענטשן איז אין אמתן שטענדיק געווען אַ פּראָבלעם. איז דאָך ביי ייִדן פון אַלע צייטן דאָ אַ האַרצרייסנדיקע תפילה:

„וואַרף אונדז נישט אַוועק אויף די עלטערע יאָרן״.

אין אַ ליד פלעגן ייִדן זינגען:

„אַ ביישפּיל קען איך אייך, מענטשן, געבן... בעסער אויף דער וועלט נישט צו לעבן, איידער אַנצוקומען צו אַ קינד".

נאָר פון דעסטוועגן פלעגט דאָס פּראָבלעם פיל־ווייניק געלייזט ווערן מיט דער אינסטיטוציע פון מושב זקנימס.

אָבער, ווען האַלב אַמעריקע וועט באַשטיין פון עלטערע מענטשן, צי איז עס מעגלעך זיך פאַרצושטעלן, אַז האַלב אַמעריקע וועט לעבן אין מושב זקנימס?

אין אַ סך פּרטים איז די פראַגע היינט אַ רעכט ביסל אַנדערש ווי זי איז געשטאַנען אַמאָל. אין טויזנטער פאַלן היינטיקע צייט דאַרפן עלטערן נישט „אָנ־קומען צו אַ קינד". ביי היינטיקן וווילשטאַנד פון דער באַפעלקערונג זענען על־טערע מענטשן זייער אָפט גאַנץ פיין באַזאָרגט. מען האָט זיך עפּעס אָפּגעשפּאָרט אויף דער עלטער. „סאָשעל סעקיוריטי" (כובילאַציע) איז אַוודאי אַ גרויסע הילף.

פאַר אַזעלכע מענטשן איז די הויפּט־פראַגע: וואָס טוט מען אויף די עלטערע יאָרן? מיט וואָס פילט מען אויס די ליידיקע צייט? ווי אַזוי פאַרברענגט מען די טעג, די וואָכן, די ימים טובים? מען גייט אויס פון לאַנגווייליקייט. און לאַנגוויי־ליקייט פאַרביטערט דאָס לעבן, ברענגט נערוועזע צעשטערונגען און איז מקצר די יאָרן. גיין פון קינאָ צו קינאָ העלפט נישט, שפּילן טאָג און נאַכט אין קאָרטן איז קיין תכלית נישט; ס'איז דאָך נישט קיין תכלית צו פאַרשפּילן די פאָר גראָשן אויף וועלכע מען דאַרף לעבן.

וואָס זשע טוט מען פאָרט?

עס זענען צוגעטראַכט געוואָרן פאַרשיידענערליי קונצן. איינע אַזאַ קונץ איז: מאָלן בילדער. ווערן אַ „חודאָזשניק".

אַלטע לייט האָבן זיך גענומען מאָלן בילדער. דאָס גאַנצע לעבן האָט מען קיין פּענדזל אין האַנט נישט געהאַלטן, מען האָט קיין מוזיי אינעווייניק נישט אָנגעקוקט, מען האָט קיין שום אינטערעס נישט געהאַט פאַר דער מאָלערישער קונסט, און אויף די עלטערע יאָרן האָט מען זיך גענומען צו דער קונסט.

דאָס זעלבע אויך מיט קלעפּן, מיט סקולפּטור־אַרבעט, הייסט עס.

מען האָט אָרגאַניזירט קלובן, און די שטאָט גיט לערער, און מען לערנט אַלטע לייט מאָלן, קלעפּן, שפּילן טעאַטער, טאַנצן און ענלעכעס.

אינטערעסאַנט איז, אַז מאַנבעסמאָל געפינט זיך אַן עלטערער מענטש, וואָס באַווייזט דווקא טאַלאַנט אין מאָלן אָדער קלעפּן. פון דעסטוועגן איז קיינער דאָ נישט גענאַרט. אַלע ווייסן, אַז עס איז נאָר אַ שפּיל, אַן אָנשטעל, אַ מיטל צו הרגענען צייט, און ווייטער גאָרנישט. קיין נשמה־באַפרידיקונג געפינען דאָ נישט די עלטערע מענטשן, וועלכע זענען גאַנץ אָפט גאָרנישט אַלט, נאָר זענען ביים

פולן פאַרשטאַנד, ביי גוטע כוחות, און מען וואָלט זיי גאָר אפשר ריכטיקער פון אַלץ געדאַרפט באַצייכענען ווי אַלטע יונגעלייט...

אָט אַזוי איז דאָס לעבן פון דעם דאָזיקן עלטערן שיכט מענטשן, וואָס ווערט אַלץ גרעסער און גרעסער אין דער געזעלשאַפט.

נאָר ווי געזאָגט, דאָס לעבן איז ווי אַ וואַסער, עס זוכט אַ וועג פון אונטער דער ערד און עס שלאָגט אַרויס. די עלטערע מענטש זוכן אַ פאָרעם פאַר זייער לעבן, און זיי וועלן געפינען.

אָט אַזוי רעדט אַזאַ געניטער שריפטשטעלער, איינער פון די פּאָפּולערסטע שרייבער אין אַמעריקע, וועגן „עלטערע יאָרן" און וואָס טוט מען מיט עלטערע מענטשן? און דער עיקר — וואָס זאָלן טון עלטערע מענטשן מיט זייער צייט?

מער ווייניק אַזוי, רעדט אויך וועגן, די זקנים די באַוווסטע שרייבערין, וועלכע האָט אויך באַזוכט אַרגענטינע — פריילין כ. יאַפּע. איך בין געוועזן איינגעלאַדן צו איר אויף אַ שבת־מיטיק, וועגן וועלכן איך וועל דיר באַזונדער שרייבן.

רעדנדיק וועגן זקנים, דערציילט זי, אַז יידישע זקנים צייכענען זיך אויס מיט זייער טאַלאַנט אויף אַן אויסשטעלונג אין ניו־יאָרקער מוזעאום און צוויי יידישע זקנים האָבן געוווּנען פּרעמיעס.

די אויסשטעלונג איז פאָרגעקומען אין מוזעאום פון „נאַטור־געשיכטע". עס האָבן אָנטייל גענומען אין דער אויסשטעלונג זקנים און זקנות פון אַלע ראַסן און רעליגיעס, אָבער, די מערהייט זענען געווען די יידישע זקנים און זקנות.

נאַטירלעך, דאַרף דער צוגאַנג צו אַזאַ אויסשטעלונג זיין נישט פון וויסנ־שאַפטלעכן אָדער קינסטלערישן שטאַנדפּונקט. די וויכטיקייט פון דער אויסשטע־לונג איז, וואָס זקנים, וועלכע האָבן שוין אַריבערגעטראָטן די שוועל פון טעטי־קייט, וועמענס אַקטיווע יאָרן זענען שוין פון לאַנג פאַרביי, וועמענס באַטייליקונג אין לעבן איז שוין אַ גאַנץ פּאַסיווע, — קומען צום אויסדרוק און אויך דער דאָזיקער אויסדרוק איז אפשר נישט אַזוי וויכטיק, ווי דאָס וואָס ליגט הינטער דעם אויסדרוק:

אַרבעט, טעטיקייט.

שטעלט אייך פאָר, וואָס דאָס מיינט פאַר זקנים אין אינסטיטוציעס, מענטשן וואָס האָבן שוין אָפּגעשלאָסן זייער קאַפּיטל טעטיקייט, — געפינען די מעגלעכ־קייט און די געלעגנהייט צו אַרבעטן; צו שפּירן, אַז זיי זענען נישט נוצלאָז; אַז זייערע הענט און זייערע אויגן און זייערע קעפּ זענען נאָך פעיק צו אַרבעטן; אַז זיי זענען נישט קיין ליידיקגייער און קעסט־קינדער ביי דער געזעלשאַפט; און די אויסשטעלונג, וווּ זייערע אַרבעטן ווערן באַוויזן פאַר דער וועלט, צייכנט באַטירלעך אָן אַ גרויסן יום טוב אין זייער לעבן. פאַר די גרעסטע מערהייט

זקנים, מיינט עס, אַ דערגרייכונג אויף דער עלטער, וואָס זיי האָבן קיינמאָל נישט געגאָסן אין די יינגערע, אַקטיווע יאָרן.

די אַמעריקאַנער באַנוצן מאָדערנע מעטאָדן פון „דערציִען" זקנים און זקנות, געבנדיק זיי אַרבעט, פאַרנעמענדיק זייער פרייע צייט און נישט זיצן און וואַרטן אויפן מלאך־המוות. די אַרבעט פאַר די זקנים און זקנות איז דער בעסטער היילונגס־מעטאָד און דער בעסטער מיטל, אַז די זקנים זאָלן נישט... ליגן אין שפּיטאָל און דער עיקר — נישט ווערן מעלאַנכאָליש.

אַ שיינעם מושב זקנים האָבן די ביאַליסטאָקער אויף 228 איסט בראָדוויי, אַ פּאָר בלאָק פון די יידישע צייטונגען. מען דאַרף מודה זיין, אַז די ביאַליסטאָקער זענען זייער טעטיק אויף אַלע געביטן. איך בין געווען אין אָט דעם אַנשטאַלט און בין אַרויס פון דאָרט אַן אַנציקטער — כאָטש עס איז אַ... מושב זקנים און נישט קיין „היים", אָדער ווי זיי רופן דאָ „האָום" פאַר עלטערע פרויען און מענער.

אַ „האָום" איז אַ מאָדערנער „האָטעל". די צימערן זענען פאַר צוויי מענטשן — העכסטנס — ביז פיר פּערזאָן. אין יעדער צימער איז פאַראַן אַ... טעלעוויזאָר און אַ ראַדיאָ. אין די „פרייע" שעהן — דאָ סהייסט, ווען די אַלטע מענטשן אַרבעטן נישט — קאָנען זיי הערן ראַדיאָ אָדער קוקן אויפן טעלעוויזאָר.

זייער שיין און מיט אַנציקונג רעדט וועגן אָט די „היימען" פאַר אַלטע פרויען די באַוווּסטע דיכטערין און פּאָפּולערע שרייבערין קאַדיע מאָלאָדאָווסקי. איך האָב זיך מיט אָט דער סימפּאַטישער שרייבערין באַקענט אין דער „גאָרדאָן־קאַפּע־טעריע", און ווען זי האָט מיט מיר אָנגעהויבן רעדן, האָב איך באַמערקט, אַז זי קאָן אַלע אונדזערע אַרגענטינער יידישע שרייבער! זי איז אַ לייענערין פון אונ־דזערע צייטונגען און ביכער, און זי וואָלט נאָך געוואָלט קאָנען פּערזענלעך אַר־גענטינער יידישן ישוב!...

רעדנדיק וועגן אָט די „היימען" דערציילט קאַדיע מאָלאָדאָווסקי:

אין אַ געמיינזאַמען צימער, ווו עס וווינען עטלעכע פרויען צוזאַמען, אין דער היים פאַר אַלטע לייט, דערפילט מען זיך ווי אין אַ קליין שטעטל פון אַמאָל. דער אַלטער יחוס איז דאָרטן — יחוס, שטאַרק ווי מויער, מען קען אים נישט אַוועקמאַכן מיט דער האַנט.

צווישן די עלטערע פרויען איז דאָ איינע אַ רביצין שוין גאָר אַן אַלטיטש־קע. זיי זאָגן אַז זי איז שוין ביי ניינציק. זיי רופן איר די רביצין פון אַרץ ישראל, ווו זי האָט געוווינט עטלעכע יאָר. די מיטוווינערינס באַציִען זיך צו איר מיט אַ גוואַלדיקן דרך־ארץ, און אויסמערקזאַמקייט. מען עפנט איר די טיר, מען העלפט איר גיין, מען האַלט איר אונטער, ווען זי זעצט זיך אויף אַ בענקל. זיי זאָגן אויף איר, אַז זי איז אַ צדיקת. זי דאַוונט, זי זאָגט תהילים, זי זאָגט ברכות,

זי זאָגט תחינות — זי איז אַ רביצין. די „היים" איז אַ מקום קדוש, אַ הייליק אָרט צוליב איר — האָט זיך אַ פרוי אויסגעדריקט...

איינע פון די מיטווינערינס גייט איר נאָך ווי אַ שמש דעם רבין. זי הערט זיך צו צו יעדעס וואָרט וואָס די רביצין זאָגט און איז באַלד גרייט צו טאָן אַלץ, אַז די אַלטיטשקע זאָל זיין צופרידן.

אָט די פרוי, די פריוויליקע אָפּהיטערין פון דער רביצין, איז שוין אַליין אויך, קיין עין הרע, אין די יאָרן. זי אז אפשר מט אַ יאָר צען יינגער, אָבער זי איז נאָך מונטער. אַז די רביצין הייבט אָן רעדן עפּעס נישט גאָר צו דער זאַך (עס טרעפט זיך ביי איר אַז זי פאַרלירט דעם זכרון און איז נישט קלאָר אין אירע רייד), פאַרענטפערט איר די אָפּהיטערין אירע:

— היינט איז די רביצין אַ ביסל אַנדערש... היינט איז זי שוואַך... אַן אַנדערש מאָל איז זי ביים פולן פאַרשטאַנד, און זי איז אַ צדיקת.

זי היט אָפּ דעם כבוד און דעם פּרעסטיזש פון דער רביצין, און דאָס ווערט געטון אויס לויטערן געפיל פון פאַרערונג, ווי מען זאָגט, לשם שמים.

זי אַליין, די אָפּהיטערין פון דער רביצין, מאַכט טאַקע אַן איינדרוק פון אַ צדיקת. זי וווינט אין „האָום" צוזאַמען מיט איר מאַן. ער ליגט אין „האָום"־שפּיטאָל. ער איז שוין אַ לענגערע צייט קראַנק, האָט פאַרהאַרטעוועטע אָדערן און ליידט אויף די אויגן. דריי מאָל אַ טאָג גייט די אַלטיטשקע אַראָפּ אין שפּיטאָל געבן איר מאַן עסן. איר פּנים האָט דעם פרומען שמייכל פון אונדזערע עלטער־באָבעס — אַלץ איז גוט, ווייל אַלץ ווערט געטון לויטן ווילן פון רבונו של עולם.

אַז מען פרעגט ביי איר, צי טרעפט נישט אַמאָל ביי די פרויען, וואָס ווינען עטלעכע צוזאַמען אין איין צימער, אַז זיי זאָלן זיך צעקריגן — ענטפערט זי זייער דיפּלאָמאַטיש:

— איר ווייסט דאָך, עס איז אַזוי ווי דער וועטער אין דרויסן, אַמאָל שיינט די זון און אַמאָל גייט אַ רעגן.

דאָס היט זי זיך אָפּ פון רעדן לשון־הרע.

אינטערעסאַנט. איך, פערזענלעך האָב געפירוווט פאַרבינדן אַ געשפּרעך מיט עטלעכע זקנים און זקנות.

דאָס ערשטע, האָבן זיי צו מיר, צום „גרינעם" פון אַרגענטינע, נישט געהאַט קיין איבעריקן צוטרוי. ביז גאָט האָט מיר געהאָלפן און איך האָב אָנגעטראָפן אויף אַ פרוי וואָס „האָט" אַ ברודער אין אַרגענטינע, אין קאָרדאָבאַ. זי — די אַלטע, דאַרף שוין זיין אַ 70קעריין. דער ברודער — זאָגט זי — איז עלטער פון איר מיט אַ יאָר פינף. ער איז דאָרט אַ גרויסער עושר — דערפאַר שרייבט

ער איר נישט!... זי גלויבט, אַז ער איז שוין לאַנג טויט! לאָזט זיך אויס, אַז איך קאָן דעם ברודער און ער איז נאָך ב״ה געזונט און שטאַרק... נאָר — ער וווינט שוין לאַנג נישט אין קאָרדאָבאַ, נאָר... פאַרקויפט צעטעלעך אין בוענאָס איירעס. איך האָב איר אָפּגעגעבן אַ „האַלבן גרוס״! אַז ער לעבט! אַז ער פאַר־קויפט „צעטעלעך״ — האָב איך איר נישט געוואָלט דערציילן פון זיין „עשירות״...

אומקערנדיק זיך צו קאַדיע מאַלאַדאָווסקיס דערציילן וועגן די „האָומען״ וואָס זי האָט באַזוכט:

די „בריק״ וואָס איז פאַרבליבן ביי די אַלטע פרויען צו זייער פאַרגאַנגענעם לעבן — זענען די קינדער. און די קינדער זענען נישט שטענדיק אַ שטאַרקע בריק. אייניקע פון די פרויען זאָגן: „איך האָב גוטע קינדער״, אַנדערע גיבן אַ מורמל: „די קינדער קומען נישט!... זעלטן זעלטן זיי זאָלן פאַרגעסן צו קומען!״

די קינדער קומען טאַקע זעלטן! דערפאַר קומען אָפּטע די אייניקלעך! עס איז אַ פאַקט! די אייניקלעך זענען אָפטערע געסט ביי דעם זיידן און ביי דער באָבען, ווי די אייגענע קינדער.

באַרימט זיך טאַקע אַ פרוי פאַר קאַדיען, אַז אירס אַן אייניקל, אַ בחור, קומט צו איר יעדע וואָך זונטיק, וואָך־איין וואָך־אויס.

איז דאָך טאַקע ריכטיק דאָס ווערטל, אַז אַ ייִדישע נשמה איז נישט אָפּ־צוּשאַצן.

דער יונגער בחור, צי ער לערנט, צי ער אַרבעט, האָט איין טאָג — זונטיק, גייט ער זען די באָבע אין דער „האָום״. דאָס איז שוין נישט גוטע קינדער, נאָר טאַקע גוטע אייניקלעך!... דער משפּחה־פאָדים ציט זיך פון דער אַלטער היים ביז ניו־יאָרק, פון דער באָבע צו די אייניקלעך, און אפשר צו די אור־אייניקלעך אויך. עס איז דער פיינער ייִדישער גאַנג, דער אייביקער ייִדישער גאַנג.

עס איז כמעט ווונדערלעך צו זען אָט־די עלטערע פרויען, וואָס זאָגן אויף זיך אַליין אַז עס איז ביי זיי „דער לעצטער קאַפּיטל״, ווי זיי שאַפן אַ לעבן אַרום זיך. זיי האָבן אָפּגעלעבט פערציק, פופציק יאָר אין אַמעריקע, געאַרבעט אין געשעפטן, אין פאַבריקן, געווען פאַריאָגט, פאַרהאַרעוועט, און מסתם נישט אַלע מאָל אָפּגעהיט אַלע פרומקייטן. איצט איז די האַוועניש אַוועק. זייער לעבן האָט זיך געענדערט, אָבער זיי גיבן זיך אַן עצה. זיי שעפּן פון אַלע קוואַלן, צו וועלכע זיי האָבן ווען־עס־איז געהאַט אַ צוטריט. אייניקע לייענען די „צאינה וראינה״, אַנ־דערע שמועסן, דיסקוטירן וועלט־זאַכן.

איין פרוי האָט גאַנץ פילאָזאָפיש באַמערקט וועגן איר לעבן אין „האָום״:

„אייביק מוז מען דאָס פאַרדינען געלט? געלט איז דאָך געוויס נישט קיין באַשטענדיקע זאַך — עס שווימט אַוועק״.

אַך, טראַכט איך, ווען אַ סך אַרגענטינער ייִדן זאָלן עס הערן און וועלן פאַרשטיין!...

אייניקע פון די עלטערע פרויען זענען זייער פרום געוואָרן און זיי לעבן זיך אויס אין זייער פרומקייט. אייניקע האָבן אַפילו חתונה געהאַט מיט מענער פון דער „האָום" און געשאַפן זיך אַ „היים" אין דער „האָום". עס איז אַ לעבן אין פולן גאַנג מיטן צוגאָב פון „גאָט צו דאַנקען דערפאַר".

איינע פון די פרויען האָט זיך צוגעפּאַסט גאָר אויף אַ באַזונדערן אופן: זי מאַכט זיך נישט וויסנדיק, אַז זי וווינט אין אַ „האָום" — זי לעבט מיטן לעבן פון אירע קינדער. אַלץ וואָס זיי טוען איז דאָס בעסטע און דאָס וויכטיקסטע אויף דער וועלט.

איינער פון אירע זין האַנדלט מיט גרינס. ער איז אַ הורטאָווניק, ער אַרבעט „אַל פּאַר מאַזשאָר". די פרוי זיצט און רעכנט אויס אַלע גרינסן מיט וועלכע איר זון האַנדלט: — מיט די פּרוכטן, פון עפּעל און פון באַרן, און פון פלוימען, און פון וויינטרויבן — אַלץ איז דאָ ביי אים... און פון מערן און פון בוראַקעס און פון סאַלאַטן — אַלץ איז דאָ ביי אים...

זי דערציילט עס מיט אַ האַלב־זינגענדיקער שטים, ווי דאָס וואָלט געווען דער גרעסטער וווּנדער פון דער וועלט.

אַ צווייטער פון אירע זין איז אַן אינזשעניער, ער אַרבעט ביי עלעקטריע. וועגן אים רעדט די אַלטיטשקע מאַמע זיינע, ווי וועגן אַ כישופמאַכער: — ער מאַכט ליכטיק די וועלט... אַז ער גיט אַ ריר אַ קנעפּל צינדן זיך אומעטום אָן פייערן... ווען ער וויל, לעשן זיי זיך אויס...

די פרויען זאָגן אויף איר, אַז זי איז אַ גליקלעכע. עס קומט אויס, אַז אירע קינדער האָבן איינגענומען די וועלט און זי איז זייער שטאָלצע מאַמע.

עס איז אַ וועלט מיט וועלטעלעך אין דעם שטילן צימער ווו עס וווינען די עטלעכע פרויען פון דער „האָום".

ווי איך האָב דיר שוין געשריבן, זענען פאַראַן אין ניו־יאָרק אַ סך אַזעלכע „האָומען". אָט, למשל, האָבן די וואַרשעווער לאַנדסלייט אַ פיינעם „מושב זקנים" אויפן נאָמען פון „חיים סאַלאמאָן". זייער „האָום" האָט אויך אַ גרויסן שפּיטאָל און זיי גייען ערשט בויען אַ נייעם בנין אויף קראָספּי און 23טער עוועניו אין ברוקלין.

אין אַ פּאָר „האָומען" וואָס איך האָב באַזוכט, האָבן מיר די אַלטיטשקע געוויזן וואָס זייערע קינדער האָבן זיי געשיקט צום... „מאַדערס דעי".

פאַראַן אין אַמעריקע זייער אַ פיינער מנהג. צווישן די אַלע „טעג" וואָס מען פייערט, איז פאַראַן אַ טאָג געווידמעט דעם טאַטן — הייסט דער „טאָג" — „פּאַ־

דערס־דעי". דער „טאָג" וואָס איז געווידמעט דער מוטער — הייסט „מאַדערס־דעי".

דער „פאַדערס דעי" (פאָטערס טאָג) געפאַלט דעם דריטן זונטיק פון חודש יוני. איז, ווידער דאָס זעלבע: — ווי דאָס מזל פון דעם טאַטן איז! האָט ער ווילע, געטרייע קינדער ברענגען זיי אים שיינע מתנות, מאַכן פאַר אים אַ יום טוב און בכלל, דערמאָנען אים, אַז ער איז אַ... פאָטער און האָט קינדער וואָס ליבן אים.

האָט ער נישט קיין מזל, איז: — אָדער די קינדער פאַרגעסן בכלל אַז מען דאַרף היינט באַגריסן דעם טאַטן צו „זיין" טאָג, אָדער, מען דערמאָנט זיך יאָ און מען גייט צו צו דער שאַפע און מען נעמט אַרויס פון דאָרט אַ פּאָר שמאַטעס וואָס מען נוצט שוין נישט — ספּעציעל „גאַלסטאָקן" (קאָרוואַטן) און מען שיקט עס אָדער מען ברענגט עס דעם טאַטן.

דאָך, גייט אָן אַ גרויסע פּראָפּאַגאַנדע אין אַלע צייטונגען — יידישע ווי נישט יידישע — און מען דערמאָנט די קינדער אַז היינט איז דער „פאָטערס טאָג" און מען דאַרף דעם טאַטן אָפּגעבן כבוד!

אָט שרייבט די באַוווּסטע יידישע שרייבערין שרה קעניג וועגן אָט דעם „טאָג". זי אַפּעלירט צו די מאַמעס אַז די:

מאַמעס דאַרפן אַלעמאָל געדענקען, דאָרטן ווו עס האָדעווען זיך קליינע קינדער, צו דערמאָנען זיי וועגן פאָטערס־טאָג, צו פייערן דעם טאָג און זען, אַז דאָס קליינוואַרג זאָלן אָפּגעבן כבוד זייער טאַטן. אַמאָל דאַרף מען אַפילו געבן די קינדער אַ מתנה, אַז זיי זאָלן דאָס דעם פאָטער פּרעזענטירן. דער פאָטער־טאָג דאַרף ווערן אַ יום טוב אין דער היים. ער דאַרף געפּראַוועט ווערן פון דער גאַנצער משפּחה, און די איינציקע וואָס קענען עס דערמוטיקן צו שאַפן פאַר דעם די געהעריקע שטימונג, איז די מאַמע. דאָס איז איר אַרבעט, ווייל ווער קען נאָך בעסער משפּיע זיין אויף דעם קינד, אויב נישט זי, די מאַמע? זי איז דאָך דער נאָענטסטער מענטש צו וועמען דאָס קינד קוקט אַרויף. אויב זי, די מאַמע, באַציט זיך צו איר מאַן מיט רעספּעקט און ליבע, וועלן די קינדער נאָכטון און נאָכפאָלגן איר ביישפּיל.

אַ קינד מוז געלערנט ווערן ליב צו האָבן און רעספּעקטירן זיין טאַטן און זיין מאַמען. זיין ליבע דאַרף זיין פאַר ביידע עלטערן. די גאַנצקייט פון אַ געזונטער פאַמיליע הענגט אָפּ פון די עלטערן. ביידע, דער טאַטע און די מאַמע, זענען די צוויי זיילן וואָס אויף זיי רוט די סטאַביליטעט פון דער היים. קינדער וואָס ווערן אויפגעצויגן אין הייזער, ווו דאָס פאַמיליע־לעבן איז באַזירט אויף דרך־ארץ און ערלעכקייט, וועלן זיי אויסוואַקסן גייסטיק געזונטע מענטשן.

אַזוי ווי די מאַמעס ביי אונדז אין אַמעריקע דערציען אונדזער יונגן דור,

וואָלט נישט געשאַט, אַז זיי זאָלן פון צייט צו צייט אויפקלערן פאַר זיי די ראָלע, וואָס דער טאַטע שפּילט אין פאַרשאַפן פאַר זיי די אַלע גוטע זאַכן וואָס זיי האָבן. די מאַמע דאַרף הייבן דעם פאָטערס חשיבות אין די אויגן פון קינדער. אַזעלכע שמועסן מיט קינדער וועלן האָבן אַ דערציִערישן ווערט, ווייל עס וועט פאַרשטאַרקן זייער צוגעבונדנקייט צו די עלטערן און וועט מער צעמענטירן דעם פאַמיליע־בונד. די קינדער דאַרפן נישט מיינען, אַז אויב זיי האָבן פון אַלעם גוטן פאַלט עס נישט אַראָפּ פון הימל. זיי דאַרפן וויסן, אַז עס איז דאָ אַ מענטש וואָס זשאַלעוועט נישט קיין מי, כדי זיי צו פאַרזאָרגן מיט אַלע ראָסקאָשן און פאַרגעניגנס. אָט דער מענטש איז נישט קיין אַנדערער ווי — זייער טאַטע.

עס איז דעריבער גוט וואָס אין דעם פאַריאָגטן לעבן איז דער מינהג פון ערן דעם טאַטן איינגעפירט געוואָרן. ווען די קינדער וועלן ווערן גרויס, איבערהויפּט נאָך זיך, און אַליין זיין פאַרהייראַט און קעמפן פאַר דער אייגענער עקזיסטענץ, זאָלן זיי געדענקען אין דעם יעניקן, וואָס האָט געקעמפט פאַר זיי כדי זיי אויפצוציִען און מאַכן זיי פאַר מענטשן.

עס איז אויך אַ גוטע דערמאָנונג פאַר יענע זין און טעכטער, וואָס האָבן שוין אַליין דערוואַקסענע קינדער און אַפילו אייניקלעך, אַז זיי זאָלן נישט פאַרגעסן זייערע אַלטע טאַטעס. עס פאַסירט אָפט אַז יונגוואַרג פאַרגעסט אין אַן אַלטן טאַטן און נאָך מער אין אַ זיידן, וואָס לעבט זיך ערגעץ אַליין כמעט עלנט און פאַרשטויסן. זאָל דעריבער אין דעם פאָטער־טאָג, דער רעספּעקט צום אַלטן זיידן אָננעמען אַ כאַראַקטער פון אַ משפחה־פייערונג ווו עס פאַרזאַמלען זיך זין, טעכטער, אייניקלעך און אַמאָל אַפילו אור־אייניקלעך, צווייגן פון איין גרויסן בוים, דורות פון אַ גרויסן שטאַם, מיט דעם אַלטן טאַטן אַלס הויפּט.

דער פּאַטריאַרך פון אַזאַ משפּחה וועט שעפּן פיל נחת פון יום טוב. ווער איז ער? — דאָס איז דער זיידע, וואָס האָט כשר פאַרדינט אַז מען זאָל אים אָפּגעבן כבוד.

מיט איין וואָרט: — די אינסטיטוציע פון „פאָטער־טאָג", וואָס ווערט געפייערט יעדעס יאָר אין דעם חודש יוני, ווערט וואָס אַ יאָר מער אַריינגעגלידערט אין אַמעריקאַנער לעבן. אָבער דאָ מוז געזאָגט ווערן, אַז „פאָטהערס דעי" דאַרף נישט זיין בלויז איין מאָל אַ יאָר. בלויז איין טאָג, נאָר עס דאַרף זיין אַ גאַנץ יאָר, יעדן טאָג. אָפּהיטן דעם געבאָט פון דער תורה, 'כבד את אביך ואת אמך" איז דער פונדאַמענט פון אַ געזונטער פאַמיליע. ייִדישע גוט־דערצויגענע קינדער רעספּעקטירן זייערע טאַטעס און מאַמעס. זיי האָבן פאַר זיי פיל דרך־ארץ. עס איז אַ טייל פון דער ייִדישער מאָראַל און עטיק, אָפּצוגעבן כבוד אַן עלטערן מענטשן

בכלל, און רעספּעקטירן טאַטע־מאַמע בפרט. מען האָט עס געפּלאַנצט אין זיי, דאָס איז געווען אַ טייל פון דער ייִדישער דערציִונג.

אָבער אַזוי ווי ביי זיי, אין אַמעריקע, הינקט אונטער די ייִדישע דערציִונג בכלל, איז אויך אָפּגעשוואַכט געוואָרן דער פינפטער געבאָט פון דער תורה. דע־ריבער איז עס וויכטיק צו פּראַווען אָט די צוויי וויכטיקע דערמאָנונגס־טעג: „מאָטהערס דעי” און „פאַטהערס דעי”.

זאָל דעריבער „פאַטהערס דעי” געפייערט ווערן מיט פיל פרייד אין דער פאַמיליע אויף אַזאַ אופן, אַז עס זאָל דערפרייען דאָס האַרץ פון דעם אַלטן האָרע־פּאַשניק — דעם טאַטן.

אָט דאָס, גאָלדע, איז דער „טאָן” אין וועלכן מען רעדט וועגן אָט דעם „טאָג”. אַמבעסטן פּילט מען, אַז מען דאַרף פּראָפּאַגאַנדירן פאַר אָט די „טעג” — ווען מען באַזוכט... מושב זקנימס!

דער „מוטערס־טאָג” — „מאָדערס דעי”, ווערט אָפּגעהיט פון 95 פּראָצענט אַמעריקאַנער. אין אָט דעם „טאָג”, וועלכער פאַלט אויס דעם 2טן זונטיק פון חודש מאַי, שיקט מען דער מוטער (און דער שוויגער) מתנות! מען שיקט בלומען, טעלעגראַמעס און ספּעציעל־געדרוקטע טאַרכעטלעך. אויב דאָס קינד געפינט זיך ווייט פון זיין מאַמעס שטאָט, אויב אַפילו ער איז אין אויסלאַנד — קאָן ער איר, דער מאַמען, אַ חוץ אַ באַגריסונג אויך שיקן... בלומען און אַ מתנה און ער מעג זיין זיכער, אַז צו דער שעה וועט עס די מוטער באַקומען.

האָבן מיר טאַקע עטלעכע אַלטיטשקע פרויען געוויזן די מתנות וואָס די קינדער האָבן זיי געשיקט, פּאַראַיאָרן, צום „מאָדערס דעי”. איין אַלטיטשקע, האָט נאָך אין אַ גלאָז די בלומען, וועלכע זענען שוין אַלט אַ צען חדשים!... אַ צווייטע פרוי, וועלכע האָט נישט געהאַט מיט וואָס זיך צו באַרימען פאַר מיר, האָט עס געמאַכט פשוטער: זי זאָגט מיר, אַז אירע קינדער „האַלטן נישט פון אָט די נאַ־רישקייטן”, נאָר מען האָט געזען, אַז... זי זאָגט אַ ליגן!...

גאָר אַנדערש, פּירט אָן די גרעסטע ייִדיש־פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציע אין דער וועלט — „די ייִדישע צדקה פעדעראַציע”, מיט דער אַרבעט פון זאָרגן פאַר זקנים און זקנות. אין ניו־יאָרק האָט די „צדקה־פעדעראַציע” פיר „היימען”, וועלכע זענען פשוט און פּראָסט, פיר וואַרשטאַטן, פיר פאַבריקן, פאַר עלטערע מענטשן, ווו יעדער איינער קאָן אַרבעטן אויף דעם געביט וואָס אים איז ליבער און באַקוועמער.

אַזעלכע „אַרבעטער”, האַלט אויס די פעדעראַציע אַרום 3.500 בלויז אין ניו־יאָרק. זיי האָבן זייערע „קלובן” — איינער אַזאַ קלוב האָט די פעדעראַציע אין „מיין” בראָנקס 1631 וואַשינגטאָן עוועניו. דאָרט טרעפן די אַלטע זייער

גלייכן, דאָרט שפּילט מען אין שאַך, אין ביינדלעך, און אַפילו אין אַ „קאָרט" אויך. דאָרט הערט מען אַ רעפעראַט איבער אַ היימישער טעמע און דאָרט הערט מען אַ דאָקטאָר רעדן אויף דער טעמע:

„ווי אַזוי דאַרף מען היטן די אויערן אויף די עלטערע יאָרן?..."

אָט ווי עס שילדערט אַזאַ „קלוב", אַזאַ „היים", די סימפּאַטישע און זייער פעיִקע זשורנאַליסטין כיענע יאַפּע:

אַ סך באַזוכן צום ערשטן מאָל אין זייער לעבן אַ לייען־קרייז און הערן אויס פאַרלייענען פּאָעזיע און פּראָזע אין ייִדיש און העברעיִש און אַנדערע שפּראַכן, וואָס זענען זיי נאָענט. און אַ סך געפינען אויסדרוק און גרויס הנאה אין מאָלעריי און סקולפּטור. עס איז שוין ניט קיין נייעס אין די לעצטע יאָרן, אַז עס שווימט אַרויף אין דער קונסט־וועלט אַ נייער טאַלאַנט אין דער פּערזאָן פון אַן עלטערן מענטשן, וואָס האָט קיינמאָל נישט אָנגערירט אַ פּענדזל אָדער קליי, און האָט די אַקטיווע יאָרן גאָר פאַרבראַכט אין געשעפט אָדער ביי אַ פאַך. אין די דאָזיקע קונסט־קלאַסן פאַר די עלטערע מענטשן אין די ניו־יאָרקער ייִדישע צענטערן אַנטפּלעקן זיך גאַנץ אָפט פעיִקייטן און „קינסטלער".

אָבער נישט די קונסט איז דאָ וויכטיק ביי דעם מאָמענט, נאָר דער אינ־טערעס און אינהאַלט, וואָס דאָס גיט דעם עלטערן „קינסטלער".

פאַר די מער אַרבעטס־פעיִקע זענען פאַראַן גרופּעס, וואָס גיבן זיך אָפּ מיט פלאַנצן און אָפּהיטן גערטנער, מאַכן און פאַרריכטן שפּילצייג, וואָס גייען אַוועק צו קינדער־היימען און אַנשטאַלטן; די פרויען נייען און שטריקן און העפטן.

צום ביישפּיל, דער גאָלדשמיד באַקומט נאָך אַן איבעררייס פון אַ סך יאָרן די געלעגנהייט אויסצושמידן אַ פּלאַקע אָדער אַ מעדאַליאָן. ביי דער געוועזענער שניידערין הייבן די פינגער ווידער אָן צו וויברירן און טאַנצן, ווען זי האָט די געלעגנהייט צו פאַרריכטן אַ בגד פון אַן עלנטן חבר אין קלוב, אָדער נייען פאַרן דריטן קרייז אָדער פאַר אַן אַנשטאַלט.

פון אָנהייב, ווען מען האָט צוערשט איינגעפירט די פּראָגראַמען פאַר די עלטערע מענטשן, האָט מען זיי באַגרענעצט אויף געציילטע שעהן, מערסטנס אין משך פון טאָג. אָבער מיט דער צייט, ווען מען האָט איינגעזען דעם דערפאָלג, האָט מען די פּראָגראַמען אויסגעברייטערט און די שעהן פאַרלענגערט אַזוי, אַז אויך אין אָוונט קאָן זיך דער עלטערער מענטש אויסלעבן אויף אַ גאָר פיינעם אופן, איז ער, דער זקן, אָדער זי, די זקנה, אַקטיוו און נישט פּאַסיוו.

כאָר־גרופּעס, טעאַטער־גרופּעס, טאַנץ־גרופּעס, אָרקעסטער־גרופּעס הילכן אָפּ מיט דער פרייד און לעבהאַפטן קול און טראַט פון די זקנים. אַ סך האָבן

שוין נישט אויפגעהויבן זייער קול אין געזאַנג זינט מען איז געווען אַ משורר ביי אַ חזן מיט אַ האַלבן יאָרהונדערט צוריק. אַ סך זענען אויף זייער לעבן נישט געשטאַנען אויף אַ בינע ביז איצט; און טאָמער קלינגט עס אַלץ איבערטריבן, האָבן עטלעכע קלובן לעצטנס געגעבן אַ פאָרשטעלונג, וואָס האָט געהייסן „פון מינסק ביז קאָפּעק", וואָס זיי האָבן אַליין פאַרפאַסט און געשפּילט, דיריזשירט און אויפגעפירט, געמאַכט די דעקאָראַציעס און געשפּילט די מוזיק.

מינסק, נאַטירלעך, סימבאַליזירט די אַלטע היים און די אַלטע וועלט זייערע. קאָפּעק איז דער נאָמען פון דער זומער־קאָלאָניע, ווו די „פעדעראַציע" נעמט אויף זקנים אויף צוויי וואָכן וואַקאַציעס.

און טאָמער איז דער טאָג צו לאַנג, און די כוחות טראָגן, — זענען פאַראַן נאָך פּראָגראַמען פאַר די זקנים: אַ שפּאַציר אין אַ מוזעאום, אַ באַזוך אין באָטאַנישן גאָרטן און זאָאָלאָגישן גאָרטן; צו זומער־קאָנצערטן אויף דער פרייע לופט, און סתם לאַנגע שפּאַצירן!

און וויכטיק, זייער וויכטיק איז, וואָס יעדע גרופּע, יעדער קלוב, יעדע אונטערנעמונג, האָט איר אייגענע פאַרוואַלטונג, אויסדערוויילט פון די מיטגלידער אַליין.

מען טאָר נישט פאַרדעקן אָדער פאַרלייקענען די אַנדערע גאָר וויכטיקע טעטיקייטן, וואָס די זקנים ברענגען מיט זיך פון אַלטער געוווינהייט: קאָרטןשפּילן, אַ פינאָקל איז אַ גאַנץ אָפטע און בּרייט־פאַרשפּרייטע פאַרווייַלונג, מער נישט וואָס אין דעם קלוב פאַרשפּאָרט מען צו זוכן געזעלשאַפט. חברים און חברטעס, רעדן איין שפּראַך און דער צימער איז גערוים און וואַרעם, און מען איז קיינעם נישט אין וועג.

וואָס מיינט דאָס אַלץ? מיינט עס נאָר פאַרלייכטערן די עלטער? מיינט עס נאָר פאַרברענגען מער געמיטלעך טעג און יאָרן, וואָס אָן די טעטיקייטן קאָנען זיי פאַר עלטערע מענטשן זענען זיי בלאָס און איינזאַם?

עס מיינט טאַקע דאָס, אָבער עס מיינט אויך אַ סך מער.

עס איז אָן אַ גוזמא, אַז אַ סך פון די „באַשעפטיקטע" זקנים און זקנות (זייער דורכשניטלעכער עלטער איז 74), וואָלטן שוין לאַנג געוואָרן אַ לאַסט אין שטוב, נישט האָבנדיק קיין אינהאַלט און אינטערעס.

און ווייטער, און דאָס איז אויך גאָר, גאָר וויכטיק: די פרישע אויפלעבונג מאַכט די עלטערן פאַר בעסערע און לייכטערע „געסט" אין די אויגן פון די קינדער און אייניקלעך. דער זיידע איז באַשעפטיקט, די באָבע לויפט אין „קלוב" אַריין; די אַלטע טאַנטע איז זייער פאַרנומען מיט זאַמלען געלט פאַר געוויסע צוועקן; די קינדער פאַרשפּאָרן צו זאָרגן: ווי לאָזט מען איבער דעם אַלטן טאַטן

אַליין אין שטוב? אָדער וואָס טוט מען מיט דער אַלטער מוטער, ווען מען גייט אין טעאַטער. זיי, די אַלטע עלטערן, איילן זיך, פּונקט ווי די ייִנגערע אין שטוב, צו זייערע קלובן און קרייזן.

אַ סך פון די זקנים ציִען פּענסיעס פון „יוניאָנס״, אין וועלכע זיי האָבן געהערט צענדליקער יאָרן. אַרום פופציק פּראָצענט באַקומען רעגירונג־פּענסיע. אַנדערע האָבן הכנסה פון „סעגוראָס״, אָפּגעשפּאָרטע פּאָנדן. הייסט עס, אַז אינגאַנצן צולאָסט פינאַנציעל פאַלן זיי נישט, נישט די פאַמיליעס און נישט דער קהילה.

די רעגירונג העלפט אַ סך אין אויסהאַלטן די עלטערע. דאָס איז דאָס אינטערעסאַנטסטע וואָס איך בין געוויר געוואָרן אין אַמעריקע. די רעגירונג צאָלט פאַר יעדער זקן אָדער זקנה וואָס מען נעמט אַריין אין אַ „האָום״ אָדער מושב זקנים, אַ געוויסע סובסידיע. אַ מאָל דערגרייכט די פּענסיע ביז 160 דאָלאַר אַ מאָנאַט. און אַזוי אַרום קאָן די „פעדעראַציע״, — ווי די איבעריקע אינסטיטוציעס וואָס פאַרזאָרגן אַלטע לייט, — לייכטער אַריינגעמען די קאַנדידאַטן! פון איין זייט צאָלט די רעגירונג, פון דער צווייטער זייט צאָלן די באַשטייערער פאַר די „היימען״, דאָס איבעריקע — גיט שוין די „צדקה־פעדעראַציע״.

און, ווי געזאָגט, פאַראַן אויך אַ סך „אַלטע״ וואָס בעת זיי זענען געווען אַרבעטער, זענען זיי געווען אָנגעשלאָסן אין דער „יוניע״ און דאָרט געווען פאַרזיכערט אויף דער עלטער. נאָך די 65 יאָר, ווען דער עלטער אַרבעט שוין נישט, באַקומט ער פון דער „יוניע״ אַ געוויסע פּענסיע — דאָס אַלעס, נעמט צו די „האָום״, וועלכע האַלט אויס דעם זקן בכבוד גדול, און גיט אים אַלע וואָך „טאַשן־געלט״, צו קויפן מתנות די אייניקלעך אָדער צו פאָרן שפּאַצירן — אויב ער אָדער זי האָבן כוח — און צו גיין זונטיק בייטאָג אין ייִדישן טעאַטער.

אין אַלגעמיין, גאָלדע, האָב איך אַרויסגעטראָגן דעם איינדרוק, אַז די ייִדישע וועלט האָט זיך וואָס אָפּצולערנען ביי די אַמעריקאַנער ייִדן, ווי אַזוי זיי באַזאָרגן זייער עלטער בכלל, און זייערע עלטערע טאַטע־מאַמע און זיידע־באָבע, בפרט. דער „אל תשליכנו לעת זקנה״ איז אין אַמעריקע נישט אַזוי סטראַשנע ווי ביי אונדז.

און, כאָטש איך בין נישט געפאָרן קיין אַמעריקע כדי אויסצושטודירן דעם פּראָבלעם פון... זקנים און זקנות און וואָס מען טוט מיט זיי, דאָך, האָט זיך מיר — פון ערשטן טאָג אָן — געוואָרפן אין די אויגן די אַנאָנסן פון די פּריוואַטע און געזעלשאַפטלעכע „היימען״ און איך האָב באַשלאָסן זיך גוט צו אָריענטירן אין אָט דעם ענין.

אין אַמעריקע זענען פֿאַראַן אַ גרעסערע צאָל זקנים און זקנות — אין פּראָפּאָרץ מיט אַנדערע לענדער — ווייל דאָ האָט די מעדיצין און די באַקוועמ־לעכקייט פֿאַרן זקן דערגרייכט צו אַזאַ שטופֿע, אַז מען לעבט לענגער! מען דערלעבט די „זקנה״.

די חילוק פֿון אונדזערע מושב זקנימס ביז די אַמעריקאַנער, איז: — ביי אונדז, אין אַרגענטינע ווי בכלל אין זיד־אַמעריקע, שעמט מען זיך אַריינגעבן דעם טאַטן אָדער די מאַמען אין מושב זקנים! אַ ייִד, וואָס וועט האָבן זיין טאַטן אָדער מאַמען אין מושב זקנים — און כאָטש ער צאָלט פֿאַר זיי — וועט נישט קאָנען ווערן קיין פּרעזידענט אין אַן אינסטיטוציע; און וואָלט אַוודאי און אַוודאי נישט געקאָנט גיין אין אַ וואַל־קאַמף אויף „צוויי ליסטעס״. עפּעס אַ קליייניקייט! ער האָט אָפּגעטאָן אַזאַ „פֿאַרברעכן״. ער האָט אַריינגעגעבן זיין אַלטן טאַטן אָדער מאַמען אין מושב זקנים.

דאָ, אין דעמאָקראַטישן אַמעריקע, איז אַזוי נאַטירלעך, ווי עס איז נאַטיר־לעך, אַז ביי אַ יום־טוב פֿאַר אַ מושב זקנים, זאָל קומען אַ ייִד און מנדב זיין... צען טויזנט דאָלאַר. נאָך מער! פֿאַר אָט די צען טויזנט דאָלאַר, זאָגט מען אים —נישט מער ווי — „טענק יו וועריי מאַטש״. ס׳הייסט: — אַ שיינעם דאַנק! ביי אונדז, ווען אַ ייִד גיט דריי הונדערט טויזנט פּעזעס, וואָלט מען געדאַרפֿט דעם גאַנצן מושב זקנים... איבערשרייבן אויף זיין נאָמען.

אַלזאָ, פֿון יעדע הונדערט זקנים און זקנות פֿון די „היימען״ פֿון ניו־יאָרק, ווערן דריי פֿערטל פֿון זיי, אויסגעהאַלטן בכבוד פֿון זייערע קינדער. דאָס הייסט — מען צאָלט פֿאַר זיי! אין דעם זינען, הערשט נאָך פֿולשטענדיק די מידה פֿון „כיבוד אב ואם״.

בלייבט די פֿראַגע: — פֿאַרוואָס זשע האַלט מען נישט דעם טאַטן און מאַמען ביי זיך אין שטוב?

איז דער תירוץ — אומעטום דער זעלבער — אַ באַרעכטיקטער און נישט קיין באַרעכטיקטער: אונדזער באַקאַנטע שרייבערין, וועמענס גאַסט איך האָב געהאַט דאָס פֿאַרגעניגן צו זיין אויף מיטיק, כיענע יאפע, האָט באַזוכט אַ סך אַזעלכע היימען, האָט אויסגעשטודירט די לאַגע פֿון אַ סך עלטערע מענטשן וואָס געפֿינען זיך אין אָט די היימען, און גיט דערויף דעם פֿאָלגנדיקן ענטפֿער:

ערשטנס איז דער לעבנס־סטאַנדאַרד אַזוי געשטיגן, און די פּרייזן פֿון לע־בנס־מיטל אויך, אַז אין אַ סך פֿאַלן קאָנען ממש די קינדער נישט טראָגן אויף זיך די לאַסט פֿון הוצאה פֿאַר עלטערן.

צווייטנס, איז איצט אַ טענדענץ צו קלענערע, קאָמפּאַקטערע דירות און מאָ־דערנע וווינונגען, כדי צו מינימיזירן שטוב־אַרבעט און שפּאָרן צייט און געלט.

אין קלענערע דירות איז, נאַטירלעך, נישטאָ קיין באַזונדערער צימער, וואָס מען קאָן שענקען דעם אַלטן טאַטן אָדער דער אַלטער מוטער.

דריטנס, איז די אַמביציע פון די קינדער צו מאַכן מענטשן פון זייערע קינדער, און העכערע בילדונג איז אַ גרויסע לאַסט פאַר די עלטערן, וואָס פרעסט אויף אַ גרויסן טייל פון דעם פאַמיליע־בודזשעט.

און פערטנס, זענען די שטייערן אַזוי הויך, אַז עס פאַלט אָפּ אַ באַדייטנדער פּראָצענט פון איינקאָמע.

אַרום און אַרום קאָן אַ גאַר גרויסער שיכט פון דער יידישער ניו־יאָרק, אַרבעטער, געהאַלט־מענטשן, קליינע געשעפטסלייט, וועלכע לעבן פון באַגרע־נעצטע און באַשטימטע געהאַלטן, בשום אופן נישט אויסהאַלטן עלטערן.

און ווייטער, קומען אָן אַנדערע פאַקטאָרן, מער פסיכאָלאָגישע און אַבסט־ראַקטע, אָבער פונקט אַזוי וויכטיקע:

די אַלטע זענען אָרטאָדאָקסיש, עסן נאָר כשר; ביי די קינדער ווערט עס אפשר נישט אָנגעהאַלטן. די אַלטע בײנקען נאָך אַ יידישער צייטונג, אַ יידישער גאַס; די קינדער ווינען אין נייע געגענטן, ווו עס איז שווער, אָדער אינגאַנצן אוממעגלעך זיי צו ליפערן די זאַכן.

און בכלל, דאָס צוזאַמענלעבן פון דריי דורות אונטער איין דאַך — און אַ שמאָלן דאַך דערצו — דער זיידע, דער נאָך נישט אויסגעגרינטער אינגאַנצן, די קינדער; די קינדער, די אַמעריקאַניזירטע, און די אייניקלעך, די אַמעריקאַ־נער — דאָס שאַפט אַ לאַגע, וואָס קלאַפּט אָפּט נישט האַרמאָניש, און די קינדער וועלן, נאַטירלעך, גיכער מקריב זיין זייערע עלטערן ווי זייערע אייגענע קינדער.

ווייטער, קומט צו דער מאָמענט פון קראַנקייט. פּריוואַטע מעדיצינישע באַ־האַנדלונג איז אַ טייערער ביסן אין גאַנץ אַמעריקע, און אויסהאַלטן אַן אַלטן טאַטן אָדער אַן אַלטע מאַמע מיט מעדיצין און אַ דאָקטאָר, מיט אויגן־גלעזער און אַ ספּעציעלער בעט, אָדער אַ קראַנקן־שטול, איז אַ שווערע זאַך פאַר אַ סך פאַמיליעס.

איך קאָן נישט פאַרענדיקן דיר די בריוו, און נישט דערציילן ווי אַזוי איך האָב „פאַרבראַכט עטלעכע שעה אין אַ „קלוב פאַר זקנים״ וואָס געפינט זיך, טאַקע אין בראָנקס, נישט ווייט פון מיין וווין־אָרט. דער קלוב הייסט „האָדסאָן־סענטער״ און געפינט זיך אויף דער טרימאָנט אוועניו. און דריטע עוועניו.

דער דאָזיקע „קלוב״ איז אַ שטאָטישער, — דאָס הייסט, נישט בלויז פאַר יידן. אָבער, ניינציק פּראָצענט פון די „מיטגלידער״ זענען יידישע זקנים, וואָס קומען אַהין פאַרברענגען פון 8 אינדערפרי ביז 6 פאַרנאַכט. מען קומט אַהין.

מען שפּילט אַ דאַמקע, אַ „דאָמינאָ" און טאַקע אַ „שאַך" אויך. ווערט מען הונ־געריק, קריגט מען דאָרט אַ געשמאַקן מיטיק פאַר 25 סענט.

אין דעם דאָזיקן „קלוב" האָב איך געטראָפן אַ ייִדן פון גאַלאַוואַניעווסק. ער איז שוין אין לאַנד העכער 50 יאָר און ער קאָן קוים, קוים עטלעכע ווערטער אין ענגליש! דאָס גאַנצע לעבן נישט אַרויסגעפאָרן פון בראָנקס, ניו־יאָרק. זיינע קינדער רעדן מיט אים ייִדיש און — ער דענקט נאָך צו לעבן 15 יאָר (ער איז אַ 85קער) און וועט שוין קיין ענגליש נישט קענען.

איך האָב געשפּילט מיט אים אין דאָמינאָ און איך האָב באַמערקט ווי ער „מאַכט שווינדל", דאָך האָב איך אים גאָרנישט געזאָגט און אים געלאָזט הנאה האָבן פון „געווינען". דערנאָך, האָט ער מיך איינגעלאַדן אויף מיטיק און וואָלסט געמעגט זען ווי אָט דער זקן עסט און ווי אַזוי און וויפל ער טרינקט. ער רויכערט אינמיטן עסן און ער נוצט נישט קיין שוועבעלעך...

היינט, גיי גלויב די דאָקטוירים, אַז מען טאָר נישט טרינקען קיין סך אַל־קאָהאָל און מען טאָר נישט רויכערן קיין סך. דער דאָזיקער זקן, לייקנט אָפּ אַלע טעאָריעס וועגן דעם ווי אַזוי מען קאָן לעבן לאַנג.

און נאָך אַ זאַך וואָלסטו געמעגט זען:

איך בין געווען אין אָט דעם קלוב אין אַ פאַרנאַכט. ?ענען געשטאַנען עט־לעכע אַלטע און געדאַוונט מינחה. וואָלסטו געמעגט זען, ווי די קריסטלעכע זקנים, האָבן אויפגעהערט קלאַפּן מיט די שטיינדלעך פון „דאָמינאָ", און בכלל גערעדט שטיל צווישן זיך, כדי נישט צו שטערן די חברים — ייִדישע זקנים — אין זייער געבעט צו גאָט. עס האָט אויף מיר געמאַכט אַ געוואַלדיקן איינדרוק! בלויז אין אַמעריקע קאָן מען עס טרעפן.

ווען איך האָב אויף דער נאַכט פאַרלאָזט דעם „קלוב" אויף דער טרימאָנט סטריט, האָב איך געטראַכט:

אַמעריקע! דו ביסט גרויס!...

## XXII

טייערע גאָלדע:

איך האָב נעכטן איבערגעלעבט אַ טאָג, וואָס איך ווייס נישט צי דאַרף איך... לאָכן, זיך „קאָטשען פאַר געלעכטער" און זיך „האַלטן ביי די זייטן" אָדער, איך דאַרף וויינען, שטאַרק וויינען אַויף דעם, וואָס ייִדן, פרומע ייִדן, ווילדע ייִדן, קאָנען אַזוי נידעריק פאַלן!

די געשיכטע האָט זיך אָנגעהויבן מיט עטלעכע טעג צוריק.

פאָרנדיק אין „סאָבוויי", האָב איך באַמערקט „קאַרטעלן", אַפישן, אויסגעהאָנגען אין די „סטעישענס", וואָס גרענעצן זיך מיט דער „איסט־סאַיד", מיט דער ייִדישער געגענט, אַפישן וואָס האָבן שטאַרק געריסן די אויגן!

אויף איין „אַפיש" איז געווען אויסגעמאָלט:

2 ישראל פּאָליציסטן מיט „מגן דודס" אויף די אַרבל, שטיקן ביים האַלדז אַ ישיבה־בחור, וועלכער ליגט אַ פאַרחלשטער. אונטערן בילד איז געווען אַ צושריפט:

„ישראל־פּאָליציי ביי דער אַרבעט".

אַ צווייטער אַפיש, שוין אין די קריסטלעכע געגנטן, האָט פאָרגעשטעלט:

דריי ישראלדיקע פּאָליציי־לייט, שלעפּן אַ ייִדן מיט אַ באָרד און לאַנגע פיאות, מיט אַ יאַרמעלקע אויפן קאָפּ. די פּאָליציי־לייט האָבן געהאַט פּנימער פון... „ס. ס.־לייט", אָדער גלאַט פון מערדער. דער ייִד אין אַ ווייסן קיטל, איז שוין אַ צעשלאָגענער, אַ צעממיתטער פון דער פּאָליציי און עס טריפט אים שוין דאָס בלוט פון פּנים. זיי שלעפּן אים אין טיורמע אַריין.

וואָלטן די „פּאָליציי־לייט" נישט געטראָגן קיין „מגן דודס" וואָלט מען געמיינט, אַז דאָס זענען בילדער פון אַ מאָל, פון די נאַציס! בכלל, האָט מען דאָס ערשטע געמיינט, אַז דאָס אַנונסירט מען עפּעס אַ בילד אין אַ קינאָ! ערשט, ווען מען האָט איבערגעלייענט די רויטע, שרייענדיקע פּלאַקאַטן, האָט מען — מיט ווייטיק אין האַרצן — באַנומען וואָס דאָ טוט זיך:

דאָס, — רופן די היגע „נטורי־קרתא"־לייט צו אַ מיטינג אין „מאַנהעטן־סקווער", איינער פון די גרעסטע סאַלאָנען אין ניו־יאָרק, וואָס געפינט זיך אין בעסטן צענטער פון שטאָט, אויף דער 34סטער סטריט; דאָס רופן זיי, אַז אַמעריקאַנער ייִדן זאָלן קומען פּראָטעסטירן קעגן דער ישראל־רעגירונג דערפאַר, וואָס:

1) אין שכנות פון דעם „באַרימטן" קוואַרטאַל „מאה־שערים" אין ירושלים,

האָט מען געעפנט אַ „קלוב“, ווו עס קומען זיך צונויף, רחמנא לצלן, — אַזוי זאָגן זיי — יינגלעך מיט מיידלעך און זיי טאַנצן. און

2) „מען מאַכט פּאַגראָמען אויף די פרומע יידן פון ירושלים“.

אָט די פּלאַקאַטן האָבן ישיבה בחורים צעהאָנגען איבער די וויכטיקסטע יידישע און ספּעציעל — נישט־יידישע — גאַסן פון ניו־יאָרק, און דער עיקר — אַרום דער „און“. די גאַנצע „און“, אַרום און אַרום איז געווען באַקלעפּט מיט אָט די אַפּישן! עס האָט געפּלאַמט דאָס פּנים פאַר בושה!...

איך האָב ספּעציעל גענומען אַן אויטאָבוס און בין אַרומגעפאָרן איבער די צענטראַלסטע גאַסן פון ניו־יאָרק און אומעטום האָבן געהאָנגען אָט די שוידער־לעכע פּלאַקאַטן.

למען האמת: — אין דער טעגלעכער יידישער פּרעסע, איז קיין איין וואָרט — ביזן טאָג פון דעם מאַסן־מיטינג — נישט געווען! אין דעם טאָג פון מיטינג האָבן די צייטונגען געשריבן לייט־אַרטיקלען, אַז מען זאָל נישט גיין צום מיטינג! אַז מען האָט דעם מיטינג, נישט געטאָרט רופן!

און נישט בלויז די צייטונגען און די יידישע ראַדיאָס האָבן געוואָרנט נישט צו גיין אויפן מיטינג!

אַלע וויכטיקע רעליגיעזע קערפּערשאַפטן האָבן זיך אַרויסגעזאָגט קעגן דעם מיטינג און נאָך מער קעגן די פּלאַקאַטן מיט די מסירות קעגן מדינת ישראל, וואָס די דאָזיקע פאַנאַטיקער האָבן אַרויסגעטראָגן אין דער נישט־יידישער וועלט. די אגודת הרבנים האָט געבעטן די גרופּע נטורי־קרתאניקעס נישט דורכצופירן דעם מיטינג. די אגודת ישראל איז אַנטשיידן קעגן דעם. און אויך די וויכטיקסטע ראשי ישיבה מיט הרב אהרן קאָטלער בראש, האָבן זיך אַרויסגעזאָגט קעגן דער דאָזיקער אַקציע.

מזרחי און הפועל המזרחי האָבן דערקלערט, אַז דער מיטינג אַליין וואָלט זיי שוין נישט געאַרט אַזוי שטאַרק, ווייל ער קומט דאָך פאַר אין די אייגענע יידישע קרייזן, אָבער וואָס מען מוז פאַרדאַמען זענען די פּלאַקאַטן אויף ענגליש, וואָס זענען אַרויסגעטראָגן געוואָרן אין דער נישט־יידישער וועלט — פּלאַקאַטן אין וועלכע מען פאַרגלייכט די ישראל־פּאָליציי מיט היטלערס געסטאַפּאָ און ווו מדינת ישראל ווערט באַצייכנט ווי „די אַזויגערופענע דעמאָקראַטיע אין מיטעלן מזרח“.

רעדנדיק וועגן די ישראל־פּאָליציאַנטן וועמען מען שטעלט אַרויס אויף די פּלאַקאַטן ווי געסטאַפּאָ־אַגענטן, האָט ד״ר רפאל, דעלעגאַט פון מזרחי — צו־גאַסט אין אַמעריקע, — געזאָגט, אַז צווישן זיי געפינען זיך אַ סך מער פרומע

יידן ווי אין וויליאַמסבורג, און זיי צו באַשמוצן, ווי דאָס האָבן געטאָן די היגע נטורי קרתא, איז אַ שווידערלעכער פאַרברעכן.

דאָס איז בנוגע די פרומע יידן פון ניו־יאָרק, וועלכע זענען געווען קעגן אַזאַ מיטינג און קעגן אָט די פלאַקאַטן. די איבעריקע יידישע טייל פון ניו־יאָרק האָט ממש געשווידערט פון דער נידערטרעכטיקייט וואָס די „פרומאַקעס גייען דורכ־פירן"!

מיין פריינט ד"ר אהרן ראזמארין, אַ ייד פון תורה און חכמה צוזאַמען אָבער... אַ שטיק נטורי קרתאניק, האָט מיך פריינטלעך איינגעלאַדן נישט צו פעלן אויף אָט דעם אַקט. ער האָט נישט געוווסט, אַז איך האָב שוין געהאַט אין קעשענע אַ בריוו פון גאַר, גאַר אַ גרויסן פרומאַק פון וויליאַמסבורג און איינער פון די איינאָרדענער פון מיטינג, וועלכער האָט מיך שטאַרק רעקאָמענדירט צו די „שומרי הסף" פון „מאַנהעטן סקווער", אַז מען זאָל מיר געבן אַ גוט פלאַץ דאָרט. אַ דאַנק אָט דער רעקאָמענדאַציע, האָב איך געראַטעוועט מיין „לייקאַ" — דעם פאָטאָגראַפישן אַפּאַראַט וואָס קאָסט טויזנטער. עס האָט זיך מיר געגלוסט „מאַכן אַ בילד", האָט מען מיך שיעור דורס געווען ווען נישט מיין „באַשיצער" צו וועמען איך האָב איבערגעגעבן מיין רעקאָמענדאַציע, וואָלט פון אַפּאַראַט געוואָרן אַ שטיק בלעך!

איך וועל זיך אומקערן צוריק.

נישט קוקנדיק דערויף וואָס דער דאָזיקער זונטיק האָט זיך געשטעלט אַ שלעכטער, עס האָט גערעגנט — אין מיטן ווינטער — און מען האָט אינדרויסן ממש נישט געקאָנט אַרויסגיין — איז זיך צונויפגעקומען אַ ריזיקער עולם! איך האָב נישט געוואָלט דערציילן מונין מיט בעטין וווהין איך פאָר, ווייל זיי וואָלטן זיכער מיך נישט געלאָזט „איינשטעלן דאָס לעבן!..." מען האָט זיך געריכט, אַז דאָרט וועט זיך גיסן בלוט.

ווען איך בין צוגעקומען צום „מאַנהעטן־סענטער" איז שוין אינדרויסן געווען אַן עולם פון אַ פּאָר טויזנט מענטשן! מיין זשורנאַליסטן־קאַרנעט אויף ענגליש האָט געמאַכט אַ וועג פאַר מיר ביז דער טיר, און דער בריוו פון סאטמארער רבינס אַ מקורב, האָט ביי דער טיר געמאַכט דעם צווייטן וועג. מען איז געווען זיכער, אַז איך בין אַן „אייגענער" און בין געקומען... צופליען פון אַרגענטינע, ספּעציעל צום מיטינג!

נו, פאַרשטייסטו דאָך שוין, אַז „אַזאַ גאַסט" גיט מען אַ חשובן פלאַץ...

ווען איך בין שוין געזעסן אויף מיין „טשער" (בענקל) און איך האָב אַ קוק געטון אין טעאַטער — איז מיר פינסטער געוואָרן אין די אויגן! ער איז געווען פול פון איין עק צום צווייטן. לויט ווי עס האָט מיר געזאָגט אַ באַאַמטער פון

„סענטר״ — גייט אַריין אין סאַלאָן ביי די זעקס טויזנט פּערזאָן, און אַזוי פיל זענען געווען אינעווייניק!

ווער האָט געבראַכט אָט די מאַסע, אין אַזאַ שלעכטן טאָג צו אַזאַ מיטינג?

איינער פון די אָנפירער, דער קראַסנעווער רבי, הרב ליכטענשטיין, האָט עס געזאָגט בזה הלשון:

— ייִדן, עס איז משיחס צייטן! מיר הערן שוין זיינע טריט! לאָמיר זיך אָפּגעבן מזל־טוב!

זייט וויסן רבנים, ראשי־ישיבה, ישיבה־בחורים, אַז מיר האָבן דאָ אין זאַל זעקס טויזנט ייִדן, כן־ירבו, און אַלע זענען זיי געקומען אָן פּראָפּאַגאַנדע, אָן ראַדיאָ, אָן אַנאָנסן אין די צייטונגען. ווייסט איר ווער עס האָט זיי אַהער־געבראַכט? — דער רבונו־של־עולם אַליין? ער האָט זיי געזאָגט, אַז מען דאַרף גיין, זענען זיי געגאַנגען!

ווען ער האָט דאָס געזאָגט, האָט דער גאַנצער עולם אַזוי אַפּלאָדירט, אַז איך האָב געמיינט, דאָס זיי וועלן צעטראָגן דעם טעאַטער!...

אינטערעסאַנט איז: די מענער זענען ניט געזעסן צוזאַמען מיט די פרויען! די ווייבער זענען געזעסן „אויבן״ אין „פּאָליש״ ווי עס פּירט זיך ביי כשרע ייִדישע ווייבער, וועלכע גייען נישט מיט די אייגענע האָר, רויכערן נישט קיין סיגאַרעטלעך און פאַרבן זיך נישט די ליפּן!... די ווייבער האָבן געמאַכט אויף מיר אַן איינדרוק, ווי מען זאָל זיי געווען האָבן ספּעציעל אויסגעקליבן פון די מושב זקנימס און „האָומס״. בלויז אַלטוואַרג איז געווען! זייער זעלטן האָט מען געזען דאָרט אַ יונגע פרוי.

אויף דער בינע פון „סענטר״ זענען געזעסן עטלעכע רבנים און „גוטע־ייִדן״ בעסער געזאָגט — „רביים״ — ווייל קיין גוטע־ייִדן זענען זיי זיכער נישט געווען! מיין „אינפאָרמייטער״ וואָס איז געשטאַנען לעבן מיר „מיך צו באַדינען״, האָט מיר אָנגעוויזן אויף יעדן איינעם פון זיי: דער ריסקעווער רבי, דער קראַסנעווער רבי, דער בודאַפּעשטער רבי, און נאָך עטלעכע רביים, וואָס דרייען זיך אַרום סאטמארער רבין, וואָס איז דער גאַנצער אָרגאַניזירער פון אָט דעם שוואַרצן מיטינג!

איינער אַ רב, דוכט זיך, אַז ער האָט געהייסן ראָטענבערג, האָט געעפנט דעם אַקט, גערעדט וועגן די „פּאָגראָמען״... וואָס מען מאַכט אין ישראל אויף די פרומע ייִדן און אויסגעשריגן, מיט אַ פויסט אין דער הויך:

נעמט אַוועק אייערע הענט! נעמט אַוועק אייערע בלוטיקע נאַהאַיקעס! איר וועט זיך נאָך אָפּבריִען!...

אַ צווייטער רב האָט געזאָגט עטלעכע קאַפּיטלעך תהילים, און ווען דער

גאַנצער ענין וואָלט נישט געווען אַזוי טראַגיש — וואָלט איך זיך צעלאַכט! ער האָט געזאָגט מיט אַזאַ טאָן, מיט אַזעלכע מימיקעס, אַז די ווייבער, דאָרט, די מושב־זקנים־יאַכנעס, האָבן אויסגעשאָסן אַזאַ ביטער געוויין, גלייך ווי מען ווערט געוויר פון אַ גזירה, אַז מען גייט שחטן יידן אין ניו־יאָרק!...

דאָ, וועל איך איבערהאַקן מיין שרייבן.

ווען איך דערמאָן זיך וואָס איך האָב נעכטן געזען — ציטערט מיר די האַנט! עס ציטערט די נשמה, ווי נידעריק יידן קענען פאַלן!.

איך וועל דיר, ווערטערלעך, איבערגעבן דעם באַריכט פון מיטינג לויט דעם ווי די יידישע און ענגלישע צייטונגען האָבן היינט באַריכטעט.

דער בעסטער באַריכט איז פון דעם זייער פעיקן שרייבער משה עלבוים, וועלכער איז טאַקע געזעסן נישט ווייט פון מיר און עס האָט אים... געטראָגן פון בענקל ביי יעדער „סצענקע".

אויף אַלע טישן פון „אויבנאָן", זענען געשטאַנען מיקראָפאָנען, און יעדער וואָרט וואָס מען האָט דורך זיי אַרויסגעהירזשעט, האָט מען געהערט אינעווייניק און אין דרויסן. איבער דער ברייט פון דער בינע זענען געווען אויסגעהאנגען לאָזונגען אויף ענגליש און יידיש וועגן „פרייהייט פאַר רעליגיע", אָבער אויף די לאָזונגען זענען אויך געווען צוגעקלעפּט, אין אַ פאַרגרעסערטער פאָרעם, די גרויל־בילדער ווי די ישראל־פּאָליציי שלאָגט...

דער גאַנצער זאַל און אַלע באַלקאָנען זענען געווען געדיכט אַרומגעשטעלט מיט „אָרדענונגס־היטער", וועלכע האָבן געטראָגן ווייסע בענדער אויף די אַרבל. זיי האָבן לויט אַ קאָמאַנדע, געהיט די „אָרדענונג". טאָמער האָט עמעצער גע־וואַגט עפּעס אויסצורופן אָדער אַ שמייכל צו טאָן, איז געווען אָך־און־וויי צו אים: ער איז גלייך אַרויסגעטראָגן געוואָרן, גענוי לויטן „מוסטער פון די בילדער אויף די פּלאַקאַטן".

אַ קוריאָזער אינצידענט איז אויך פאָרגעקומען מיט דער ישראל־פאָן.

ווען דער כערענטע פון מאַנהעטען־סענטער האָט געהערט, אַז דער מאַנהעטען־סענטער איז אויף זונטיק בייטאָג געדונגען געוואָרן דורך אַ יידישער אָרגאַניזאַ־ציע האָט ער, ווי ער טוט עס שטענדיק, אַוועקגעשטעלט אויף דער בינע, לעבן דער אַמעריקאַנער פאָן, אויך די ישראל פאָן. אָבער ווען די „קאָמאַנדירן" פון דער פאַרזאַמלונג זענען געקומען און דערזען דאָס „אומגליק", האָבן זיי גע־מאַכט אַ געוואַלד:

„נעמט צו דאָס טריף־פּסולע שטיק"...

און דער כערענטע האָט, נעבעך, גאָרנישט פאַרשטאַנען וואָס עס קומט פאָר.

ווען ער האָט דערציילט וועגן דעם אינצידענט האָט ער בלויז געקוועטשט מיט די פּלייצעס:

— יידישע אַנטיסעמיטן!...

גיי, דערצייל אַ גוי, ווער עס זענען די נטורי־קרתא׳ניקעס!

ווען עס האָבן זיך אָנגעהויבן די „אָפּיציעלע״ רעדעס, בעת וועלכע די רביס און רבנים האָבן געניצט זייער שאַרפע ווערטער קעגן דער ישראל־רעגירונג, קעגן דער אגודה, קעגן מזרחי און הפועל המזרחי, — האָבן זיך אין זאַל דערהערט עטלעכע אויסרופן פון נישט־איינשטימיקייט. עס איז גלייך אַנטשטאַנען אַ טומל און די „וואַד־אָרדער״ האָבן זיך אַ לאָז געטאָן אַהין, פון וואַנען דער אויסרוף האָט זיך געהערט.

עס האָט זיך דאַן אַוועקגעשטעלט ביים מיקראָפאָן הרב לעווי און ער האָט, אויף ענגליש און יידיש, גערופן די אָרדענער זיי זאָלן נישט שלאָגן. „מיר, פרומע יידן, שלאָגן נישט — האָט ער געזאָגט — מיר בעטן בלויז דעם אויבערשטן און ער שלאָגט שוין פאַר אונדזערטוועגן!״

די שענסטע קאָמעדיע איז געווען, ווען עס האָבן זיך אָנגעהויבן די רעדעס. יידן מיט שטריימלעך און יידן מיט „זשופּיצעס״ גייען צו צו דעם מיקראָפאָן און דערציילן מיט אַ וויינענדיק קול ווי אַזוי אין ישראל שלעפּט מען יידן פון די בעטן 12 ביינאַכט און מען שלאָגט זיי און מען וואַרפט זיי אַריין אין טורמעס, און „אַלץ דערפאַר ווייל זיי ווילן היטן די תורה און זיי ווילן, אַז ירושלים זאָל בלייבן די עיר־הקדושה, די הייליקע שטאָט״. „און דאָ זענען געקומען די פושעי־ישראל, די לינקע, די מפּא״יניקעס און געגרינדעט אַ קלוב פאַר קינדער אין סאַמע מאה־שערים, דעם הייליקסטן פּלאַץ פון ירושלים און מען וויל אָפּשמדן יונגע נשמהלעך״.

פּלוצלינג איז אין זאַל געוואָרן אַ גערודער עס האָט זיך דערהערט אַ שוש־קעריי: „ש־ש־ש... ער גייט! דער רבי גייט!״

און עס איז אַריינגעקומען, באַגלייט פון אַ סוויטע רבנים און ישיבה־בחורים, דער סאַטמאַרער רבי, ר׳ יואל טייטעלבוים. ער איז גלייך אַרויפגעפירט געוואָרן אויף דער בינע. ווידער האָט אויסגעבראָכן אַ הילכיקער „אַפּלאָוז״, גאַרנישט ווי פאַר אַ רביז, נאָר (רחמנא לצלן) ווי פאַר אַ סטאַר פון טעאַטער.

און ווידער זענען צוגעגאַנגען צו די מיקראָפאָנען רעדנער נאָך רעדנער. אַלע האָבן זיי געשאָלטן און געזידלט נישט בלויז די ישראל־רעגירונג און די ישראל־פּאָליציי, נאָר אויך די מזרחי, די הפועל־המזרחי און אַפילו די אגודה, „וואָס זענען נאָך ערגער פון די קאָמוניסטן, ווייל זיי זאָגן, אַז זיי זענען רעליגיעזע און אין דער אמתן זענען זיי „פושעי־ישראל, משומדים־להכעיס״.

„די אגודה־פירער האָבן שוין מסכים געווען, אַז אין ירושלים זאָל מען אויף געוויסע גאַסן מעגן פאָרן אום שבת!" — האָט איין רעדנער געזאָגט. „און די אגודה־לייט, די מזרחי, די פועלים, לאָזן זיך פירן פון דעם לינקן מפא"יניק מרדכי נאַמיר.

אין דער צייט פון מיטינג, האָט מען געטיילט פלוג־בלעטלעך מיט פאָלגנ־דיקן אינהאַלט:

„מיר, די איינוווינער פון דעם מאה־שערים־קוואַרטאַל אין דער הייליקער שטאָט ירושלים דערקלערן, אַז מיר פאַרטראָגן נישט וואָס ווייבער און מיידלעך זאָלן אַרויסגיין אויף דער גאַס אָדער אין הויף אין נישט־באַשיידענער קליידונג, ווי: קורצע אַרבל, ווילדע דעקאָלטן אָדער באָרוועס, אָדער אין אַזעלכע קליידער און זאָקן דורך וועלכע עס זעט זיך אַרויס דאָס לייב, אָדער חתונה־געהאַטע פרויען מיט ווילדע קעפּ, חס־ושלום. דאָס באַציט זיך צו פרויען סיי די, וואָס וווינען אין דעם קוואַרטאַל, סיי די, וואָס גייען פאַרביי. מיר בעטן גאָר שטאַרק, אַז ווייניקסטנס אין אונדזער שטאָט־קוואַרטאַל זאָל נישט געטאָן ווערן גאָרנישט קעגן אונדזער ווילן, לויט דער הייליקער תורה, און אונדזער גלויבן. מיר בעטן נישט צו פאַרשאַפן אונדז קיין צער, נישט שטערן די רו פון אונדזער איינשטעלונג.

מיט דרך־ארץ:

די איינוווינער פון דעם אויבנדיקן שטאָט־קוואַרטאַל".

***

און איצט, גאָלדע, הייבט זיך אָן דאָס קאָמישע פון גאַנצן אַקט. ווי געזאָגט, עס איז אַזוי קאָמיש — אַז עס גלוסט זיך אַזש... וויינען!

עס איז צוגעגרייט געוואָרן אַ קאָמעדיע, אַ „טראַגישע קאָמעדיע" מיט אַקטיאָרן „סטאַטיסטן" און כאָר. מען האָט „סצענעזירט" אַ „פּראָצעס", אַ „ספּעציעלן בית־דין", אַ „ריכטער" און „עדות".

דער פאָרזיצער האָט געמאָלדן, אַז דער „ספּעציעלער בית־דין" וועט אָנ־הייבן „אויספאָרשן די לאַגע" און אויספרעגן עדות.

און עס האָט זיך אָנגעהויבן דער פּראָצעס און דער עדות־פאַרהער.

דער ראש־בית־דין (דער ריכטער) איז געווען דער ריסקעווער רבי, הרב שלמה כ"ץ. די ריכטער־בייזיצער — דער בודאַפּעשטער רבי, דער אויווערער רבי און דער שאָפּענער רבי.

די פראַגן זענען פון דעם ריסקעווער רבין געלייענט געוואָרן פון אַ צוגע־גרייטן פּאַפּיר:

„וואָס ווייסט איר וועגן די רדיפות אויף פרומע יידן אין ירושלים?"

און דער ערשטער עדות, ר' ליפּא פרידמאַן, פירער פון דער סאַטמאַרער ישיבה אין וויליאַמסבורג, האָט דערציילט וועגן די „שרעקלעכע בריוו וואָס קו־מען־אָן צו אונדז יעדן טאָג. די בריוו־שרייבער פון ירושלים פאַרגלייכן די איצטיקע לאַגע אין דער הייליקער שטאָט ווי די לאַגע פון די יידן אין צאַרישן רוסלאַנד און אין היטלער־דייטשלאַנד! מען מאַכט פּאָגראָמען אויף פרומע, גאָטס־פאָרכטיקע יידן, מען וואַרפט זיי אַריין אין טורמעס, מען שלאָגט זיי.

דער צווייטער עדות, ישראל זופניק, האָט געזאָגט:

„איך בין נישט קיין רב, איך בין אַ פאַבריקאַנט, איך האָב „שטעקן" אין ישראל טויזנטער דאָלאַרן און איך קאָן שטאַרק ליידן פון דעם וואָס איך בין דאָ אַהער געקומען. אָבער איך בין גרייט צו גיין קידוש־השם! איך זאָג אייך, אַז אין ירושלים איז דאָס לעבן פון פרומע יידן ביטער ווי גאַל! צי ווייסט איר וואָס עס הייסט מאַכן אַ לינקן קינדער־קלוב, לא עלינו, אין מאה־שערים? מירן דאָס נישט דערלאָזן!"

יעדעס מאָל ווען עס איז דערמאָנט געוואָרן אַ נאָמען פון אַ ישראל־מיניס־טער, אַ באַאַמטן אָדער אַן אינסטיטוציע, האָבן זיך דערהערט הילכיקע אויסגע־שרייען „פוי!" — אַ שטייגער ווי מען דערמאָנט המנען ביים לייענען די מגילה.

בן־גוריון — פוי! משה שרת — פוי! אבא איבען — פוי! קאָנסול האַרמאַן — פוי! פוי! פוי!

לסוף האָט דאָס „געריכט" זיך געאייניקט אויף אַ אורטייל.

ביי אַ הילכיקער צושטימונג פון דעם עולם האָט דער ריסקעווער רבי ר' שלמה כ"ץ איבערגעלייענט דעם פסק־דין (אורטייל) פון דעם בית־דין:

„דאָס תורה־יידנטום גיט צייט דער ישראל־רעגירונג 30 טעג זיך צו פאַר־טראַכטן, אָפּשטעלן די רדיפות, פאַרמאַכן דעם קינדער־קלוב און באַפרייען די אַרעסטירטע פון מאה־שערים. אויב נישט — „וועלן מיר זיין פריי צו טאָן וואָס מיר ווילן. מיר וועלן אויך בעטן די הילף פון אַמעריקע און פון „יונאַיטעד נעישאָנס" (די „און").

***

איך ווייס נישט, גאָלדע, צי די ישראל־רעגירונג וועט זיך איבערשרעקן פאַר אָט דעם „אולטימאַטום פון 30 טעג", נאָר מיר, דוכט, אַז אָט די יידן — מיט זייער סאַטמארער רבין צוזאַמען, האָבן פאַר דעם נעכטיקן חלול־השם פאַרלוירן זייער גאַנצן חלק עולם הבא און וועלן דאַרפן גוט, גוט, תשובה טאָן, ביז גאָט וועט זיי מוחל זיין זייערע זינד! ספּעציעל איצט, ווען די יידישע וועלט גייט אַרום

דערשלאָגן און צעבראָכן פון די צוויי קרבנות — די צוויי ייִדן וואָס מען האָט געהאָנגען אין מצרים!

געמיינט האָב איך, אַז אָט דער מאָרד וועט אויפרודערן דאָס ייִדישע אַמע־ריקע! איך האָב זיך געריכט אויף גרויסע דעמאָנסטראַציעס פון אַמעריקאַנער ייִדנטום קעגן די עגיפּטישע מערדער! לסוף איז דאָס דורכגעגאַנגען שטיל! קיינער טוט קיין פּיפּס נישט!

מען זאָגט דאָ, אַז עס איז געווען אַן אמתער „חד גדיא״:

עגיפּטן זאָל האָבן צוגעזאָגט דעם שטאַט־דעפּאַרטאַמענט, אַז אויב עס וועט זיין שטיל, וועט מען די צוויי ייִדן שענקען דאָס לעבן!

דער סטייט דעפּאַרטאַמענט האָט רעקאָמענדירט דער ישראל־פּאָרשטייער־שאַפט, אַז מען זאָל גאָרנישט טאָן, וואָס קאָן אויפרעגן עגיפּטן...

די ישראל־פאָרשטייערשאַפט האָט רעקאָמענדירט די אַמעריקאַנער ציוניס־טישע אינסטאַנצן, אַז מען זאָל זיין שטיל און נישט פּראָטעסטירן קעגן טויט־אורטייל!

ואתא מלאך המות, איז אין אַ פינסטערער נאַכט געקומען נאַסער, ימח שמו, און האָט זיך אויסגעלאַכט פון איטלעכן און די קדושים געפירט צו דער תליה!...

און, נאָך אָט דער תליה, איז געקומען אָט די קאָמעדיע!

אַרויסגייענדיק פון „מאַנהאַטען סענטער״, און אַזוי ווי דער טאָג איז אַלץ געווען אַ שלעכטער, אַ קעלט מיט אַ רעגן האָבן זיך איינגעגעסן אין די ביינער, און נאָך די אַלע טייערע רעדעס וואָס איך האָב געהערט, נאָך די קללות וואָס מען האָט אַריינגעוואָרפן אויף ייִדישע קעפּ, האָב איך שוין געטראַכט:

דו ביסט גרויס, אַמעריקע!

ווען אָט דאָס קומט פאַר אין אַן אַנדער לאַנד, מעג זיין אַפילו אין ישראל, וואָלטן דאָ געווען געהרגעטע און פאַרוווּנדעטע. בלויז אין אַמעריקע קאָן זיין אַזאַ פרייהייט, דאָס אַזאַ קליינע מינאָריטעט, זאָל דורכפירן אַזאַ נידערטרעכטיקן אַקט, און די רבנים און רביים און די „גוטע״ ייִדן מיטן סאַטמאַרער רב בראש — זאָלן פון דאָרט אַרויס מיט גאַנצע ביינער!...

ביי אונדז, אין אַרגענטינע, וואָלט זיי אַזאַ נס נישט געטראָפן!

ליגנדיק אויפן געלעגער און נישט קאָנענדיק צומאַכן קיין אויג — נאָך אַזאַ אַקט, — האָב איך געטראַכט:

עס איז אַ חרפּה און אַ בושה פאַר אַמעריקאַנער ייִדן, אַז אין אַזאַ צייט, ווען ישראל ראַנגלט זיך אין אַזאַ געפערלעכן קריזיס, און ווען ייִדן אין עגיפּטן, ווערן געמשפּט צום טויט און לעבנסלענגלעכער תפיסה, אין אַזאַ צייט, ווען שונאי־

ישראל מאַכן ווילדע אַטאַקעס און בלבולים, קומען ייִדן, רבנים און רבייִם, עפּעס אַ „קאָמיטעט פאַר רעליגיעזע פרייהייטן אין ישראל“, און נוצט אויס אַ געלעגנהייט, צו באַשמוצן דעם ייִדישן נאָמען און דעם נאָמען פון מדינת ישראל אויף דער גוייִשער גאַס און העלפט דערמיט אונדזערע שונאים!... און —

זיי ווערן נישט געלינטשט פון דער ייִדישער יוגנט פון אַמעריקע!



אָט דאָס טרעפט מען בלויז אין אַמעריקע! אַ קאָמיטעט פון רבנים און תלמידי־חכמים, וועלכע לערנען מיט אַמעריקאַנער יידן — דורך דער ראַדיאָ — אַ בלאַט גמרא אַלע וואָך. די אוידיציע, הייסט טאַקע: „דף השבוע“ (וועכנטלעכער בלאַט גמרא).

פאַרשטייט זיך, גאָלדע, אַז נישט אַלע פרומע ייִדן פון אַמעריקע זענען אַזוי ווילד און אַזוי אומפאַראַנטוואָרטלעך, ווי אָט די נטורי־קרתא׳ניקעס וואָס האָבן אַזוי מיאוס פאַרשוועכט דעם ייִדישן נאָמען מיט אָט דער פאַיאַצישע ראַסיפּה און „משפּט“. צום גליק זענען זיי גאָר אַ קליינע מינאָריטעט. די גרעסטע טייל פון די אַמעריקאַנער רבנים און תלמידי־חכמים פאַרשאַפן כבוד דעם דאָרטיקן ייִדנטום, און ברענגען נוצן זייערע חסידים און צוהערער.

# XXIII

טייערע גאָלדע:

דו געדענקסט וואָס איך האָב דיר געשריבן, אַז איך בין געקומען צום שלוס, אַז אַמעריקאַנער מענטשן — ספּעציעל פון ניו־יאָרק, האָבן מורא פאַר א „האָלד־האָפּ".

איצט האָב איך שוין אויסגעפונען וועגן נאָך אַ זאַך, פאַר וואָס אַמעריקאַנער מענטשן האָבן מורא!

זיי האָבן מורא, אַז אין אַ שיינעם טאָג זאָל נישט —

— אויסברעכן אַ מילחמה!

אין משך פון די עטלעכע וואָכן וואָס איך דריי זיך דאָ אַרום, אין משך פון מיינע געשפּרעכן וואָס איך האָב געהאַט מיט ייִדן־שרייבער, ייִדן־קרעמער, ייִדן־אַרבעטער און סתם ייִדן, בין איך געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז אַמעריקאַנער מענטשן ריכטן זיך אויף אַ מילחמה!

פריִער אָדער שפּעטער — זיי זענען זיכער, — אַז די קאָמוניסטן וועלן נישט „אויסהאַלטן" קיין ייִדישקייט און אין איינער אַ נאַכט וועלן זיי אַרויסשיקן קיין אַמעריקע זייערע אַעראָפּלאַנען מיט אַטאָם־באָמבעס! צי די אַוויאָנען וועלן דער־גרייכן אַמעריקע — איז נאָך אַ פּראַגע! אָבער, מורא — האָט מען!

אַ סך ניו־יאָרקער גלויבן, אַז אַזאַ אומגליק קאָן געשען און דערפאַר — אַנטלויפט מען פון ניו־יאָרק! ווער עס קאָן וווינען וואָס ווייטער פון ניו־יאָרק — טוט עס!

דערווייל, רעדט מען נישט אויפן הויכן קול! אָבער שטילערהייט, רעדט מען פון „פאַרלאָזן די גרויסע שטעט" און זיך איינאָרדענען ערגעץ ווייטער אין אַ קליין שטעטל. ספּעציעל רעדט מען עס, אַ טאָג, נאָכדעם, וואָס מען האָט אין דער נעוואַדאַ מדבר אויסגעפּרוווט אַ נייע באָמבע.

מען רעדט אין שטוב וועגן אַ מילחמה. מען רעדט געמיטלעך און ווען מען קומט אַרויף אויף אָט דער טעמע, דאַן — ווערט מען ערנסט, מען הערט זיך אויף צו חכמהנען, מען כאַפּט אַ בליק צום בחורל אָדער טעכטערל, וואָס זיצט אין דער זייט און מען איז מקנא דעם... גאַסט, וואָס איז געקומען פון וויַיטן אַר־גענטינער, צו וועמען עס דערגייט נישט קיין אַטאָם־באָמבעס — אַזוי גלויבן זיי! און אויב מ'זיצט אין קאַפעטעריע און מען רעדט דערפון — גיט מען אַ זיפץ און... מען גייט איבער צו אַ צווייטער טעמע.

די אַמעריקאַנער ווייסן, אַז אין אַ מילחמה וועלן זיי זיגן! זיי ווייסן אַז רוס־

לאַנד וועט חרוב ווערן! זיי האָבן אָבער מורא, אַז ביז וואָס־ווען, וועלן פאַלן אַ פּאָר הידראָכענע־ אָדער אַטאָם־באָמבעס און עס וועלן זיין אַ 5 מיליאָן קרבנות און:

אַדיאָס צו ניו־יאָרק און צום לעבן!

אַז אַמעריקע איז גרייט אויפצונעמען אַ קאַמף מיט רוסלאַנד און איז גרייט צו באַגעגענען אירע אַעראָפּלאַנען — ווייסט אַ קינד אין וויגעלע. נישט אומזיסט האָט אַמעריקע אויסגעגעבן מיליאַנען, כדי צו קריגן „באַזעס" איבער דער גאָרער וועלט!

אין דער רעדאַקציע פון „טאָג־מאָרגן־זשורנאַל" האָב איך זיך באַקענט מיט איינעם אַ טאַלאַנטפולן שרייבער און זשורנאַליסט וואָס הייסט ל. פיינבערג. דער דאָזיקער שרייבער איז אַ „ספּעץ" אין רוסישע ענינים. ער האָט אַ סך פאַרבינ־דעטע און באַקאַנטע אין אַמעריקאַנער זשורנאַליסטישע קרייזן — אַריינגערעכנט — „פּראָ־סאָוועטישע". ער הערט וואָס זיי רעדן און לייענט וואָס זיי שרייבן, און אין די יידישע קרייזן האַלט מען אים, פאַר איינעם, וואָס ווייסט וואָס ער רעדט, וואָס ער שרייבט און וואָס ער דערציילט, וועגן די סאָוועטן!...

וועגן דער מעגלעכקייט, אַז די סאָוועטן זאָלן אין אַ שיינעם טאָג שיקן זייע־רע אַוויאָנען מיט אַטאָם־באָמבעס קיין אַמעריקע זאָגט פיינבערג:

אַז אַזאַ מעגלעכקייט פון אַ רוסישער אַטאָמישער אַטאַקע איז פאַראַן, דער־רויף זאָגן עדות אָן אַ שיעור סימפּטאָמען מצד דער חוצפּהדיקער סאָוועטישער און רויט־כינעזישער פּראָפּאַגאַנדע און פּאָליטיק, וואָס זיי פירן זינט די לעצטע פּאָר יאָר, גאַנץ באַזונדערס נאָך דעם אָנפאַל אויף קאָרעאַ.

און פריינט ל. פיינבערג טרייסט זיך און זיינע צאָלרייכע לייענער מיט דעם פריידיקן פאַקט, וואָס די מערב־מלוכות מיט אַמעריקע בראש האָבן אָנגענומען אַלע מיטלען צו זיין גרייט, אין פאַל רוסלאַנד זאָל זיך פאַרגלוסטן צו מאַכן אַן אומדערוואַרטעטע, פּלוצעמדיקע אַטאָם־אַטאַקע אויף איינער פון די מערב־מלו־כות, די פאַראייניקטע שטאַטן אַריינגערעכנט.

ל. פיינבערג, פּונקט ווי טויזנטער און מיליאָנען אַמעריקאַנער, און גאָר ספּעציעל דער פּרעזידענט אייזענהאַוער, זענען נישט איבערראַשט פון דעם, וואָס די רויטע הערשער האָבן פּלוצעם געביטן דעם טאָן און רעדן אַזוי פיין, אַזוי פריינטלעך, וועגן ענדיקן דעם קאַלטן קריג. און פיינבערג גיט צו:

די רויטע הערשער האָבן זיך אויסגעלערנט אַ באמת־טייוולאַנישע שפּיל: פון איין זייט פריידיקן זיי שלום, רק שלום — אום יעדן פּרייז, און פון דער צווייטער זייט — גרייטן זיי זיך צו אַ פאַרניכטנדיקער מילחמה. און נישט בלויז דאָס: זיי וואַרטן און טשאַטעווען, ווי הונגעריקע וועלף, אָנצופאַלן אויף אַ נייעם קרבן. נעכטן איז עס געווען קאָרעאַ, ווו מען האָט זיי געגעבן איבער די הענט.

שפעטער איז עס געווען אינדאָנעזיע, ווו זיי האָבן אָפּגעהאַלטן אַ גרויסן נצחון אַ דאַנק דער שוואַכקייט פון פראַנקרייך. וואַרטן זיי איצט אויף אַן אַנדער גע־לעגנהייט, אין איראָפּע, צי אין אַזיע, ווידער צו פאַרכאַפּן וואָס עס לאָזט זיך. זיי די רויטע הערשער, ווייסן גאַנץ גוט, אַז די אַלע פראָוואָקאַציעס קאָנען און וועלן סוף־כל־סוף פירן צו אַ נייעם וועלט־בראַנד, אין וועלכן די אַטאָם־וואָפן קאָנען פאַרניכטן די גאַנצע מענטשלעכע ציוויליזאַציע. אָבער זיי אַרט עס ווייניק. זיי שפּילן די „לעצטע קאַרט", ווייל זיי ווייסן, אַז זיי זענען פאַרהאַסט ביי זייערע אייגענע פעלקער, וועלכע זיי האָבן פאַרשקלאַפט און וועלכע וואַרטן אויף דעם גרויסן טאָג פון באַפרייאונג, ווען די דאָזיקע פעלקער וועלן אָפּווישן און פאַר־ניכטן זייערע לאַנג־יאָריקע נוגשים און פייניקער.

ווען מען האָט צו טאָן מיט אַזעלכע קעגנער, איז שווער פאַר די דעמאָקראַ־טישע מלוכות אַרויסצושטעלן אַ געהעריקן אַנטידאָט (קעגן־סם) קעגן זיי. און דאָך איז עס פון גרויסער היסטאָרישער וויכטיקייט, וואָס די מערב־מלוכות, באַ־זונדערס אַמעריקע, האָט אין די לעצטע פאַר יאָר באַוויזן צו שאַפן אַ גאַנצע ריי פעסטונגען, וואָס זאָלן שטיין אויף דער וואַך, אין פאַל רוסלאַנד און אירע פאַר־בינדעטע וועט זיך פאַרגלוסטן אָנצוהייבן אַ נייעם קריג דורך אַ פּלוצעמדיקער אַטאָם־אַטאַקע אין איראָפּע, אָדער אַזיע.

עס איז גאָר קיין ספק נישט, אַז דער עניין קאָרעאַ און אינדאָנעזיע האָבן געלערנט די מערב־מלוכות גאָר אַ שטאַרקע לעקציע אין הלכות פאַרטיידיקונג. זיי האָבן מיט אַמאָל איינגעזען, אַז צופיל פאַרלאָזן זיך אויף צופאַלן איז אַ גרויסע סכנה, וואָס קאָן פירן צו דער פאַרניכטונג פון דער מענטשלעכער ציוויליזאַציע — און זיי האָבן שטילערהייט, אָבער בהדרגהדיק און טיכטיק צוגעגרייט אָפּצו־שטעלן די רויטע אָנגרייפער, אין פאַל זיי וועלן מאַכן דעם ערשטן שריט פון אַן אַטאָם־אַטאַקע אויף איינער, אָדער עטלעכע דעמאָקראַטישע לענדער אין איראָפּע, אָדער אין אַזיע.

ווי שווער עס זאָל נישט זיין אויפן הארצן דער פאַקט, וואָס אַזאַ אַטאָמישע אַטאַקע מצד די רויטע הערשער און דער באַלדיקער, נאָך מער פאַרניכטנדיקער ענטפער מצד די מערב־מלוכות וואָלטן אָפּגעקאָסט מיליאָנען מענטשלעכע לעבנס און פאַרניכטעט אַ גרויסן טייל פון דער וועלט, איז דאָך גוט צו ווייסן, אַז די דעמאָקראַטישע מלוכות, מיט די פאַראייניקטע שטאַטן אין דער שפּיץ, פאַרמאָגן שוין איצט אַזאַ גרויסע צאָל באָזעס, פון וואַנעט אַזאַ רוסישע אָדער כינעזישע אַטאָם־אַטאַקע וואָלט געקאָנט אָפּגעשטעלט ווערן גלייך ביים אָנהייב — און דער־מיט וועלן בלי ספק פאַרמיטן ווערן נאָך גרעסערע קאַטאַסטראָפעס און דער פאַרלוסט פון נאָך מער מענטשלעכע לעבנס.

לאָמיר דאָ אָקאָרשט אָנגעבן בלויז אַ פּאָר פון די אינטערעסאַנטע פאַקטן וועגן דער צאָל באַזעס, וואָס די מערב־מלוכות האָבן באַוויזן ביז איצט אויפצו־בויען, ווי אַן אייזערנעם רינג אַרום סאָוועטרוסלאַנד און דער רויטער כינע.

און ל. פיינבערג דערציילט גאָר אינטערעסאַנטע פאַקטן וועגן אַמעריקעס פאַרטיידיקונגס־באַזעס, וואָס זיז האָ טאַויף דער וועלט. אַ פּאָר וויכטיקע פערזאָנען, וואָס זענען באַקאַנט מיט דער מיליטערישער לאַגע פון לאַנד, האָבן אויך די זעלבע מיינונג.

בעת מיין באַזוך אין וואַשינגטאָן איז מיר אויסגעקומען צו רעדן מיט אַ פּאָר איינפלוסרייכע מענטשן, וואָס שטייען נאָענט צום שוץ־דעפּאַרטאַמענט, מענטשן וואָס זענען זייער גוט אינפאָרמירט וועגן דער מיליטערישער לאַגע פון די מערב־מלוכות. דאָס, וואָס איך קלייב זיך דאָ צו דערציילן, איז נישט קיין מיליטערישער סוד, חלילה. די אַמעריקאַנער רעגירונג גיט ווייליק אַרויס אינ־פאָרמאַציע וועגן אירע באַפעסטיקטע פונקטן קעגן די רויטע הערשער. אַמעריקע איז אַ דעמאָקראַטישע מדינה, וואָס האַלט נישט קיין סודות, אַפילו נישט אַזעלכע סודות, וואָס עס קאָן זיך דאַכטן, אַז זיי שמעקן מיט מיליטערישע געהיימענישן. די פאַקטן, וואָס איך גיי דאָ דערציילן, זענען גוט באַוווסט אין אַלע קרייזן פון וואַשינגטאָן און מען קאָן זיי באַשטעטיקן אין מיליטערישע זשורנאַלן, וואָס ווערן געדרוקט מיטן צוועק, אַז אַלע זאָלן וויסן וועגן זיי, אַפילו די ביטערסטע שונאים. עס קאָן גאָר זיין, אַז אַמעריקע איז באַזונדערס פאַראינטערעסירט, אַז דווקא די שונאים זאָלן וויסן וועגן די פאַקטן, כדי עס זאָל ביי זיי אָפּגענומען ווערן יעדער אַפּעטיט אָנצוהייבן אַן אַטאָם־אַטאַקע אויף די דעמאָקראַטישע מדינות.

און וואָס זענען די דאָזיקע פאַקטן?

עס ווייזט זיך איצט אַרויס, אַז אין די לעצטע פינף יאָר, זינט דעם קריג אין קאָרעאַ, האָט אַמעריקע גאַנץ באַוווסטזיניק אויפגעבויט אין פאַרשיידענע טיילן פון דער וועלט, און גאַנץ באַזונדערס אין אייראָפּע און אין אַזיע, אַ צאָל מעכטיקע באַזעס, ווו עס געפינען זיך שטענדיק אויף דער וואַך ווייטפליִענדיקע אַמעריקאַנער אעראָפּלאַנען, וואָס קאָנען אין אַ הרף־עין אַרויספליִען פון דאָרט מיט אַטאָם־ און הידראָגען־באָמבעס אין זייערע בייכער — און אין משך פון געציילטע עטלעכע שעה דערלאַנגען רוסלאַנד, כינע און אַלע אַנדערע סאָוועטישע סאַטעליטן־לענדער ממש אַ פאַרניכטנדיקן קלאַפּ, פון וועלכן זיי וועלן שוין מער נישט קענען קומען צו זיך.

ווו געפינען זיך די באַזעס און אין וואָס באַשטייט זייער קראַפט און באַ־דייטונג אָפּצוענטפערן אויף אַ מעגלעכער רוסישע אַטאָם־אַטאַקע?

אָט האָט איר עטלעכע פון זיי, און דאָס דאַרף דינען אַלס באַרויִקונג פאַר

די אַמעריקאַנער און פאַר דער וועלט, און דער עיקר, עס דאַרף דינען פאַר אַ וואָרענונג די רויטע הערשער פון קרעמל! עס איז זיכער, אַז זיי וויסן עס בעסער פון אונדז, און זיי וויסן אויך פון יענע באַזעס, וואָס מיר — די פרייע וועלט וויסן נאָך נישט דערפון...

אָט איז אַ ליסטע פון אַ טייל „באַזעס", וואָס אַמעריקע האָט צוגעגרייט על כל צרה שלא תבוא:

1) אַמעריקע האָט אויפגעבויט אַ מעכטיקע באַזע אין גריכנלאַנד, פונוואַנעט אַמעריקאַנער עראָפּלאַנען קאָנען אין משך פון דריי שעה מיט 20 מינוט באָמבאַרדירן די רוסישע באַזעס ביים נאָרד־פּאָל, אין צפון און אין צענטראַל־רוסלאַנד.

2) די אַמעריקאַנער באַזעס אין די פאַראייניקטע שטאַטן גופא קאָנען אין משך פון איבער 8 שעה באָמבאַרדירן מיט אַטאָם־ און הידראָגען־באָמבעס, געפירט אויף אַמעריקאַנער עראָפּלאַנען, די רוסישע באַזעס און מיליטערישע פאַבריקן אַזוי ווייט ווי די אוראַל־בערג, וואָס געפינען זיך אַ צוויי טויזנט מייל פון די סאָוועטישע מערב־גרענעצן.

3) אַמעריקע פאַרמאָגט מיליטערישע באַזעס אין ענגלאַנד, פונוואַנעט אַמעריקאַנער עראָפּלאַנען קאָנען אין משך פון 2 שעה מיט פערציק מינוט דערגרייכן די רוסישע סובמאַרין־באַזעס אין מוראַמאַנסק, צפון־רוסלאַנד.

4) אַמעריקע פאַרמאָגט וויכטיקע באַזעס אין פראַנקרייך, פונוואַנעט מען קאָן אין צוויי שעה באָמבאַרדירן די רוסישע שטאָל־ און אייזן־צענטערס אַרום לענינגראַד און זיי פאַרניכטן מיט אַטאָם־ און הידראָגען־באָמבעס.

5) אַמעריקאַנער באַזעס אין דער פראַנצויזישער מאַראָקאָ קאָנען אַרויסשיקן עראָפּלאַנען, וואָס קאָנען אין געציילטע פיר שעה גרייכן דעם אינדוסטריאַלן צענטער אין און אַרום מאָסקווע און אים טאָטאַל פאַרניכטן.

6) פון טריפּאָלי קאָנען אַמעריקאַנער עראָפּלאַנען דערגרייכן די וויכטיקע אויל־קוואַלן אין רומעניע אין צוויי שעה צייט און זיי אויפרייסן מיט אַטאָם־באָמבעס.

7) פון גריכנלאַנד, וווּ עס געפינען זיך אַמעריקאַנער באַזעס, קאָן מען באָמבאַרדירן די קוילן־ און אייזן־שאַכטעס און אינדוסטריעס אין אוקראַינע אין איין שעה צייט.

8) פון טערקיי, וווּ עס געפינען זיך אַמעריקאַנער מיליטערישע באַזעס, קאָן מען אין משך פון 3 שעה גרייכן און פאַרניכטן די ריזיקע שטאָל־פאַבריקן, וואָס די סאָוועטן האָבן אויפגעבויט אין מאַגניטאָגאָרסק.

9) פון אַלאַסקאַ קאָן מען אין משך פון 1 שעה גרייכן די גרויסע רוסישע לופט־באַזע אין סיביר און זיי צעפּולווערן.

10) פון די אַמעריקאַנער „לופט־באַזעס", וואָס געפינען זיך שטענדיק אין פּאַסיפיק, קאָנען אַמעריקאַנער אַעראָפּלאַנען אין משך פון 1 שעה צייט גרייכן און באָמבאַרדירן די רוסישע ים־באַזע אויפן האַלב־אינדזל קאַמטשאַטקאַ.

11) פון יאַפּאַן, ווו אַמעריקע האָט איינגעשטעלט וויכטיקע באַזעס, קאָנען אַמעריקאַנער אַעראָפּלאַנען גרייכן אין פינפטהאַלבן שעה די וויכטיקע רוסישע מאַיינינג־צענטערן אין נאָרליסק און זיי צעפּולווערן אין שטויב.

12 פון דעם פּאַסיפישן אינדזל גואַם קאָנען אַמעריקאַנער אַעראָפּלאַנען גרייכן און באָמבאַרדירן דעם רוסישן האַפן וולאַדיוואָסטאָק אויפן ווייטן מזרח, אין אי־בער 3 שעה.

13) פון דעם פּאַסיפישן אינדזל אָקינאַוואַ קאָנען די אַוויאָנען מיט אַטאָם־באָמבעס אין משך פון 3 שעה מיט 40 מינוט גרייכן און צעשמעטערן דעם מי־ליטערישן צענטער אויפן באַיקאַל, ווו די סאָוועטן האָבן קאָנצענטרירט אַ גרויסע צאָל מיליטערישע פאַבריקן.

14) פון די פיליפּינען, ווו די אַמעריקאַנער פאַרמאָגן מיליטערישע באַזעס, קאָן מען דערגרייכן דעם וויכטיקן רוסישן טראַנספּאָרטאַציע־צענטער אין אָמסק, סיביר, אין 6 שעה.

15) פון אַמעריקאַנער לופט־באַזעס, וואָס געפינען זיך אין מיטללענדישן ים, קאָנען אַמעריקאַנער אַעראָפּלאַנען אין אַ שעה מיט 20 מינוט גרייכן און באָמ־באַרדירן די רייכסטע רוסישע אויל־קוואַלן אין באַקו, קאַווקאַז.

16) פון סאַודי־אַראַביע, ווו עס געפינען זיך לופט־באַזעס, קען מען אין 3 שעה גרייכן און באָמבאַרדירן די וויכטיקסטע רוסישע אינדוסטריעלע צענטערן אין אוראַל און זיי פאַרניכטן מיט אַטאָם־און הידראָגען־באָמבעס.

דאָס איז בלויז אַ טייל פון די אַמעריקאַנער צוגרייטונגען צו באַצאָלן רוס־לאַנד און כינע, אויב זיי זאָל זיך פאַרגלוסטן דורכצופירן אַן אומדערוואַרטעטע אַטאָמישע אַטאַקע אויף וועלכער עס איז דעמאָקראַטישער מדינה אין אייראָפּע, אָדער אַזיע. כדי דאָס דורכצופירן, פאַרמאָגט שוין איצט אַמעריקע טויזנט אַעראָפּ־לאַנען, וואָס פליִען מיט דער שנעלקייט פון 600 מייל אַ שעה, און אויך 10 טויזנט פאַרשיידענע אַטאָם־ און הידראָגען־באָמבעס, וואָס קאָנען, אַרויספליִענדיק פון די אַלע אויבנאָנגעצייכנטע באַזעס אין אייראָפּע און אַזיע, צעפּולווערן רוסלאַנד און אירע סאַטעליטן אין עטלעכע שעה צייט.

הלוואי זאָל עס נישט קומען דערצו און הלוואי זאָל מען נישט דאַרפן זיך באַנוצן מיט די אַלע טויטלעכע וואָפן, וואָס וועלן בלי ספק פאַרניכטן מיליאָנען מענטשן, וועלכע זענען זיכער נישט שולדיק אין די אַגרעסיווע, פינסטערע פּלע־נער פון זייערע ווילד־געוואָרענע סאָוועטישע פירער. אָבער עס איז דאָך גוט צו

ווייסן, אַז די דעמאָקראַטישע וועלט שלאָפט נישט — און אַז זי גרייט זיך, אין פאַל פון אַן אַטאַקע מצד די רויטע הערשער, זיי צו דערלאַנגען אַזאַ מעכטיקן ווידער־שטאַנד, אַז זיי וועלן אין גאַר אַ קורצער צייט אָפּגעווישט ווערן פון דער ערד צוזאַמען מיט זייערע פינסטערע השגות צו באַהערשן די וועלט דורך אָנפאַל און אַגרעסיע.

אינטערעסאַנט איז: די גרעסטע טייל אַמעריקאַנער מענטשן ווייסן אַז אַמע־





די צוויי העכסטע געביידעס אין דער וועלט — די „עמפּיר סטייט בולדינג" (רעכטס) און דער „ראָקעפעלער צענטער", וואָס וואָלטן געווען די ערשטע קרבנות פון אַן אַטאָמישן קריג, חלילה.

ריקע איז צוגעגרייט פאַר אַ מילחמה! דאָך... ציטערט מען. איך האָב באַמערקט, אַז ווען עס קומט מיר אויס צו רעדן מיט אַ ניו־יאָרקער וועגן אַ מילחמה — און אויב יענער האָט נאָך קינדער אין מילחמה־עלטער — גיט ער אַ ציטער! די אַמעריקאַנער — ווען עס איז דאָ זייער אַ סך וואָס צו מקנא זיין אויף זייער אַרט לעבן און באַקוועמלעכקייטן, — האָבן אַ סך איבערגעלעבט אין די לעצטע

מילחמות. זיי האָבן געשיקט זייערע קינדער זיך שלאָגן מיט די נאַציס, אין דער צייט, וואָס אונדזערע קינדער פון זיד־אַמעריקע, זענען געגאַנגען רויק אין די שולעס און אין די... קינאָס און טעאַטאָרן. נאָכדעם איז אונטערגעקומען די קאָרעאַנער מילחמה, ווו אַ סך אַמעריקאַנער יוגנטלעכע האָבן זיך דאָרט געשלאָגן און געפּטרט דאָס לעבן! נו, איז דען אַ חידוש, וואָס די אַמעריקאַנער האָבן זיך אַזוי אָנגעכאַפּט אין אייזענהאַוערס צוזאָג — בעת די וואַלן — אַז ער וועט ענדיקן די מילחמה אין קאָרעאַ. איז דען אַ חידוש ווי די אַמעריקאַנער האָבן מורא פאַר אַ נייער מילחמה.

אַלזאָ: ווייס איך שוין — דערווייל — פון צוויי זאַכן, פאַר וועלכע אַמערי־קאַנער — ספּעציעל ניו־יאָרקער — האָבן מורא:

— פאַר אַ „האָלד־האָפּ״ און

— פאַר מילחמה.

ווען דאָס זאָל געשען מיט אַן אַנדער פאָלק, וואָלט מען געזוכט צו... עמיג־רירן, צו ליקווידירן די געשעפטן, נעמען די מזומנים, און קומען אין יענע לענ־דער, וואָס פאַר אַ דאָלאַר גיט מען אַ גאַנצן זאַק מיט געלט, דאָ, זיך איינאָרדענען און לעבן רויק! רויק פון אַטאָם־באָמבעס, און רויק פון שיקן די קינדער אין מילחמה!

די אַמעריקאַנער — זענען אַנדערע! איך ווייס נישט, צי איינער פון 10 טויזנט אַנטלויפט איצט פון אַמעריקע צוליב מורא! זיי וועלן פאַרלאָזן די גרויסע שטאָט און זיך איבערציִען אין די קלענערע שטעט, אָבער זייער אַמעריקע וועלן זיי נישט פאַרלאָזן! און אויב עס איז באַשערט צו ליידן — ווילן זיי ליידן אין זייער אַמעריקע. און דינען דעם לאַנד, וואָס האָט זיי געגעבן אַזוי פיל גליק, אַזוי פיל פרייהייט און אַזאַ גוטן נאָמען!... קיין אַטאָם־באָמבעס עוועט זיי פון לאַנד נישט פאַרטרייבן!

אַמעריקע האָט ליב אירע קינדער און אירע קינדער האָבן ליב אַמעריקע! און דערפאַר איז אַמעריקע אַזוי גרויס!...

און, ווי דו ווייסט, גאָלדע, מוז אין יעדער טראַגישער זאַך, ליגן אַ ביסל קאָמיזם! אָט אַזוי איז טאַקע מיטן וואָרט „אַטאָם״! ווו דו שטייסט און ווו דו גייסט טרעפסטו אָן פּראָפּאָגאַנדע וועגן אויסגעאַרבעטע זאַכן , וואָס ווערן באַטיטלט אַלס „אַטאָמישע״.

אָט, האָב איך היינט אויף דער 57סטער גאַס געטראָפן אַ געשעפט וואָס אַרבעט אויס „אַטאָמישע״ פּרויאישע... אונטערוועש! אויף אַ צווייטן פּלאַץ האָב איך געטראָפן אַ רעקלאַמע, אַז איינער מאַכט... „אַטאָמישע״ שיך! טאַקע פּערווי סאָרט! אַ דריטער מעלדעט אַז ער פאַרקויפט „אַטאָמיש״ ברויט און „קעיק״.

דאָס שענסטע איז: דו עפנסט אויף דעם ניו־יאָרקער טעלעפאָן־בוך, טרעפ־סטו דאָרט פאָלגענדע קאָמפּאַניעס:

„אַטאָמיק העט אָקמפּאַניע" (שליאָפּעס);

„אַטאָמיק לאָנדרי קאָמפּ." („טינטאָרעריאַ");

„אַטאָמיק מעסעדזשער סורוויס" — דאָס איז אַ קאָמפּאַניע פון מענסאַכעראָס.

„אַטאָמיק נעקווער קאָמפּ". (דאָס מאַכט ער קראַוואַטן אַזעלכע...);

„אַטאָמיק פּאדזשאמעס קאָמפּ". אאַז"וו.

אָט אַזוי זענען זיי די אַמעריקאַנער! ביי זיי איז „פּובליסיטי" איינע פון די ערשטע זאַכן. און, אַזוי ווי היינט צו טאָג איז דאָס וואָרט „אַטאָם" אין דער מאָדע, נוצט מען עס אויס, צי עס פּאַסט זיך יאָ אָדער עס פּאַסט זיך נישט!

איך בין היינט דורכגעגאַנגען דורך יוניאָן־סקוועער, האָב איך אין אַ שויפענסטער געזען אַן „אַטאָמישן בליי־פּעדער". די מעלה פון אָט דעם „אַטאָמישן קאַראַנדאַש איז, וואָס ערגעץ אַנדערש קאָסט ער... 90 סענט און אין אָט דעם געשעפט וואָס האָט אים באַטיטלט מיטן נאָמען „אַטאָמיק", שטייט די פּרייז אַ דאָלאַר ניין און זעכציק! האָב איך זיך נישט געשעמט און אים פאָרגעלייגט פאַר זיין „אַטאָמישן" לאָפּיס ניינציק סענט, האָט ער פאַרקוקט דערויף, וואָס די מציאה טראָגט אַזאַ „געהויבענעם" נאָמען און מיר אים אַוועקגעגעבן פאַר די ניינציק סענט!

ווילסט אפשר וויסן ווי אַזוי מיר האָבן זיך דורכגערעדט? איך האָב גערעדט ענגליש — האָט ער נישט פאַרשטאַנען! ער האָט גערעדט ענגליש, האָב איך נישט פאַרשטאַנען! האָבן מיר ביידע... אָנגעהויבן רעדן... יידיש און מיר האָבן זיך איינפאַרשטאַנען!

אָט, אַזוי איז אַמעריקע!

# XXIV

טייערע גאָלדע:

איך האָב זיך איצט אַרומגעקוקט, אַז ביז היינט האָב איך דיך נאָך נישט באַקענט מיט די... אַמעריקאַנער יידישע הייזער, מיטן אַמעריקאַנער, טאָג־טעג־לעכן שטייגער־לעבן ,מיט די אַמעריקאַנער יידישע קינדער, זאָלן לעבן, און בכלל מיט אַ יידיש הויז אין אַמעריקע.

כ'האָב שוין געהאַט די געלעגנהייט צו באַזוכן צענדליקער יידישע הייזער. איך בין געווען אין די היימען פון אָרעמע מענטשן, אַרבעטער, וואָס אַרבעטן נאָך אין „שאַפּ" און פאַרדינען קוים 50 דאָלאַר אַ וואָך, איך האָב געזען זייערע וווי־נונגען, וואָס געפינען זיך אין אַזעלכע „קאָנווענטיזשעס", וואָס דאָ רופט מען זיי „טענעמענט־הייזער", און איך בין געווען אין פיינע, באַלעבאַטישע היימען און האָב אויך געהאַט די געלעגנהייט צו זיין אין הייזער ווו עס וווינען יידישע גבירים, מיליאָנערן אַפילו, און מיר דוכט, אַז איך קאָן דיר שוין „אָפּמאָלן" און באַשרייבן די אַמעריקאַנער היים, אירע באַקוועמלעכקייטן און חסרונות.

איך וועל נישט נעמען אויס ביישפּיל די ביידע וווינונגען וואָס איך פאַרנעם אין ניו־יאָרק, כאָטש, איך וועל דיר וועגן זיי אויך שרייבן. איך וויל דיר געבן אַן אַלגעמיין בילד פון דער אַמעריקאַנער יידישער שטוב.

פאַר אַלעס: — אין אַמעריקע איז נישטאָ קיין פּראָבלעם פון וווינונגען! דו עפנסט אויף אַ צייטונג, איז זי פול מיט וווינונגען וואָס פאַרדינגען זיך. און נישט בלויז נייע, ערשט אויסגעבויטע, נאָר אויך אַלטע, פון כמעלניצקעס צייטן. דירה־געלט — קאָסט דאָ טייער — פאַר די וואָס דאַרפן זיך ערשט אַריינציִען. פאַר די, וואָס וווינען שוין אין זייערע דירות — איז פאַראַן אַ דירה־געזעץ, וואָס דער־לאָזט נישט העכערן. קוים אָבער, האָט זיך דער שכן אַרויסגעצויגן — מעג דער באַלעבאָס נעמען וויפל ער [וויל! אָבער, אַזוי ווי עס זענען פאַראַן טויזנטער, צענ־נער־טויזנטער, וווינונגען צו פאַרדינגען, איז די קאָמפּעטענץ גרויס און מען איז גערן, אַז מען קריגט אַ שכן!...

און איידער איך גיי ווייטער, וויל איך דיר אָנווייזן אויף אַ וויכטיקן אַמערי־קאַנער „אומגליק", וואָס האָט אַ גרויסן שייכות מיט וווינונגען בכלל.

אין ניו־יאָרק, איז נישטאָ קיין פּראָבלעם „ווייסע־שוואַרצע". דאָ, קאָן אין אַ געגנט אָדער אין אַ הויף וווינען אַ „שוואַרצער" און קיינער וועט דערפאַר נישט אַנטלויפן פון געגנט אָדער פון דעם הויף. דאָס איז בלויז אין ניו־יאָרק.

אויסער ניו־יאָרק — אין קליוולאַנד, למשל, איז שוין אַנדערש. דאָרט, אַז

אַ „טונקל־הויטיקער" וועט זיך אַריינציִען אין אַ הויז אָדער אין שכנות פון הויז — וועלן זיך די שכנים פון הויף — צו די אַכט טעג — אַרויסציִען פון הויז, פון געגנט און דאָס הויז פאַרלירט די ווערט און דאָס דירה־געלט דאָרט איז ווערט האַלב־געלט...

אָבער, וועגן דעם — וועל איך דיר שפּעטער שרייבן! דערווייל רעד איך פון ניו־יאָרק.

ווי איך האָב דיר שוין געזאָגט — זענען די צייטונגען פול מיט אַנאָנסן וועגן „פאַרדינגען" ווױנונגען. די אַנאָנסן זענען אײַנגעטיילט לויט דער געגנט. דאָס הייסט, אַז איינער זוכט אַ דירה אין ברוקלין, דאַרף ער נישט איבערקוקן טויזנט אַוויסאָס פון אַנדערע געגנטן, נאָר ער זוכט אין דער אָפּטיילונג: „ברוקלין", אָדער „בראָנקס", אָדער „מאַנהעטן"... לויט דעם ווו ער וויל דינגען.

איך ברענג דיר אַלס „מוסטער" עטלעכע אַוויסאָס וועגן פאַרדינגען ווױנונגען און זייערע פּרייזן. (אָנשטאָט אַדרעס — איז אָנגעוויזן דער טעלעפאָן).

בראָנקס: 6 צימערן, גרענד קאָנקאָרס... 175 דאָל. אַ מאָנאַט. טעלעפאָן...

ברוקלין: דריי צימערן. „בראָנזוויל סעקשאָן", „קאָלעפּאַקסיאָן און הייסע וואַסער", לעבן „סאָבווײ". 105 דאָל.

פלעטבוש: 8 צימערן; 2 באָדצימערן, גאַראַזש, פּאַרקעט פּאָלן, 10טער שטאָק 225 דאָל. אַ מאָנאַט.

„סי־געיט": פּראַכטפולע דריי צימערן; באַקוועמלעכקייטן. 110 דאָלאַר.

בראָנקס: 5 ליכטיקע צימערן, קאָלעפּ. הייס וואַסער. דריטן שטאָק, 110 דאָל.

וויליאַמסבורג 4 צימערן־אַפּאַרט. דריטער שטאָק. אַלע באַקוועמלעכקייטן — 80 דאָלאַר.

איך האָב דיר געבראַכט אָט דעם „מוסטער" פון אַ פּשוטן טאָג. אַזעלכע אַנאָנסן — אין איין יידישער צייטונג, קאָנסטו טרעפן קרוב צו אַ מאה. אינטערעסאַנט איז: דאָס דירה־געלט ווערט געשאַצט, נישט בלויז לויט די צימערן פון דעפּאַרטאַמענט, נאָר אויך לויט דער געגנט ווו די ווױנונג געפינט זיך. די געגנט שפּילט אין אַמעריקע אַ גרויסע ראָל! אין ברוקלין — קאָסט טייערער. אין לאָנג־אײַלאַנד — נאָך טייערער. אין בראָנקס — ביליקער. אין וויליאַמסבורג — קאָסט נאָך ביליקער. און אין „איסט־ניו־יאָרק — נאָך ביליקער. און אין „סי־געיט" — קאָסט גאָר־גאָר טייער.

נו, אַז דו נעמסט און מאַכסט אַ חשבון, אַז אַ געוויינלעכער אַרבעטער אין פּאַבריק פאַרדינט קוים הונדערט דאָלאַר אַ וואָך, נעמט מען בײַ אים אַראָפּ שטייערן („טעקס") און יוניע־געלט, און „אַסעגוראַציע", און פּענסיאָן־פאָנד, און נאָך

און נאָך — בלייבט אים איבער ריינע — 72 דאָלאַר אַ וואָך. קאָסט אים אַמוויי־ניקסטן 35 פּראָצענט דירה־געלט.

און, אָט קום איך צום עיקר:

איך האָב געזען „טענעמענט־הייזער" אין סאַמע ניו־יאָרק, אויף דער איסט־סייד, אין בעסטן ייִדישן געגנט, און, גלויב מיר, אַז איך פאַרשטיי נישט ווי אַזוי מען וווינט דאָרט. מען דאַרף אַמאָל אַרויפגיין דריי און פיר און פינף שטאָק — ווייל קיין „עלעוויטער" (אַסענסאָר) איז דאָרט נישטאָ — ווען מען האָט געבויט דאָס הויז, האָט מען נאָך נישט דערפונדן דעם „אַסענסאָר" — אָבער, וויניקער ווי דריי צימערן איז כמעט נישטאָ קיין וווינונג. אַז אַ ייִדישער אַרבעטער, זאָל וווינען אין איין צימער און נאָך מיט קינדער דערצו — איז דאָרט נישטאָ, און זיי פאַרשטייען עס נישט! זיי פאַרשטייען אויך נישט, ווי אַזוי קאָנען שכנים וווינען אין אַ הויף — ווי עס זענען ביי אונדז געווען די „קאָנווענטיזשאָס", און יעדער שכן זאָל קאָנען אַריינקוקן צו אַ צווייטן אין צימער...

למען האמת: די וווינונגען אין די „טענעמענט־הייזער" זענען נישט קיין „אידעאַליסטישע". אין דער גרעסטער טייל פון טענעמענט־הייזער, איז די קיך אַ קליינע און ווערט באַהייצט פון „קעראָסין־אייוועלעך" אָדער שוין אַלטע, אַלט־מאָדישע, גאַז־קיכן.

אַז עס קומט ווינטער, ווערט מען אין אָט די „דעפּאַרטאַמענטן" פאַרפרוירן! מען ווערט פאַרפרוירן און... פאַרברענט. עס גייט נישט אַוועק קיין טאָג, אַז אָט די קעראָסין־אייוועלעך זאָלן נישט אָנמאַכן קיין שריפה מיט מענטשלעכע קרבנות. כאָטש יעדער שטוב האָט אַ ספּעציעלן „פייער־לייטער" וווּ מען קאָן אַנטלויפן ביי אַ פייעד, אָט (די פייער־לייטערס, פאַרשטעלן דעם גאַנצן פראָנט פון דער שטוב. אויך די נייע, ערשט אויסגעבויטע הייזער האָבן די „לייטערס" פון פראָנט און ווי נויטיק זיי זאָלן נישט זיין — מאַכן זיי אַ שוידערלעכן איינדרוק...).

וועגן אָט די גאַז־ און קעראָסין־אייוועלעך, האָט מען דאָ היינטיקע וואָך שטאַרק געטומלט. אַזוי ווי די פרעסט זענען גרויס, האָט מען אָנגעהויבן נוצן די „קעראָסין־עסטופּעס" און, אָט וואָס עס איז דערשינען אין אַ ייִדישער צייטונג וועגן דעם:

יעדן טאָג פון דער היינטיקער וואָך פון די גרויסע פרעסט זענען פאַרברענט געוואָרן מענטשן אין ניו־יאָרק אין פייערן, וואָס האָבן אויסגעבראָכן דורך קעראָסין־אייוועלעך. אין איין טענעמענט־הויז, אויף דער איסט סאַיד, לעצטן זונטיק זענען פאַרברענט געוואָרן זעקס מענטשן פון איין פאַמיליע.

די מערסטע קרבנות פון אַזעלכע שריפות זענען אָרעמע פאַמיליעס, וועלכע דאַרפן וווינען אין אַלטע טענעמענטס און הייזער אָן מאָדערנע באַהייצונגס־מיט־

לען, און זיי מאַכן אַ פאַרזוך צו האַלטן די צימערן וואַרעם דורך אַ קעראָסין־היטער אָדער אַן אַלטן גאַז־היטער.

אַזעלכע טראַגעדיעס פון שרפות האָבן פּאַסירט אויך אין אַנדערע שטעט און שטעטלעך איבערן לאַנד.

אין איין געגנט פון ניו־יאָרק, זענען מאַנטיק פאַרברענט געוואָרן אַ פאָטער און זיינע 5 קינדער, ווי אויך זעקס אַנדערע מענטשן פון אַן אַלטער הויז, אין וועלכער די באַזונדערע אַפּאַרטאַמענטס זענען באַהייצט געוואָרן פון קעראָסין־אייוועלעך. אַ קעראָסין־אייוועלע אין איין אַפּאַרטאַמענט האָט אויפגעריסן און דער פייער האָט זיך שנעל פאַרשפּרייט.

די שרעקלעכע טראַגעדיעס פון די קעראָסין־ און גאַז־אייוועלעך אין די ניו־יאָרקער „טענעמענטס" פאַרשאַפן איצט ווידער די אַגיטאַציע פאַר אַ געזעץ צו פאַרבאָטן די קעראָסין־ און גאַז־אייוועלעך. עס ווערט אַגיטירט, אַז אַזעלכע אייוועלעך זאָלן פאַרבאָטן ווערן, ספּעציעל אין ניו־יאָרק, ווו די געפאַר איז גרעסער ווי אומעטום, אָבער עס פּאַסירן אַ גרויסע צאָל שריפות אויך אויף פאַרמס און אין קליינע שטעטלעך.

ווען מען האָט מיט מיר גערעדט וועגן אָט די אַקצידענטן מיט די קעראָסין־אייוועלעך, האָב איך געזאָגט, אַז דאָס נעמט זיך דערפון וואָס דער אַמעריקאַנער — מאַן אָדער פרוי, האָט... קיין צייט נישט, פאַרן לויפן צו דער אַרבעט, אָדער פאַרן גיין שלאָפן, אויסצולעשן די אייוועלעך... איז, אַז איך זאָג עפּעס קעגן די אַמעריקאַנער, ווערן זיי אין כעס אויף מיר, די אַמעריקאַנער פריינט מיינע, פאַרוואָס איך „קריטיקיר" זיי מיט זייער „לויפן" מיט זייער הור־האַ־לעבן! ווייז איך זיי וואָס די בלעטער שרייבן וועגן אָט די קרבנות פון קעראָסין־אייוועלעך:

אין באַלטימאָר זענען שוין עטלעכע יאָר פאַרבאָטן די אייוועלעך, וועלכע מען קען אַרומטראָגן. אַזאַ געזעץ איז דאָרטן אָנגענומען געוואָרן אין 1949, נאָך אַ גרויסער צאָל פייערן פון קעראָסין־אייוועלעך, אין וועלכע מענטשן זענען פאַרברענט געוואָרן. באַלטימאָר האָט אויך אַ ריזיקע צאָל אַלטע הייזער אָן צענטראַלע באַהייצונגס־סיסטעמען, און דער נייער געזעץ האָט געגעבן די אייגנטימער פון די הייזער צוויי יאָר צייט אַריינצושטעלן מאָדערנע און זיכערע מיטלען צו באַהייצן די וווינונגען.

נאָך די שרעקלעכע עטלעכע שריפות אין ניו־יאָרקער טענעמענטס די וואָך, האָבן צוויי „קאָנסעכאַלן" פון שטאָט־רעגירונג, אַריינגעבראַכט פאָרשלאָגן פאַר געזעצן צו פאַרבאָטן צו באַנוצן קעראָסין־אייוועלעך אין טענעמענט און אַפּאַרטמענט־הייזער, אויסער אייוועלעך וואָס וועלן גוטגעהייסן ווערן פון אַ שטאָטישער קאָמיסיע.

איז, אַגב, גוט צו רעדן „פאַרבאַטן". אין אַמעריקע — פאַרבאַט מען נישט! דאָרטן קאָן יעדערער פאַבריקאַנט מאַכן וואָס ער וויל אַ חוץ... פאַלש געלט. חוץ דעם איז דאָ אַן אַנדער פּראָבלעם: ווען מען זאָל אפילו אָנגעמען אַ געזעץ פון פאַרבאָטן פאַבריצירן קעראָסין־אייוועלעך — קאָן עס ברענגען דערצו, אַז אַ סך פאַבריקן פון אָט די אייוועלעך זאָלן זיך מוזן פאַרמאַכן און עס וועלן בלייבן אָן אַרבעט טויזנטער און טויזנטער אַרבעטער! און פאַר אַרבעטסלאָזיקייט, היט מען זיך אין אַמעריקע מערער ווי פאַרן מלאך המוות!...

דערווייל האָט מען אָנגענומען מיטלען. די פייער־לעשער־קאָמאַנדע האָט אַרויסגעשיקט איבער דער אָרעמער געגנט, ווו אָט די „טענעמענט־הייזער" זע־נען פאַראַן אַ סך, און דאָרט וווינען אַ סך פּאָרטאָ־ריקאַנער — האָט מען אַרויס־געשיקט אויטאָס מיט „הויך־רעדערס" (אַלטאַ־פּאַרלאַנטעס) ווו מען וואָרנט די איינוווינער — אין ענגליש און אין שפּאַניש — ווי אַזוי אַרומצוגיין מיט די קע־ראָסין־אייוועלעך. מען גיט זיי עצות, אַז זיי דאַרפן זיין פאָרזיכטיק און נישט שטעלן דאָס אייוועלע ביי אַ פּלאַץ וואָס איז נאָענט צו אַ פאָרהאַנג, וואָס קאָן זיך אָנצינדן. מען הייסט זיי, נישט איבערגיסן די דעפּאָזיט פון קעראָסין־אייוועלע און... האַלטן אַ ביסל אָפן דאָס פענסטער ווען דאָס אייוועלע ברענט.

ווייזט אויס, אַז מען הערט נישט די עצות און... די אָרעמע לייט ברענען אַלע טאָג פון אָט די אייוועלעך.

⁂

אַנטקעגן וואָס האָב איך דיר אַזוי „פּאָדראָבנע" באַשריבן אָט די „קאָנווענ־טיזשאָס" וואָס זענען נאָך דאָ אין די שווערע טויזנטער אין אַמעריקע? ווייל, יע־דער זאַך, האָט זיך איר קאָמישע טייל.

מיינער אַ באַקאַנטער האָט מיט מיר איבערגעשיקט אַ גרוס צו אַ ברודער קיין אַמעריקע, פון וועמען ער באַקומט שוין נישט קיין בריוו אַ צען יאָר. „מיין ברודער איז דאָרט רייך — האָט מיר געזאָגט דער באַקאַנטער. — ער האָט דאָרט אַ געשעפט פון פאַרטיקע מלבושים. אָט דאָס איז דער אַדרעס פון זיין געשעפט — ווייזט ער מיר אַ „בלאַנק" פון אַ בריוו־פּאַפּיר, ווו עס איז אָפּגע־דרוקט — אין 2 קאָלירן, די פירמע פון געשעפט וואָס געפינט זיך אויף איינער פון די הויפּט־גאַסן פון ניו־יאָרק, טאַקע לעבן בראָדוויי.

און דער פריינט מיינער זאָגט מיר אָן:

„מיין ברודער האָט נישט געוואָלט אַז איך זאָל אים שרייבן בריוו אויפן אַדרעס פון געשעפט, האָט ער מיר געשיקט דעם אַדרעס פון זיין „פּריוואַטער־

וווינונג״ און אויף אָט דעם אַדרעס פלעג איך שרייבן! אָבער, שוין אַ צען יאָר, ווי איך באַקום פון אים נישט קיין ענטפער. האָב איך געשיקט אַ בריוו אין פּאָבריק אַריין, איז זי מיר אָנגעקומען צוריק״. בעט ער מיך, דער פריינט, אַז איך זאָל צופאָרן צו זיין פּריוואַטער וווינונג. ער וועט מיך זיכער פּיין אויפנעמען, און ווען איך זאָל נישט האָבן קיין וווינונג אין ניו־יאָרק — ער ווינט זיכער זייער רייך — וואָלט ער מיך זיכער אויפגענומען און מיר אָפּגעגעבן אַ פיינעם צימער.

בין איך, אין אַ שיינעם פּראַסטיקן טאָג, געווען נישט ווייט פון זיין גאַס, און אַזוי ווי דער פּראָסט איז געווען גרויס, האָב איך באַשלאָסן, זיך אָנוואַרעמען ביי אָט דעם ברודער פון מיין פריינט. איך האָב אַפילו באַשלאָסן ביי זיך, אַז איך וועל אים מאַכן אַ פאָרוואורף פאַרוואָס ער ענטפערט אים נישט קיין בריוו. און איך וועל אים הייסן, אַז ער זאָל אים שיקן אַ שיפסקאַרטע צווייטע קלאַס, כדי דער ברודער זיינער זאָל אים קומען זען! אַגב, דער ברודער אין אַרגענטינע, איז נישט קיין גביר. ער איז אַ ״קאָווראַדאָר״ (אינקאַסענט) אין אַ אינסטיטוציע, האָט שוין אָפּגעקלאַפּט זיינע פיס און האָט פאַרדינט וואַסער צו קאַשע. איצט, ווען אַ קאָווראַדאָר פאַרדינט אַזוי גוט — האָט ער שוין קיין פיס נישט און וועט זיך דאַרפן כובילירן... (ריטאַיערן).

דאָס אַלעס האָב איך דעם רייכן פאַבריקאַנט פון אַמעריקע, געוואָלט דערציילן און אויספּועלן, אַז ער זאָל צושיקן זיין איינציקן ברודער, אַ פּאָר הונדערט דאָלאַר, — אַ חוץ דער שיפסקאַרטע.

ווען איך האָב איצט גענומען דעם אַדרעס אין דער האַנט, האָט מיך גראָדע געווונדערט, ווי קומט אַזאַ גביר, אַזאַ פאַבריקאַנט, צו וווינען אין אָט דער אָרעמער געגנט פון ״קאָנווענטיזשאַס?״ אָבער, אויף אַמעריקע פרעגט מען קיין קשיות נישט! איך וועל שוין אָנקוקן זיין פּאַלאַץ, וועל איך שוין פאַרשטיין פאַרוואָס ער ווינט דאָרט?

ווען איך בין צוגעקומען צום נומער פון דעם הויז, האָב איך, נאָך אַמאָל באַטראַכט דעם אַדרעס, און זיך צוגעקוקט צו דער גאַס! אפשר האָב איך פּאָרט אַ טעות! אָבער, ניין! איך האָב קיין טעות נישט געהאַט! דאָס איז די גאַס און דאָס איז דער נומער, און אָט שטייט אַ ייד וועמען איך פרעג:

— פּליעז? דאָ ווינט מיסטער דזשייקאָבס?

— יאָ! דאָ ווינט מיסטער דזשייקאָבס! אויפן דריטן פלאָאָר (שטאָק).

דיר מאַכן אין קורצן! עס איז גראָדע נישט געווען דער דריטער ״פלאָאָר״, נאָר דער פינפטער ״פלאָאָר״. און די טרעפּ זענען הילצערנע, אַז מען קאָן געהרגעט ווערן! דער ייד, אינדרויסן האָט אַ ״טעות״ געהאַט!

עס האָט מיר געעפנט די טיר אַן עלטערער ייד, ממש אַ זקן. ער האָט מיך

אַריינגעבעטן אין זיין „פּאַלאַץ" וואָס איז באַשטאַנען פון 3 גרויסע צימערן און אַ האָל מיט אַ „קיטשען" (קיך). אָט, דאָרט, האָב איך דאָס ערשטע דערזען און דערפילט די קעראָסין־איוועלעך. אין שטוב איז געשטאַנען אַזאַ איוועלע, וואָס האָט אָנגעוואַרעמט דעם צימער ווו ער איז געזעסן און געלייענט אַ „פּעיפּער" (צייטונג).

איך האָב אים שוין אָפּגעגעבן אַן אַנדער גרוס פון זיין ברודער. צוואָס אים מצער זיין אומזיסט!... און אַזוי רעדנדיק און טרינקענדיק אַ גלאָז טעע וואָס זיין אַלטיטשקע האָט צוגעגרייט מיט צובייסעכץ, האָב איך זיך אָנגענומען מיט מוט און אים געפרעגט... וואָס איז געוואָרן פון זיין גרויסער פאַבריק פון פאַר־טיקע מלבושים?...

געענטפערט, האָט נישט ער, נאָר זיין אשת חייל! זי האָט געגעבן אַ קוק אויף אים — האָט זי אים דורכגעלעכערט! עס ווייזט זיך אַרויס אַז... ער איז קיינמאָל קיין פאַבריקאַנט נישט געווען און זיינע אַלע 45 יאָר אין אַמעריקע, איז ער געווען אַ... נאַכט־היטער אין פאַבריק! 18 יאָר איז ער געווען אַזאַ נאַכט־היטער ביי זיינס אַ לאַנדסמאַן. ביי אים, פלעגט ער „צושלעפּן" — און אַמאָל האָט אים דער „בוכ־קיפּער" (קאָנטאַדאָר) געגעבן — אַ פּאָר בייגעלעך פּאַפּיר מיט קאָנווערטן און ער פלעגט שרייבן דעם ברודער בריוו אויף אָט דעם פּאַפּיר און זיך באַרימען מיט „זיין" גרויסער פאַבריק.

שוין עטלעכע יאָר ווי ער אַרבעט נישט. עס האָט מיט אים געטראָפן אַן „עקסידענט" און ער באַקומט פּענסיע, וואָס עס סטייעט אים קוים צום לעבן!...

ווען ער האָט מיך אַרויסבאַגלייט צו דער טיר, האָט ער מיך געבעטן, כמעט מיט טרערן אין די אויגן:

„דערציילט עס נישט מיין ברודער! זאָל ער נישט האָבן קיין עגמת נפש וועגן זיין רייכן ברודער אין אַמעריקע, וואָס שרייבט אים נישט קיין בריוו. איך האָב שוין נישט מיינע... פאַבריק־קאָנווערטן און פּאַפּיר און עס סטייעט מיר נישט אויף אויסצוגעבן צו קויפן פּאַפּיר און פּאָסט־מאַרקעס אויף צו שרייבן אַ בריוו...

איך וועל עס זיין ברודער שוין נישט קענען דערציילן! אין די נעכטיקע צײ־טונגען וואָס איך האָב באַקומען פון אַרגענטינע, זע איך, אַז ער האָט זיך נישט דערוואַרט אויף מיין גרוס און איז דערווייל — אַוועק פון דער וועלט!...

***

איצט, גאָלדע, אַז דו קאָנסט שוין אַ טייל — די ערגסטע טייל — פון אַמע־ריקאַנער ווינונגען, וועל איך דיך באַקענען מיט אַנדערע, מיט בעסערע און מיט גאָר גוטע, באַקוועמע, אַמעריקאַנער הייזער.

אָט איז, למשל, אַ צווייטער קלאַס וווינונגען — זעלבסטשטענדיקע אַפּאַר־טאַמענטן — וואָס שטייען... „אינדרויסן״! יאָ! פּשוט אינדרויסן! אָן אַ שום „האָלל״ אויף אַריינצוקומען. נאָר גלייך ווי דו קלינגסט אָן ביי דער טיר — אַזוי גייסטו גלייך אַריין אין צימער אָדער אין קיך!

אַזעלכע וווינונגען זענען פאַראַן דאָ אין די טויזנטער! דו האָסט, קוים, קוים, אַ פּלאַץ ווו אויסצוטאָן די קאַלאָשן און זיך אָפּטרייסלען דעם שניי אָדער בלאָטע. אַזאַ וווינונג, טרעפסטו אויף שטילע, רו:קע, רעזידענץ־גאַסן. מערסטנטייל, זענען זיי „אַוועניודאַס״ (עוועניוס) און די גרעסטע טייל פון זיי — זענען בלויז פון צוויי שטאָק.

אין אַזאַ הויז, טרעפסטו שוין „צענטראַלע באַהייצונג״. אַזוי ווי אַזאַ הויז האָט שטענדיק פיר וווינונגען: 2 אונטן און צוויי אויבן, האָט זיך שוין געלוינט דעם „לענדלאָרד״ (באַלעבאָס פון הויז) פאַרזאָרגן די שטוב מיט באַהייצונג. די גרעסטע טייל איינוווינער פון אָט די וווינונגען, זענען אייגנטימער פון די הייזער. מען קויפט אַזאַ שטוב אין זייער גוטע און לאַנגע קאַנדיציעס פון אויסצאָלן.

אַ צווייט וווינונג פון דער זעלבער קאַטעגאָריע, איז אַ דעפּאַרטאַמענט־הויז — אַזעלכעס ווי אַלטערס, למשל, ווו עס זענען פאַראַן 20 אָדער דרייסיק אָדער פופציק דעפּאַרטאַמענטן. די שטוב איז פון 8 שטאָק — און האָט זעקס דעפּאַר־טאַמענטן אויף יעדן שטאָק. יעדער דעפּאַרטאַמענט האָט 5 אָדער 6 „רומס״ (צי־מערן). פאַראַן אַ שיינע קיך מיט הייס וואַסער און אַ אייז־קאַסטן (העלאַדעראַ) אַריינגעשטעלט פון באַלעבאָס און אויפן באַלעבאָסטס חשבון!

די „העלאַדעראַ״, איז נישט קיין וואָזשנע! און אַז מען וויל אַ בעסערע? — העכערט מען 5 דאָלאַר דירה־געלט און מען האָט אַ אייז־קאַסטן פון לעצטן מאָדעל.

אַזאַ וווינונג, נאָענט צום „סאָבוויי״, (דאָ, האָט עס זייער אַ גרויסע מעלה!... פאַר דעם אַליין צאָלט מען איבעריקע 20 דאָלאַר אַ מאָנאַט דירה־געלט!...) קאָסט נשקשהדיק טייער. אַזאַ וווינונג קאָסט ביי הונדערט דאָלאַר אַ מאָנאַט. עס איז צוגעגרייט פאַר אַ גרויסער פאַמיליע, אָבער, אַז די קינדער האָבן חתונה דאַרף מען שוין נישט קיין גרויסע שטוב, דאַרף מען גיין זוכן אַ קלענערע, אָבער עס גלוסט זיך נישט צו קלויבן, ווייל מען איז שוין צוגעוווינט צום געגנט, צום „בוטשער״ (קצב) צום ברויט־פּאַרקויפער און מילך־ברענגער — און צו די שכנים פון זעלבן שטאָק. די שכנים פון די איבעריקע שטאָקן — קאָן מען נישט! מען קאָן וווינען 50 יאָר און זיך נישט קענען איינס דעם צווייטן!

און עס טרעפן אַ סך הייזער, ווו עס וווינען בלויז די אַלטיטשקע 2 מענטשן

אין אַ גרויסער שטוב און מען וואַרט אַז... די קינדער זאָלן אַמאָל בלייבן נעכ־טיקן! זייערע צימערן שטייען אומבאַרירט...

אַזעלכע וווינונגען זענען איצט די מערהייט אין אַמעריקע...

בעטיס און מוניס וווינונג איז שוין פון אַן העכערן שטאַנד! אַ שיינער אַריינ־גאַנג און ווען דו קומסט אַריין אין קליינעם האָלל — טרעפסטו אַ קליין טאַב־ליצקעלע מיט די נעמען פון אַלע איינוווינער! ביי יעדן נאָמען איז פאַראַן אַ קנעפּל וואָס דו גיסט אַ דריק און וואַרסט אַ מינוט, הערסטו אַן ענטפער אַ „בת־קול". אויף דיין קוועטשן — אַ פּאַרדישעטער קלונג! פאַראַן אַנדערע הייזער — פון דער זעלבער קאַטעגאָריע הייזער, ווו, אַז דו קלינגסט אַן ביים גלעקל אונטן אין האָלל, פרעגט מען דיך, טעלעפאָניש, פון אויבן, פון יענעם מענטשן צו וועמען דו גייסט, פרעגט מען דיך: ווער איז דאָס?

דאָס אַלץ איז געמאַכט, כדי אַז דו קומסט צו איינעם, זאָלסטו נישט גיין גלייך צו זיין שטאָק (פלאָאָר) און זיין טיר, און באַלד אָנקלינגען. נאָר דו קלינגסט פריִער אָן אונטן, איז: ערשטנס, אויב מען איז נישטאָ אין שטוב — וועט מען צוריק נישט קלינגען — האָסטו נישט צו וואָס אַרויפפאָרן אַרויף. צווייטנס: — טאָקע צוליב... אַ „האָלד־האָפּ"! נישט יעדערער וועט דיר עפענען די טיר פון דער וווינונג אויב דו האָסט אונטן נישט געקלונגען און זיך נישט געמעלדעט.

ביי בעטין אין שטוב איז אויך דאָ אַ „טעלעפאָן" „אויף אַראָפּ" צו פרעגן ווער עס קומט! ער איז, אָבער, צעבראָכן שוין אַ שטיק צייט און עס איז נישטאָ קיין פרייע מינוט צערעכט צו מאַכן אים.

אין אָט דער „קאַטעגאָריע" הייזער, טוסטו אויס די קאַלאָשן ביי דער טיר, און מעגסט זיין זיכער אַז קיינער וועט זיי נישט צונעמען. און ווען דו קומסט אַריין אין שטוב, פילסטו באַלד אַז טרעטסט אויף אַ ווייכער זאַך! דו זעסט נישט קיין „פּאָל". די גאַנצע שטוב — מיטן אויסנאַם פון דער קיך און באָד־צימער, איז באַדעקט מיט אַ דיקן טעפּיך. דאָס מעבל, אַלעס, שטייט אויפן טעפּיך. דו גייסט אַרום אין שטוב און קיינער הערט נישט דיינע טריט. ספּעציעל — הערט נישט דער שכן וואָס וווינט אונטן און דו הערסט נישט די טריט פון שכן פון אויבן!...

די שטוב איז וואַרעם באַהייצט, אַזוי וואַרעם, אַז וויפל דו טוסט זיך נישט אויס , איז דיר נאָך אַלץ הייס! קיין פענסטער — קאָן מען נישט עפענען, ווייל, ווען מען האַלט אָפן דאָס פענסטער 5 מינוט, ווערט עס באַלד „פּאַרקילט" און מען קען עס נישט פאַרמאַכן!...

דאָס מעבל? דוכט זיך, אַז קיין מעבל איז גאָרנישטאָ! קיין טיש — אינמיטן גרויסן עס־צימער, — זעט מען זיכער נישט! נאָר, דאָרט, אין ווינקעלע, שטייט

אַ שמאָל טישעלע אויף וועלכן עס שטייען בלומען. ווען עס זענען געקומען געסט צו בעטין, ווען זי האָט געפּראַוועט אַ וועטשערע לכבוד איר אַרגענטינער גאַסט, האָט זיך, אָט דאָס קליין, שמאָל טישעלע, צענומען, און 16 מענטשן זענען באַקוועם געזעסן אַרום און אַרום!...

וואָס דו געפינסט יאָ אין אַזאַ ווױנונג, איז אַ פּאָר טייערע דיוואַנען, עטלעכע געבעטע שטולן און דער עיקר — אַ פיינעם טעלעוויזאָר. אָן דעם — גייט עס נישט! אַפילו ביי יענעם אָרעמען „פאַבריקאַנט פון פאַרטיקע מלבושים" האָב איך געטראָפן אַ טעלעוויזאָר. פאַר אַ דאָלאַר אַ וואָך אויף אויסצוצאָלן — קריגט מען אַ טעלעוויישען־עקיפ אין 24 שעה און אָן גאַראַנטיאַס און אָן „אינפאָרמעס"...

קומסטו אַריין אין שלאָף־צימער, טרעפסטו אַ פיינע, ערשט־קלאַסיקע „סעט" (כועגאָ) פון אַ בעט, אַ קאָמאָדע, אַ שפּיגל־קאָמאָד, נאָר קיין שאַפע — טרעפסטו נישט! אין אַמעריקע מאַכט מען נישט קיין שאַפעס און זיי פאַרנעמען נישט קיין פּלאַץ! די שאַפעס זענען איינגעמויערט אין די ווענט און דעם קאָליר פון די טירן, פּאַסט יעדער שכן צו צו זיין מעבל.

נו! אַז לאַנגע זאַנאַוועסן — די בעסטע סחורות — פאַרדעקן די פענסטער — דאָס דאַרף איך דיר נישט זאָגן!

וואָס עס איבערראַשט דיך, ווען דו קומסט אַריין אין אַ מאָדערנער שטוב איז, די קיך, און — דער באָד־צימער.

די קיך געפינט זיך אינמיטן ווױנונג; מען דאַרף דאָס עסן ווייט נישט טראָגן — ווען געסט זיצן אין זאַל. ווען קיין געסט זענען נישטאָ — עסט מען אין קיך! די קיך איז גענוג גראָם, געגוג באַקוועם, אַז פיר און זעקס מענטשן זאָלן זיצן ביי אַ טשיל און עסן! די מאכלים גייען דירעקט — פון אייוועלע — אין טעלער.

— די קיך? איך פלעג אַמאָל זען אין סינע די אַמעריקאַנער קיכן און איך האָב נישט געוואָלט גלויבן אַז אַזוי זעט אויס אַן אַמעריקאַנער קיך. איצט, האָב איך זיך איבערצייגט מיט די אייגענע אויגן, אַז בלויז צוליב דער קיך... לוינט זיך צו וווינען אין אַמעריקע.

אין קיך טרעפסטו שטיין אַ „אייזן־קאַסטן" פון לעצטן מאָדעל. דו טרעפסט 2 „פילעטעס", איינע צו וואַשן — ווו עס שפּריצט הייס וואַסער און קאַלט וואַסער. דו האָסט אַ אויוון אויף גאַז, — וואָס ביי אונדז זעט מען גאָרנישט אַזעלכע! ספּעציעל — אויף צו באַקן! פאַרגעס נישט, גאָלדע, אַז אַ סך יידישע באַלעבאָסטעס, ווי אונדזער פרומע, למשל, באַקן... אַליין אייגענע חלה אויף שבת! און מעגסט זי פאַרזוכן, די חלה, — זי צעגייט זיך אין יעדער אבר! ממש טעפּליקער און טערנאָוקער חלה. דער אויוון — איז אויסגעגראַדואירט אַזוי, אַז די חלה און

בכלל דאָס עסן, קאָן נישט אַרויסקומען, נישט רוי און נישט פאַרברענט! עס „מעלדעט" דיר אַליין, ווען עס איז שוין פאַרטיק!

באַלד, אין דער זייט, שטייט אַן עלעקטריש מאַשינקעלע צו פרישן ברויט! דו לייגסט אַריין אַ שטיקל ברויט און אין עטלעכע סעקונדן אַרום, טאַנצט עס אַליין אַרויס אַן אָפּגעבראָטנס! עס פעלט בלויז, אַז עס זאָל דיר אַריינטאַנצן אין מויל אַריין!...

נאָך דעם, הייבט זיך אָן אַ סדרה מיט שאַפעס און שאַפקעלעך! ווי גרויס די קיך איז, איז זי אַרומגענומען אַרום און אַרום מיט שאַפקעלעך. דאָרט, אין אָט די שאַפקעלעך, טרעפסטו אַ פּאָר טוץ פּושקעלעך („קענס) פון אַלע קלאַסן עסנ־וואַרג, אָנהייבנדיק פון מאַנישעוויטשעס געפילטע פיש מיט כריין — ביז קאַשע מיט הינערשע יוך, רייז מיט יוך, קניידלעך, קרעפּלעך, „טשיקען"־פלייש (עוף) און קאָמפּאָט. אַלעס, איז ביי דער באַלעבאָסטע אָנגעגרייט לרוב. קומען פּלוצים די קינדער אויף סאַפּער (וועטשערע) דאַרף מען זיך נישט זאָרגן, וואָס גיט מען זיי צו עסן?... דאָ — איז דאָס קיין „פּראָבלעם" נישט. די בעסטע מאכלים טרעפסטו אין די „פּושקעס".

אין די שאַפקעלעך, טרעפסטו שוין אויך די טעפּלעך און די טעלער און דאָס גאַנצע קלאַפּערגעצייג צום עסן. אַמעריקאַנער פרויען האָבן זייער ווייניק... טעפּ! מערסטנטייל נוצט מען 2 ביז 3 טעפּלעך, פון יענע וואָס מאַכן פאַרטיק דאָס עסן אין 15 מינוט אַרום!...

אין הייזער פון אַ העכערער קאַטעגאָריע האָב איך שוין געטראָפן, אַ חילוק אין דער קיך! ערשטנס: — ביים וואַשן די טעלער, (אין פּילעטע) עפנט זיך אויף אַ לאָך, און דער גאַנצער שמוץ, מיט די ביינדלעך פון פלייש, ווערן „אַריינגע־טראָגן" אַהין מיט אַ שטויס פון וואַסער און ווערן צעמאָלן אויף מעל...

אַ צווייטע זאַך: — אָנשטאָט אַ ראַדיאָ אין קיך — ווי ביי יעדער באַלע־באָסטע — איז דאָ אַ „טעלעווישאָן"־סעט און ווען מען גרייט צו דאָס עסן — קוקט מען אויפן „טעלעווישאָן" און מען לאַכט פון די וויצן, וואָס די אַרטיסטן דערציילן!

דאָס בעסטע פאַרגעניגן איז דער טעלעוויזאָר! ווי נאָר מען קומט פון דער אַרבעט — טוט מען זיך אויס די שיך, מען טוט זיך אָן שטעק־שיך און מען... צעלייגט זיך אויפן דיוואַן אַנטקעגן טעלעוויזאָר! בפרט נאָך אין די טעג ווען עס שפּילט דער טשיקאַגאָר סימפאָנישער אָרקעסטער, אָדער מען גיט די פּראָגראַם „איזט עס יו לאַיף!" — „דאָס איז דיין לעבן" — דאַן רירט מען זיך נישט פון טעלעוויזאָר.

אַמאָל האָט מען געזאָגט, אַז דער „רעדנדיקער פילם" האָט דערהרגעט דאָס

טעאַטער! מענטשן גייען אין קינאָ, זעען און הערן אַ גוטע פאָרשטעלונג. עס קאָסט ביליק און מען גייט נישט אין טעאַטער!

היינט שרייען שוין די קינאָס, אַז דער טעלעוויישאָן האָט זיי דערהרגעט!

אין צענדליקער און אין הונדערטער הייזער וואָס איך בין שוין געווען, האָב איך זיך אינטערעסירט צו וויסן צי מען איז היינטיקן סעזאָן שוין געווען אין אַ יידישן אָדער ענגלישן טעאַטער און דער ענטפער איז געווען:

— איידער צו גיין פרירן אינדרויסן ביז מען קומט צום טעאַטער, איז בעסער זיצן אין דער היים און „וואָטשן" (קוקן) דעם טעלעוויישען,

אָט וועל איך דיר דערציילן, וואָס מיט מיר אַליין האָט זיך געטראָפן!

ווייסט דאָך, אַז יעדער איינער וואָס קומט קיין ניו־יאָרק — פון וועלכן לאַנד ער זאָל נישט קומען — אַפילו פון די ווייטע אַמעריקאַנער שטעט גופא, — איז דאָס ערשטע וואָס מען וויל אָנקוקן ביינאַכט — איז בראָדוויי!

עפעס אַ קלייניקייט! ב־ר־אָ־ד־וו־יי; אַזוי פיל זיך אָנגעהערט, אַזוי פיל זיך



איינע פון די שיינע געגנטן אין ניו־יאָרק. דאָס איז שוין אַ גאַס מיט „נידעריקע" הייזער... דאָ, געפינען זיך אַממערסטן געשעפטן וואָס פאַרקויפן בלויז אויף „אויסצאָלן".

אָנגעזען אין „סינע" און אַזוי פיל זיך אָנגעלייענט וועגן בראָדוויי, וועגן „טיימס־סקווער", אַז דאָס ערשטע, וויל מען אָנקוקן אָט דעם וווּנדער.

האָב איך אָנגעהויבן געבן מונין מיט בעטין אָנצוהערענישן, אַז איך וויל פאָרן ביינאַכט אויף בראָדוויי! (בייטאָג בין איך שוין געווען און עס איז אַ גאַס

ווי אַלע גאַסן!...) אויף צו פאָרן ביינאַכט, שפּעט ביינאַכט, מוז איך שוין אָנקומען צו עמעצן!

נו! אין אַ שיינעם זונטיק ביינאַכט, דער פּראָסט האָט געברענט און דער שניי האָט געטרישטשעט אונטער די פיס, האָט מוני גענומען זיין „אַלטן" 52ער „פּלי־מוט" און מיר זענען אַוועק אויף בראָדוויי!

וואָס זאָל איך דיר זאָגן? אויף אונדזער גאַס קאָרריענטעס אין די אַכט הונ־דערטער, טרעפט מען ביינאַכט נישט ווייניקער מענטשן ווי אויף אָט דער מי־ליאָנענדיקער גאַס בראָדוויי!

איך האָב מוניז נישט אויסגעזאָגט אַז איך בין „אַנטוישט" פון „זיין" בראָד־וויי, ערשט, שפּעטער, בין איך, אַ דאַנק דעם „פּאָרוועררטס"־מיטאַרבעטער ל. מאַל־קעס געוווּיר געוואָרן אַז... בראָדוויי — איז שוין נישט דאָס וואָס עס איז געווען צוריק מיט צען יאָר — גאָר ספּעציעל, איידער דער טעלעוויזאָר איז אַזוי אַריין אין דער מאָדע.

בראָדוויי, מיט אירע נאַכט־קלובן, גייען אונטער — איז די מיינונג פון ל. מאַלקעס.

דער וועלט־באַרימטער ניו־יאָרקער פריילעכער „נאַכט־לעבן" פאַרשווינדט שנעל. די באַרימטע בראָדווייער נאַכט־קלובן זענען מער נישט ליכטיק און נישט פריילעך אַזי די שפּעטע שעהן ביינאַכט, די נאַכט־קלובן וואָס זענען איבערגע־בליבן האָבן אָפּגעשאַפט די שפּעט־ביינאַכטיקע פאָרשטעלונגען. עס איז ווי פאַר־שווונדן דער עולם וואָס האָט געוואָלט הוליען אין די בראָדווייער נאַכט־קלובן נאָר שפּעט ביינאַכט, ווען די גאַנצע וועלט גייט שלאָפן.

איר קענט גיין איצט שפּעט ביינאַכט אין די זייטיקע גאַסן אַרום טאַימס סקווער, און עס איז שטיל, אַלץ איז פאַרשלאָפן. עס איז נאָר אַ ביסל געפּערלעך צו גיין אַזוי שפּעט ביינאַכט אין די פּוסטע גאַסן אַרום דעם טעאַטער קוואַרטאַל, ווייל שאָטנדיקע נפשות דרייען זיך אַרום אין דער פינסטער. מען זעט נישט מער ווי אַמאָל, קיין לוסטיקע האַלב־פאַרשניאָשקעטע גרופּעס זאָלן אַריין און אַרויס פון באַלויכטענע נאַכט־קלוב־טיר, צווי אָדער דריי אַזייגער ביינאַכט. אַמאָל האָבן א סך פון די פריילעכע נאַכט־קלובן אָנגעפאַנגען זייער שפּעט ביינאַכט פאָרשטע־לונגען, ממש נאָך 2 אַזייגער ביינאַכט. איצט איז שטיל נאָך מיטנאַכט אין אַזעלכע פּלעצער, אויסער פיליכט ביים באַר, ווו האַלב־פאַרשלאָפענע טרינקערס קענען זיך נישט אָוועקרייסן פון דער משקה, ביז וואַנעט דער ביינאַכטיקער אומעט ווערט טיפער און זיי נעמען אַ טעקסי צו פאָרן אַהיים:

עס איז געוואָרן אויס מאָדע צו הוליען שפּעט ביינאַכט אין אַ נאַכט־קלוב אין ניו־יאָרק. די עטלעכע דערפאָלגרייכע נאַכט־קלובן וואָס זענען איבערגעבליבן

האָבן גרויסע רעפּוטאַציעס, און פילע פון זיי מאַכן אַ לעבן, מערסטנס פון מענטשן פון אַנדערע שטעט וואָס קומען פאַרברענגען אין ניו־יאָרק און אויסגעבן געלט. דאָס זענען מערסטנס רייכע געשעפטסלייט, וואָס פאָרן קיין ניו־יאָרק אויפן חשבון פון דער „פירמע", און ביי זיי איז נאָך אַלץ אַגרויסער זאַך צו פאַרברענגען אין אַ ניו־יאָרקער נאַכט־קלוב און קענען רעדן וועגן דעם, ווען זיי קומען אַהיים צו זיך אין שטעטל. אָבער, דער אמת איז, אַז אין די בראָדווייער נאַכט־קלובן וואָס ציִען נאָך אַן עולם שפּעט ביינאַכט, ווערט איצט גאַנץ אומעטיק איינס אַזייגער ביינאַכט.

מען רעדט, אַז ניו־יאָרק ענדערט זיך שטאַרק לעצטנס, און מען קען דאָס באַשיינפּערלעך זען אין דער גרויסער ענדערונג אין דעם נאַכט־לעבן אין דעם טעאַטער און נאַכט־קלוב. אַפילו „טאַימס סקווער" הייבט אָן צו ווערן פּוסט גלייך נאָך צוועלף אַזייגער. די מענטשן וואָס גייען אַרויס פון די טעאַטערס האָבן אויפ־געהערט צו זוכן אַ פּלאַץ ווו צו גיין פאַרברענגען נאָכן טעאַטער ביז שפּעט ביינאַכט. זיי גייען אַריין אין ערגעץ צו טרינקען קאַפע מיט צובייסעכץ און זיי פאָרן אַהיים, אָדער זיי גייען אַריין אין אַ באַר, צו שטיין דאָרט אַ שעה מיט אַ גלעזל שנאַפּס אין האַנט און דאָס איז גענוג.

טעאַטער־מענטשן און אַלטע ניו־יאָרקער צייטונגסלייט מאַכן הספּדים אויף דעם אָפּשטאַרבנדיקן פריילעכן נאַכט־לעבן אַרום טאַימס סקווער. די באַרימטערע נאַכט־קלובן וואָס עקזיסטירן נאָך האַלטן אָן זייערע רעפּוטאַציע איצט אַלס פּלע־צער ווו די שפּייז איז גוט און ווו אַלץ קאָסט בראַנד־טייער. דאָס ציט נאָך צו רייכע מענטשן, אָדער אַזעלכע וואָס ווילן פאַרזוכן דעם טעם פון פאַרברענגען אַמאָל ווי די רייכע און באַרימטע מענטשן, וועגן וועלכע זיי הערן אַז מען זעט זיי אין אָט די באַרימטע און קאָסטבאַרע ניו־יאָרקער נאַכט־קלובן און רעסטאָ־ראַנען.

ל. מאַלקעס, אַלס געניטער און פּעיקער זשורנאַליסט קאָן דאָס לעבן אין ניו־יאָרק, פרעגט פאַרוואָס פאַרשווינדט דער ביינאַכטיקער „יאַריד" פון בראָדוויי און אײנעם פון די מאָטיוון, גיט ער אָן דאָס וואָס איך זאָג פון ערשטן טאָג אָן זינט איך בין געקומען קיין ניו־יאָרק.

די לעצטע עטלעכע יאָרן איז געוואָרן שטיל, פּוסט אין די גאַסן שפּעט ביינאַכט, און טיילווייז איז דאָס צוליב דער גרויסער צאָל „האָלד־אָפּס" אין די גאַסן! מענטשן האָבן מורא זיך אומקערן אַהיים שפּעט ביינאַכט! מען איז נישט זיכער מיטן בייטעלע און מיטן לעבן! ניו־יאָרקער מענטשן האָבן מורא פאַר אַ „האָלד־אָפּ"!

ל. מאַלקעס גיט אָן נאָך אַ מאָטיוו:

אַ גרויסע צאָל פון די פאַרמעגלעכע מענטשן קלויבן זיך אַרויס פון ניו־יאָרק און זיי באַזעצן זיך אין די פאָרשטעטלעך, („סובורביעס״), די קליינע שטעטלעך נאָענט צו ניו־יאָרק. זיי קומען יעדן טאָג אין ניו־יאָרק ווו זיי מאַכן אַ לעבן, און זיי פאָרן צוריק צו זיך אין שטעטל נאָכן טאָג אַרבעט. אַזעלכע מענטשן, אַפילו אַז זיי בלייבן אויף אַן אָוונט אין שטאָט, צו זען אַ פאָרשטעלונג אויף בראָדוויי, וועלן נישט טראַכטן פון גיין אין אַ נאַכט־קלוב אָדער אַ גרויסן רעסטאָראַן. זיי פאָרן וואָס שנעלער אַהיים, ווייל זיי דאַרפן אויפשטיין אינדערפרי אויף מאָרגן, צו דער אַרבעט.

אָבער, דער עיקר צו וועלכן ל. מאַלקעס קומט צום אויספיר איז:

דער ביינאַכטיקער לעבן פון בראָדוויי פאַרשווינדט צוליב דעם וואָס די טעלעוויזשאָן האַלטן מענטשן אין דער היים אַ גאַנצן אָוונט, און אויך שפּעט ביינאַכט. מענטשן וואָס קענען נישט גיין שלאָפן ביז שפּעט און זיי פלעגן אַמאָל אַרויסגיין שפּעט ביינאַכט צו כאַפּן אַ שנעפּסל, אָדער אפשר אַ סענדוויטש מיט קאַפע, זיצן איצט שפּעט ביינאַכט ביי זייערע טעלעוויזשאָן און זיי זעען די שענסטע בילדער און אַטראַקציעס, אָדער זיי אַמוזירן זיך מיט קאָמיקער ביז שפּעט ביינאַכט. זיי זיצן אַזוי ביי זייערע טעלעוויזשאָן ביז וואַנען זיי ווערן אַנטשלאָפן, און זיי האָבן זיך אָפּגעוווינט פון אַרויסגיין אַמוזירן זיך שפּעט ביינאַכט ביי אַ באַר, אָדער אין אַ רעסטאָראַן.

***

איצט, בלייבט נאָך, גאָלדע, איך זאָל פאַרענדיקן מיין איצטיקע בריוו און דיר באַשרייבן:...

ווער ראַמט אויף אָט די וווינונגען?

**דאָס ערשטע — אינדרויסן:**

אין אַמעריקע זענען נישטאָ קיין „פאָרטעראָס״ ווי ביי אונדז, וואָס וואַשן די טרעפּ, נעמען אָפּ די פּאָסט און פאַרביטערן אָפּט דאָס לעבן די שכנים! דאָ, דאַרף מען נישט אַזעלכע דינער! די ערשטע 2 קאַטעגאָריעס הייזער, וועלכע איך האָב דיר באַשריבן, — ווערן באַדינט פון „לענדלאָרד״ — (באַלעבאָס) אַליין! איך האָב איינמאָל געטראָפן דעם באַלעבאָס פון אַלטערס וווינונג, ליגן צעלייגט אין „אַסענסאָר״ און פאַרבן די זאַוויסעס פון דער טיר! דער דאָזיקער באַלעבאָס נעמט אַריין זיכער 5 טויזנט דאָלאַר אַ מאָנאַט דירה־געלט, און ווען דו קוקסט אים אָן — מיינסטו אַז ער איז פּשוטער שלאָסער אָדער פאַרבער! אָבער זיין הויז באַדינט ער אַליין! איינמאָל אין וואָך, קומט אַ שוואַרצער וועלכער וואַשט אויס דעם האָל, רייניקט אויס אַנדערע ערטער און דאַטס־האָלל! מער דאַרף מען נישט!

אין די העכערע קאַטעגאָריעס, ווי ביי בעטין, למשל, און נאָך העכער, איז דאָ אַ „סופּעראינטענדענט“ — אַ מין כערענטע, וואָס נעמט צונויף דאָס דירה־געלט און נעמט אויף אַ קלאַגע, אַז דער „פרידזשער (העלאַדעראַ) אַרבעט נישט גוט! ער האָט אַ טעלעפאָן, מעלדעט מען אים טעלעפאָניש! שיקט ער עס צו־רעכט מאַכן אין... 6 חדשים אַרום! אַהער — קומט אויך אַ שוואַרצער איינמאָל אין וואָך און ווישט אַרום דעם שטויב!...

אינעווייניק, אין הויז, איז אויך נישטאָ קיין באַדינער. נישטאָ קיין דינסטן אין אַמעריקע! אַ דינסט אַרבעט אויף דער שעה! נעמט אַ דאָלער מיט 25 סענט אַ שעה. און אַזאַ באַלעבאָסטע ווי בעטי — שוין פון רייכערן שטאַנד — נעמט אַ דינסט איינמאָל אין דער וואָך — פרייטיק — אויף אַ האַלבן טאָג און די דינסט נעמט צו 8 דאָלאַר מיט 25 סענט און מאַכט ריין אין שטוב.

וואַשן? פרעסן? דערויף איז דאָ אַ „לאָנדרי“ (אַ טינטאָרעריאַ), אַ פּראַטשע־סנע, וואָס קומט, נעמט, און ברענגט צוריק. מען שיקט איינמאָל אין וואָך אין „לאָנדרי“. אָרעמערע — וואַשן אַליין!...

אַגב, וואָלסטו געמעגט אָנקוקן די שוואַרצע דינסט, וואָס קומט אַרבעטן דעם האַלבן טאָג. זי קומט צופאָרן מיט אַן אויטאָ וואָס זי אַליין טרייבט — אָן אַן אויטאָ וואָלט זי נישט געקאָנט אויסקומען צו זיין אין אַלע ערטער וווהין מען בעט זי, אַז זי זאָל טאָן אַ טובה און קומען אַרויסהעלפן דער באַלעבאָסטע. זי גייט פאַרפּוצט ווי אַ פּרינצעסין, און זי „בלאָזט“ פון זיך אַזוי, גלייך ווי זי זאָל זיין די לערערן פון פּראָנצויזיש. זי ווייסט, אַז זי איז אַ גרויסע מיוחסטע. זי ווייסט, אַז מען קריגט נישט קיין דינסטן און אַז מען דאַרף איר שטאַרק דאַנקבאַר זיין וואָס זי איז געקומען אַרבעטן אַ האַלבן טאָג...

דער מאַנגל אין דינסטן איז, אין אַמעריקע אַזוי גרויס, אַז עס האַלט דערביי, אַז מען זאָל „אַפּעלירן“ צו די ווייסע מיידלעך, אַז זיי זאָלן אויך אָננעמען די שטע־לעס אַלס דינסטן. ביז היינט, איז זעלטן, גאָר, גאָר, זעלטן צו טרעפן אַ ווייסע דינסט...

און, מיט נאָך אַ זאַך בין איך מקנא געווען די אַמעריקאַנער יידישע באַלע־באָסטעס, וואָס זיי פאַרמאָגן אין זייער קיך:

ווי נאָר זי גייט אַריין אין קיך אַריין — אַרום 8 אַזייגער אינדערפרי, דרייט זי אויף די יידישע ראַדיאָ־סטאַנציע און הערט שוין יידישע נייעס וועגן אַלעס און וועגן אַלעמען. מען רעדט אַ ריינעם קלאָרן יידיש און מען זינגט אַ שיין יידיש לידל. די יידישע אוידיציעס הויבן זיך אָן אַכט אינדערפרי און ענדיקן זיך אַכט ביינאַכט. דורך דער יידישער ראַדיאָ ווערסטו דאָס ערשטע געוויר וואָס פאַר אַ וועטער עס דערוואַרט דיך דעם טאָג. גראַדע, האָב איך באַמערקט אַז ער

טרעפט מיט אַ פינגער אין הימל. ער „זאָגט פּאַר", אַז עס וועט שנייען — און עס גייט אַ רעגן, און ווען ער מעלדעט אַ טריקענעם פּראַסטיקן טאָג — גייט אַ שניי און מען קאָן אינדרויסן נישט אַרויסגיין.

אָבער, דאָס פאַרגעניגן צו זיצן ביים „ברעקפעסט", טרינקען די „קאָפּע־קאָווע" און פאַרבייסן מיט דער פּערלגרויפּיקער קאַשע מיט מילך און הערן יידיש רעדן, יידיש זינגען, באַלד אויפן פרימאָרגן — גיט צו אַפּעטיט צום עסן.

אמת. נישט שטענדיק האָט מען אַפּעטיט פון אָט דער ראַדיאָ. אָט, למשל, יענעם פרימאָרגן ווען די יידישע ראַדיאָ האָט געמעלדעט אַז מען האָט געהאָנגען די צוויי יידן אין מצרים, איז דאָס עסן געבליבן שטיין אין האַלדז.

די הויפּט־ראַדיאָ־סטאַנציע געהער צום „פאָרווערטס", און מען זאָגט, אַז ביי דער ראַדיאָ פאַרדינט דער „פאָרווערטס" צוויי מאָל אַזוי פיל ווי ביי דער צייטונג.

די פּראָגראַמען פון אָט דער יידישער ראַדיאָ־סטאַנציע זענען ביז גאָר אינ־טערעסאַנטע. דו קאָנסט דורך דער יידישער ראַדיאָ הערן אַלע וואָך אָפּלערנען אַ בלאַט גמרא. עס ווערט פריער אַנאָנסירט וועלכן „דף" מען וועט לערנען, זיצ־סטו ביי זיך אינדערהיים, איבער דער גמרא, און דו הערסט ווי דער רב פאַר־טייטשט דיר דעם דף און לערנט מיט דיר רש"י מיט תוספות.

דער יידישער קולטור־קאָנגרעס, האָט אויך אַ שעה יעדער וואָך און איך בין טאַקע איינגעלאַדן — דורך אָט דער שעה — אָפּגעבן אַ גרוס פון אַרגענטינער יידנטום. גאָר ספּעציעל, הערן זיך צו די אַמעריקאַנער יידן צו די פּאָליטישע קאָמענטאַרן, וואָס דער באַרימטער שרייבער לעאָן קרישטאַל באַרירט אַלע זונ־טיק אינדערפרי אין מאַנישעוויטשעס ראַדיאָ־שעהן, וועלכע ווערן אָנגעפירט פון באַרימטן אינטעלעקטואַל, מחבר פון „אוצר פון יידישן לשון", הער נחום סטוטשקאָוו.

אַלזאָ, ווי נאָר די יידישע פרוי גייט אַריין אין קיך אַריין, דרייט זי אויף די יידישע ראַדיאָ. אַך! ווי איך בין איר דערויף מקנא געווען...

ווען די באַטראַכסט אָט די אַמעריקאַנער שטוב, די אַמעריקאַנער קיך און אַלע באַקוועמלעכקייטן, דאָס גרינג לעבן וואָס די קיך פאַרמאָגט, ביסטו שוין „מוחל" דעם מינהג פון באַלעבאָס, דאָס, ווען מען האָט אָפּגעגעסן עסן וועש־טשערע, נעמט די באַלעבאָסטע איבערוואַשן די טעלער און דער באַלעבאָס טוט זיך אָן אַ פאַרטעך און נעמט „טריקענען" די טעלער, נעמט „אויסווישן" די קיך און בכלל העלפט מאַכן אָרדענונג אין שטוב. און דו טראַכט זיך:

אַמעריקע, דו ביסט גרויס!

# XXV

טייערע גאָלדע:

מיין היינטיקער בריוו צו דיר וועט זיין געווידמעט צו דער פראַגע:
פון וואָס לעבן, פון וואָס מאַכן פרנסה אַמעריקאַנער ייִדן?

ווען איך רעד וועגן „לעבן" און וועגן „פרנסה", פאַרשטייט זיך, אַז איך מיין נישט די „מעיסיסעס" און די „גימבעלס", אָדער די „קליינס" און, להבדל, די סערגיי רובינשטיינס, מיט וועלכע עס שמט ניו־יאָרק און אַמעריקע!

איך רעד דאָ וועגן די פשוטע מענטשן, נאַש בראַט, און סתם ייִדן, געוועזענע אימיגראַנטן פון צוריק מיט 40 אָדער 50 יאָר! בכלל וויל איך דיר אַ ביסעלע באַשרייבן אַמעריקאַנער פרנסות. אָבער, איידער איך קום צו צו די „פלאַטעצעס", — וועל איך דיר באַשרייבן די „העכט", די גרויסע רייכע, ייִדן, וואָס האָבן גרויסע געשעפטן און פאַבריקן. און, איך וועל דיר איבערגעבן, וואָס אַמעריקאַנער ייִדן, די פאָלקס־מאַסן, רעדן וועגן זייערע עשירים, אדירים.

⁂

פאַראַן אין ניו־יאָרק צוויי געשעפטן וואָס, אַז דו קומסט אַריין אין איינעם פון זיי — קאָנסטו פאַרבלאָנדזשעט ווערן. מען מאַכט טאַקע וויצן וועגן איין געשעפט — „מעסיסעס", אַז אַ מאַמע מיט אַ טאָכטער זענען אין אַ אינדערפרי אַריינגעקומען עפּעס קויפן דאָרט אינעווייניק, האָבן זיי זיך צעשיידט, ווייל יעדע איינע האָט געדאַרפט איינקויפן אין אַ באַזונדער אָפּטיילונג און... זיי האָבן זיך פאַרלוירן! ערשט אויפדערנאַכט, ווען מען האָט געדאַרפט פאַרמאַכן די קלייט האָבן זיך מאַמע און טאָכטער ווידער באַגעגנט — ביי דער הויפּט־טיר.

אַז דאָס געשעפט איז אַ ריזיקס — איז נישט שייך צו זאָגן. איך בין דאָרט געווען מיט בעטין און, ווען מיר... האַלטן זיך נישט אָן ביי די הענט — וואָלטן מיר אויך געהאַט אַן אַרבעט „זיך געפינען" דערנאָך.

דאָס געשעפט ווערט אַטענדירט פון 12 הונדערט פאַרקויפעריגס און באַאַמטע און קיין מציאות קאָן מען דאָרט נישט כאַפּן! סיידן אין די טעג ווען עס איז געמאָלדן, אַז עס איז אַ „סעיל", אַ ליקווידאַציע, אַן „אויספאַרקויף" פון סחורות! אין אַזאַ טאָג טרעפסטו אין קלייט הונדערטער און טויזנטער... ווייבער, וואָס גייען אַרום, טאַפּן אויס די בעסטע סחורות, פרעגן אויף פּרייזן, פּאָרן מיט די מעכאַנישע טרעפּ אונטן, אין רעסטאָראַן, „כאַפּן אַ לאָנטש" — קאווע מיט

מילך מיט צוביסעכץ, און פאַרן ווייטער אַרויף — מיט די עלעקטרישע טרעפּ — צו אַנדערע דעפּאַרטאַמענט־אָפּטיילונגען. לסוף, פאַרנאַכט, זענען זיי אַרויס־געגאַנגען פון דאָרט, מיט זייער „סחורה" וואָס זיי האָבן איינגעהאַנדלט. אַ... „ריב־אייזן", אַ טוץ „הענגערס" צום גרעט, אַ קעמעלע, און אַ פּאַרטעכל פאַרן קינד אָדער אייניקל!... — צוזאַמען, באַטרעפט עס אַ דאָלאַר!

אָבער, גאָלדע, זאָרג זיך נישט! פאַראַן אַנדערע טויזנטער ווייבער וואָס גיבן דאָרט אויס אַ סך געלט! גאָר אַ סך געלט!

פאַראַן פרויען וואָס קומען אַהין, קוקן אָן אַ קליידל פאַר זיך, זיי האָבן זונטיק אַ חתונה אָדער אַ בר־מיצווה, און ווילן נישט נוצן נאָכאַמאָל דאָס זעלבע קליידל וואָס זיי האָבן געקויפט צוריק מיט זעקס חדשים. דאָרט, אויף דער שמחה, וועלן זיין באַקאַנטע, און עס איז נישט שיין צו נוצן 2 מאָל דאָס זעלבע קלייד. גייט מען אַוועק צו „מייסיסעס" אָדער צו גימבעלס דעפּאַרטאַמענט־סטאָר", מען קלייבט זיך אויס דאָס שענסטע קלייד, מען באַצאָלט דערפאַר, און מען טראָגט אַ שיין קלייד אויף דער שימחה.

פאַרגעס נישט! מען גייט קויפן אַ קליידל 24 שעה פאַר דער שימחה! עס זענען דאָ פּאַרטיקע מאָדעלן און מאָסן פאַר אַלע „טאַליעס". מען דאַרף נישט צורעכט מאַכן. פאַראַן קליידלעך פון דער בעסטער סחורה און טייערסטע פרייזן!

דאָס זעלבע טוט מען מיט אַ „שליאַפּע". מען גייט אין אַ צווייט געשעפט, מען פּאַסט זיך צו אַ שיינע שליאַפּע און מען קויפט זי.

איצט קומט דאָס קוריאָזסטע:

מאָנטיק אָדער דינסטיק, אָדער שפּעטער מיט 2 וואָכן נאָך דער שימחה, רעדט מען טעלעפאָניש אין געשעפט אַריין, אַז דאָס קלייד... געפעלט נישט דעם מאַן, אָדער די חברטעס זאָגן אַז עס פּאַסט איר נישט — נעמט דאָס דאָזיקע גרויסע געשעפט, און שיקט — מיט אַ ספּעציעלן שליח — אָפּנעמען דעם מלבוש — דאָס זעלבע מיט דער שליאַפּע — און מען שיקט אָפּ דאָס גאַנצע געלט צוריק, און דער „מענטשאַכראָ" — דער באַאַמטער, וואָס ברענגט דאָס געלט, און נעמט די שליאַפּע, בעט... אַנטשולדיקונג ביי דער פרוי, פאַר פאַרקויפן איר אַ קלייד אָדער אַ שליאַפּע וואָס פּאַסט איר נישט!...

איך זע שוין, גאָלדע, ווי דו שמייכלסט און טראַכסט זיך: „קע מאַקאַנאַ"? ווי קען עס זיין? קאָנען דאָך אַ סך פרויען אַזוי טאָן? וואָס זשע? די באַאַמטע פון „דעפּאַרטאַמענט־סטאָר" זענען דען בהמות, נישט צו פאַרשטיין, אַז די פרוי האָט גענוצט דאָס קלייד?

נו, בין איך אויף דיר נישט ברוגז. איך האָב אויך נישט געגלויבט ביז איך

האָב זיך, פערזענלעך, נישט איבערצייגט, אַז אַזוי איז דאָס!... איי, דער דעפּאַר־טאַמענט־סטאָר? איי, ביזנעס? איי, הוצאות פון פּאַרקויפן און שיקן אָפּנעמען?

נו! זיי וויסן אויך פון אָט דער קונץ, און עס אַרט זיי נישט! זי — די קויפערין, וועט אַזוי לאַנג בייטן, אָדער אָפּגעבן צוריק, ביז זי וועט בלייבן מיט אַ קלייד און וועט, בכלל, בלייבן אַ קונה!

דערציילט מיר מוני, אַז עס זענען געווען פאַלן ביי מענער־הלבשה, וואָס מען האָט אומגעקערט דאָס געלט צוריק נאָך... זעקס חדשים! דער אַנצוג איז „איינגעלאָפן", אָדער אָפּגעקראָכן, און... מען קערט אום דאָס געלט צוריק!



די קאָמערץ־בירזשע, ווו מען קויפט און פאַרקויפט „סטאָקס".

אָבער, מירן ווייטער שפּאַצירן איבער די גרויסע געשעפטן, וועלכע געהערן — מערסטנטייל — צו יידישע מענטשן:

אָט, למשל, דאָס צווייטע גרויס געשעפט וועמענס אייגנטימער זענען יידן „ברידער גימבעלס". דער הויפּט־באַלעבאָס הייסט בערנאַרד גימבעל. אַז דו הייבסט אָן אַרומשפּאַצירן איבער גימבעלס „דעפּאַרטאָמענט־סטאָר" מוזטו האָבן אייזערנע פיס! אַ גרויסער טייל פון זיין געשעפט איז... „אונטער דער ערד", אין אַ פּלאַץ, ווו עס קומען זיך צונויף די וויכטיקע „סאָבוויס"־סטאַנציעס, מיט די וויכטיקסטע באַן־ליניעס. דאָס געשעפט איז אַלט 113 יאָר, און דער איצטיקער באַלעבאָס — אַ זיבעציקער — איז אַן אייניקל פון גרינדער פון געשעפט.

פאַרגאַנגענעם יאָר, האָט „גימבעלס" געהאַט אַ „שלעכט" יאָר. ס'האָט בלויז געלייזט... 300 מיליאָן דאָלאַר. אָבער היינטיקס יאָר, איז דאָ אַ האָפענונג צו גאָט, אַז עס וועט זיך פאַרבעסערן. אָט, האָב איך אַליין דאָרט געגעבן צו לייזן העכער פיר דאָלאַר!

דאָס דריטע גרויסע געשעפט איז פון אַ ייִדן וואָס הייסט ס. קליין. עס שטייט אויף „יוניאָן־סקוועער", און פאַרנעמט אַ גאַנצן בלאָק מיט געביידעס! דאָס איז שוין אַ „ביליק" געשעפט, קיין „פיינע" זאַכן טרעפט מען דאָרט נישט! ווען דו



די „קאָמערץ־בירזשע" ביי דער אַרבעט. דאָ ווערט מען: אָדער אַ מיליאָנער אין איין שעה, אָדער אַ מיליאָנער ווערט אַ גרויסער קבצן אין צען מינוט!

גייסט אַריין אַהין עפעס קויפן, וועט מען דיך אַטענדירן דאָס זעלבע, ווי דו קויפסט אַ זאַך פאַר פינף סענט — אָדער פאַר פינף דאָלאַר. שטענדיק מיטן שמייכעלע און שטענדיק פּאַקעוועט מען עס דיר אַזוי איין, אַז דאָס פּאַפּיר מיטן פּאָדים זענען מערער ווערט ווי די סחורה וואָס דו האָסט געקויפט...

און אָט די געשעפטן קריגסטו אַלעס: פון אַ טשוואַק צו דער וואַנט ביז אַ גוטן מעטער פליוש! פון אַ טעפּעלע ביז אַ גוטן מאַנטל! דאָס וואָרט „נישטאָ" — עקזיסטירט נישט ביי זיי!

מען דערציילט אַ וויץ וועגן „מייסיס" געשעפט, וואָס האָט אַנונסירט אַז „אויב מען וועט עפּעס בעטן און עס וועט נישט זיין — צאָלט מען 100 דאָלאַר

שטראָף. איז געקומען אַ ייִד און האָט געבעטן... אַ פּעקל ציצית. ער האָט דע־מאָלט געוווּנען די הונדערט דאָלאַר. אָבער, פון דאַן אָן — קריגסטו ביי מעסיסן ציצית, תפילין און אַ גוטן זיידענעם טלית אויך!...

איך האָב אויך געוואָלט וויסן צי אָט די ייִדן, גבירים, עשירים, לאָזן זיך קאָסטן פאַר ייִדישע זאַכן, פאַרן פאַראייניקטן קאַמפּיין, ווי בכלל פאַר ייִדישקייט.

ענטפערט מען מיר:

ווען נישט אַזעלכע ייִדן מיט זייערע גרויסע באַשטייערונגען, וואָלט דער „יונייטעד דזשואיש אַפּעל״ — דער פאַראייניקטער קאַמפּיין, — נישט געזאַמלט אין אַמעריקע קיין 350 מיליאָן דאָלאַר און די „צדקה־פעדעראַציע״ וואָלט נישט געקאָנט אויסהאַלטן קיין 116 ייִדישע אַנשטאַלטן פאַר שלאָפע, אַלטע און עלנטע. מען ווייזט מיר אָן אויף אַ ייִדן, לואיס ראַבינאָוויטש הייסט ער, וואָס איז 54 יאָר אין לאַנד, און געקומען קיין אַמעריקע אין דער עלטער פון 14 יאָר. אַלס קינד פון אַ רבנישער פאַמיליע, איז ער נישט געווען געוווינט צו פיזישער אַר־בעט. אין אַ אינטערוויו פאַר דעם אָנגעזעענעם שרייבער, מיטרעדאַקטאָר פון „טאָג־מאָרגן־זשורנאַל״, ה׳ משה דוכאָווני, דערציילט ער:

זיין פעטער איז געווען אַ רב אין ראַסיין (ליטע). אין זיין טאַטנס הויז האָט ראַבינאָוויטש, אַלס קינד, געזען שראַנקען מיט ספרים און ער האָט געוווּסט, אַז זיי שטעלן מיט זיך פאָר שאַפונגען אין העכערער חכמה און פרומער דערהויי־בענקייט. ער האָט געהערט לומדים ריידן און לערנען און מעשים טובים זענען געווען דער לעבנס־שטייגער. דאָס אַלץ האָט זיך איינגעבאַקן טיף, טיף אין זיין נשמה, און מיט דעם קען זיך אַוודאי דערקלערן זיינע איצטיקעביישטייערונגען פאַר לומדות און געלערנטקייט. ווען ער איז געווען אַ ישיבה־בחור אין דער אַלטער היים, האָט ער אַוודאי געטרוימט, אַז ער וועט אויסוואַקסן אַ גרויסער למדן. אומשטענדן האָבן נישט דערלויבט, אַז זיין טרוים זאָל פאַרווירקלעכט ווערן.

ער האָט זיך גענומען צו „מסחר״ — מ׳שטיינס געזאָגט. ער האָט געדונגען אַ שטעלעכל (היינט זענען שוין די שטעלעכלעך נישטאָ! איך בין אַרומגעפאָרן מיט מונין זיי זוכן — האָב איך זיי שוין נישט געפונען), זיך איינגעשאַפט רעשט־לעך אויף „העסטער־סטריט״ און אויפן העכסטן קול גענומען רופן קונים. נו, זענען דאָרט אָבער געווען „פעדלערס״, וועלכע זענען נישט געווען אַזוי איידל און שעמעוודיק ווי ער איז געווען. זיי האָבן געשריגן העכער און געשלעפּט די קונים אַגרעסיווער.

מען קאָן זיך פאָרשטעלן וואָס דער ישיבה־בחור, דער בן הרב, האָט איבער־געלעבט אין דעם האַנדל און וואַנדל פון „העסטער־סטריט״. מען קאָן זיך אויך פאָרשטעלן, אַז מיט זיין שאַרפן קאָפּ האָט ער באַגריפן, אַז אַמעריקע איז אַ

לאַנד ווו מען קען זיך אַרויפאַרבעטן, און אויב ער וויל עפּעס אויפטאָן דאָ אין דער נייער היים, מוז ער זיך אַוועקשטעלן אין אַ פּאָזיציע ער זאָל נישט בלייבן צווישן די אָרעמע און דערדריקטע. מיט איין וואָרט, ער האָט אַריינגעטאָן זיין גאַנצן שכל און ענערגיע אין געשעפט און איז מצליח געווען.

און — ער האָט מצליח געווען! ער איז היינט אַ גרויסער עושר! און — ער האָט איינזינען אַז מען דאַרף נישט לעבן בלויז פאַר זיך, אַז מען לעבט נישט



איינע פון די וויכטיקסטע געשעפט־געביידעס, ווו מען קאָן קריגן אַן אַרטיקל פון 5 סענט ביז 50 דאָלאַר אַ מעטער סחורה...

בלויז פונעם ברויט און צוליב דעם ברויט. מר. ראַבינאָוויטש איז אַ גרויסער מעצענאַט פאַר יידישע קולטור זאַכן! ער קויפט אויך אָפּ די וויכטיקסטע קולטור־אַרבעטן פון יידישן אינהאַלט און גיט עס אַוועק צו... נישט יידישע אוניווערזי־טעטן! זאָלן זיי — די נישט־יידן, זען וואָס מיר יידן האָבן אויפגעטאָן פאַר דער וועלט. דער דאָזיקער מר. ראַבינאַטישט האָט זיך דערוווסט אַז שלום אַש וויל פאַרקויפן זיין ביבליאָטעק. ער איז זי געגאַנגען אָנקוקן. און ווען ער האָט דער־זען דעם דאָזיקן גייסטיקן אוצר — גענומען אַריינקוקן אין ספרים, אין די מאַ־

נוסקריפטן, זעלטענע כתב־ידן — האָט ער דערפּילט, אַז די נישט־יידן מוזן פון דעם וויסן. אַזעלכע גייסטיקע ווערטן טאָרן נישט פאַרלוירן גיין פאַר דער וועלט״.

מר. ראַבינאָוויטש האָט אָפּגעקויפט די ביבליאָטעק און זי אַוועקגעגעבן אַלס מתנה צו דער ביבליאָטעק פון יעיל אוניווערזיטעט. מיט דעם האָט זיך אָנגעהויבן מר. ראַבינאָוויטשעס קאַריערע אַלס מעצענאַט פון „יודאַיקאַ״.

אַזעלכע ווי מר. ראַבינאָוויטש זענען דאָ ווייניק — אָבער זיי זענען דאָ! ביי אונדז, אין אונדזערע מקומות זענען אויך פאַראַן — נעם למשל די מירעלמאַנס — אָבער, מען קאָן זיי איבערציילן אויף די פינגער!...

און פאַרענדיקנדיק מיט די גרויסע פּרנסה־מענטשן פון אַמעריקע, וויל איך דיר פאָרשטעלן אַ יידן וואָס האָט די איינציקע פאַבריק פון... שופרס אין אַמעריקע.

אַ שופר־פאַבריק איז אַ „גרויסע״ אינדוסטריע, דערהויפּט נאָך ווען אָט די סחורה ווערט אַרויסגעשיקט אויף דער גאַנצער וועלט — אַפילו קיין ישראל. אָבער קיין פּרנסה פון איר, קאָן מען נישט האָבן. דער שופר־פאַבריקאַנט הייסט אברהם־ניסן לעווין, און ער איז דער איינציקער פאַבריקאַנט וואָס האָט נישט מורא פאַר קיין קאָנקורענץ... ער איז אויך דער איינציקער פאַבריקאַנט אין אַמע־ריקע אין וועמענס „שאַפּ״ עס אַרבעטן נישט קיין האַלב־טוץ אַרבעטער און ער האָט נישט קיין מורא פאַר קיין שטרייק...

די פאַבריק געפינט זיך אין וויליאַמסבורג, 240 פון ברעדפאַרד אַוועניו, אין אַן אַלטער געביידע, צו וועלכער מען קומט אָן נאָך „סחורה״ פון גאַנץ אַמעריקע און פון דער גאַנצער וועלט!

איצט, גאָלדע, וועל איך זיך אומקערן צו דער הויפּט־טעמע פון מיין בריוו: וועגן יידישע פּרנסות אין אַמעריקע.

— וועלכעס איז די בעסט־באַצאָלטע פּרנסה אין אַמעריקע?

אַז מען וועט מיר פרעגן — וועל איך תיכף ענטפערן:

— זיין אַ ראַביי!

עס איז אומגלויבלעך, ווי הויך עס צאָלט זיך אָט די קהלשע שטעלע. איך האָב געהאַט די געלעגנהייט צו רעדן מיט מענטשן וואָס פירן אָן אַ „טעמפּל״ אַ „קאָנגרעגיישען״, און איך האָב מיינע אויערן נישט געגלויבט. די גרעסטע טייל ראַבייס — און נישט פון די ערשט־קלאַסיקע און אַפילו נישט די צווייט־קלאַסי־קע — נעמען פון 20 טויזנט דאָלאַר אַ יאָר און העכער — אַ חוץ זייטיקער הכנסה!

די גרעסטע טייל ראַבייס, האָבן קאָנטראַקטן מיט זייערע „קאָנגרעגיישאָן״, אויף אַ צייט פון 5 און 10 יאָר און אַנדערע... אויפן גאַנצן לעבן!

אויב דו געדענקסט, איז געוועזן ביי אונדז אַ ראַביי, ד״ר גליקשטיין, ער איז געקומען אין נאָמען פון „דזשאָינט״. דאָ, איז ער אַ ראַביי, אין אַ גרויסער „קאָנג־

רעגיישאָן". איך בין געווען אין טעמפּל ווו ער איז „מלך" און איך האָב גערעדט מיט באַלעבאַטים פון טעמפּל און מיט אים אויך! ער איז איינער פון די, וואָס האָבן אַ אייביקן קאָנטראַקט און ער פאַרדינט ביי 30 טויזנט דאָלאַר אַ יאָר...

דער אמת, אָבער איז, אַז דאָ, זענען די ראַביים, נישט בלויז נעמערס נאָר אויך... טוערס! זיי זאָרגן, אַז זייער טעמפּל זאָל פּראָגרעסירן, אַז די שולע ביים טעמפּל— און יעדער טעמפּל האָט אַ תלמוד תורה — זאָל גוט פונקציאָנירן, און אַז אין טעמפּל זאָל אַריינפאַלן הכנסה! דער ראַביי דאַרף זיין אַ גוטער בעל־דרשן און ביים רעדן — דאַרף ער קענען צווינגען די מתפּללים אַז זיי זאָלן אַריינלייגן די האַנט אין קעשענע און זיך באַשטייערן פאַרן טעמפּל! מען האָט מיר געזאָגט, אַז ראַביי ד"ר גליקשטיין האָט, פאַריקס יאָר, געזאַמלט פאַרן טעמפּל... 100 טויזנט דאָלאַר!...

בכלל, איז תורה־יידישקייט און כלי־קודש, זאַכן, זייער אַ גוטע פּרנסה אין אַמעריקע! איך בין געווען אַ בעלן איבערצוקוקן די כלי־קודש אַוויסאס אין די יידישע צייטונגען פון איין טאָג און איך בין איבערראַשט געוואָרן!

דאָס ערשטע וואָס עס האָט זיך מיר געוואָרפן אין די אויגן איז געווען דער אַנאָנס פון „סעמינאַר"... פאַר מוהלים! דאָרט אין אַמעריקע, אַז איינער וויל ווערן אַ מוהל, דאַרף ער ענדיקן אַ סעמינאַר און „מאַכן פּראַקטיק" אויף מתים אָדער פּלאַסטישע זאַכן!... אָט האָסטו אַזאַ אַנאָנס אין היינטיקער צייטונג:

מוהלים־סעמינאַר פאַר כלי־קודש און בני הישיבה. פּראַקטיק גאַראַנטירט. שרייבט צו: (אָנגעוויזן דער אַדרעס).

אָדער לייען, למשל אַזעלכע אַנאָנסן:

„באַוווּסטער בעל־קורא, פון ארץ־ישראל, געלייענט אין גרויסער שול. זוכט פּראָמינענטע שול צו לייענען פּורים די מגילה. רופן טעלעפאָן:

און אָט האָסטו אַזעלכע אַנאָנסן:

„גוט־באַוווּסטע היגע ישיבה מיט אַ ברענטש אין ירושלים, זוכט משולחים. קענוועסען נייע מעמבערס אין און אויסער ניו יאָרק. גוטע פּאָרגעציגען".

„יאַנג־איזראַעל אוו ניו־האַיד פּארק" זוכט צו דינגען 2 ספרי תורות".

אָדער, לייען, למשל, אַזאַ אַנאָנס:

„פאַרלאַנגט אַ יונגערמאַן, זאָל זיין אַ חזן, אַ שוחט, אַ בעל־קורא, אַ טיטשער (לערער) מיט עלטערע קינדער. מעלדן וויפל מען איז אַלט און וויפל פאַרלאַנגט".

און, אָט האָסטו אַן אַנאָנס פאַר „אויסלענדישער אַרבעט":

„פאַרלאַנגט פעיקן אָרגאַניזאַטאָר פאַר אַ באַוווּסטן ירושלימער מוסד צו עפענען אַן אָפיס און איינשטעלן משולחים זיך ווענדן צום:"

און, אָט, לייען, אַ טשיקאַוון אַנאָנס:

„אהבת שלום" קאָנגרעגיישאָן באַלטימאָר פאַרלאַנגט איינעם וואָס זאָל זיין אַ: שמש, בעל־תפילה ת״ח, בעל־קורא, קאָלעקטער (קאָווראַדאָר)".

גאָר ספּעציעל גייט אָן דער מסחר מיט „קרקע" (אַ פּלאַץ אויף אַ בית־עולם), אָט דאָס איז אַזאַ „סחורה" וואָס ווערט פאַרצוקערט! נישטאָ אין אַמע־ריקע איין ייִד אַפילו, וואָס זאָל נישט האָבן קיין „קרקע"! אַמאָל ווען מען איז געווען „גרין" און אָרעם, האָבן זיי געקויפט „קרקע" ערגעץ אין אַ „פּאַרוואָר־פּענעם" געגנט, ערגעץ פון יענער זייט הרי חושך. איצט, אַז מען האָט זיך אַרויפ־געאַרבעט, לאָזט מען „יענע" „קרקע" — פּוסט, און מען קויפט נייע „קרקע" אויף אַן אַריסטאָקראַטישן בית עולם.

דאָ אין אַמעריקע, האָבן זיי אויך זייער אייגענעם „ליניערס" און „טאַבלאַ־דאַ". דער חילוק נאָר איז, וואָס דאָ, אין אַמעריקע, וועט אַ גביר נישט „גיין" אויף „טאַבלאַדאַ", ערגעץ לעבן פּלויט, ווייל זיינע יורשים, די בנימלעך, האָבן נישט געוואָלט צאָלן קיין קבורה־געלט! אין אַמעריקע, האָט מען זיך פאַרזאָרגט מיט דער קרקע ביים לעבן!

אָט, למשל, מעלדעט מען היינט וועגן אַזאַ „מציאה":

זעלטענע געלעגנהייט! אַ פּראָמינענטע שול אין ניו־יאָרק האָט אויסגעאַר־בעט אַ פּלאַן פאַר אַ געוויסער צאָל ייִדן צו קענען באַזאָרגן זיך מיט קרקע אויף „מאָונט זייאָן און בית דוד" סעמענטעריס.

„מאונט סיני" בית עולם, און „בית דוד" סעמענטעריע — דאָס זענען זייער ווערטיקע און אַריסטאָקראַטישע פּלעצער! נישט איטלעכער האָט די זכיה דאָ צו ליגן...

און, אָט לייענסטו אַ מעלדונג פון אַ חברה קדישא וואָס הייסט „עדת ישראל און ניו־יאָרק", וועלכע עקזיסטירט שוין 54 יאָר און זי פאַרמאָגט אייגענע 11 טויזנט מיטגלידער.

די דאָזיקע חברה קדישא, וועלכע האָט דריי אָפיסינעס: איינע אין ניו־יאָרק אויף 201 איסט־בראָדוויי, אַ צווייטע אין ברוקלין אויף 596 ראשל עוונ. און אַ דריטע אין די בראָנקס אויף 181 איסט בוינסאיד אוו. און זיי מעלדן אייך אַז:

פאַר 5 דאָלאַר אַ יאָר (איך האָב נישט קיין טעות! פינף דאָלאַר אַ יאָר און נישט קיין מאָנאַט), קריגט דער „מעמבער" (מיטגליד) אַ פיינעם פּלאַץ אויפן בית החיים וואָס זיי פאַרמאָגן — וויכטיק צו וויסן: דאָס פּלאַץ איז טרוקן — מען קריגט אויך אַ פיינעם געשמאַקן קדיש, מען דערמאָנט די קינדער און מען האַלט אַליין די יאָרצייטן און מען צינדט אַפילו אָן ליכט!

דאָס אַלעס פאַר 5 דאָלאַר אַ יאָר — די גאַנצע פאַמיליע!

און, אַט האָסטו אַ צווייטע פּרנסה: אַן אַנאָנס פון אַ חזנים־שולע, וועלכע מעלדעט:

בית חינוך החזנים, קורסן ווערן געגעבן אין חזנות, שטימבילדונג, נאָטן לייענען, טעאָריע, נוסחאות התפילה, מיט גרויס דערפאָלג, אונטער דער דירעקציע פון באַוווּסטן און באַרימטן מוזיקער און קאָמפּאָזיטאָר.

טאָמער ווילסטו נישט גיין מיט די אייגענע האָר און ווילסט טראָגן אַ פּאַריק — איז דאָ אַן אַנאָנס פון אַ „פאַבריק פון פּאַריקן", וואָס פּאַסט אים אַזוי צו צו דיין פּנים, אַז מען דערקענט, כמעט, נישט. וואָס נאָך, מען זאָגט דיר צו, אַז דער פּאַריק וועט דיך מאַכן יינגער מיט 20 יאָר...

טאָמער שרעקט זיך עמיצער פאַר זיין עלטער און זוכט אַ „היים", זאָלט איר זיך נישט זאָרגן. אָט האָט איר אַן אַנאָנס פון:

„דער מושב זקנים בית זקני ישראל (האָום אָוו אָלד איזראַעל) 70 דזשעפערטאָן סט., ניו־יאָרק: איז אַ גוטע היים מיט אַ וואַרעמער סביבה און געזעלשאַפט, ווו מען קריגט די בעסטע אויפפּאַסונג, רעגולערע מאָלצייטן, רעליגיעזע באַדערפענישן, שבתים און ימים טובים, לויט דער טראַדיציע פון אַן אייגענער היים".

און, אָט, האָסטו גאָר אַן אָריגינעלע אַוויסאַ:

„קרקע פאַר מקבר זיין שמות" מיר נעמען אייערע שמות לגניזה. שרייבט ב. פּרוזאַנסקי, 489 בעדפאָרד עוועניו".

נו! אין וועלכן לאַנד אין דער וועלט איז דאָ אַ „בית עולם פאַר שמות?" (אויב דו ווייסט נישט, וועל איך דיר זאָגן, אַז עס איז אַ מינהג ביי פרומע יידן, צו באַגראָבן אין דער ערד יעדער געדרוקט שטיקל פּאַפּיר ווו עס איז דערמאָנט דעם אויבערשטנס נאָמען, און בכלל בלעטלעך פון סידורים, חומשים, גמרות און אַנדערע הייליקע ספרים) איז, אָט האָסטו אַן אַנאָנס, וועגן אַזאַ בעל קברן! און מעגסט זיין זיכער, אַז ער האָט קונים און האָט פּרנסה!...

די בעסטע און גרעסטע פּרנסה מאַכט מען אָבער ביים קויפן און פאַרקויפן ספרים און אַלטע יידישע ביכער!

איך זאָג „קויפן!" דער בעל־ספרימניק, דער באַלעבאָס פון געשעפט וואָס פאַרקויפט דיר די ספרים און די יידישע ביכער, האָט זיי נישט געקויפט! מען האָט זיי אים אַוועקגעשאָנקען און מען איז געווען צופרידן וואָס דער מוכר־ספרימניק האָט זיך נישט געהייסן צוצאָלן!...

די מעשה פון דער געשיכטע איז אַזאַ:

עס שטאַרבט אָפּ דער אַלטער טאַטע. „אויב מען האָט אים געהאַלטן אין דער היים". עס איז געבליבן פון אים אַ סך „דזשואיש" (יידישע) ספרים, ביכער און אַפילו ליטעראַטור, וואָס דער אַלטער פלעגט קויפן אין די גרינע יאָרן. וואָס

טוט מען מיט אָט דעם פּאַק ספרים? מען דאַרף רופן אַ ספרים־הענדלער און זיי אים פאַרקויפן?

מען דאַרף זיך אָבער נישט מטריח זיין און רופן! באַלד ווי עס דערשיינט אין די „פּייפּערס" אַ מעלדונג, אַז דער און דער איז געשטאָרבן און מען לאַדט איין צו זיין לוויה, איז שוין אויפן צווייטן טאָג פון דער לוויה, דאָ עפּעס אַ ייִדל, וואָס קומט, כלומרשט פון אַ מושב זקנים! אויב מען דאַרף — ווייזט ער אַ פּאַפּירל אויך — און מען איז זיך מחיה וואָס מען פטרט אַרויס אָט דעם „חמץ" פון דער שטוב. מען וויל אַפילו נישט נאָכקוקן, נישט חוקר ודורש זיין, צי אַזאַ מושב זקנים אָדער ישיבה עקזיסטירט גאָר! פאַראַן ישיבות אין די הונדערטער, ווער ווייסט ווער זיי זענען?

אָט די ספרים און ביכער ווערן תיכף אָפּגעפירט צו די מוכרי־ספרים אויף דער איסט־סייד, און איר קריגט דערנאָך אַ בוך פאַר 50 סענט. איך אַליין האָב שוין איינגעהאַנדלט אַ היפּש ביסל ביכער! איין קאָלעקציע, פאַר וועלכער מען האָט געוואָלט ביי מיר טויזנט דאָלאַר „צוליב" — האָב איך געקראָגן פאַר אַ פּופּציקער... ווען איך דינג זיך — נעם איך זיי צו פאַר נאָך ווייניקער!...

מיט איין וואָרט: — ביי ייִדישקייט קאָן מען האָבן פּרנסה!

אָט, למשל, האָסטו אַ קוריאָזן אַנאָנס:

גוטע געלעגנהייט" צו קויפן איינגעפּיקסטע (איינגעאָרדנטע) שול, מיט דירה, איסט ניו יאָרק. רופט:.

דו פאַרשטייסט! ביי אונדז, מעבלירט מען אויס אַ דעפּאַרטאַמענט און מען פאַרקויפט דאָס מעבל מיט דער דירה! דאָ, נעמט אַ ייִד, דינגט עפּעס אַ לאָקאַל, „פּיקסט אים אויס" — דאָס הייסט, שטעלט איין אַ שול, אַ פאַרטיקע שול, מיט אַלע פּיטשעקעס! מיט אַ ספר תורה און עמוד, מיט אַ בימה און אַ שופר און מען פאַרקויפט דערנאָך אָט די „איינגעפּיקסעטע" שול עפּעס אַ רב, וואָס וועט שוין דאָרט האָבן פּרנסה.

טאַקע לעבן מונין איז פאַראַן אַזאַ שול און דער רב האָט שוין אינדרויסן אַ צעטל, אַז ביי אים קריגט מען אַ פיין שטיקעלע תורה, אַ פרישן מינחה־מעריב, „כשרע" ספרי תורה, (ווייזט אויס אַז עס זענען פאַראַן טריפה ספרי תורות), תפילין, מזוזות און אַ געשמאַקע „חופה וקדושין" און טאַקע אַ פיינעם גט אויך!

און אַז איך רעד שוין וועגן אַזעלכע זאַכן, וועל איך דיר דערציילן, גאָלדע, אַז איך האָב פעסטגעשטעלט אַ דריטע זאַך, פאַר וועלכער אַמעריקאַנער מענטשן — ייִדן און נישט־ייִדן — האָבן מורא! דאָס איז:

— פאַר גאָט!

פרומקייט — פאַרנעמט דאָ זייער אַ געהויבן פּלאַץ! ביי ייִדן — מערער ווי

ביי די נישט־ייִדן! איך בין נישט זיכער צי צען פּראָצענט פון אַמעריקאַנער ייִדן עסן טריפהס!

מען זאָלצט עס נישט און מען ווייקט עס נישט, ווי אין אונדזער אַלטער היים, נאָר מען קויפט בלויז כשר פליייש!

אין אַ סך הייזער, זענען טאַקע נישטאָ קיין צווייערליי געפעס, צווייערליי לעפל, גאָפּל און מעסער, אָבער, זייער זעלטן אַז מען זאָל עסן אַ סאַנדוויטש פון פליייש געשמירט מיט פּוטער, אַז מען זאָל בכלל עסן מילכיקס נאָכן פליישיקן עסן. זיי פאַרשטייען נישט ווי אַזוי קאָן אַנדערש זיין. מוני — קושט טאַקע נישט די מזוזה ווען ער קומט און גייט אַוועק, אָבער, ער וואָלט נישט געוווינט איין טאָג אָן אַ מזוזה!...

דאָס ברענג איך דיר פאַר אַ ביישפּיל מוניך, אַ מענטש, אָן אינטעליגענט, מיט העכערער בילדונג, דער געוועזענער בוכהאַלטער, וואָס אין דער היים, אין אומאַן, האָט ער געגעסן סענדוויטשעס מיט „וויטשינאַ" (כאַמאָן)! און דאָ? ווען אים האָט זיך בלויז אויסגעוויזן, אַז איך האָב — ביי אַ שפּאַציר, געבעטן אַ סאַנדוויטש מיט „העם" (כאַמאָן) האָט ער געגעבן אויף מיר אַ קוק — וועל איך עס לאַנג געדענקען!...

און, אומקערנדיק זיך צו אַמעריקאַנער פּרנסות.

אַ פּרנסה וואָס בליט אין אַמעריקע, און ביי וועלכער עס זענען באַשעפטיקט אַ סך מענער און אַ סך פרויען איז דאָס „פאַך": —

— „שדכנות".

און זאָלסט נישט מיינען אַז בלויז ייִדן באַנוצן זיך מיט שדכנים און שדכנות. לאָזט זיך אויס, אַז אין אַמעריקע זענען פאַראַן הונדערטער „אָפּיסעס" פון שדכנים און שדכנטעס, וועלכע אַרבעטן אויף אַ גרויסן שטייגער, מאַכן אַ לעבן און שפּאָרן אַ דאָלאַר. זיי קריגן זייער גוט באַצאָלט פאַר זייער אַרבעט — אַפילו ווען עס ווערט גאָר קיין שידוך נישט.

און אַזוי ווי די אַמעריקאַנער זענען פּראַקטישע מענטשן אין ביזנעס, האָבן זיי געמאַכט פון שדכנות אַזאַ „ביזנעס", וואָס זאָל טראָגן אויף אויסצוהאַלטן אַ שיינעם אָפיס — זיי רופן עס „מאַטרימאָניעל־ביוראָ", — אויסהאַלטן אַ סעקרע־טאַרשע, און זאָל, בכלל, דעקן די הוצאות.

די שרייבערין לואיזא גערטנער דערציילט וועגן די שידוכים ביוראָ פאָל־גענדעס:

„עס איז דאָ אַ „מאַטרימאָניעל ביוראָס", וואָס ספּעציאַליזירט זיך אין שידו־כים צווישן פרעמד־שפּראַכיקע לאַנדסלייט, און שידוכים־ביוראָס, וועלכע מעלדן, אַז זייערע קליענטן, וואָס שטייען אין שידוכים, זענען „פּראָפעסיאָנעלע" מענטשן,

ווי: לערער, אַדוואָקאַטן, אַפּטייקער און אַזוי ווייטער. עס זענען דאָ שידוכים־ביוראָס, וואָס ספּעציאַליזירן זיך אין שידוכים פאַר פרומע, „רעליגיעזע", און „שידוכים אָפּיסעס", וואָס מעלדן, אַז זיי האָבן גוטע שידוכים, מיט נדן, פאַר מענער, וואָס דאַרפן אַ כלה מיט געלט, צו העלפן דעם חתן אַרויפּאַרבעטן זיך אין „ביזנעס".

אַמאָל, אין דער אַלטער היים, האָבן מיר געהאַט שדכנים און שדכנטעס, וועלכע מיר געדענקען מערסטנס אַלס טיפּן פון טשיקאַווע מענטשן. זיי האָבן געקאָנט צוזאַמענברענגען אַ פּלאָקן מיט אַ לאָפּעטע, עס זאָל געשטעלט ווערן אַ חופּה און זיי זאָלן קאָנען מאַכן שדכנות־געלט. די אַמעריקאַנער איצטיקע שדכנים און שדכנטעס, האָבן געמאַכט פון דעם אַ גוט סיסטעמאַטיש געשעפט. זיי זיצן אין אָפּיסינע און מאַכן געשעפט אויפן טעלעפאָן, אָדער דורך בריוו, און זיי קריגן שדכנות־געלט פאָראויס, אַפילו אויב עס ווערט נישט קיין שידוך.

דאָס איז די סיסטעם פון די „מאַטרימאָניעל ביוראָס". זיי קריגן באַצאָלט בלויז פאַר פאָרשטעלן מענער און פרויען, צווישן וועלכע עס קאָן מעגלעך ווערן אַ שידוך.

און, די אַמעריקאַנער האָבן עס געמאַכט אויף אַן אייגנאַרטיקן אופן! זיי האָבן געשאַפן... אַ מיטגלידערשאַפט פון די קאַנדידאַטן און קאַנדידאַטקעס וואָס קומען זוכן אַ חתן אָדער אַ כלה. ביי זיי איז אַזוי:

אַ פרוי, וואָס קומט זוכן אַ חתן דורך אַ „מאַטרימאָניעל ביוראָ", באַצאָלט פאַר אַ „מיטגלידערשאַפט" 50 אָדער 100 דאָלאַר, און דאָס איז געוויינלעך אויף אַ משך פון זעקס מאָנאַטן, און קיינמאָל נישט לענגער ווי איין יאָר. זי שרייבט אונטער אַ קאָנטראַקט, און זי גיט אַלע אויסקונפטן וועגן זיך, איר פאַרמעגן און אַנדערע כלהשע מעלות, און אויך איר טעלעפאָן־נומער און אַ פאָטאָגראַפיע פון זיך.

פאַר אַ פופציק אָדער הונדערט דאָלאַר, לויט דעם קאָנטראַקט, פאַרפליכטעט זיך די ביוראָ צו באַקענען די קאַנדידאַטקע פאַר אַ שידוך מיט זעקס חתנים־קאַנדידאַטן, וועלכע זי קאָן אויסקלייבן פון דער ליסטע, מיט פאָטאָגראַפיעס פון מענער אין דער שידוכים ביוראָ. די פרוי קאָן האָבן אַ „זעאונג" מיט די מענער, וועלכע שיינען איר צו זיין פּאַסיקע קאַנדידאַטן פאַר איר צו הייראַטן, אָבער נאָר מיט דער צאָל און בלויז אין די זעקס מאָנאַטן פון איר „מיטגלידערשאַפט" און קאָנטראַקט. נאָך די זעקס מאָנאַטן דאַרף זי ווידער באַצאָלן אַ מיטגליד־אָפּצאָל פאַר נאָך אַ האַלבן טוץ „באַגעגענישן" מיט חתנים.

דאָס זעלבע צאָלן די חתנים וואָס קומען זוכן אַ כלה.

אין אייניקע ביוראָס קאָן דער קאָנטראַקט זיין אפשר אויף לענגער ווי זעקס

מאַנאַטן און דער קאָנטראַקט קאָן זיין אויף צען „באַגעגענישן" דורך אַ משך פון אַ יאָר, אָבער אין יעדן פאַל קאָן די פרוי, אָדער דער מאַן, נישט האָבן קיין טענות אויב עס האָט זיך נישט געמאַכט די ריכטיקע „פּאַרטי" און עס איז נישט געוואָרן קיין שידוך.

אין אַנדערע ווערטער, אָט די „מאַטרימאָניעל ביוראָס" זענען נישט מער ווי רעגיסטראַציע־פּלעצער פאַר מענער און פרויען, וועלכע זוכן אַ שידוך.

זעלבסטפאַרשטענדלעך, אין די מערסטע אַזעלכע פּלעצער זיצט אַ פרוי, אַ שדכנטע, און אין אַ סך פון די גרעסערע ביוראָס איז אַ מאַן דער באַלעבאָס. מערסטנס איז אַזאַ שדכן אַ מענטש, וואָס האָט פאַרבינדונגען מיט אַ סך קלובן און גרופּעס פון איין קלאַס מענטשן, און ער האָט אַ גרויסע באַקאַנטשאַפט, און מיט אַ טאַלאַנט צו באַקענען מענטשן, וואָס קאָנען זיך צופּאַסן.

און מען דאַרף נישט מיינען, אַז די קליענטקעס און קליענטן אין די דאָזיקע „מאַטרימאָניעל ביוראָס" זענען נאָר פאַרזעסענע מיידלעך. קראַנקע אלמנות און מענער, וואָס קוואַפּען זיך אויף אַ שידוך מיט געלט. עס קומען יונגע מיידלעך, פיינע סוחרים און סטודענטקעס. עס קומען אויך מיטלקלאַסיקע, יונגע גרושות, וועלכע זענען קאַריערע־פרויען און זיי מאַכן אַ גוטן לעבן פאַר זיך.

אָט די „מאַטרימאָניעל ביוראָס" זענען איצט אַ פאַרצווייגטער און פאַרשפּרייטער יאַריד פון שידוכים־פּרנסות איבערן לאַנד. זיי פאַרמערן זיך, ווייל עס זענען דאָ אַזויפיל איינזאַמע מענטשן אומעטום, מענטשן וואָס בענקען נאָך ליבע, נאָך אַן אייגענער היים און נאָך אַ פאַמיליען־לעבן.

די „מאַטרימאָניעל ביוראָס" פאַרשפּרייטן זיך ספּעציעל אין די גרויסע שטעט, ווו עס פעלן סאָציאַלע פאַרבינדונגען צווישן פאַמיליעס. אַפילו אייגענע קרובים וווינען ווייט און ווערן אָפּגעפרעמדט, און עס איז נישטאָ ווער עס זאָל העלפן די עלטערן ברענגען אַ טאָכטער אין געזעלשאַפט, אין פאַמיליען־גרופּעס, ווו דאָס מיידל וועט קענען זיך באַקענען מיט פּאַסיקע יונגעלייט.

פון אַן ערגערן מאַנגל אין געזעלשאַפטלעכע פאַרבינדונגען ליידן יונגע אלמנות און גרושות. אין דעם איצטיקן גרויס־שטאָטישן לעבן, ווי אין ניו־יאָרק, איז נישטאָ קיין פּלאַץ איינצולאַדן גרופּעס פון קרובים און באַקאַנטע, אויף צו באַקענען זיך און פאַרברענגען צוזאַמען.

אַ געזעלשאַפטלעכער עסקן האָט נישט לאַנג צוריק ערנסט דערקלערט אין אַ ראַדיאָ־פּראָגראַם, אַז עס איז אַ טראַגעדיע פון אונדזער איצטיקן לעבן דאָס, וואָס אַזויפיל מענער און פרויען האָבן נישט קיין מעגלעכקייטן צו קומען אין געזעלשאַפטן אין וועלכע צו געפינען דעם פּאַסיקן חבר אין לעבן.

אָבער, נישט אַלעס וואָס בלישטשעט איז גאָלד! — פאַראַן אויך שווינדלע־

רישע „מאַטרימאָניעל ביוראָען״, וואָס פאַרמיאוסן דעם נאָמען פון די פיינע, אָנשטענדיקע, באַלעבאַטישע שדכנים־ביוראָס. עס האָבן פּאַסירט אַ גרויסע צאָל שווינדלערייען, מיאוסע פאַרברעכנס און אַפילו מאָרדן. — דערציילט פּרוי גערט־נער. — שווינדלער ווערן חתנים פאַר פרויען מיט געלט, און דערמאָרדן זיי. פאַרדאָרבענע פרויען הייראַטן מיט אַלטע מענער און דערמאָרדן זיי צו קריגן ירושה. די „מאַטרימאָניעל ביוראָס״, וועלכע ציִען זייערע קליענטן נאָר פון דער אייגענער שטאָט, און זיי האָבן געדאַרפט זיין ראַיעל זענען אויך נישט אַלע אָן אַ ביסל שאַרלאַטאַנסטוואָ. אמת, די שדכנים און שדכנטעס אַליין נעמען נישט קיין פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר די מענטשן וואָס זיי שטעלן פאַר מיט שידוכים אויסזיכטן, און דאָך באַנוצן אַ סך פון זיי אַן איינפאַכן שווינדל ביים פאָרשטעלן חתנים פאַר כלות.

דער שווינדל באַשטייט אין דעם, וואָס זיי באַקענען אַמאָל די פרויען מיט מענער, וועלכע זענען...

גאָרנישט קיין חתנים.

זעלבסטפאַרשטענדלעך, עס קומען מער פרויען ווי מענער צו די שדכנים־ביוראָס, און וויבאַלד פאַר יעדער „מיטגלידערין״ מוז די שדכנטע געפינען אַ האַלבן טוץ באַזונדערע „סאַלידאַס״ (אויף ענגליש: „דעיטס״), און די שדכנטע אויסצוקלייבן, — פעלן פשוט גענוג קאַנדידאַטן פאַר חתנים, און די שדכנטע שיינט צו האָבן שטענדיק אויף איר צעטל עטלעכע גאַנץ שיינע מאַנסבילן, וועלכע קומען ווען זי טעלעפאָנירט צו זיי, און זיי שפּילן די ראָלע פון אַ חתן, אָן אונ־טערשייד צו וואָס פאַר אַ סאָרט כלה זיי ווערן פאָרגעשטעלט.

אַזאַ סאָרט פאַלשער חתן איז אָדער אַ ליידיקגייער, וועלכער קוואַפּעט זיך אַז די מיידל אָדער די אלמנה וועט אים נעמען אַהיים און געבן אים אַ גוטן מאָלצייט, און ער וועט מיט איר גוט פאַרברענגען, אָדער ער איז פשוט אַ חברה־מאַן, אַ שאַרלאַטאַן, וועלכער זוכט אַ קרבן. ער האָט אין זינען אפשר צו געפינען אַ נאַרישע פרוי צו פאַרפירן און שפּילן אַ ליבע, אָדער ער פּרובירט צו לייען געלט ביי איר.

איינע פון אַזעלכע דערפאָלגרייכסטע „מאַטרימאָניעל ביוראָ״־ שדכנטעס מיט „ביזנעס״, אַ פרוי, וואָס האָט געהאַט שידוכים־ביוראָס אונטער איר נאָמען אין אַ צענדליק גרויסע שטעט אין אַמעריקע, איז מיט עטלעכע יאָר צוריק פּלוצ־לינג אַרויס פון ביזנעס צוליב אַזעלכע קלאַגעס קעגן איר. אַ מיידל, וואָס האָט געהאַט אָפּגעצאָלט איר הונדערטער דאָלאַרן פאַר פאָרשטעלן זי פאַר חתנים, האָט זי אָנגעקלאָגט, אַז זי האָט איר פאָרגעשטעלט פאַר פאַלשע חתנים, און זי האָט אויסגעפונען, אַז איינציקע פון די מענער מיט וועלכע די שדכנטע האָט זי

באַקענט זענען גאָר געוועזן פּאַרהייראַטע, און זיי האָבן געמאַכט די „זעענישן", די „באַגעגענישן", מיט דער מיידל צוליב אויסגעלאַסענע מאַטיוון.

די שדכנטע האָט געמוזט פאַרלאָזן ניו־יאָרק און אירע שידוכים־ביוראָס איז אַ צענדליק אַנדערע שטעט זענען אויך אונטערגעגאַנגען.

טראָץ אָט די אַלע געפאַרן מוז מען נעמען אין אַנבאַטראַכט דעם פאַקט, אַז דורך די שדכנים־ביוראָס ווערן איצט געשלאָסן אַ גרויסע צאָל פּראַקטישע און געראָטענע שידוכים. עס איז ווי אין אַנדערע שידוכים — די כלה דאַרף האָבן שכל צו דערקענען מיט וואָס פאַר אַ מאַן מען באַקענט זי און איר פאַמיליע דאַרף איר העלפן דערגיין ווער דער מענטש איז, און צי דאָס וואָס ער דערציילט וועגן זיך איז אמת.

אָפטמאָל קומט דער פאָטער אָדער די מוטער צו פאַרשרייבן אַ טאָכטער אין דער שידוכים־ביוראָ, ווייל דאָס מיידל שעמט זיך צו נעמען אַזאַ שריט. אין אַזאַ פאַל אַראַנזשירט די שדכנטע אַז דער טאַטע זאָל זיך באַקענען מיט דעם חתן־קאַנדידאַט, און נאָכדעם אים פאָרשטעלן פאַר דער טאָכטער, ברענגען דעם פרעמדן מאַן אויף וועטשערע, אָדער באַגעגענען אים אין אַ רעסטאָראַן צוזאַמען מיט דער טאָכטער.

און, צוליב אַ צווייטן קוריאָז, וועל איך דיר ברענגען עטלעכע אַוויסעלעך וואָס זענען דערשינען אין היינטיקער ציַיטונג וועגן שידוכים און שדכנים. איך האָב איבערגעציילט בלויז אין איין ייִדישער ציַיטונג... 110 אַנאָנסן. דאָס דער־ווייזט וואָס פאַר אַ גרויסע „ביזנעס" אָט דאָס שדכנות איז.

אָט האָסטו אַוויסאָס פון „פשוטע" שדכנים:

איינער אַזאַ שדכן, ארטור ראָס, מעלדעט פאָלגענדע „סחורה", וואָס ער האָט צו „פאַרקויפן":

1)אַ מיידל פון 21 יאָר מיט... הונדערט טויזנט דאָלאַר נדן. זי וויל אָבער בלויז אַ פּראָפעסיאָנאַל.

2) אַ דאָקטער פון 35 יאָר וויל אַ שיין מיידל און... אַ פּאָר דאָלאַר אויך...

3) אַ ייִדענע פון 40 יאָר (אַזוי זאָגט זי איז זי אַלט), זי מעלדעט, אַז זי איז שיין, אַטראַקטיוו און האָט 25 טויזנט דאָלאַר.

נאָכדעם מעלדעט דער שדכן ראָס, אַז עס זענען פאַראַן:

4) אַ מאַן פון 54 יאָר, אַ געשעפטסמאַן און

5) 2 פרויען — איינע אַן אלמנה און איינע אַ גרושה, אויך „ביזנעס־פרויען".

נו, פונעם מאַן, פון די 54 יאָר, וועט שוין עפּעס זיין אַ לייט!

אָבער, די שענסטע אַנאָנסן זענען די „דירעקטע" — פון די קאַנדידאַטן און קאַנדידאַטקעס אַליין!

**מעלדעט איינער:** יונגער מאַן, שוחט, האָט אַ גוט באַצאָלטע שטעלע, אויסער ניו־יאָרק, 42 יאָר אַלט, פון מיטעלן וווּקס, פיינעם אויסזען, געווען פאַרהייראַט, קיינע קינדער, גוטן כאַראַקטער, זוכט אַ מיידל אָדער יונגע פרוי, מעג האָבן אַ קינד, ביז 25 יאָר, פון שיינעם אויסזען, פיינער פאַמיליע, גוטן כאַראַקטער. פליז, ענטפערט אַלע איינצלהייטן אין דעם ערשטן בריוו און לייגט צו אויך אַ פאָטאָגראַפיע, וועלכע איך וועל צוריקשיקן, אויף פאַרלאַנג. קיין שדכנים.

און, אָט, מעלדעט אַן אַלטיטשקער, נעבעך: מאַן, איבער 65, געזונט, קינדערלאָז, איינקונפט 250 דאָלאַר מאָנאַטלעך, ווינטשט באַקאַנטשאַפט מיט סימפּאַטישער קינדערלאָזער פרוי. צוועק הייראַט. קיינע טעלעפאָנס.

און, אָט קומט אַן עלטערער בחור און מעלדעט: אַ בחור, שומר שבת, קען לערנען, 48 יאָר אַלט, פאַרדינט גוט, פיינע היים, זוכט ערנסטע, רעליגיעזע מיידל, ביז 40, גוטע מידות און כאַראַקטער, פון אַ פיינער פאַמיליע. צוועק הייראַט. נאָר אַזעלכע זאָלן ענטפערן פערזענלעך מיט איינצלהייטן.

און אָט מעלדעט אַ טאַטע וועגן זיין באַלעבאַטישער טאָכטער, אַז ער זוכט אַ יונגן מאַן ביז 45 יאָר. מוז זיין שטרענג רעליגיעז! קיין שדכנים!... וועט קריגן אַ שיינעם פּרעזענט (מען זאָגט נישט נדן — נאָר „פּרעזענט").

אַ צווייטע טאַטע־מאַמע מעלדן:

מיר ווינטשן פאַר אונדזער שיינער געלערנטער טאָכטער, 33 יאָר אַלט, אַ מאַן. זי האָט אַ קינד. פּרעזענט 3.000 דאָלאַר. צוועק הייראַט.

און אַזוי גייט אַ ליסטע פון העכער הונדערט „בויטבאַדערפטיקע" — צווישן זיי יונגע מענער און אַלטע ווייבער, אַן אַלמן, אַ געגטער און גלאַט אַ פאַרזעסענער בחור אָדער אַלטע מויד! כמעט אַלע — אין די ענגלישע אַוויסאָס — געבן זיי אַן זייער מאָס — די הויך און די ברייט — און מעלדן, וועלכע „מאָס" זיי ווילן...

איך וויל דיר, גאָלדע פאַרענדיקן די דאָזיקע בריוו מיט דער באַשרייבונג פון אַמעריקאַנער ספּעציפישע פרנסות און דיר דערציילן אַז:...

דאָקטוירים — פאַרדינען דאָ זייער גוט! אין אַמעריקע איז נישט גוט צו קרענקען! אַז מען רופט אַ דאָקטער אַהיים, דאַרף מען אָנגרייטן 50 דאָלער. ביי זיך אין „סטודיא" נעמט ער אויך נישט וויניקער פון 25 דאָלאַר.

ווען איך בין דאָס געווירע געוואָרן, האָב איך איבערגעציילט מיינע פּאָר דאָלאַר און געמאַכט אַ חשבון וויפל... איך קאָן דאָ קרענקען! מיין גליק איז, וואָס דאַווידזאָנס זון, איז אַ דאָקטער און האָט זיך באַלד געשטעלט צו מיין דינסט — מען זאָל נישט באַדאַרפן...

נו! און ווי האַלט עס מיט שרייבעריי אין אַמעריקע?

דאָ, אין אַמעריקע, פאַרקערט ווי ביי אונדז. די שרייבער אין די ענגלישע צייטונגען, פאַרדינען דאָ זייער אַ סך! ספּעציעל פאַרדינען די שריפטשטעלער וואָס זייער אַ בוך ווערט אַ „בעסט־סעלער". דאָס הייסט, ער געפעלט און עס קומט אויפן בוך אַן אויסכאַפּעניש! אָבער, אויך די צייטונגס־מענטשן פאַרדינען דאָ, ביי די ענגלישע צייטונגען, מער ווי ביי די יידישע! איך האָב געזען די „טשעקן" פון גוטע שרייבער, האָבן זיי באַטראָפן... 72 דאָלאַר אַ וואָך! דאָס הייסט,



דריי באַרימטע יידישע שרייבער אין אַמעריקע. זיי „דעקן" זייערע צייטונגען אין דער „און": ש. ל. שניידערמאַן פאַרן „טאָג מאָרגנזשורנאַל", לעאָן קרישטאַל פאַרן „פאָרווערטס"; אינמיטן — די פאַרשטייערין פון דער אַסאָ־שייטעד פרעס.

דער געהאַלט — איז 100 דאָלאַר אַ וואָך, אָבער מען הייבט אָן אַראָפּנעמען שטייערן און אַנדערע שלעק — ווערט דערפון 72 דאָלאַר.

איך האָב געזען, גרעסערע טשעקן אויך, — נישט פון בעסערע שרייבער — נאָר פון לענגער אַרבעטן אין צייטונג אָדער זיך בעסער אַריינגעפּאַסט אין צייטונג און אין זיין אַרבעט, האָט דער טשעק באַטראָפן — ריינער געהאַלט — 130 דאָלאַר אַ וואָך!

מיט אָט דער סומע מאַכט מען נישט קיין גביריש לעבן! נאָר אַזוי ווי יעדער שרייבער האָט נאָך עפּעס אַ זייטיק פאַרדינסטל — מאַכט מען שוין אַ לעבן.

אינטערעסאַנט איז: — די וויכטיקסטע נאַציאָנאַלע געזעלשאַפטלעכע אינס־

טיטוציעס, טוען אַלעס מעגלעכעס אַז אַ שרייבער זאָל ביי זיי האָבן פּרנסה. ביי דער „באָנאָס“־קאַמפּיין ביי דעם פאַראייניקטן קאַמפּיין, ביי די ראַדיאָ־שעהן, אומעטום זענען פאַראַן שרייבער. דער באַרימטער שרייבער וואָס האָט צוזאַמענ־געשטעלט דעם „אוצר פון דער יידישער שפּראַך“ — נ. סטוטשקאָוו, פירט אַז מיטן פּראָגראַם פון מאַנישעוויטשעס יידישע שעה דורך דער ראַדיאָ־ אַאַז״וו.

איין זאַך איז זיכער. דאָס, וואָס דער ערגסטער... ראַביי פאַרדינט אין אַ וואָך, פאַרדינט נישט דער בעסטער יידישער שרייבער אין אַ חודש! און, אַז צווישן



דער באַרימטער קאָרעספּאָנדענט פון דער „אַסאָסייטעד פּרעסע“, ה׳ האָטיס, וואָס איז געווען 5 יאָר אין דער טשעכאָסלאָוואַקישער טורמע, איז לעצטנס באַפרייט געוואָרן. אַר־בעט איצט אין דער געביידע פון דער „און“.

די יידישע שרייבער זענען פאַראַן אַזעלכע, וואָס האָבן מערער תורה אין „פּאָד־באָר“ ווי אַ סך ראַבייס און קאָפּ — מעגסטו אויך זיין זיכער!

און גאָר, גאָר לסוף:

אַ גוטע פּרנסה אין אַמעריקע איז... זיין אַ שאָפער! אָט דאָס „פאַך“ איז אייגנטלעך, אומעטום גוט! אויב דו געדענקסט, האָט מען אין ישראל אויך אָנגע־וויזן אַז די שאָפערן זענען די בעסטע פאַרדינער! און אַז ביי אונדז אין אַרגענטינע פאַרדינען די שאָפערן פון די טאַקסיס שטיקער גאָלד — דאַרף איך דיר נישט דערציילן! דו ווייסט, ווי אַזוי אין אַרגענטינע קומט אָן מיט קאָפּ־ווייטיק ביז מען קריגט אַ טאַקסי צו פאָרן! דאָ איז נישטאָ קיין מאַנגל אין טאַקסיס. די רופסט אַרויס דורכן טעלעפאָן, קומט תיכף אַ „טעקסי“. און אויב דו הערסט פון

טראַפיק אַקצידענטן — איז 80 פּראָצענט טרעפן זיך, אַמערסטן, אַט די אַקצי־דענטן מיט „טעקסיס". מעגלעך, אַז דאָס איז דערפאַר, וואָס צווישן די „טעקסי־דרייווערס" — שאָפערן, זענען פאַראַן זייער אַ סך... עלטערע מענטשן! אַ סך פון זיי וואַרטן, זיי זאָלן אַלט ווערן 65 יאָר, וועלן זיי זיך „ריטייערן" (כובילירן)! און ביז דאַן — מוזן זיי טרייבן דעם „טעקסי" און דערווייזן דער קאָמפּאַניע וועמענס „טעקסי" עס איז — זייער זעלטן אַז דער טעקסי זאָל זיין אַן אייגענע פון שאָפער — אַז זיי זענען נאָך גוט פעיִק צו טרייבן דעם אויטאָ!

אָט האָב איך היינט צופעליק געלייענט אַ פיין אַרטיקעלע פון דער באַוווסטער שרייבערין, דזשעי גרעיסאָן, וועלכע באַהאַנדלט אָט דעם פּראָבלעם מיט אַ סך אינטעליגענץ!

אויטאָמאָביל־אַקצידענטן זענען איינע פון די סאַמע ערנסטע פּראָבלעמען פון אַמעריקע און אַ פּראָבלעם וואָס ווערט שאַרפער און ערגער מיט יעדן ווייטערדיקן יאָר. וואָס מער אויטאָמאָבילן עס לויפן אויף די וועגן — אַלץ מער אויטאָמאָביל־אַקצידענטן קומען פאָר. מערער מענטשן פאַרלירן זייערע לעבנס און ווערן פאַרוווּנדעט אין אויטאָמאָביל אַקצידענטן ווי אין מילחמות.

אָט האָסטו אַן אינטערעסאַנטע סטאַטיסטיק וועגן די אויטאָמאָביל־אַקצידענטן אין אַמעריקע:

אין 1953 זענען אין אַמעריקע אומגעקומען 38 טויזנט 300 מענטשן. און אין דער גאַנצער קאָרעאַנער מילחמה זענען אומגעקומען 33 טויזנט 417 אַמעריקאַנער סאָלדאַטן, מאַטראָזן, פליִער און מאַרינעראָס. די אַלגעמיינע צאָל פאַרוווּנדעטע אין אויטאָמאָביל־אַקצידענטן איבערן לאַנד איז אַ פילפאַכערער ווי די צאָל פאַרוווּנדעטע אין דער קאָרעאַנער מילחמה — וואָס איז געווען 103 טויזנט 295, די צאָל פאַרוווּנדעטע אין אויטאָמאָביל אַקצידענטן גרייכט אין די מיליאָנען.

מען זוכט אַלערליי מיטלען צו פאַרקלענערן די צאָל אויטאָמאָביל־אַקצידענטן. מען פירט סיסטעמאַטישע קאַמפּאַניעס און מען אַפּעלירט צום עולם, סיי צו די אויטאָמאָביל־טרייבער גופא, סיי צו די פוס־גייער, אַז מען זאָל זיין פאַרזיכטיק און מער אָפּגעהיט, און אַז מען זאָל אויסמיידן אַקצידענטן און אָפּהיטן לעבנס, אָבער עס העלפט נישט! אויטאָמאָבילן לויפן, מענטשן גייען אומפאָרזיכטיק, און מען ווערט דערהרגעט!

מען פאָרשט די סיבות וואָס פירן צו אויטאָמאָביל־אַקצידענטן און מען וואַרפט די שולד פאַר די אויטאָמאָביל־אַקצידענטן אויף פאַרשידענערליי אומשטענדן.

מען ווייזט אָן, למשל, אַז דער ביטערער טראָפּן פאַראורזאַכט אַ סך אויטאָמאָביל־אַקצידענטן. עס איז דאָ אַפילו אַ גוט־באַקאַנט ווערטל: „שנאַפּס און גע־

זאָלין קענען זיך נישט צוזאַמענמישן״. ווען אַן אויטאָמאָביל־טרייבער מאַכט אַ „כוסה״, זענען דאָ מער שאַנסן אַז ער וועט פאַראורזאַכן אַן אַקצידענט, ווי ווען ער וואָלט געווען ניכטער.

קומען אַנדערע און וואַרפן די שולד פון דער גרויסער צאָל אַקצידענטן אויף די יונגע שאָפערן. מען באַשולדיקט די יונגע שאָפערן, אַז זייערע חושים אַרבעטן צו שנעל. — שנעלער ווי ביי עלטערע:

זיי זענען פלינקער — אפשר צו פלינק מאַנכעסמאָל. מען באַשולדיקט יונגע שאָפערן אַז זיי זענען צו אומגעדולדיק, צו ווילד; אַז זיי רעכענען זיך נישט מיט קיינעם און ווילן נישט אָפּטרעטן קיינעם דעם וועג ווען זיי זיצן ביים רעדל פון אַן אויטאָמאָביל און אָט דאָס פירט צו אַלע צרות... אָט־די יוגנטלעכע „ווילד־קייט״ און „אומגעז לדיקייט״ פאַראורזאַכט פּראָפּאָרציאָנעל מער אויטאָמאָביל־אַק־צידענטן, ווען די אויטאָס ווערן געטריבן פון יונגע, ווי פון עלטערע, געלאַסענערע שאָפערן.

קומט אַ דריטער צד און טענהט פונקט דאָס פאַרקערטע!

עס זענען אָבער אויך דאָ מיינונגען, און מען הערט זיי לעצטנס אָפטער און העכער, אַז מען האָט אויסגעטראַכט אַ בילבול אויף די יונגע שאָפערן; אַז נישט זיי, נאָר גראַדע פאַרקערט — די אַלטע — די שאָפערן וועלכע זענען אין די שפּעטע זעכציקער און אין די זיבעציקער יאָרן, פאַראורזאַכן אַ היפש ביסל אַקצי־דענטן, פיל מער פּראָפּאָרציאָנעל ווי די יונגע אויטאָמאָביל־טרייבער.

די חושים ביי עלטערע מענטשן ווערן אָפּגעטעמפּט וואָס עלטער מען ווערט. די ראיה ווערט שוואַכער; מען איז שוין נישט אַזוי ספּריטנע ווי אַמאָל און די קאָאָרדינאַציע פון די מוסקולן און פון די חושים איז שוין נישט אַזאַ פּינקטלעכע און פלינקע ווי געווען. און אָט־דאָס פירט צו אַקצידענטן, באַזונדערס ווען מען טרייבט אַן אויטאָ און מען איז נערוועז.

די צאָל אויטאָמאָביל־אַקצידענטן אין וועלכע עלטערע שאָפערן זענען פאַר־מישט ווערט אַלץ גרעסער און גרעסער מיט יעדן יאָר. איינע פון די אורזאַכן פון אָט־דער דערשיינונג איז דער פאַקט, וואָס די צאָל פון עלטערע מענטשן אין אַמעריקע ווערט אַלץ גרעסער. מענטשן לעבן איצט בכלל אַ סך לענגער ווי אַמאָל, און עס איז דעריבער גאַנץ נאַטירלעך אַז עס זאָל אויך וואַקסן די צאָל פון עלטערע אויטאָמאָביל־שאָפערן. וואָס עלטער מען ווערט, אַלץ מער און מער קומט דער אויטאָ צו נוץ און עס איז באַקוועמער צו פאָרן און צו טרייבן אַ קאָטש, אַפילו פאַר אַ קורצער שטרעקע, איידער צו גיין צופוס, וואָס פאַלט שווערער און שווע־רער וואָס עלטער מען ווערט.

פאַר די לעצטע פאַר יאָר האָבן זיך פאַרמערט די אַקצידענטן אין וועלכע

עלטערע אויטאָמאָביל־שאָפערן זענען געווען פאַרמישט; און מען רעדט וועגן איינפירן אַ ספּעציעל עקזאַמען פאַר עלטערע שאָפערן, און באַשרענקען דאָס טרייבן פון די אַלטע מענטשן. די אַלטע שאָפערן האָבן אָנגעשטעלט גוטע אַדוואָקאַטן זיי צו פאַרטיידיקן. זיי טענהן, אַז עס וועט דערוויזן ווערן, אַז דער עלטערער מענטש וואָס טרייבט דעם אויטאָ האָט... גוטע אויגן, אַ גוטן אויער און איז בכלל געזונט אָנצופירן מיט אַן אויטאָ — גאָר ספּעציעל — מיט אַ „טעקסי״!

צי וועט דאָס מאַכן ווייניקער אַקצידענטן? — מעגלעך אַז יאָ!

⁂

איך וויל רעזומירן:

אין אַמעריקע, האָט יעדער איינער פּרנסה! מען דאַרף נאָר וועלן אַרבעטן! און ווילן צו אַרבעטן איז דאָ ביי יעדן איינעם — אַ חוץ פון אַ ווויל בינטל וואַגאַבונדן, וואָס זענען פאַראַן אין אַלע לענדער און אין אַמעריקע אויך!...

קיין גליקן, ווי אַמאָל, קאָן מען אפשר נישט מאַכן. קיין מיליאָנערן קאָן מען שנעל נישט ווערן אָבער פּרנסה? —

— פון יעדע הונדערט טויזנט מענטשן, האָט בלויז איינער נישט קיין פּרנסה!

געבענטשט זאָל זיין אַזאַ לאַנד!

## XXVI

טייערע גאָלדע:

איך וועל „מיט דיר“ אין איצטיקן בריוו, מאַכן אַ שפּאַציר איבער אַ געגנט וואָס אַזעלכן זעסטו נישט אויף דער גאַנצער וועלט — אַפילו נישט אין ישראל. מיר וועלן „אַריינשפּאַצירן“ אין אַ געגנט ווו, אויף טריט און שריט טרעפסטו... ייִדן, בלויז ייִדן! — אַלט און יונג, מיט קאַפּאָטקעלעך און לאַנגע בערד און פּאות זוי אויף סמאָטשנע־גאַס. דו גייסט אָפּ עטלעכע קוואַרטאַלן און דו טרעפסט נישט קיין ייִדן אָן אַ באָרד, אָדער אַ פּרוי אָן אַ פּאַריק, אָדער ייִנגעלעך אָן געקרייזלטע פּאהקעלעך.

אינטערעסאַנט: איך האָב צען מאָל געבעטן מוניך, אַז מיר זאָלן מאַכן אַ שפּאַציר — מיט זיין אויטאָמאָביל — איבער אָט־דער געגנט, און ער האָט זיך אויסגעדרייט מיט אַ תירוץ, אַז הײַנט קאָן ער נישט פאָרן! און מאָרגן — וועלן מיר זען! נו, אַזוי ווי איך דאַרף נישט אַז מען זאָל מיר ווייזן אַ טיר — בין איך אַליין געפאָרן! איינמאָל — אין אַ שבתדיקן טאָג און איינמאָל אין אַ מיטן־וואָך, און דאָס וואָס איך האָב געזען, גיי איך דיר איצט באַשרייבן.

די דאָזיקע מערקווירדיקע געגנט הייסט וויליאַמסבורג.

אַמאָל, אַמאָל, האָבן דאָרט געוווינט קריסטן אויך. הײַנט, איז דאָס אַ הונדערט־פּראָצענטיקע ייִדישע געגנט! דאָ געפינען זיך אַלע ישיבות, אַלע וויכטיקע רעליגיעזע אינסטיטוציעס, אַלע תלמוד־תורות, אַלע רבנים און רביים — ספּעציעל די „גוטע ייִדן“ מיט אַ נאָמען פון דער אַלטער היים ווי למשל: דער „סאַטמאַרער“ רבי, דער „בלאָזשעווער“ רבי, דער „קלויזענבורגער“ רבי, און נאָך און נאָך „גוטע ייִדן“ מיט אַ שם אין אייראָפּע. מיט איין וואָרט, אָט־די געגנט איז די פרומסטע פון ניו יאָרק, פון אַמעריקע און אַפילו פון דעם קוואַרטאַל „מאה שערים“ אין ירושלים ווו מיר זענען געווען.

דאָס ערשטע מאָל, אַ שבת איז דאָס געווען, ווען איך בין נאָר אַריבערגעפאָרן די בריק פון דילענסיע־סטריט און בין „אַריינגעפאַלן“ אין וויליאַמסבורג, בין איך איבערראַשט געוואָרן: אַלע געשעפטן — פּאָזיטיוו אַלע געשעפטן — זענען געשלאָסן! דו גייסט איבער דער גאַס, און עס ווייזט זיך דיר אויס, אַז דו שפּאַנסט איבער די גאַסן פון טעפּליק, פון טערניוקע, פון כאַשטשעוואַטע, פון הייסין, פון אומאַן און פון קראַסנאָסטאַוו. אויף די גאַסן טרעפט מען זייער ווייניק מענטשן. די מענער און די עלטערע פרויען זענען אין שול. און טאַקע? וועלכער ייִד אין וויליאַמסבורג

גייט נישט אין שול אַריין? וועלכע ייִדענע גייט נישט אין שול — דערהויפּט נאָך, ווען עס איז שבת „מברכים”, מען בענטשט ראש־חודש שבט.

איך גיי דורך, דורך אַ צענדליק שולעכלעך און „שטיבלעך”. אין אָט די „שטיבלעך” פּיל איך נישט קיין „טעם”. אין אוקראַינע, ווו איך בין געבוירן און געוואַקסן, זענען אַזעלכע „שטיבלעך” נישט געווען. און אין פּוילן און אין גאַלי־ציע בין איך קיינמאָל נישט געווען. דאָך איז עס כדאי אַריינצוגיין אין אָט אַזאַ מקום קדוש: זיין אין וויליאַמסבורג און נישט אַריינגיין אין אַ שול איז — להבדיל באלף אלפי הבדלות — זיין אין רוים און נישט פאַרן אָנקוקן דעם וואַטיקאַן. איך „שטעל איין דאָס לעבן” און ווען איך בין דורכגעגאַנגען אַ בית מדרש — בין איך אַהין אַריין.

איך האָב אָנגעטראָפן אויף אַ חסידיש שטיבל. מען האָט געהאַלטן ביים אָנ־הייבן לייענען. ווי נאָר איך בין אַריינגעגאַנגען האָט מיר דער שמש צוגעטראָגן אַ טלית — אַ גרויסן אַלטן, פאַרגעלטן טלית און ער האָט מיך געפרעגט צי... איך האָב יאָרצייט.

ווען איך האָב אים געזאָגט, אַז קיין יאָרצייט האָב איך נישט, און איך בין בלויז אַ ייִד פון אַרגענטינע, און אַ שרייבער דערצו, איז ער באַלד אַוועק צום „מזרח” אָנזאָגן דעם „גבאי שני” דאָס נייעס (דער גבאי ראשון איז געווען אויפן בעלעמער און געטיילט „עליות”).

מען האָט מיך באַלד אַרויפגעפירט אין „מזרח” און מיר דערלאַנגט אַ חומשל און אָנגעוויזן „ווו מען האַלט”.

אין עטלעכע מינוט אַרום, פרעגט מען מיך ווי אַזוי מען רופט מיך צו דער תורה, און באַלד דערהער איך דעם באַקאַנטן טעפּליקער ניגון:

יעמוד, ר' זאב בר'ב נתן!...

הלמאי זאָל איך דיר זאָגן, גאָלדע, עס האָט מיך אַ ביסל איבערראַשט! איך בין געוואָרן אַ ביסל עמאָציאָנירט! אָבער — עס איז נישט געווען די זעלבע עמאָציע וואָס אין תל אביב, ווען מען האָט מיך, — דאָס ערשטע מאָל אין ארץ־ישראל — אויפגערופן צו דער תורה!... דאָ, האָבן קיין טרערן נישט געטריפן פון מיינע אויגן, כאָטש עס איז ביי מיר געווען אַן איבערלעבונג:

— עולה־תורה זיין אין ניו־יאָרק!

וואָס האָט מיך יאָ געוווּנדערט איז: — מען האָט מיר געמאַכט אַ „מי שברך” און דערנאָך אַ מי שברך פאַר דיר און אַפילו פאַר די קינדער, אָבער מען האָט נישט געפרעגט וויפל איך בין מנדב. שפּעטער בין איך געוווּיר געוואָרן, אַז מיט אויסלענדישע געסט פירט מען זיך אַזוי...

נאָכן דאַווענען, בין איך אַרומגערינגלט געוואָרן פון עטלעכע ייִדן! מען האָט

מיך פאַרשאָטן מיט פּראַגעס וועגן אַרגענטינע. דערהויפּט — ווי אַזוי עס זעט אויס דאָס יידישע — דאָס רעליגיעזע יידישקייט אין אַרגענטינע! איך האָב זיך געשעמט צו דערציילן דעם אמת, אַז אין גאַנץ אַרגענטינע איז נישטאָ קיין איין לייטישער כשרער רעסטאָראַן...

ביים אַרויסגיין פון דער שול האָט מיך אַ ייד פאַרבעטן צו זיך אַלס „אורח" ביי זיין שבת־טיש. איך בין גערן געגאַנגען מיט אים. איך האָב געוואָלט זיין ביי אַזאַ שבת־טיש, ביי וועלכן — אַ חוץ אין ישראל — בין איך שוין לאַנג נישט געווען. אויפן וועג צו אים אַהיים, ווער איך געוויר, אַז ער איז אַן אונגאַרישער ייד, ערשט עטלעכע יאָר אין לאַנד. אויך די שול איז אַ אונגאַרישע! פאַראַן דאָ זייער אַ סך אונגאַרישע שולן, אָבער די דאָזיקע שול איז עפּעס אַנדערש! פריער איז דאָ געווען אַ „קינאָ", האָט ער געפּוסטעוועט און דערלייגט אַ סך געלט! זינט די פרומע האָבן זיך אַהער אַריינגעצויגן און די קריסטן האָבן זיך אַרויסגעצויגן איז נישט געווען ווער עס זאָל גיין אין „קינאָ", האָבן אים ווינער יידן אָפּגעקויפט און געמאַכט פונעם קינאָ — אַ בית מדרש! אַ קהילה פון אונגאַרישע יידן, וואָס הייסט „עדת יראים", און דער געוועזענער בודאַפּעשטער רב ר׳ יונתן טייך — פירט אָן מיט דער דאָזיקער קהילה און שול.

אגב, אין ווילּיאַמסבורג זענען עטלעכע אַזעלכע „סינעמאַטאָגראַפן" פאַר־וואַנדלט געוואָרן אין שולן, און עס איז אַפילו פאַראַן אַ קלויסטער, וואָס די יידן האָבן אים אָפּגעקויפט און געמאַכט פון אים אַ... מקום קדוש!

ביי זיין, שיין סערווירטן, שבת־טיש, האָבן מיר גערעדט פון יידישקייט און פרומקייט! עס האָט אים זייער אינטערעסירט אַרגענטינע! ער קאָן דאָרט צוויי גייסטיקע מנהיגים! דעם רב אשר אַנשל קראַוז און ער דערציילט מיר אַז דאָ ווינען זיינע קרובים, וועלכע זענען רבנים און זייער מיוחסדיקע מענטשן און ער קאָן אויך דעם רב ערליך, וועגן וועמען ער האָט אויך אַ געהויבענע מיינונג.

***

צי וועל איך אַמאָל פאַרגעסן מיין שבתדיקן באַזוך אין ווילּיאַמסבורג? — איך גלויב אַז ניין! אויב עס וועט מיר זיין באַשערט צו לעבן 120 יאָר (ווי געפעלט דיר מיין חשק?), וועל איך געדענקען מיין שבתדיקן באַזוך אין אָט דער מערקוויר־דיקער יידישער געגנט, און אָט דעם יידישן שבת־טיש!

דאָס צווייטע מאָל, האָב איך באַזוכט ווילּיאַמסבורג אין אַ וואָכעדיקן טאָג. די שטאָט, די גאַסן, האָבן געוועשט ווי ערגעץ אַנדערש, אָבער מיט דעם איינציקן

חילוק, וואָס די גרעסטע טייל קלייטן פאַרקויפן — אָדער עסנוואַרג, אָדער רעליגיעזע זאַכן, ווי טליתים, תפילין, ציצית, ספרים, אָדער גאָר — „כשרע" צערולניקעס. מען שערט די האָר פון קאָפּ און פון באָרד — אויף אַ כשרן אופן!...

כדי דו זאָלסט האָבן אַ ביסל אַ בעסערן באַגריף פון אָט דעם יידיש־רעליגיעזן געגנט אין סאַמע האַרץ פון ניו יאָרק, וועל איך דיר איבערגעבן וואָס איינער פון די איידלסטע און פיינסטע יידישע שרייבער פון ניו־יאָרק, מיט וועמען איך האָב זיך באַקענט אין דער רעדאַקציע פון זיין צייטונג — אין „טאָג־מאָרגן־זשורנאַל", קאָלעגע מנשה אונגער דערציילט וועגן וויליאַמסבורג! אויף צו קאָנען אָט די געגנט, איז ער אַוועקגעפאָרן אַהין אויף אַכט טעג און האָט זי אויסגעשטודירט



אַ חדר אין וויליאַמסבורג, ווי ביי אונדז אין דער אַלטער היים. מען לערנט דאָ: קמץ אלף — אָ!

פון קאָפּ ביז די פיס. מנשה אונגער, וועלכער איז אַ גרויסער קענער פון חסידיזם ווי בכלל פון רעליגיעזן יידישן לעבן פון אַמאָל און היינט, איז אַ ייד, וואָס האָט פיינט איבערצוטרייבן ווען ער דערציילט עפּעס, און אַלעס וואָס איך וועל דיר דאָ איבערגעבן אין זיין נאָמען — איז הונדערט פּראָצענט ריכטיק!

מנשה אונגער רופט וויליאַמסבורג — „די שטאָט פון היימישער יידישקייט!" טאַקע! אַזוי היימיש ווי מען פילט זיך אין וויליאַמסבורג — פילט מען זיך בלויז אין ירושלים אין אַ שבתדיקן טאָג!...

דאָס יידישע וויליאַמסבורג האָט שוין פון לאַנג אַ שם אין אַמעריקע און אין דער גאַנצער וועלט מיט אירע יידישע מוסדות, ישיבות און תורה־יידישקייט. וויליאַמסבורג האָט זיך קונה שם געווען פאַרן יידישלעכסטן קוואַרטאַל פון דער יידישער ניו־יאָרק.

די ישיבה „תורה ודעת“ אין וויליאַמסבורג איז שוין אַ איינגעפונדעוועטע אינסטיטוציע, וועלכע האָט אַרויסגעגעבן הונדערטער ייִדן בני תורה און רבנים, וועלכע פאַרנעמען וויכטיקע שטעלעס אין אַמעריקאַנער ייִדנטום. וויליאַמסבורג האָט אויך אַנדערע וויכטיקע ישיבות.

אָבער נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה איז וויליאַמסבורג נאָך מער באַקאַנט געוואָרן. פֿרומע ייִדישע פּליטים, די שארית הפּליטה פון: פּוילן, גאַליציע און



דער רבי מיט די תלמידים חזרט איין, מיט די „עלטע־רע“ תלמידים (פון 6 יאָר) אַ שטיק חומש מיט רשי!

אונגאַרן, האָבן זיך דאָרט באַזעצט. אָט־די פּליטים זעען זיך גאָר שטאַרק אָן מיט זייער „היימישער“ הלבשה, בערד און פּאות.

וויליאַמסבורג איז געוואָרן אַ צענטער, ווו מען קען באַגעגענען אַלע סאָרטן ייִדן, וואָס זענען פאַראַן אין ייִדישן פאָלק. דאָרט געפינט מען אויך פאַרשיידענע הויפן פון חסידישע רבייִם.

אַמאָל, אַז מען האָט געוואָלט פאָרן צו אַ רבין האָט מען געדאַרפט מאַכן גרויסע הוצאות. היינט קען אַ ייִד אין ניו־יאָרק אַרויספאָרן ערב־שבת מיט דער סאָבוויי קיין וויליאַמסבורג און ער קען אין משך פון עטלעכע שעה זיין ביי פאַרשיי־דערע רבייִם, און זיך באַקענען מיט זייער הנהגה, ווי אַזוי זיי פירן טישן און ווי אַזוי זיי זאָגן תורה; וואָס פאַראַ ניגונים דער אָדער יענער רבי זינגט און וואָס פאַראַ מעשיות די רבייִם דערציילן פּרייטיק צונאַכט.

מיר ווייסן, למשל, אַז דעטראָיט איז דער צענטער פון די אויטאָמאָביל־

פאַבריקן; פעטערסאָן איז דער צענטער פון דער זייד־אינדוסטריע. אָבער ווו זענען די פאַבריקן פאַר אויסאַרבעטן שטריימלעך? שייטלען? זיידענע קאַפּאָטעס? די דאָזיקע פאַבריקן וועט איר נישט געפינען אין גאַנץ אַמעריקע, נאָר אין וויליאַמסבורג.

ווען איר זאָלט פרעגן אַ פשוטן יידן אין וויליאַמסבורג, וויפל חסידישע יידן פון די נײַ־אָנגעקומענע זענען דאָרט פאַראַן? וועט ער אייך זאָגן, אַז צו ווינציקסטן זענען אין די לעצטע יאָרן נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה צוגעקומען קיין וויליאַמסבורג 30 טויזנט אַזוינע יידן. אָבער אין דער אמתן, האָב איך אויסגעפונען, אַז עס האָבן זיך אינגאַנצן באַזעצט אין וויליאַמסבורג אַ 2.000 משפחות, וואָס ציילן 15.000 נפשות.



תלמידים פון דער ישיבה „תורה ויראה״, — צוקונפטיקע ישיבה־בחורימלעך, און אפשר גרויסע רבנים, נעמען דעם אויטאָבוס צו פאָרן אויף דער פרייער לופט...

וועט איר דאָך פרעגן פאַרוואָס אויף יעדן שריט און טריט זעט מען אין וויליאַמסבורג יידן מיט לאַנגע קאַפּאָטעס און מיט ברייטע סאַמעטענע קאַפּעליושן און לאַנגע בערד און פאות? איז דער ענטפער, אַז די דאָזיקע יידן זענען מער אָנזעעוודיק. זיי ווערן גיכער באַמערקט צוליב זייער טראַדיציאָנעלער הלבשה. דערצו קומען אַריין קיין וויליאַמסבורג יעדן טאָג חסידישע יידן פון גאַנץ ניו־

יאָרק און פון גאַנץ אַמעריקע און קאַנאַדע. איינער קומט זיך „פּראָוועז" ביים רבין, אַ צווייטער קומט קויפן אַ חסידישן מלבוש און אַ דריטער, קומט וועגן אַ שידוך פאַר אַ טאָכטער און דאַרף פאַרהערן דעם חתן־בחור אין דער ישיבה. אַנדערע קומען סתם אויף אַ באַזוך צו באַקאַנטע אָדער קרובים.

איר דאַרפט נאָר אַריבער די בריק פון דילענסי סטריט אויף דער איסט סאַיד קיין וויליאַמסבורג. באַלד ווי איר קומט אַריין, וועט זיך אייך אויסדוכטן אַז איר געפינט זיך אין אַ שטעטל אין דער אַמאָליקער אונגאַרן אָדער גאַליציע.

קודם־כל באַמערקט מען באַלד די קליינע קינדערלעך, קיין עין־הרע, וואָס טראָגן לאַנגע פאות און רעדן אַ געשמאַקן ייִדיש. פון צייט צו צייט קען מען הערן, ווי אַ פרוי אין אַ שייטל רעדט צו אַ צווייטער פרוי אונגאַריש, אָבער די זעלבע פרוי וועט רעדן צו איר קינד נאָר אין ייִדיש...

אָט בין איך אין לי עוועניו. איך באַמערק ווי צוויי קינדער, ייִנגלעך, איינער איז אַלט 4 יאָר און דער צווייטער 5 יאָר. זיי שפּילן זיך אויפן טראָטואַר. זיי טראָגן ביידע לאַנגע פאות, אָבער איינער פון זיי האָט נישט קיין קאַפּל אָדער יאַרמולקע אויפן קאָפּ. דאָס קאַפּל ליגט דערביי אויפן טראָטואַר.

גייט צו אַ ייִד, מסתמא אַ קרוב, און זאָגט צו דעם ייִנגעלע:

„חיימל, פאַרוואָס ביסטו מיט אַ בלויזן קאָפּ? טו אָן דאָס קאַפּל!"

און חיימל ענטפערט:

„מיר שפּילן זיך איצט אין פערדלעך. איך בין אַ פערדל, און אַ פערדל דאַרף נישט טראָגן קיין קאַפּל".

און אָט איז אַ צווייטע סצענע אויף דער גאַס:

עס שטייט אין אַ עק גאַס אַ קליין ייִנגעלע מיט גאָר לאַנגע נישט געקרייזלטע פאות מיט אַ גמרא אונטערן אָרעם. ער וואַרט עס זאָל ווערן אַ „גרין־ליכט" און ער זאָל קענען אַריבערגיין די גאַס. עס שטייט לעבן אים אַ פרוי, בעט ער די פרוי, זי זאָל אים אַריבערפירן די גאַס. די פרוי וויל דאָס ייִנגעלע אָננעמען ביים הענטל, גיט זיך דאָס ייִנגעלע אַ ריס אַרויס פון איר האַנט און זאָגט:

„מען טאָר נישט אָנרירן קיין פרוי, איך וויל נאָר איר זאָלט גיין פאַמעלעך, איך זאָל קענען מיט אייך אַריבערגיין די גאַס".

אין געוויסע געגנטן אין ניו־יאָרק איז פאַראַן אַ פּראָבלעם, וואָס צו טאָן מיט די שולן, וואָס פוסטעווען. דער ייִדישער עולם האָט זיך אַרויסגעצויגן. עס האָבן זיך אַריינגעקליבן פאַרטאָריקאַנער אָדער שוואַרצע. מען רייסט אַראָפּ די אַרומיקע אַלטע הייזער צו בויען גרויסע פּראָיעקטן־הייזער, די שולן פוסטעווען און מען מוז זיי פאַרקויפן.

אין וויליאַמסבורג קומט פאַר אַ גאַנץ אַנדער פּראָצעס. אויף בעדפאָרד עוועניו

וועט איר באַמערקן שטייט אַ גרויסער בנין, וואָס איז אַמאָל געווען אַ קירכע און איצט איז דאָרט אַ בית־יעקב שול, ווו עס לערנען הונדערטער און הונדער־טער מיידלעך.

וויליאַמסבורג איז אויך אייגאַרטיק דערמיט, וואָס דאָרט קאָנט איר טרעפן אויף ראָס גאַס און אויף אַנדערע גאַסן פעלוקעראָס (באַרבער־שאַפּס), וואָס נישט בלויז האַלטן זיי די פעלוקעריאַ פאַרמאַכט אום שבת, נאָר ווען איר וועט אַריינקו־מען זיך אָפּשערן, אין דער פעלוקעראָ וועט באַמערקן, אַז איר זענט אַ ייִד, מעגט



הדר־ייִנגלעך פון דער ישיבה „תורה ויראה" פון וויליאַמסבורג אויף אַ „פּיק־ניק".
זיי רעדן צווישן זיך בלויז... יידיש!

איר אים געבן כל הון דעלמא וועט ער אייך נישט אָפּשערן די פאות, אָדער ראַזירן די באָרד מיט אַ גאָל־מעסער, ווייל על פי דין האָט דער שערער די זעלבע עבירה וואָס דער, וואָס שערט זיך אָפּ די פאות און ראַזירט זיך די באָרד.

איך האָב גערעדט מיט איינעם אַזאַ שערער און האָב אים געפרעגט פון וואַנען דערקענט ער, אַז דער וואָס קומט אַריין זיך שערן צו אים איז אַ ייִד. האָט ער מיר געענטפערט, אַז ווען עס קומט אַריין אַ פּאָרטאָריקאַנער, דערקענט ער אים אין דער ענגלישער אויסשפּראַך, און ווען עס קומט אַריין אַ ייִד, באַמערקט ער עס אין זיין נאָז, און כדי חס ושלום נישט נכשל צו ווערן, וועט ער קיינעם נישט אָפּשערן די פאות און ראַזירן די באָרד, איידער ער רעדט מיט אים...

אין וויליאַמסבורג קאָנט איר זען אַרויסגעהאָנגען שילדן אין ייִדיש, ווו עס

ווערט געמאָלדן, אַז דאָ מאַכט מען זיידענע קאַפּאָטעס און בעקעשעס און כאַ־לאַטלעך.

אַן אַנדער שילד ווייזט אָן, אַז דאָ מאַכט מען ברייטע סאַמעטענע קאַפּעליושן.

אַן אַנדער שילד אויף אַ הויז לאָזט אייך וויסן, אַז מען מאַכט דאָרט:

„כשרע העמדער"...

וועט איר אַוודאי פרעגן, וואָס אַזוינס מיינט מען „כשרע העמדער"?

וועל איך זיך פאַר אייך מודה ומתוודה זיין, אַז איך האָב אַליין אויך נישט געוווּסט, ביז דער באַלעבאָס פון דער פאַבריק, אַ ייִד מיט אַ לאַנגער רויטער באָרד און פּאות האָט מיר געזאָגט, אַז די העמדער, וואָס מען פאַבריצירט אין אַמעריקע איז פאַראַן אויף זיי אַ חשד, אַז מען דאַרף אין זיי איינמאַכן ציצית, ווייל אין ביידע זייטן פון העמד זענען פאַראַן שניטן, ווערט אַזאַ העמד אַ מין „אַרבע כנפות", און וועלכן מען דאַרף אַריינטאָן ציצית. זיינע העמדער, אָבער, זענען לאַנגע, אָן שפּאַלטן אין דער זייט. דערצו זענען זיי אויך אָן אַ קנעפּל פון אויבן, נאָר מיט בענדלעך, אַזוי ווי ייִדן האָבן געטראָגן העמדער אַמאָליקע יאָרן, וואָרום די קנעפּלעך אין די העמדער זענען געמאַכט, אַז מען זאָל זיי פאַרקנעפּלען פון לינקס אויף רעכטס, און אַ חסידישער ייִד דאַרף טראָגן דאָס העמד און יעדן מלבוש פאַרקנעפּלט פון רעכטס אויף לינקס...

אָט דאָס הייסט „כשרע העמדער".

אין וויליאַמסבורג איז, אַגב, אויך פאַראַן אַ לאַבאָראַטאָריע, ווו מען געפינט אויס צי אייער מלבוש איז נישט קיין שעטנז... מען וועט אייך דאָרט פאַרקויפן מלבושים, הויזן און רעקלעך, וואָס זענען פריי פון שעטנז...

וויליאַמסבורג האָט אויך איר אייגענעם בדחן, ווי אַמאָל אין דער אַלטער היים, אויב איר ווילט האָבן אַן אמתע ייִדישע חתונה, מיט אַ בדחן, וואָס זאָל באַזינגען די כלה פאַר דער באַדעקנס און דעם חתן — פאַר דער חופּה, קענט איר אין וויליאַמסבורג נעמען דעם בדחן — מענדל שטיין.

אָבער ער איז נישט דער איינציקער אין וויליאַמסבורג, עס זענען דאָרט פאַראַן נאָך אַנדערע בדחנים, און ווילט איר האָבן ערלעכע כלי־זמרים, מיט באָרד און פּאות, וואָס שפּילן נאָר אויף „כשרע חתונות", קענט איר דאָס אויך נאָר קריגן אין וויליאַמסבורג. זוכט נאָר אויף ייִדל טאָרנער, און ער וועט אייך שוין באַזאָרגן מיט אַ חסידישער קאַפּעליע...

און ווילט איר, ווידער, האָבן אַ קאַפּעליע פון חסידישע בחורים, וואָס זאָלן שפּילן ביי אַ מלוה מלכה. קענט איר זיי געפינען אין דער קאַרלין־סטאָלינער ישיבה, זיי וועלן באַשיינען אייערע שמחות מיט חסידישע ניגונים און מיט אמתער ייִדישער מוזיק.

אין וויליאַמסבורג איז פאַראַן אַ מקוה, וואָס האָט געקאָסט אויפבויען פינף און זיבעציק טויזנט דאָלאַר. דאָס איז די „סאַטמאַרער מקוה״. האַלט מען זי פאַר אַזוי כשר, אַז עס קומען פרומע פרויען נישט בלויז פון ניו־יאָרק, נאָר אויך פון גאָר ווייטע מקומות. עס איז נישט קיין נאָווינע, אַז עס זאָל אַ פרומע פרוי אין אַ שייטל קומען צופליען פון טשיקאַגאָ, אָדער דעטראָיט צו דער דאָזיקער „כשרער מקוה״...

מיט וואָס איז די דאָזיקע מקוה אַנדערש פון די אַלע אַנדערע מקוהס?

— דערמיט, וואָס דאָס איז אַ קוואַל־מקוה. מען האָט געגראָבן 126 פוס טיף ביז מען האָט זיך אָנגעשלאָגן אין אַ לעבעדיקן קוואַל. מען פירט דאָס קוואַל־וואַסער



דער רבי מיטן „בעלפער״ טיילן־אויס די קינדערלעך זייער מיטיק, אויפן „פיק־ניק״. עס הערשט דיסציפלין און אָרדענונג, טאַקע ווי.. גאָט האָט געבאָטן!

אַרויף נישט מיט פשוטע רערן, נאָר מען האָט געמאַכט רערן פון פּלאַסטיק, וואָס איז נישט מקבל טומאה. דאָס וואַסער ווערט אויך נישט געפּאָמפּעט, נאָר מיט דער הילף פון אַנדערע רערן. מען לאָזט אין קוואַל אַריין לופט און דורך דעם שטאַרקן לופט־דרוק קומט דאָס וואַסער אַליין אַרויף דורך די פּלאַסטישע רערן... די דאָזיקע מקוה געפינט זיך ביי דער קהלה „ייטיב לב״, וואָס געפינט זיך ביי דעם סאַטמאַרער רבינס ישיבה.

אָבער דאָס איז נישט די איינציקע מקוה אין וויליאַמסבורג. עס איז אויך

פאַראַן אַ מקוה פון צעלעמער רב, אַ „פוילישע מקוה״. איצט גייט אויך בויען אַ מקוה דער קלויזענבורגער רבי...

ביי דער מקוה פון קהל „ייטיב לב״ איז אויך פאַראַן אַ שוויץ. מיט בעזעמ־לעך, אַ שמייסער, אַ רופא, וואָס קאָן אויסגלייכן אַ „העקסנשאָס״, שטעלן באַנקעס, שטעלן פיאַווקעס, „לאָזן אָן אָדער״, אַז מען זאָל נישט באַדאַרפן, אַלץ וואָס אַ פעלשער האָט געטאָן פאַרצייטנס אין דער אַלטער היים...

און ווען איר קומט אַ פרייטיק פאַרנאַכט קיין וויליאַמסבורג וועט איר זען, ווי קליינע ייִנגלעך מיט לאַנגע פאות טראָגן פעקלעך אונטערן אָרעם, דאָס איז די נייע וועש זייערע, און זיי אײלן זיך אין שוויץ און אין מקוה אַריין לכבוד שבת...

פרייטיק נאָכמיטיק, ווען מען דאַרף בענטשן ליכט, וועט איר באַמערקן ווי עס פאַרמאַכן זיך די געשעפטן און עס באַוויַזן זיך שבת־ליכט אין די פענצטער פון די הייזער. יונגעלייט און יידן אין לאַנגע, שוואַרצע זיידענע קאַפּאָטעס מיט ווייסע שיך און זאָקן, מיט ברייטע גאַרטלען און שטריימלען, אײלן זיך אין די בתי־מדרשים אַריין מקבל שבת צו זיין. פאַרגעסט איר דעמאָלט, אַז איר זענט אין אַמעריקע אין דער גרעסטער שטאָט אין דער וועלט. אייך דוכט זיך אויס, אַז איר זענט צוריק אין פוילן אָדער אונגאַרן, אָדער אַז איר געפינט זיך אין מאה שערים, אין ירושלים...

וויליאַמסבורג איז אויך באַקאַנט מיט אירע ישיבות. אַ חוץ די באַרימטע ישיבה ומתיבתא „תורה ודעת״ האָט איר אויך די ישיבה פון צעלעמער רב, די ישיבה פון סאַטמאַרער רבין, די ישיבה פון קלויזנבורגער רבין, די פוילישע ישיבה „דרכי נועם״, סטאָלינער רבינס ישיבה, די מלאכים ישיבה, די ישיבה אויפן נאָמען פון ר׳ ישראל מאיר הכהן (חפץ חיים) און נאָך אַנדערע.

די וויכטיקסטע ישיבה איז פון סאַטמאַרער רבין.

אין דעם סאַטמאַרער רבינס ישיבה הייבט מען אָן מיט אַ קינד צו לערנען, ווען ער ווערט דריי יאָר אַלט. דער מלמד וואָס לערנט מיט די אָנפאַנגער איז אַ יונגערמאַן, אויך אַ געראַטעוועטער פון דעם נאַצישן גיהנום. ער שטייט מיט אַ טייטל אין דער האַנט, אויפן היימישן שטייגער, און זינגט אויס מיט די קינדער דעם „אַלף־בית״...

אין יעדן חדר (קלאַס־צימער) זענען פאַראַן אַ דרייסיק־פערציק קינדער, אַלע קינדער האָבן לאַנגע געקרייזלטע פאות, און דער מלמד — נאָך לענגערע גע־קרייזלטע פאות, וואָס קוקן אויס ווי לאַנגע קאָרקן־ציִערס.

מיט עלטערע קינדער לערנט מען שוין טראַף, „קמץ אַלף אָ״. אַלע קינדער

זינגען דעם „קמץ אַלף אָ“ מיט דעם זעלבן ניגון, וואָס מיר געדענקען נאָך פון אונדזערע קינדער־יאָרן...

מיט נאָך עלטערע קינדער לערנט מען שוין חומש לויט דער סדרה — דאַן חומש מיט רש״י און גמרא מיט תוספות. אַלץ ווערט געלערנט אויף ייִדיש. עס ווערט אָפּגעהיט דאָס ייִדישע לשון מיט אַלע פּיטשעווקעס...

די קינדער רעדן אַ ייִדיש אַזוי ווי מען האָט גערעדט אין אונגאַרן, מען זאָגט




אַ צווייטע גרופּע קינדערלעך, וואַרטן ביים אויטאָבוס, ער זאָל זיי אויפנעמען אויף אַ שפּאַציר אויסער דער שטאָט. אין חדר אַריין קומט מען צופוס אָדער מיטן טראַמוויי...

„דעיז“ אַנשטאָט „דאָס“ און „הישער“ אַנשטאָט „היגער“, און „אירעל“ אַנשטאָט אַ „זייגערל“.

אַזוי ווי אַלע שולעס און ישיבות אין אַמעריקע זענען אינטעגראַלע, מוז מען אויך לערנען די ענגלישע לימודים.

די אַלגעמיינע וועלטלעכע לימודים ווערן געלערנט פון זיבן יאָר אָן, פון 1 אַזייגער נאָכמיטיק.

די ישיבה האָט גרויסע שוועריקייטן מיט די ענגלישע לערן־ביכלעך — די ביכלעך וואָס ווערן באַנוצט אין די פּאָבליקס סקולס, — זענען נישט צוגעפּאַסט

פּאַר די קינדער פון דער ישיבה. אין אָט די ביכלעך ווערן דערציילט מעשיות ווי אַזוי מערי פּאַרבעט דזשאַנען צו שפּילן זיך ביי איר אין דער היים, און די קינדער פון דער ישיבה לערנט מען, אַז יינגלעך מיט מיידלעך טאָרן זיך נישט שפּילן צוזאַמען. אין די ענגלישע שול־טעקסטן זענען פאַראַן בילדער, אילוסטראַציעס פון יינגלעך, וואָס גייען אין בלויזן קאָפּ, און יינגלעך זיצן מיט מיידלעך אויף איין באַנק אין פּאַרק און לייענען פון איין ביכל. דאָס איז אַלץ קעגן דעם גייסט פון דער סאַטמאַרער ישיבה. דעריבער האָט מען באַשלאָסן, אַז פון קומענדיקן יאָר אָן וועט מען דרוקן אייגענע ביכלעך, וואָס וועלן דאַרפן אָנערקענט ווערן פון דעם דעפּאַרטאַמענט פון דערציִונג פון שטאָט.

אין דער ישיבה לערנען אַ 60 בחורים, וואָס באַקומען עסן און שלאָפן אומזיסט, און שטייען אונטער דער השגחה פון סאַטמאַרער רבין.

ווען אַ בחור האַלט ביים חתונה האָבן, גייט ער אַוועק צו אַ ייִדן, אַ בעל־מלאכה, און ער לערנט זיך נייען אויף אַ מאַשין אָדער אַן אַנדער אַרבעט. דערנאָך ווערט ער אַריינגעצויגן אין דער יוניאָן. אַ צאָל בחורים לערנען זיך אויס צו זיין ברילִיאַנטן־שלייפער.

ווען אַ ישיבה־בחור האָט חתונה און אַרבעט בייטאָג, קומט ער אין אָוונט לערנען אין דער ישיבה. די ישיבה־בחורים האָבן געשאַפן אַ חברה „תפארת בחורים" צו לערנען אין אָוונט נאָך דער אַרבעט.

עס איז איצט שווער פאַר אַ ישיבה־בחור צו טאָן אַ שידוך. פריִער, ווען עס זענען נאָך געווען אַ גרויסע צאָל „גרינע" מיידלעך האָט אַ חסידישער ישיבה־בחור געקענט לייכט אַ שידוך טאָן. דאָס מיידל האָט מסכים געווען אָנצוטאָן אַ שייטל, אָדער טראָגן אַ טיכל, נישט צו טראָגן קיין ניילאָן זאָקן, נאָר שוואַרצע זאָקן און נישט צו טראָגן קיין בלוזע מיט אַ דעקאָלט און מיט קורצע אַרבל.

איצט איז שוין שווערער צו געפינען אַזעלכע מיידלעך. אויב עס טרעפט זיך אַזאַ מיידל, קומט זי פון בית יעקב שולן, אָבער קיין סך זענען נישט פאַראַן. די חדרים פאַר מיידלעך, וואָס דער סאַטמאַרער רבי האָט געגרינדעט זענען נאָך אין קינדער־גאָרטן און אין די ערשטע קלאַסן. מען וועט דאַרפן וואַרטן ביז די דאָזיקע מיידלעך וועלן אונטערוואַקסן, — ביז מען וועט קענען מיט זיי טאָן שידוכים.

און וואָס טוט מען איצט?

איז די לאַגע טאַקע אַ שווערע. עס זענען פאַראַן שדכנים, וואָס זוכן אויס חסידישע מיידלעך אין קאַנאַדע. אַ טייל פון די בחורים פאָרן קיין ישראל. דאָרט, אין ירושלים, אין מאה שערים, געפינט מען נאָך פרומע מיידלעך, וואָס זענען

גרייט חתונה צו האָבן מיט אַזוינע חסידישע בחורים און פאָרן מיט זיי קיין אַמעריקע.

*
**

רעדנדיק וועגן סאַטמאַרער ישיבה און סאַטמאַרער רבין! דו געדענקסט, מן הסתם, וואָס איך האָב דיר געשריבן וועגן דער „פּראָטעסט מאַניפעסטאַציע״ פון די „נטורי קרתא״ פון אַמעריקע קעגן דער יידישער מדינה. אָנשטאָט צו פּראָטעסטירן קעגן די עגיפּטער, וואָס האָבן אויפגעהאָנגען 2 אומשולדיקע יידן, האָט מען פּראָטעסטירט קעגן דער יידישער מדינה פאַרוואָס זי דערלויבט אַ „קלוב״ פאַר ייִנגלעך און מיידלעך אין ירושלים — נישט ווייט פון מאה שערים. איך האָב דיר געשריבן, אַז דער גלאַוונער אָנפירער פון „פּראָטעסט״ איז געווען דער סאַטמאַרער רבי, וועלכער איז דער וויכטיקסטער פון אַלע „גוטע יידן״ אין ווי־ליאַמסבורג! ער קומט אַרויס פון זייער אַ גרויסן יחוס! וועגן זיינעם אַ זיידן, וועמען מען האָט גערופן דער „אוהעלער״ רבי (פון דעם שטעטעלע אוהעל), דערציילט מען זיך אַן חידושים, — ספּעציעל, אַז ער האָט אַזוי ווייט געגלויבט, אַז משיח דאַרף קומען, אַז, ביים בעט, וווּ ער איז געגאַנגען שלאָפן, האָט ער געהאַלטן אָנגע־גרייט אַ שטעקן, טאָמער קומט אָן משיח — זאָל ער האָבן מיט וואָס אַרויסצוגיין אים... מקבל פּנים זיין!...

ווען ער האָט זיך געלייגט שלאָפן, האָט ער אָנגעזאָגט זיינע קינדער, אַז ווען זיי וועלן דערהערן דעם שופר של משיח, זאָלן זיי נישט קוקן אויף כבוד און זאָלן אים גלייך אויפוועקן...

איינמאָל, דערציילן די חסידים, איז דער אוהעלער רבי געווען אין מקוה. האָט אַ חסיד אים געוואָלט אָנזאָגן די בשורה, אַז זיין זון, ר׳ אליעזר־ניסן, איז געקומען צופאָרן פון דראָהאָביטש.

ווען דער אוהעלער רבי האָט דערהערט בלויז דאָס וואָרט „געקומען״, האָט ער זיך שנעל אָנגעטאָן די מלבושים און געפרעגט:

„וואָס? טאַקע געקומען קיין אוהעל? פאַרוואָס האָט ער אויסגעקליבן אוהעל? און ווו איז „ער?״

דער חסיד האָט אים געזאָגט, אַז ער איז ביי אים אין שטוב.

האָט דער אוהעלער רבי שוין דאָס גאַרנישט געקענט פאַרשטיין:

„פאַרוואָס איז „ער״ צום ערשטן געקומען צו מיר אין הויז אַריין? פאַרוואָס האָט ער אויסגעקליבן מיין שטוב?״ און דער אוהעלער רבי איז מיט איין אָטעם געלאָפן אַהיים.

און ווען דער אוהעלער רבי איז אַריינגעקומען אין שטוב אַריין האָט ער גלייך געפרעגט:

„ווו איז ער? לאָמיר אים געבן שלום".

ווען דער צדיק איז אַריין אין זיין צימער און האָט דערזען זיין זון, האָט ער זיך צעוויינט:

„ער" איז נישט געקומען"...

וויל, געמיינט האָט דער אוהעלער רבי די גאַנצע צייט, אַז דער חסיד האָט אים אָנגעזאָגט אין מקוה די בשורה, אַז „ער", משיח, איז געקומען...

דעריבער האַלט אויך איצט, זיין אייניקל, דער סאַטמאַרער רבי, אַז יעדע זאַך וואָס קאָן אָפּשוואַכן דעם גלויבן אין ביאת המשיח „פאַרהאַלט" די גאולה. דערפאַר איז דער סאַטמאַרער רבי נישט קיין גרויסער „חסיד" פון דער יידישער מלוכה אין ישראל. ער האַלט, אַז דאָס שוואַכט אָפּ ביי יידן די אמונה אין ביאת המשיח...

אָט דער סאַטמאַרער רבי איז די וויכטיקסטע רעליגיעזע פּערזענלעכקייט פון אַמעריקע. זיינע חסידים ציילן זיך אין די שווערע טויזנטער.

עס האָט מיך אינטערעסירט צו וויסן נאָך אַ זאַך:

ווי קומט קיין וויליאַמסבורג אַזוי פיל אונגאַרישע יידן?

דער ענטפער איז געווען: גאָר פּשוט.

אין אונגאַרן איז דער ציוניזם געווען שוואַכער ווי אין פּוילן און גאַליציע. האָבן אַ צאָל געראַטעוועטע יידן פון אונגאַרן, אין די פּליטים-לאַגערן, בעסער אויסגעקליבן צו פאָרן קיין אַמעריקע ווי קיין ארץ־ישראל. אָט דערפאַר, און צוליב אַ סך אַנדערע סיבות, האָבן חסידישע יידן פון אונגאַרן זיך געמאַכט זייער היים אין וויליאַמסבורג.

ווען דו דרייסט זיך אַרום עטלעכע שעה אין וויליאַמסבורג און קומסט דער־נאָך אַרויס קיין ניו־יאָרק, ווייזט זיך דיר אויס, אַז דו ביסט אָנגעקומען אין... אַן אַנדער לאַנד, אין אַן אַנדער וועלט...

וויליאַמסבורג, שטייט דיר דערנאָך לאַנג פאַר די אויגן!

בלויז אין אַמעריקע, אין דעם, אַזוי פרייען אַמעריקע, קאָן זיך געפינען אַזאַ געגנט ווי וויליאַמסבורג!

געבענטשט זאָלסטו זיין אַמעריקע!

## XXVII

טייערע גאָלדע:

כ'האָב באַקומען פון דיר אַ בריוו, אין וועלכער דו פרעגסט מיך, דאָס, וואָס אַ צענדליק ייִדן פרעגן עס מיך דאָ אַלע טאָג.

— „ווי געפעלט מיר אַמעריקע"? צי איך וואָלט געקענט בלייבן וווינען אין אַמעריקע?

פאַראַן זאַכן, וואָס געפעלן מיר זייער און זייער; פאַראַן זאַכן, פון וועלכע איך בין, ממש, איבערראַשט! אין קיין שום אַנדער לאַנד, וואָלט דאָס נישט געקענט געשען!

פאַראַן אויך זאַכן, וואָס געפעלן מיר שוין גאָרנישט. מעגלעך, אַז צוליב דעם אַליין וואָלט איך דאָ נישט געוואָלט בלייבן וווינען...

ווידער טאַקע וועגן דער כוואַליע פון פאַרברעכנס, וואָס האָט זיך לעצטנס גע־געבן אַ גיס אויף ניו־יאָרק. נישטאָ קיין טאָג, אַז מען זאָל נישט לייענען וועגן אומגלויבלעכע פאַרברעכנס — און די פאַרברעכער זענען יונגע חברה פון 16 ביז 20 יאָר.

צום באַדויערן, צום גרויסן באַדויערן, זענען אַ גרויסע מערהייט פון די פאַרברעכער אין ניו־יאָרק — ייִדישע חברה. אָבער דער אַמעריקאַנער מענטש באַשולדיקט נישט אַלע ייִדן, ווייל דזשעק קאָזלאָוו, מ. מיטמאַן, דזש. ליבערמאַן און ראָבערט טראַכטנבערג, פיר יונגע בויאַנעס, קינדער פון ווילע און פיינע ייִדישע עלטערן, האָבן געשלאָגן, צעקלאַפּט און דערהרגעט מענטשן און זיי אַריינ־געוואָרפן אין „איסט־ריווער". דער אַמעריקאַנער מענטש האָט נישט באַשולדיקט די אַמעריקאַנער ייִדן צוליב דעם פּאָרל ראָזענבערג און דער אַמעריקאַנער מענטש שטרייכט נישט אונטער דאָס ייִדישקייט פון דעם מיליאָנער און... אויסוווּרף סער־גיי רובינשטיין, וואָס איז די טעג דערמאָרדעט געוואָרן אין זיין פּאַלאַץ!

דו וואָלסט געמעגט אָנקוקן די ענגלישע צייטונגען. די גרעסטע טייל פון זיי דרוקן סערגיי רובינשטיינס בילד אויף דער גאַנצער זייט פון זייער צייטונג. און איין ענגלישע אָוונט־צייטונגען האָב איך היינט געהאַלטן אין דער האַנט, האָבן די צוויי ווערטער „סערגיי רובינשטיין" פאַרנומען די גאַנצע פראָנט־זייט פון דער צייטונג!

איך האָב זיך נאָכגעפרעגט ביי קאָלעגן־שרייבער, וואָס לייענען 6־5 ענגלישע צייטונגען אַ טאָג, און אַלע באַשטעטיקן, אַז עס איז קיין איין מאָל נישט אונטער־געשטראָכן געוואָרן סערגיי רובינשטיינס ייִדישער אָפּשטאַם.

דער דאָזיקער „צדיק" וואָס איז דערמאָרדעט געוואָרן פון אַזעלכע „צדיקים" ווי ער, האָט געהאַט אַ שטורמיש לעבן, איז שוין געשטאַנען מיט איין פיס אַרויס־געשיקט צו ווערן פון לאַנד. רובינשטיין איז געבוירן געוואָרן אין רוסלאַנד און געהאַט אַ... פּאָרטוגעזישן פּאַספּאָרט, האָט אויסגעהאַלטן אַ האַלב טוץ ווייבער און גלאַט געשאַרלאַטאַנעוועט. ער איז איצט די טעמע פון טאָג פון אַמעריקע! אַלע וויכטיקע וועלט־פּראָבלעמען זענען אָפּגערוקט אין אַ זייט! די אַמעריקאַנער ברעכן זיך נאָר דעם קאָפּ:

— ווער איז דער מערדער?

טאָמער איז געווען ווינציק וואָס מען האָט דעם סעריאָזשאַ רובינשטיין, אַזוי מערדערלעך דערהרגעט, מאַכט מען אים אַ לוויה און די מוטער זיינע רופט אַ ראַביי, וואָס זאָל האַלטן אַ הספד. דער ראַביי וואָלט מין הסתם פּאַר אַזאַ הספד גענומען מערער וויפל מיין גאַנצע רייזע קיין אַמעריקע קאָסט מיך. איז אָבער, דער ראַביי אַ מוטיקער מענטש! גיט ער אַ לייג אַוועק אַ הספד, אַז עס האָט רו־בינשטיינען געדאַרפט איבערקערן אין קבר מיטן פּנים אַראָפּ!

טוט זיך איצט אין דער אַמעריקאַנער און ספּעציעל אין דער יידישער פּרעסע וועגן דעם „הספד". צי האָט מען אַ מת געדאַרפט אַזוי פאַרשעמען?

אייניקע האַלטן אַז דער ראַביי, דזשוליס מאַרק פון „עמנו־אל" טעמפּל, איינער פון די עלטסטע, שענסטע, און וויכטיקסטע טעמפּלען פון אַמעריקע, — האָט רו־בינשטיינען נישט געדאַרפט נאָכזאָגן אַזאַ „שבח". די עטלעכע הונדערט מענטשן זענען געבליבן דערציטערט, ממש, ווען דער ראַביי האָט געהאַלטן זיין דרשה:

סערגיי רובינשטיין — האָט ראַביי מאַרק געזאָגט, — האָט געלעבט אַ לעבן, וואָס איז געווען דער היפוך צו „ווייל איז דעם מענטשן, וואָס איז נישט געגאַנגען אין דער עצה פון די רשעים".

סערגיי רובינשטיין איז זיין לעבן לאַנג יאָ „געגאַנגען אין דער עצה פון די רשעים", ער איז יאָ „געשטאַנען אויף דעם וועג פון די זינדיקע", ער איז יאָ, „געזעסן אין דער זיצונג פון די שפּעטער" און ער האָט נישט „געהאַט קיין באַגער צו גאָטס תורה" און ער האָט נישט „געטראַכט אָן איר טאָג און נאַכט".

דער דערמאָרדעטער איז אַלט געווען זעקס און פערציק יאָר, און אין איין נאַכט האָט מען זיך אַריינגעגנבעט אין זיין פּאַלאַץ און אים דערוואָרגן! ער איז שוין געזעסן 2 יאָר אין טיורמע פאַר אויסדרייען זיך פון גיין דינען (דעמאָלט האָט ער געהאַט אַן אַמעריקאַנער פּאַספּאָרט!), און עס פלעגט נישט אַוועק קיין טאָג, אַז די צייטונגען זאָלן עפּעס נישט שרייבן וועגן סערגיי רובינשטיינען — און נישט צו לויבן אים... דאָך האָט קיינער נישט געשריבן — אַפילו די אַנטיסעמיטן אויך — אַז רובינשטיין איז אַ ייִד.

דער הספד האָט דאָך אויפגערעגט די יידישע עפנטלעכע מיינונג!

כמעט אַלע יידישע צייטונגען האָבן פאַראורטיילט דעם ראַביי מאַרקס דרשה! אחרי מות — נאָכן טויט — איז אַ וועלט מינהג — אַז אָדער מען זאָגט גוטס, אָדער מען זאָגט גאָרנישט! די ענגלישע צייטונגען, האָבן, פונקט פאַרקערט, אָפּ־לאָדירט דעם ראַביס דרשה.

אונדזער זייער חשובער און פּאָפּולערער שרייבער ד״ר שלמה ביקל, קאָ־מענטירט אָט דעם „הספד״ מיט פאָלגנדיקע ווערטער:

אַמאָל אין די צייטן ווען דאָס וואָרט האָט געהאַט מער מאָראַלישע וואָג ביי אונדז און האָט אָנגעוואָרפן מורא פון אַחריות אויפן זאָגן און פחד פון אמת אויף די צוהערער, איז דער מין הספד נישט געווען אַזאַ אָפּטע און ממילא אַזאַ ביליקע דערשיינונג ווי איצט.

פון דער שטאָט פון מיין יוגנט געדענק איך, אַז אַ הספד איז נישט געווען קיין באַצאָלטע דרשה וועגן אַ נפטר, וואָס דער מספיד האָט אים כמעט נישט, אָדער בכלל נישט געקענט. הספד איז געווען אַן צוגעטיילט אַ נפטר פאַר באַזונ־דערע מעשים טובים פון תורה און צדקה.

די מיינסטע שטאָטישע באַלעבאַטים, צווישן זיי רייכע און ווילגעלערנטע, האָט מען נאָך זייער פּטירה מקבר געווען אָן שום הספדים. יונה גובה האָט גע־קלאַפּט אין דער פּושקע און געוואָרנט, אַז „צדקה תציל ממות״, און יואל מאיר, דער ראש פון דער „חברה קדישא״ האָט געזאָגט דעם „צידוק הדין״.

אַ באַזונדערער כבוד איז געווען ווען מען האָט אַ נפטר פאַרביי געטראָגן לעבן דער שול, ווו ער האָט געדאַוונט, און איינער פון די שול־גבאים האָט אים געבעטן מחילה בשם כל הקהל.

און ד״ר ביקל דערמאָנט ווי אַזוי אַ הספד איז געווען אין זיין שטעטל.

אַ הספד איז געווען אַ זעלטנקייט און אַן אויסנאַם.

אַזאַ אויסנאַם איז געווען לייבושל דער בלינדער, אַ יונגערמאַן פון אַ יאָר עטלעכע און פערציק, וואָס האָט געוווינט אין „מושב זקנים״ און האָט יומם ולילה פאַרבראַכט אין קלויז מיט תפילה און תורה. (לייבושל דער בלינדער האָט נישט בלויז געדאַוונט אויסנווייניג וואָרט ביי וואָרט אַפילו ימים נוראים, נאָר ער האָט אויך געלערנט מיט חברה ש״ס, אַ בלאַט גמרא בעל פה, און צו זיין אָפּגעהיטקייט אין מצוות איז גאָר קיין שיעור און קיין גרענעץ נישט געווען).

אַז לייבושל דער בלינדער, איז נפטר געוואָרן, האָט קהל אָט דעם אָרעמען יידן אויסגעצייכנט מיט אַ הספד. מען האָט דעם אָרון געטראָגן צו דער גרויסער שול און דער שטאָט־מגיד האָט וועגן דעם בלינדן און יונגן איינוווינער פונעם מושב זקנים געזאָגט רייד פון קלאָג, געוויין און לויב, וואָס נעמען מיך דורך

מיט אַ ציטערניש נאָך היינט, ווען איך דערמאָן זיך אין זיי. אַזוי עכט און אַזוי וואָר זענען די רייד געווען אין מגידס מויל און אַזוי געגלויבט אין זיי האָט ער, דער זאָגער, און אויך די הונדערטער צוהערער זיינע, אַז זיי זענען מיר שטעקן געבליבן אין געמיט אויף תמיד.

ווי אַזוי קען איך טאַקע פאַרגעסן יענעם אויסגעשריי פונעם מגידס האַרץ, וואָס איז אַריין אין אונדזערע אַלעמענס הערצער, אַז נישט לייבושל איז געווען דער בלינדער, נאָר מיר זענען די בלינדע. ער איז געווען אַ זעעוודיקער, וואָרום קיינער פון אים האָט נישט געזען בעסער דעם וועג, אויף וועלכן דער מענטש דאַרף גיין אין לעבן.

און נישט בלויז ד״ר משה ביקל האָט קריטיקירט דעם נישט־פּאַסנדן הספד איבער אַ מת — מעג ער אַפילו זיין אַ זינדיקער. אין זעלבן טאָן האָבן אויך גע־רעדט די מערסטע יידישע שרייבער. דער הספד האָט שטאַרק שאָקירט אַלע בייווע־זנדיקע, אַלע זיינע פריינט און דער עיקר — זיין אָרעמער מוטער, וואָס זעט ווי מען נעמט איר זון — אַ מיליאָנער און לעביונג — און מען לייגט אים אַריין אין קבר אַריין!

פון דער פינפטער עוועניו, ווו ער האָט געהאַט זיין פּאַלאַץ, אין סאַמע צענ־טער פון ניו־יאָרק — ביזן קבר אַריין, איז נישט קיין אָנגענעמער מהלך!...

און אַזוי ווי גאַנץ אַמעריקע גייט כּאַדאַראַם מיט רובינשטיינס מאָרד, וועל איך זיך אָפּשטעלן לענגער אויף אים — טאַקע בלויז כדי צו דערווייזן, אַז מען רוקט נישט אַרויס קיין יידישן מאָמענט אין זיין טויט!

די מוטער פון רובינשטיינען איז אינטערוויוירט געוואָרן פון דער באַוווסטער און סימפּאַטישער שרייבערין כיענע יאָפע, און זי, די מוטער, האָט איר געזאָגט, אַז זי ליידט זייער שטאַרק פון צוויי מאָמענטן, וואָס זענען אויפגעשוומען נאָך דעם אומגליק: ערשטנס, האָט מען אין דער ענגלישער פּרעסע דעם נאָמען פון איר מאַן באַשמוצט מיט פאַרשיידענע באַהויפּטונגען, וואָס האָבן געוואָרפן זייער מיאוסע שאָטנס אויף זיין רעפּוטאַציע, הויפּטזעכלעך, אַז ער האָט געליִען געלט צו דעם „שוואַרצן גלח" ראַספּוטין.

צווייטנס, — און דאָ האָבן זיך שוין באַוויזן טרערן אין אירע אויגן; טרערן, וואָס זי האָט פריִער קאָנטראָלירט, — שפּירט זי, אַז אַ גרויסע עוולה איז באַגאַנ־גען געוואָרן פון דעם רב פון טעמפּל עמנואל, וואָס האָט מספּיד געווען איר זון ביי דער לוויה. די עוולה איז, וואָס ראַביי דזשוליוס מאַרק האָט אין דעם הספד אַנאַליזירט און אויסגעטייטשט איר זונס לעבן און אים באַצייכנט אַלס אַ „פּסי־כאָפּאַטישע פּערזענלעכקייט", אָנגעבנדיק, אַז ער האָט זיך אַרויסגעדרייט פון

מיליטער־דינסט צוליב זיין ווידערשטאַנד צו מענטשן מיט מאָראַל, און אים אַליין האָט אויסגעפּעלט דער מאָראַלישער כוח.

דער דאָזיקער סערגיי רובינשטיין קומט אַרויס פון רוסלאַנד פון גאָר אַ וואַזשנער פאַמיליע! זיין פאָטער דימיטרי איז געווען אַ גרויסער באַנקיר און אַ נאָענטער און אָפטער אַריינגייער צום צאַר ניקאָליי! זי גיט אויך צו, אַז זיי האָבן געהאַט פאַרבינדונגען מיט ראַספּוטינען און אים אַפילו געשיקט וויין — דעם בעסטן וואָס איז געווען צוקריגן אין רוסלאַנד! אָבער — טאַקע נישט מער, ווי פריינטשאַפט...

ווען דער צאַר ניקאָליי, ימח שמו, איז געפאַלן, איז דימיטרי רובינשטיין אַנטלאָפן, און די דאָזיקע מוטער רובינשטיינס, וויל דערוויזן, אַז איר מאַן איז געווען... גוט צו יידן, דערציילט זי אַן עפּיזאָד, וואָס איז עפּעס שווער צו גלויבן! אָבער, אַזוי ווי מען רעדט איצט אומעטום וועגן דעם — וועל איך דיר אים איבערדערציילן:

כדי אָפּצושטעלן דעם אַנטיסעמיטישן אימפּעט, מיט וועלכן די גרויסע איינ־פלוסרייכע צייטונג, „נאָוואָיע ווריעמיאַ" האָט געקלאַפּט, האָט רובינשטיין אינגאַנצן אָפּגעקויפט די צייטונג, ווו ער איז פריער געווען אַן אַקציאָנער, און וועמענס רעדאַקטאָר, סוּוואָרין, איז געווען אַ גיפטיקער אַנטיסעמיט.

אויף מאָרגן, נאָך דעם אָפּקויף פון דער צייטונג, האָט רובינשטיין איינגע־לאַדן דעם פּובליציסט מענשיקאָוו, וועלכער האָט אויך געשמט פאַר אַ יידן־שונא. זיי האָבן פריער פאַרבראַכט אין דעם רעסטאָראַן „מעדוועד", נאָכדעם אין שטוב. אַ גאַנצן מעת־לעת האָט רובינשטיין איינגעטענהט מיט מענשיקאָוון.

אויף מאָרגן האָט די „נאָוואָיע ווריעמיאַ" אָנגעהויבן אַ ניי קאַפּיטל מיט תהילות ותשבחות פאַר די יידן; מיט על חטא שחטאנו אויף די עוולות, וואָס זענען באַגאַנגען געוואָרן קעגן די יידן, אין די לעצטע יאָרן מצד דער „נאָוואָיע ווריעמיאַ".

דאָס אַלעס דערציילט די מוטער פונעם תכשיט סערגיי רובינשטיין, מיט וועמען עס שטורעמט איצט אַמעריקע.

אינטערעסאַנט איז: ווען די ענגלישע צייטונגען האָבן טרומייטערט מיט סערגיי רובינשטיינען, האָט מען געמיינט ווער ווייסט וואָס פאַר אַ ביטערער יונג ער איז געווען. דערנאָך איז צוגעקומען דער טרויעריק־באַרימטער „הספּד" פון הרב מאַרק, וועלכער האָט אינגאַנצן צוגעשמאָלצן די לאַגע.

קומט צו גיין איצט זיין מוטער און דערציילט וועגן סערגייען גאָר עפּעס אַנ־דערש. אַחוץ וואָס זי דערוויזט וואָס פאַר אַ געטרייער זון ער איז געווען, דערציילט זי אויך פאַר ח׳ יאָפּע:

„סערגיי האָט געהאַט אַ גוט האַרץ. אין אַ סך לענדער געפינען זיך איצט

פליכטלינגען פאר וועמען ער האָט געזאָרגט אין פּאַריז און זיי געהאָלפן אויסוואַנ־דערן אין נייע ערטער".

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען די רובינשטיינס זענען ענדלעך אָנ־געקומען קיין פּאַריז, נאָכן אַנטלויפן פון רוסלאַנד, האָט דער פאָטער, דימיטרי רובינשטיין, זיך שטאַרק פאַרנומען מיט די אָנגעלאָפענע פליכטלינגען. נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט דער זון געטון דאָס זעלבע. דער זון האָט געדונגען אַ גאַנצן בנין אין פּאַריז און אויסגעהאַלטן העכער פופציק פליכטלינגען. דאָ אין ניו־יאָרק האָט ער געשטיצט אַ סך פון די אַנטלאָפענע פון רוסלאַנד און זייערע קולטור־טעטיקייטן.

די מוטער האָט דערמאָנט, אַז סערגיי האָט נישט פאַרפעלט די יערלעכע ביי־שטייערונג צום „יונייטעד דזשואיש אַפּיל"; אַז ער האָט קיינמאָל נישט פאַרפעלט צו פאַסטן יום־כיפור און האָט די מוטער באַגלייט אין טעמפּל ראש־השנה און צום יאָרצייט פון דעם פאָטער. די לעצטע עטלעכע יאָר האָט ער שטענדיק געטראָגן אַ מזוזה, וואָס די מאַמע האָט אים אָנגעטון, אַ מתנה פון אַ ישיבה אויף דער איסט סאַיד, וועלכער זי שטיצט. דאָס קייטעלע מיט דער מזוזה האָט געהאָנגען אויף זיין האַלדז, ווען מ'האָט אים געפונען אַ דערמאָרדעטן.

דער פאָטער, דימיטרי רובינשטיין, איז געשטאָרבן אין ווין אין מערץ 1936, צוויי יאָר איידער די מוטער מיט די קינדער האָבן זיך באַזעצט אין ניו יאָרק.

און מרס. רובינשטיין זעצט פאָר דעם זכות־מאָטיוו אויף איר קינד:

סערגיי איז געווען דער איבערגעגעבנסטער זון, אי צום פאָטער, אי צו איר. און זי דערציילט, אַז ווען דער פאָטער איז שטאַרק קראַנק געוואָרן אויף גאַנגרענע האָט סערגיי, דעמאָלט נאָך אַ יונגער בחור, זיך אינגאַנצן איבערגעגעבן צום פאָ־טער.ער האָט זיך נישט באַנוגנט מיט די גרויסע ווינער ספּעציאַליסטן און זיך דער־שלאָגן צו איינעם פון די באַרימטע זאָנדאַק־ברידער אַזש אין ענגלאַנד, וועמענס רעפּוטאַציע אין מעדיצין איז שוין דעמאָלט געווען פון די העכסטע, כדי צו ראַ־טעווען דעם פאָטער. די זעלבע איבערגעגעבנקייט האָט ער אַרויסגעוויזן זיין פרוי און קינדער. און אַלס סטודענט אין פראַנקרייך און אין ענגלאַנד האָט סערגיי אַלע מאָל זיי פאַרשאַפט דעם גרעסטן נחת, די בעסטע אויסצייכענונגען אין אַלע געביטן.

צו 21 יאָר האָט אים שוין אָנגעשטעלט אַ גרויסע באַנק אין פּאַריז, און צו 23 יאָר איז ער געוואָרן איר דירעקטאָר, און זיין געניאַליטעט אין אינטערנאַציאָ־נאַלער פינאַנץ האָט אַרויסגערופן פאַרוווּנדערונג ביי אַ סך עלטערע און מער דער־פאַרענע קעפּ.

סערגיי האָט די מוטער קיינמאָל נישט אָפּגעלאָזט נאָך דעם פאָטערס טויט.

ער האָט געקויפט דעם פּאַלאַץ אויף דער פֿינפֿטער עוועניו פֿאַר 200 טויזנט דאָ־לאַר פֿון דעם באַנקיר זשול באַש, און האָט געזען, אַז די מוטער זאָל געניסן פֿון יעדן קאָמפֿאָרט. ער האָט זי אָפֿט מיטגענומען אויף זײַנע רײַזעס זיך זען מיט זײַנע קינדער, וועלכע וווינען מיט זייער מוטער אין קאַליפֿאָרניע.

אַלזאָ: ווען דו גייסט אין „סאָבוויי" נאָך די שעה'ן פֿון שטופּע־ניש, טרעפֿסטו אויף די בענק צענדליקער און ממש הונדערטער צײַטונגען וואָס דער עולם האָט געקויפֿט, געכאַפּט אַ בליק צי מען האָט שוין געכאַפּט רובינ־שטיינס מערדער און — ער וואַרפֿט אַוועק די צײַטונג.

איך האָב דיר שוין געשריבן, דאַנקען גאָט, קיין ייִדישע צײַטונג וואַרפֿט מען נישט אַוועק! איך פֿאַר אַרום אַ גאַנצן טאָג אין די „סאָבווייס" און האָב נאָך קיין איין מאָל נישט געפֿונען קיין ייִדישע צײַטונג. דאָס האָבן די אַמעריקאַנער אַזאַ באַצויִנג צו זייערס אַ צײַטונג. די חברים שרײַבער, וואָס קומען זיך צונויף אין דער ליטעראַרישער קאַפֿעטעריִע ביי גאָרדאָנען — רעדן טאַקע וועגן אָט דער באַציִונג, וואָס דער אַמעריקאַנער האָט צו די צײַטונגען און צו די זשורנאַלן. זיי זענען אָבער נישט איינשטימיק מיט מיר, אַז קיין ייִדישע צײַטונגען וואַלגערן זיך נישט אין די סאָבווייס און אין... מיסט.

„כאָטש איך בין שוין אויך נישט קיין נעכטיקער דאָ אין אמעריקע, עס הייסט, נישט קיין „גרינער", אָבער איך קען נאָך אַלץ נישט שלום מאַכן מיט דעם געדאַנק, ווי מען באַהאַנדלט דאָ אַ צײַטונג. עס פֿאַרדריסט מיך פּשוט, ווען איך זע וואָס פֿאַרא גרינגשעצנדיקע באַציִונג מען האָט דאָ צו אַ צײַטונג. זי האָט נישט קיין שום חשיבות אין די אויגן פֿון די לעזער. ער באַהאַנדלט זי ווי די סאַמע ווערטלאָזע זאַך אין דער וועלט, אַבי ער קוקט אַביסל דורך די צײַטונג, זוכט ער פֿאַר איר אַן אָרט אין... מיסטקאַסטן. די צײַטונג איז ביים לעזער ווי שאָלעכץ פֿון אַ פּרוכט, ווי אָפּפֿאַלעכץ".

דאָס באַשטעטיקט אויך איינער פֿון די פֿעיִקע שרײַבער אין אַמעריקע, ד. זלאָטאָווסקי און ער זעצט פֿאָר:

עס פֿאַרדריסט פּשוט, ווען מען זעט, ווי די צײַטונג ווערט באַהאַנדלט. איר זעט דאָס צום מערסטנס אין די „סאָבווייס", אויטאָבוסן, און אויף די בענק אין די פּאַרקן און די גאַסן.

אָט קויפֿט איינער אַ צײַטונג, זי איז ניי, פֿריש, לעבעדיק, נאָר־וואָס אַרויס פֿון דרוק. די צײַטונג פֿאַרמאָגט אין זיך אַן אוצר פֿון אינטערעסאַנטן מאַטעריאַל. אַלערליי נײַעס פֿון אַלע עקן פֿון דער וועלט, אַרטיקלען, דערציילונגען, וויסנשאַפֿט־לעכע אָפּהאַנדלונגען, שיינע בילדער, און אַפֿילו פּאָעזיע. מענטשן האָבן אויף דעם שווער און לאַנג געאַרבעט.

שטעלט אייך פאָר דעם שרייבער פון אַן ערנסטן אַרטיקל, צי פון אַ פּאָלי־טישן קאַלום. ער האָט געוויגן און געמאָסטן יעדעס וואָרט. נישט יעדן שרייבער קומט אָן אַזוי לייכט אָנצושרייבן אַן אַרטיקל. עס זענען דאָ שרייבער, וואָס האָרע־ווען איבער אַ זאַך, וואָס זיי שרייבן אָן, מעקן אויס דאָס אָנגעשריבענע און שרייבן איבער. דער שרייבער לייגט אַריין זיין האַרץ, זיין נשמה אין דעם אַרטיקל, צי אין דעם ליד, וואָס ער גיט צו דרוקן אין דער צייטונג. און אָט נעמט איינער אַזאַ צייטונג אין סובטע, ער האָט פאַר איר באַצאָלט בלויז אַ פּאָר סענט, האַלט זי אין האַנט, ווי אַ נישט־וויכטיקע זאַך, דרייט זי אַהין און אַהער, מישט די בלעטער, כאַפּט אַ בליק דאָ און דאָרט און וואַרפט זי אַוועק, ווי אַן איבעריקע זאַך. ווען דער צוג קומט צו זיין לעצטער סטאַנציע און די וואַגאָנעס ווערן אויסגעליידיקט פון מענטשן, גייען אַרום די באַדינער און רייניקן אויס די וואַגאָנעס פון די צייטונ־גען, ווי זיי וואָלטן אויסגערייניקט אַ בהמות־מאַרק נאָך אַ יאַריד...

די צייטונג האָט נישט קיין גוטע מערכה דאָ אין אַמעריקע. מען האָט צו איר נישט קיין שום באַציִונג, זי ווערט נישט באַטראַכט ווי אַ גייסטיקער ענין, ווי אַ זאַך, וואָס געהער אייגנטלעך צו דער קאַטעגאָריע פון אַ בוך, אַ ספר. די צייטונג באַפרידיקט דאָך אין אַ געוויסער מאָס די גייסטיקע באַדערפענישן פון דעם מענטשן. עס וועט פונדעסטוועגן ווייניק טרעפן, אַז אַ מענטש זאָל נעמען אַ בוך, ווער שמועסט אַ ייִד אַ ספר, און אַריינוואַרפן אין מיסטקאַסטן. צו דעם בוך האָט מען נאָך ווי עס איז אַ באַציִונג, אָבער נישט צו דער צייטונג.

מען קאָן זען אויף דער באַן, ווי אַ פּאַסאַזשיר קויפט אַ בוך. אין דער צייט פון דער לאַנגער רייזע לייענט ער עס דורך. ער וועט אָבער דאָס בוך נישט אַוועק־וואַרפן, נישט איבערלאָזן אויף דער באַן, נאָר וועט עס אַריינלייגן אין זיין טשע־מאָדאַן און ברענגען אַהיים, ווו ער וועט עס אַוועקשטעלן אין זיין ביבליאָטעק. אַפילו אַ טייל פון אַזאַ באַציִונג איז נישטאָ צו דער צייטונג, און אויך נישט צום זשורנאַל. די שענסטע, קאָלירפולסטע, אינהאַלטסרייכע זשורנאַלן וואַרפט מען אַוועק אין מיסט.

מיט דער צייטונג און אויך מיטן זשורנאַל איז נאָך ערגער, ווי מיט אַ לימענע. יענע קוועטשט מען כאָטש אויס, מען האָט אַ הנאה פון דעם זאַפט. אָבער די צייטונג און אויך דעם זשורנאַל נוצט מען בלויז טיילווייז, אַביסל. מען כאַפּט אַ קוק דאָ און אַ בליק דאָרטן און זי פליט שוין אין מיסט אַריין. די צייטונג וואַל־גערט זיך אַרום אַ פאַרשעמטע, אַ באַליידיקטע. אָט האָט זי געלעבט, האָט גע־צאַפּלט, איז געווען יונג, פריש, נאָר־וואָס אויף דער וועלט געקומען, האָט אויס־געזען, ווי אַ צייטיקער עפּל, וואָס איז נאָר־וואָס פון בוים אַראָפּגעריסן געוואָרן,

און אָט נאָכדעם, ווי זי איז באַרירט געוואָרן פון אַ מענטשלעכער האַנט איז שוין נאָך איר. זי איז אויסגעלאָשן, פאַרבלאָז, טויט. אַ נישט־נויטיקע זאַך...

און ד. ז. דערמאָנט זיך ווי אַזוי מען האָט ביי אונדז, אין דער אַלטער היים, באַהאַנדלט אַ צייטונג, מיטוואָס פאַר אַ דרך־ארץ מען האָט געהאַלטן און גע־לייענט אַ בלאַט.

אין אַמעריקע לעבט די צייטונג זייער ווייניק, אָפּטמאָל בלויז מינוטן. אין דער אַלטער היים האָט זי געהאַט אַ לאַנגן, חשובדיקן לעבן, אַמאָל אַפילו יאָרן. מיט זייער אַ סך חשיבות האָט מען זיך באַצויגן צו אַ יידישער צייטונג, און אין אַ גרויסער מאָס איז דאָס זעלבע געווען ביי נישט־יידן צו זייערע צייטונגען. שוין דער אופן פון לייענען איז געווען היפּש אַנדערש, ווי דאָ אין אַמעריקע. מען האָט ווייניק געטראָפן מענטשן, וואָס לייענען צייטונגען אין די טראַמווייען. אין די באַנען יאָ, ווייל די רייזע איז צום מערסטנס אַ לאַנגע.

אַ ייד פלעגט קויפן אַ צייטונג, האָט ער זי געבראַכט אַהיים, און אַוועקגע־זעצט זיך לייענען. ער האָט געלייענט מיט אַ סיסטעם, מיט אַ סדר. פלעגט זיך פאַרטיפן אין די אַרטיקלען, ווי אין אַ וויכטיקן ספר. נאָכן איבערלייענען די צייטונג האָט ער זי נישט אַרויסגעוואָרפן, נאָר ערגעץ אַוועקגעלייגט. גאַנץ אָפט פלעגט זי נעמען אַ שכן, אָדער אַ פריינט, וועלכער איז אַליין נישט געווען בכוח צו קויפן אַ צייטונג. עס האָט נישט זעלטן געטראָפן, אַז איין צייטונג פלעגט אי־בערגיין צו עטלעכע מענטשן.

ווער שמועסט, ווען עס האָט זיך געהאַנדלט אין אַ זשורנאַל, אַ ליטעראַרישן, צי אַ פּאָליטישן, האָט מען אים קיינמאָל נישט אַוועקגעוואָרפן, נאָר געהאַלטן אַזוי חשוב, ווי אַ בוך.

אין פוילן, וווּ כמעט 90 פּראָצענט פון דער יידישער באַפעלקערונג האָט גע־לייענט יידישע צייטונגען און זשורנאַלן, איז די לעצטע יאָרן פאַר דער מלחמה געווען איינגעפירט, אַז די פאַרקויפער פלעגן געבן זשורנאַלן און אַפילו צייטונגען אויף אויסצולייענען. ווען אַ זשורנאַל האָט געקאָסט דרייסיק גראָשן, פלעגט דער פאַרקויפער נעמען 5 אָדער 10 גראָשן פאַר אויסלייענען. די אַרויסגעבער פון די זשורנאַלן האָבן צוליב דעם געליטן גרויסע פאַרלוסטן, ווייל דער פאַרקויפער האָט געקענט אַוועקגעבן 6 מענטשן איבערצולייענען איין זשורנאַל פאַרן אָפּצאָל פון עטלעכע גראָשן. מען האָט אַזוי אַרום פאַרלוירן אַ סך לייענער. די לאַגע האָט אָנגעלויבן צו ווערן ערנסט. מען האָט זיך וועגן דעם מיישב געווען, און מען האָט באַשלאָסן איינצופירן, אַז די זשורנאַלן זאָלן ווערן צוגעשלאָסן מיט דרעטלעך. דאָס האָט ווייניקסטנס געהאָלפן, אַז די פאַרקויפער זאָלן נאָכן האָבן איבערגעגעבן דעם זשורנאַל צו עטלעכע מענטשן צו לייענען, ווייניקסטנס, נישט קענען אים

צוריק אָפּגעבן אַלס חזרה, ווייל גלייך דער ערשטער לעזער האָט געמוזט אַראָפּ־נעמען די דרעטלעך, און אַזאַ זשורנאַל האָט מען נישט צוריקגענומען.

אויף אַזאַ שטייגער האָט מען געמוזט היטן אין פּוילן, אַז דער לעזער זאָל נישט „בגנבה" איבערלייענען אַ ייִדישן זשורנאַל...

⁂

אָט דאָס, גאָלדע, דער אופן פון באַציִונג צו אַ צייטונג און זשורנאַל, איז איינע פון די זאַכן וואָס געפעלן מיר נישט אין אַמעריקע.

אינטערעסאַנט איז: רעדסט מיט די שרייבער, רעדסט מיט מ. אשעראָוויטשן און מיט ב. שעפנערן, מיט וואָלף מערקור און מ. נודעלמאַן, מיט איזבאַנען און ד״ר סווערדלין, אויך זיי געפעלט, זיכער, נישט דער אופן פון דער באַציִונג צו דער צייטונג אָבער זיי... זיי מעג נישט געפעלן און מיר, אַ „גרינעם", אַ גאַסט, דאַרף אַלעס געפעלן! איך טאָר נישט זאָגן אַז מיר געפעלט נישט ווייל מען קוקט בייז אויף מיר!...

נו, אַז דו פרעגסט מיך „ווי געפעלט מיר אַמעריקע"? — דיר, מעג איך שרייבן דעם אמת! נישט אַלץ געפעלט מיר! פאַראַן אַ סך חסרונות אין דעם אַמעריקאַנער לעבן; חסרונות, וואָס מיר, זיד־אַמעריקאַנער, קענען נישט פאַרנעמעז און פאַר־טראָגן.

אָבער, אַפילו פון די חסרונות קענסטו אַרויסנעמען מעלות!

זאָלסט זען ווי אַמעריקע לייענט! זאָלסט זען, ווי אין גרויסן פראָסט, זיצט מען אין „פּאַרק" און מען לייענט! מען „כאַפּט אַ ביס", אַ „קיי" ביים „לאָנטש" און פאַר די אויגן, אָדער מיט איין האַנט, האַלט ער אַ צייטונג און לייענט!...

זאָלסט זען ווער עס קויפט די „ניו־יאָרק טיימס" — ספּעציעל דעם זונטיק־נומער וואָס ווענט... זעקס קילאָ, און ער לייענט! איך גלויב נישט, אַז אין אַמע־ריקע איז פאַראַן איין מענטש צווישן 8 יאָר און אַכציק יאָר — וואָס לייענט נישט!...

מען לייענט עטלעכע שורות — אָבער מען לייענט!...

און אין דעם — באַשטייט אויך דאָס גרויסקייט פון אַמעריקע!

און אַז איך דערצייל דיר שוין וועגן אַמעריקעס גרויסקייט פון לייענען, וועל איך דיר אויך דערציילן, אַז נאָך 35 יאָר האָב איך נעכטן געלייענט די... „פּראַוודאַ" און די „איזוועסטיאַ" פון מאָסקווע. די צייטונגען קומען אָן קיין אַמעריקע דורכן לופט־וועג און ווען איך האָב זיי געלייענט, זענען זיי ערשט אַלט געווען דריי טעג! די דאָזיקע צייטונגען טרעפט מען בלויז אין דער אַריסטאָקראַטישער געגנט פון דער 42סטער סטריט און די פינפטע עוועניו. ביי די „קיאָסקן" וואָס

פאַרקויפן צייטונגען פון דער גאָרער־וועלט, קריגסטו אויך אָט די רוסישע צײַ־טונגען און זשורנאַלן! איך האָב זיי געקויפט אַלס קוריאָז, און... עס האָט מיר באַנג געטאָן די 30 סענט וואָס איך האָב אויסגעגעבן! בלויז קאָמוניסטישע פּראָפּאַגאַנדע! בלויז „אוקאַזן". איך האָב, צוליב קוריאָז געזוכט אַ „פּאָליציי נייעס" — אָבער, אַזעלכע נייעסן זענען דאָרט נישטאָ! אין מאָסקווע זענען נישטאָ קיין גנבים, קיין מערדער און אַנדערע, מיט וועלכע די פּאָליציי פון דער גאָרער וועלט פאַר־נעמט זיך!

איך האָב איבערגעלייענט די צייטונגען און... זיי אומגעקערט, אַלס מתנה, צוריק דעם צייטונגס פאַרקויפער. ער האָט אַ קוק געטאָן אויף מיר און מיט די אויגן געדאַנקט...

וואָס מיך האָט געוווּנדערט: אַמעריקע, וועלכע איז אין אַזאַ פאַרביטערטן קאַמף מיט רוסלאַנד דערלויבט אַז עס זאָלן אַריינקומען רוסישע צייטונגען אין לאַנד, כאָטש, אין רוסלאַנד קומט נישט אַריין אַפילו קיין אויסלענדישער אות!..

דערפאַר איז דאָס אַמעריקע! עס האָט נישט מורא פאַרן קעגנערס וואָרט!

אַמעריקע איז גרויס!

## XXVIII

טייערע גאָלדע,

די דאָזיקע בריוו שרייב איך דיר שוין נישט פון ניו־יאָרק, נאָר פון... אַמעריקע. ניו־יאָרק איז נישט אַמעריקע און אַמעריקע — איז נישט ניו־יאָרק! ווען איך וועל זיך אומקערן צוריק „אַהיים" קיין ניו־יאָרק, וועל איך דיר פאָרזעצן דאָס שרייבן און באַשרייבן דאָס לעבן פון די דריי מיליאָן ייִדן אין דער רעשיקן און קאָכעדיקן ניו־יאָרק. איצט, בין איך אין פילאַדעלפיע, דער גאַסט פון דעם האַר־ציקן ווילן ייִדן ישראל פרוסקי, און זיי ליבע פרוי, עטאַ, וועלכע ווייסן נישט וואָס צו טון מיט מיר. דערווייל רו איך זיך אויס פון נעכטיקן טאָג — דעם ערשטן טאָג אין דעם ברייטן אַמעריקע. עס איז אויך געווען דער ערשטער טאָג וואָס איך...

— איך האָב געוויינט אין אַמעריקע.

יאָ! פשוט און פּראָסט — געוויינט! איך האָב געוויינט מיט אמתע טרערן!

ווער האָט מיר שלעכטס געטון אין אַמעריקע, אַז איך זאָל דאַרפן וויינען?

מיר, פערזענלעך מיר, האָט קיינער קיין שלעכטס נישט געטון! מיר איז דאָ גוט ווי די וועלט, איך לעב אַ משוגענעם טאָג, נישט ווי גאָט אין אָדעס, נאָר ווי גאָט... אין אַמעריקע! אין אָדעס, איז מען — ביי די בעסטע יאָרן — נישט געווען אַזוי פרום ווי מען איז אין אַמעריקע! האָט מען דאָך געזאָגט, אַז אין אָדעס און אַרום אדעס, ברענט דער גהינום אַלע זיבן טעג פון דער וואָך, עס ברענט אַ פייער ווי אין גהינום!

אין אַמעריקע — פריער אין ניו־יאָרק און איצט אין פילאַדעלפיע, איז דער רבונו־של־עולם בעל־הבית איבער אַלע... רעליגיעס וואָס זענען דאָ פאַראַן!

איידער איך באַשרייב דיר פילאַדעלפיע, איידער איך באַשרייב דיר ווי אַזוי מען פאָרט אין אַמעריקע אין אַ באַן, וועל איך דיר דערציילן, וואָס איז מיט מיר געשען וואָס איך האָב אַזש געדאַרפט וויינען?

געוויינט האָב איך, ווייל איך האָב נישט געקאָנט ליידן, איך האָב נישט געקאָנט פאַרטראָגן, איך האָב נישט געקאָנט צוזעען ווי...

— דניאל טשאַרני וויינט!

און, געוויינט האָט דער ליבער, האַרציקער, דאַניע, נישט דערפאַר וואָס ער האָט זיך... דערפרייט וואָס איך בין אים געקומען באַזוכן אין זיין סאַנאַטאָריע וואָס געפינט זיך אַ פופציק קילאָמעטער פון פילאַדעלפיע! ער האָט אויך נישט

געווײנט, וואָס גראַדע, צופֿעליק, דעמאָלט, ווען איך בין געווען בײַ אים, איז אויך געקומען זײַן ברודער, דער באַרימטער ליטעראַטור־קריטיקער שמואל ניגער. אין באַגלייטונג פֿון זײַן פֿרוי און אויך פֿון אַ געהויבענעם גאַסט פֿון אייראָפּע, דעם באַרימטן „אָרט"־עסקן און פּרעזידענט פֿון דער וועלט־פֿעדעראַציע פֿון „אָרט", — ד״ר אהרן סינגאַלאָווסקי.

זיכער איז, אַז טשאַרני האָט אָנגעהויבן ווײנען פֿאַר פֿרייד וואָס ער האָט זיך געטראָפֿן מיט זײַן יוגנט־פֿרײַנט, אָבער, עס האָט זיך אים אויך געווײנט —



אַ בילד פֿון דעם באַרימטן און באַליבטן דיכטער און שרײַבער דניאל טשאַרני, „אויפֿגעכאַפּט" בײַ זײַן „מאָלצײַט" אין „דעבאָראַ"־סאַנאַטאָריע.

און מיר די בײַוועזנדע, אויף אים קוקנדיק — וואָס ער איז אַרײַנגעפֿאַלן אין אָט דער נײַער „סאַנאַטאָריע" וואָס הייסט „דעבאָראַ־סאַנאַטאָריע".

ביז צוריק מיט אַ פּאָר חדשים, און אַלע יאָרן וואָס דניאל טשאַרני איז אין אַמעריקע, איז ער געווען אין דער סאַנאַטאָריע פֿון אַרבעטער־רינג אין ליבערטי, — אַ שטעטל דרײַ מיט אַ האַלבער שעה רייזע פֿון ניו־יאָרק מיטן „באַס". אין אָט דער סאַנאַטאָריע איז ער געווען „קעניג און קיסר". ער האָט געהאַט שיינע צוויי צימערן און... די סאַנאַטאָריע, אַן און פֿאַר זיך, איז געווען אַ פֿײַנער הייל־אַנשטאַלט פֿאַר טובערקולאָז־קראַנקע בכלל און אַ האַרציקע היים פֿאַרן ליבן שרײַבער דניאל טשאַרני. נו, אַזוי ווי אָט די קראַנקייט ווערט ביסלעכווײַז פֿאַרשוווּנדן, איז אויך אָט די סאַנאַטאָריע אין ליבערטי געוואָרן ליידיק. געבליבן זענען בלויז 7 קראַנקע, צווישן זיי — דניאל טשאַרני. האָט דער אַרבעטער־רינג

געשלאָסן אַ קאָנוועניום מיט דער „דעבאָראַ־סאַנאַטאָריע" און מען האָט אַהין אַריבערגעפירט די 7 קראַנקע.

איז, אָבער, די „דעבאָראַ"־אַסאַנאַטאָריע" איינע פון יענע הייל־אַנשטאַלטן, ווו, אַנשטאַט צו היטן און זאָרגן אַז דער קראַנקער זאָל געהיילט ווערן, אַז דער קראַנקער זאָל האָבן אַ סך רו און די נויטיקע שפּייז — היט מען און מען זאָרגט גאָר, אַז... די דאָקטוירים און די באַאַמטע זאָלן דאָרט האָבן אַ גוט לעבן!... שוין נישט רעדנדיק דערפון וואָס מען האָט טשאַרנין „אַריינגעוואָרפן" אין אַ קליין, שמאָל צימערל, און אויך אָט דאָס צימערל האָט מען פאַרגעסן... אויסרוי־




איינע פון די געביידעס פון דער „דעבאָראַ־סאַנאַטאָריע", אויפגן נאָמען פון איר פּרעזידענט ,ה' פליישמאַן. ער האָט — פאַר אייגן געלט, — אויסגעבויט דעם גאַנצן פּאַוועליאָן...

מען, און מען האָט זונטיק אַריינגעטראָגן ווייסע וועש צו בייטן דאָס בעט, און מיטוואָך, — ווייסנדיק אַז עס דאַרפן קומען געסט — איז מען אַריינגעקומען אַרויפּציִען די וועש אויפן קישעלע און מאַטראַץ...

אויך דאָס עסן איז דאָרט אַזוי, כאָטש... גיי גנבע אַ פּרוכט אָדער אפילו אַ שטיקל ברויט!...

אָט דאָס האָט אונדז טשאַרני דערציילט און האָט געוויינט אויף זיין ביטערן גורל — און מיר האָבן געוויינט אויף אים קוקנדיק!...

דו קאָנסט זיך פאָרשטעלן וואָס פאַר אַן „אָרדענונג" דאָרט איז פאַראַן, אַז מען האָט אונדז, די געסט, איינגעלאַדן עסן אין קאָמעדאַר ווו עס עסן די דאָק־טוירים, קראַנקנשוועסטערס און באַאַמטע און — מיר איז אויסגעקומען צו זיצן

ביי ניגערס זייט. האָט מען אונדז דערלאַנגט דאָס עסן, אָבער... גאָפּל און מעסער האָט מען אונדז געגעבן אַ העלפט! מיר האָט מען געגעבן אַ מעסער און ניגערן אַ גאָפּל... האָבן מיר געמאַכט „שותפות": איך האָב אָפּגעגעבן ניגערן מיין מעסער — האָט ער געקאָנט עסן און איך האָב געדאַרפט וואַרטן אויף „זיין" גאָפּל, — כדי אויך צו קאָנען עסן!... מיר האָבן געפּרוווט רופן דעם באַדינער, אָבער עס איז געווען אַרויסגעוואָרפן די אַרבעט... ער האָט אַפילו נישט געקוקט אין אונדזער זייט!...

„מיר" האָבן באַלד באַשטימט אַז מען דאַרף טשאַרנין אַרויסראַטעווען פון דער סאַנאַטאָריע. איי דער אַרבעטער־רינג האָט איינגעצאָלט 1000 דאָלאַר ביים אַריינעמען אים? — נו, מילא! טשאַרני, דער גוט־האַרציקער מענטש און ייִד האָט, אָבער, אונדז געבעטן 2 זאַכן:

ערשטנס, אויב עס איז מעגלעך, זאָל מען אויך אַרויסנעמען פון דעם דאָזיקן גהינום זיינע זעקס „סאַנאַטאָריע־ברידער", וואָס זענען געקומען מיט אים צוזאַמען פון דעם ליבערטי־גן־עדן, צום „דעבאָראַ־גהינום"... צווייטנס, מיר זאָלן נישט דערציילן אין ניו־יאָרק ווי אַזוי מען באַדינט דאָ די קראַנקע, מיר זאָלן נישט אָנמאַכן קיין רעש!... די „דעבאָראַ-סאַנאַטאָריע" איז פאַרט אַ ייִדישע אינסטיטוציע.

איידעלע נשמה! ער וויל נישט אַז אַ ייִדישער אַנשטאַלט, — כאָטש ער איז ווערט שמיץ — זאָל ליידן!...

איך, פּערזענלעך, האָב אים צוגעזאָגט, אַז אין ניו־יאָרק וועל איך קיין גוואַלד נישט מאַכן, אָבער ווען איך וועל קומען אַהיים, וועל איך עס דערציילן זיינע טויזנטער לייענער פון אַרגענטינע! איך בין זיכער אַז אַרגענטינער ייִדן וועלן פאַר אַזאַ באַהאַנדלונג אין אַ סאַנאַטאָריע — דערהויפּט נאָך, זייער באַליבטן שרייבער דניאל טשאַרני — נישט „דערקלערן מילחמה" די ייִדן פון אַמעריקע, אָדער לפּחות די ייִדן פון דער „דעבאָראַ"־סאַנאַטאָריע" מיט איר פילאַנטראָפּ פליישמאַן, וואָס זאָרגט פאַר איר אויסהאַלטונג. אָבער, פּראָטעסטירן — וועט מען זיכער...

טשאַרני בכלל, זעט אויס זייער פיין. זיין קליין טישל איז פאַרלייגט מיט ביכער און מיט פּאַפּיר און זיינע שיינע, געקינסטלערטע אַרטיקלען און בריוו שרייבט ער מיט דער לינקער האַנט. ווען ער האָט זיך באַרויִקט, האָט ער אַזוי האַרציק פאַרבראַכט מיט אונדז, אַז עס האָט זיך נישט געגלוסט אַוועקפאָרן. איך האָב אים איבערגעלאָזט אַ שיינע מתנה וואָס „די פּרעסע" פון בוענאָס־איירעס האָט אים געשיקט דורך מיר און ער האָט מיר מיטגעגעבן אַ האַרציקן גרוס צו זיינע פריינט, שרייבער פון אַרגענטינע און קאָלעגן פון „די פּרעסע". גאָר אַ

ספּעציעלן גרוס האָט ער מיט מיטגעשיקט פאַר זיין פריינט עוזר בומאַזשני. ספּעציעל זאָל איך אים באַגריסן פאַרן „עוזר בומאַזשני־פאָנד" פאַר יונגע שרייבער. ער, טשאַרני, פאָלגט נאָך אָט דעם ענין מיט דער גרעסטער אויפמערקזאַמקייט. ער שיקט אויך אַ גרוס פאַר בומאַזשניס רעכטע האַנט אין „די פּרעסע", פאַר מאַטיע קריטשמאַר, פאַר עזרא כ"ץ און פאַר אַלע מענטשן וואָס העלפן אַרויסגעבן אַזאַ שיינע צייטונג!

ווען איך בין אַרויסגעגאַנגען פון דער סאַנאַטאָריע אויף צו פאָרן צוריק קיין פילעדאַלפיע, האָב איך באַטראַכט די סאַנאַטאָריע, דאָס פּלאַץ, די געביידעס, כ'האָב איבערגעלייענט, אַ דאָ היילט מען אויך פון... קאַנסער און פון האַרץ, און איך האָב געטראַכט:

זאָל טאַקע זיין, אַז די פירער, די פאַרוואַלטונג פון סאַנאַטאָריום, דער פּרעזידענט יוסף ס. עליכמאַן, די ערן־פּרעזידענטן, ישראל און דוד שומאַן, דער קאַסיר סאַלי ס. טורנאוו און די איבעריקע פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער, וואָס נעמען נישט געצאָלט פאַר זייער טעטיקייט, זאָלן זיי טאַקע נישט וויסן ווי... שלעכט מען באַדינט קראַנקע אין זייער אַנשטאַלט? דער דירעקטאָר פון סאַנאַטאָריע, דאָקטער יעקב סעגאַל ווייזט אויס צו זיין אַ סימפּאַטישער מענטש; ער דאַרף, אָבער זיין: אָדער אַ גרויסער עגאָיסט, אָדער... אַ נאַכלעסיקער מענטש... דער גרינדער פון אַנשטאַלט „דעבאָראַ" (זאָל עס זיין דבורה'?) מאַנעס שאַפּיראָ — איז שוין אויפן עולם־האמת.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

איך האָב זיך אומגעקערט קיין פילאַדעלפיע. איך פאָר אין אַ „קאַדיזשאַק" פון 55סטן יאָר. מיין מכניס־אורח, פריינט פּרוסקי, האָט... 80 אַזעלכע — און „פּאָנטיאַק"־אויטאָס! ער האַנדלט מיט זיי.

ווי קום איך צו אים? איך האָב זיך באַקענט מיט אים, דורך מיין פריינט מאיר מאַרגוליס. ער, פּרוסקי, איז געווען אויף אַ לוסט־רייזע אין אַרגענטינע, האָט זיך באַקענט מיט אַ היגן עושר און מיט זיין איידעמל, און דאָס איידעמל האָט אים אָפּגעשווינדלט אין דריטהאַלבן טויזנט דאָלאַר. דאָך, האָט פּרוסקי נישט פאַרלוירן זיין צוטרוי צו אַרגענטינער יידן און מיך, אַלס איינעם פון זיי, האָט ער אויפגענומען בכבוד גדול!

ווי נאָר איך בין געקומען קיין ניו־יאָרק, איז ער מיך געקומען זען און האָט מיך שוין געוואָלט נעמען קיין פילאַדעלפיע. אָבער, אַזוי ווי איך האָב פריער געוואָלט קענען ניו־יאָרק, האָב איך מיין וויזיט אָפּגעלייגט אויף שפּעטער, און איצט בין איך ביי אים, זיין גאַסט! ערשט איצט זע איך אַז עס איז אמת! ער איז אַ מיליאָנער, אַ מולטימיליאָנער אין דאָלאַרן!

פון וואַנען ווייס איך עס? גאָר פּשוט! איך האָב געטראָפן ביי אים אין שטוב, אין זיין פּאַלאַץ, — וואָס בלויז די „טערענע", דאָס פּלאַץ האָט געקאָסט 75 טויזנט דאָלאַר, — איך האָב געטראָפן ביי אים...

— צוויי דינסטן!

ווער האָט אין אַמעריקע אַ דינסט אויף אַ האַלבן טאָג — 6 טעג אין דער וואָך? — בלויז אַ גרויסער גביר! אַזאַ פאַרגעניגן קאָסט, נישט ווייניקער ווי 300 דאָלאַר אַ מאָנאַט!





מר. ישראל פּרוסקי און זיין פרוי, מיסעס עטאַ, — צוויי באַקאַנטע און פּאָפּולערע פּערזענלעכקייטן פון יידישן לעבן אין פילאַדעלפיע.

ווער האָט אין אַמעריקע אַ דינסט אַ גאַנצן חודש, מיט עסן און שלאָפן? — אַ מיליאָנער!

נו, אַז איך האָב ביי מיין פריינט פּרוסקי געטראָפן 2 דינסטן, אַ קעכנע און אַ דינסט, — איז ער דאָך זיכער אַ מולטי־מיליאָנער!...

זיי, אין אַמעריקע, ווילן נישט גלויבן אַז ביי אונדז, אין אַרגענטינע, פאַר־גינט זיך אַ געוויינלעכער באַאַמטער צו האָבן אַן „אייגענע" דינסט אויף אַ גאַנצן חודש. ווען איך האָב אין אַמעריקע דערציילט אַז מיינע דריי קינדער, האָבן, ב"ה,

דריי דינסטן און ביי אונדז אַליין איז אויך שטענדיק פאַראַן אַ דינסט, — האָט מען מיר גאָרנישט געזאָגט, נאָר מען האָט זיך איבערגעקוקט צווישן זיך, ווי איינער רעדט:

אוי, איז דאָס אַ בלאָפער, דער אַרגענטינער גאַסט!...

דאָס איינציקע וואָס מר. פּרוסקי האָט געזען אין אַרגענטינע, איז טאַקע געווען דאָס, וואָס יעדער איינער האָט אַ דינסט...

איך בין אַרויסגעפאָרן מיטן פריינט פּרוסקי אָנקוקן פילאַדעלפיע.

פילאַדעלפיע! ווי שיין און האַרציק קלינגט מיר אָט דער נאָמען! נאָך „נעוו־יאָרק" איז פילאַדעלפיע און טשיקאַגאָ שטענדיק דערמאָנט געוואָרן ביי אונדז אין שטוב. פילאַדעלפיע מיט „נעוויאָרק", פלעגט מען זאָגן ביי אונדז, איז ווי „אַ שטוב מיט אַן אַלקער". מען פלעגט דערציילן נסים פון פילאַדעלפיע, פון אַ גלאָק מיט וועלכן מען האָט געקלונגען ווען אַמעריקע איז געוואָרן... אַמעריקע!

דאָס ערשטע, פאָרן מיר טאַקע זען אָט דעם היסטאָרישן גלאָק. עס איז איצט נישט די שעה וואָס מען קאָן אַריינגיין אינעווייניק, עס איז אויך פאַרבאָטן



דער היסטאָרישער „גלאָק", וואָס הענגט אין פילאַדעלפיער מוזעאום.
ער האָט אָנגעזאָגט דעם אַמעריקאַנער פאָלק די אומאָפּהענגיקייט.

צו „פאַרקען" (שטעלן) דאָרט דעם „קאַדיזשאַק", מיט וועלכן פריינט פּרוסקי פירט מיך אַרום. אָבער מיין „יחוס", מיין זשורנאַליסטיש קאַרנעטל אויף ענגליש וואָס איך האָב, מיין טאַרכעטל פון ניו־יאָרקער אָפּטיילונג פון „סטעיט דעפּאַר־

טאַמענט״ וואָס איך האָב ביי זיך, עפנט אונדז אויף די טויערן און מאַכט אויך אַ פּלאַץ פאַר אונדזער „קאַר״ (אויטאָ) אַז מען זאָל מעגן אים שטעלן!

אינעווייניק — איז אַלעס היסטאָריש! דער גלאָק, אַ ריזיקער גלאָק, שוין צעשפּאָלטן אין איין זייט, האָט אָנגעזאָגט דעם אַמעריקאַנער פאָלק, אַז עס איז באַפרייט געוואָרן פון דער ענגלישער מאַכט. דאָ, אין פילאַדעלפיע, אָט אין דעם הויז ווו איך שטיי איצט, איז פּראָקלאַמירט געוואָרן אַמעריקעס אומאָפּהענגיקייט! מען פילט דאָ אַ שטיק הייליקייט. פאַראַן אַ סך וויכטיקע און היסטאָרישע ביל־דער וואָס דערציילן דיר, וועגן געבורט פון אָט דעם גרעסטן, שטאַרקסטן און רייכסטן לאַנד פון דער וועלט. עס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס איך בין געוואָרן עמאָציאָנירט. איך האָב אַ טראַכט געטון: ווער ווייסט, צי ווען נישט די שאַפער פון אָט דער רעפּובליק, וואָלטן געווען נאָך אַ פינף מיליאָן אומגע־קומענע יידישע קדושים אין אייראָפּע!...

נאָכן „סאַפּער״ — אַ היימישע יידישע וועטשערע וואָס די שוואַרצע דינסט האָט אָפּגעקאָכט, — זענען מיר אַרויסגעפאָרן אָנקוקן „פילאַדעלפיע ביינאַכט״. ביים טיש האָבן מיר גערעדט יידיש. ער, פּרוסקי, איז אַ ליטווישער ייד, ערשט 33 יאָר אין לאַנד, רעדט ער אַ... שוואַכן יידיש. זיין פרוי — אַן אַמעריקאַנער געבוירענע, — רעדט אַ בעסערן יידיש פון אים!... דאָס איז די ירושה פון אירע עלטערן, — אַ פרום, אָרטאָדאָקסיש יידיש הויז. זייער שיקן, אינטעליגענט, טעכ־טערל, אַ „פּאָדראָסקע״ פון אַ יאָר 16 — רעדט שוין קיין איין יידיש וואָרט נישט! דאָך, איז זי באַקאַנט מיטן יידישן לעבן,מיט יידישער געשיכטע, און ווען זי האָט צייט — — זי טוט 2 זאַכן: לערנט און... רעדט דורכן טעלעפאָן — לייענט זי אַן ענגליש בוך אויף יידישע טעמעס.

אין אַלגעמיין, איז די פּראָבלעם פון יידישער יוגנט אין אַמעריקע זייער אַן ערנסטע און פאַרשאַפט זאָרג די יידישע חינוך־עסקנים פון אַמעריקע. עס איז דערוויזן געוואָרן און עס איז פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז אין גאַנץ אַמעריקע זענען פאַראַן 400 טויזנט יידישע קינדער אין עלטער פון פערצן ביז אַכצן. דאָס הייסט, אין פּעריאָד, ווען זיי ענדיקן די „פּאָבליק־סקול״, די אָנפאַנגס־שול, און הייבן אָן צו ווערן מענטשן. אין משך פון אָט די פיר יאָר איז געוועגדט צי דאָס קינד זאָל פאָרזעצן זיין אַ... ייד פון יידישלאַנד, אָדער זאָל אַריין אין דער מחנה פון אַסימילירטע חברה וואָס זאָלן אים דערווייטערן פון זיין יידישקייט און צו־געבונדנקייט צו זיין פאָלק.

דער אויטאָריטעט פון יידישע ענינים אין אַמעריקע, דער באַרימטער זשור־נאַליסט באָריס סמאָליאַר, רעדט וועגן אָט דער יידישער יוגנט, — ספּעציעל פון דער חברה צווישן 14 און 18 יאָר — און ער ווייזט אַרויס אַ זאָרג, אויב מען

וועט נישט אַכטונג געבן אויף זיי און זיי נישט צובינדן צו אַ ייִדישער יוגנט־אינסטיטוציע, — אָט ווי עס איז פֿאַרבונדן דאָס שיינע טעכטערל פֿון דער פֿאַמיליע פּרוסקין פֿון פֿילאַדעלפֿיע.

עס איז נישט קיין סוד אַז גלייך נאָך דעם אויסברוך פֿון דער לעצטער וועלט־מלחמה האָט מען אין אַמעריקע אָנגעפּאַסגען קינדלען מער ווי אין די פֿריִערדיקע יאָרן. דאָס האָט פּאַסירט אין דער אַלגעמיינער באַפֿעלקערונג, און דאָס האָט אויך פּאַסירט אין דער ייִדישער.

כל־זמן די קינדער זענען געווען קליין, האָט זיך מיט זיי אינטערעסירט בלויז די שול־סיסטעם. היינטיקס יאָר אָבער, ווען אַ גרויסער טייל פֿון זיי פֿאַנגט אָן צו דערגרייכן דעם 14יאָריקן עלטער, פֿאַנגען זיי אָן צו ווערן אַ פּראָבלעם פֿון ברייטערן געזעלשאַפֿטלעכן אינטערעס.

ייִדישע אָרגאַניזאַציעס באַמיִען זיך צו לייזן די פּראָבלעם פֿון זייערע קינדער דורך אָרגאַניזירן יוגנט־קלובן, יוגנט־אָרגאַניזאַציעס און יוגנט־אינטערנעמונגען. פֿון די פֿיר הונדערט טויזנט ייִדישע יוגנטלעכע אין דאָזיקן עלטער זענען פֿילייכט 100 טויזנט אָנגעשלאָסן אין פֿאַרשידענע ייִדישע יוגנט־גרופּן, ווי „יאָנג־איז־ראַעל", „יאָנג־דזשודעאַ", די „בני ברית יוגנט־אָרגאַניזאַציע" און פֿאַרשידענע אַנדערע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס.

די ייִדישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס, ווי מען קען זען, ציִען קוים אַ פֿערטל פֿון אַלע קינדער וואָס וואָלטן געדאַרפֿט דאָרט באַלאַנגען. די איבעריקע בעמען נישט קיין אָרגאַניזירטן אַנטייל אין ייִדישער טעטיקייט, אָבער אַ באַדייטנדער טייל פֿון זיי האַלטן זיך נאָענט צו די ייִדישע „סענטערס" און צו די יאָנג מען היברו אַסאָסיעישאָנס.

איך האָב דאָ אינמיסטן אַרויסגעבראַכט די מיינונג פֿון חשובן שרייבער ב. סמאָליאַר, ווייל קוקנדיק אויף פּרוסקינס שיין טעכטערל, וואָס וואָלט לייכט גע־קאָנט פֿאַרבלאָנדזשעט ווערן אין אַ גויִשן קלוב און פֿאַרפֿרעמדט ווערן פֿון אונדז, איז אַ דאַנק אירע עלטערן, ספּעציעל איר פֿאָטער, וואָס כאָטש ער איז פֿאַר־ביזנעוועט ביז איבער די אויערן, האָט ער אינזינען געהאַט זי אַריינצופֿירן אין אַ ייִדישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע ווי זיין טעכטערל זאָל זיך אויסלעבן, כאָטש אויף דער ענגלישער שפּראַך, אין אַ ייִדישער סביבה.

אינטערעסאַנט, אין וועלכע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס עס ציט דער אַמעריקאַנער יוגנט.

די בני־ברית יוגנט־אָרגאַניזאַציע און די „יאָנג־איזראַעל" אָרגאַניזאַציע האָבן, יעדע איינע, 30 טויזנט מיטגלידער פֿון ייִנגלעך און מיידלעך.

די ערשטע איז אַ האַלב־אַסימילירטע אָרגאַניזאַציע אין די צווייטע איז אַ

שטרענג רעליגיעזע און די יוגנט ווערט דאָ דערצויגן אין רעליגיעזן גייסט... זיי האָבן אייגענע „סינאַגאָגעס" און אַ סך פון זיי זענען היפּש פֿרום.

די דריטע אָרגאַניזאַציע איז די „יונג יהודה". איר הויפּט־צוועק איז, איינ־האַלטן דעם ייִדישן גייסט פֿון דער יוגנט; זי האָט בלויז אַרום 15 טויזנט מיט־גלידער.

די פֿערטע יוגנט-אָרגאַניזאַציע איז די „יונג־הדסה". זי האָט אויך אַרום 15 טויזנט מיטגלידער. די איבעריקע געהערן צום מזרחי, צום אַרבעטער־רינג און צו פֿאַרשידענע ציוניסטישע גרופּירונגען. אַלע צוזאַמען האָבן אַרום 25 טויזנט יוגנטלעכע מיטגלידער. די איבעריקע 300 טויזנט ייִדישע יוגנטלעכע זענען נישט אין קיין שום קלוב.

פֿאַרשטייט זיך, אַז פֿון זיי דאַרף מען אַראָפּרעכענען אַ הונדערט טויזנט ייִדישע קינדער וואָס לערנען אין די ישיבות און געהערן נישט צו קיין שום יוגנט־אָרגאַניזאַציע.

---

מיר פֿאָרן שפּאַצירן איבער פֿילאַדעלפֿיע. דאָס ערשטע באַקאַנט מען זיך מיטן פֿילאַדעלפֿיער „מושב־זקנים". ניין! אַנטשולדיקט! דאָס וואָרט „מושב זקנים" פּאַסט זיך גאָרנישט אַהער! עס איז אַ היים, אַ זעלכע ווי איך האָב געזען אין ניו־יאָרק, נאָר... צען מאָל שענער. עס איז ממש אַ פּאַלאַץ! פֿאַראַן דאָ צימערן פֿון איין בעט און העכסטנס פֿון צוויי בעטן. אין יעדן צימער — אַ טעלעוויזיע־אַפּאַראַט.

ווערדליק מען האָט אויפֿגענומען דעם פּריינט פּרוסקי, האָב איך זיך גע־געבן רעכענונג, אַז מען קאָן אים דאָ זייער גוט און ער איז איינער פֿון די וויכ־טיקסטע מנדבים פֿאַרן אַנשטאַלט. ער איז נישט קיין מיטגליד־פּראָטעקטאָר, וואָס טוט אַ טובה און צאָלט 300 פּעזעס אַ חודש. אַזאַ אַנשטאַלט קאָסט אים אָפּ נישט ווייניקער ווי פֿינף טויזנט דאָלער אַ יאָר. און טאַקע דערפֿאַר, וואָס אַמע־ריקע האָט אַזעלכע פּרוסקינס אין די הונדערטער און טויזנטער... קאָן מען ביי אַמעריקאַנער ייִדן זאַמלען פֿאַר ישראל 350 מיליאָן דאָלער אַ יאָר (אַ חוץ די באָנאָס).

דער דירעקטאָר אָדער כערענטע פֿון אַנשטאַלט איז אַ יונגער מענטש. ער איז אַ פּאָר און צוואַנציק יאָר אין לאַנד, געקומען פֿון דער ליטע, און רעדט א פֿיינעם, גאָר־גאָר פֿיינעם ייִדיש! ער הייסט — יקותיאל כאַניק. ער פֿירט אונדז אַרום אומעטום, ווייזט אונדז די גרויסע ביבליאָטעק מיט ייִדישע, העברעישע און ענגלישע ביכער. דאָס האָבן די „אַלטע" געבראַכט מיט זיך פֿון זייערע הייזער, ווען זיי האָבן אויפֿגעגעבן זייער וווינונג און געגאַנגען לעבן אין אַ „האָום"...

כאָטש די גרעסטע טייל אַלטע זענען „פּענסיאָניסטן" פֿאַר וועלכע עס צאָלן;

די רעגירונג, די צדקה־פעדעראַציע, און קינדער, דאָך אַרבעט די גרעסטע טייל ביי אַ פאַך וואָס יעדער איינער קלייבט זיך אויס.

פאַראַן אַ ספעציעלער זאַל, ווו עס שטייט אַ וואַרשטאַט פאַר סטאָליאַרעס, פאַר אייבינדער און פאר עלעקטרישע כלים, וואָס מען נוצט אין הויז. ביי קיין עלעקטרי לאָזט מען די אַלטע זיך נישט „פאָרען״...

די „האום״ — דער מאָדערנער מושב זקנים — פארמאָגט אויך אַ שפיטאָל־



דער הויפּט־האָל פון דעם מושב־זקנים (האום) אין פילאַדעלפיע. פאַראַן, ביי דער זייט, נאָך געביידעס פאַר הויכגעשעצטע זקנים און זקנות.

אָפּטיילונג — אַ סאַנאַטאָריע, וואָס וואָלט זיך נישט פאַרשעמט פאַר אונדזערס אַ שענסטע קליניק. דאָס אינטערעסאַנטסטע פון אָט דעם „האָום״: ער האָט אַ צווייטן „פליגל״, אַ סעפּאַראַט־הויז אין דער זייט, ווו עס וווינען אין באַזונדערע צימערן 14 זקנים, וועלכע קאָנען זיך אַליין באַדינען און וואָס זענען בכלל פון אַ העכערער קולטור, ווי די אַלגעמיינע זקנים און זקנות פון „היים״. דערמיט מאַכט מען פילן אָט די עלטערע, אַז זיי געפינען זיך צווישן מענטשן מיט וועלכע מען קאָן רעדן, דיסקוטירן און גלאַט שמועסן פון וועלט־זאַכן!...

ביים פאַרלאָזן דעם „מושב זקנים״ האָב איך געטראַכט:

ווען איך וועל קומען אַ היים וועל איך מאַכן פּראָפּאַגאַנדע, אַז די פירער פון אונדזער מושב זקנים זאָלן זיך דורכפאָרן קיין נאָרד־אַמעריקע און אָנקוקן אָט די אַנשטאַלטן. מעגלעך, אַז עס וועט זיין פון וואָס צו לערנען...

פון „היים״ זענען מיר אַוועקגעפאָרן אָנקוקן די „קאָנגרעגיישען״ — דעם טעמפּל, די שיל, צו וועלכער דער ה׳ פּרוסקי געהער. דאָ, אין אַמעריקע, איז זעלטן, מיטן אויסנאַם פון די לינקע, פון די סאָציאַליסטן און ראַדיקאַלן — אַז מען זאָל נישט געהערן צו אַ „קאָנגרעגיישען״, — וועלכע האָט אויך אַן אייגענעם... בית־עולם, און דאָס איז ביי יעדן אַמעריקאַנער ייִדן אויפן ערשטן פּלאַץ...

עס איז שוין ביי מיר קיין צווייפל נישט געווען, אַז דער טעמפּל און די קאָנגרעגאַציע זענען די באַזע ביי הונדערטער טויזנטער ייִדן אין אַמעריקע. דער טעמפּל פאַרהיט פון אַסימילאַציע און דורכן טעמפּל שאַפט מען אי ייִדישקייט און אי אַ סך געלט פאַר לאָקאַלע צוועקן און פאַר מדינת־ישראל.

פאַראַן אין אַמעריקע הונדערטער אַזעלכע טעמפּלען.

דער טעמפּל צו וועלכן מר. פּרוסקי געהער הייסט „עמנו־אל״ און איז איי־נער פון די עלטסטע און וויכטיקסטע פון פילאַדעלפיע. די געביידע פאַרנעמט אַ




דער טעמפּל עמנו־אל, איינער פון די שענסטע אין פילאַדעלפיע. פאַראַן ביים טעמפּל אַ תלמוד־תורה ווו ס׳לערנען עטלעכע הונדערט תלמידים. פאַראַן אויך אַ מיטל־שול און אַ גרויסע שולע פאַר אָוונט־קורסן. אַ סך לערער פון טעמפּל זענען געוועזענע תלמידים פון דער זעלבער שולע.

גאַנצן בלאָק און האָט נאָך פּלאַץ אויסצובויען עטלעכע „פליגל״. דער ראַביי, וואָס פירט אָן מיט דעם טעמפּל, איז איינער פון די אינטערעסאַנטסטע פּערזענלעכקייטן! ער הייסט מאַקסוועל מ. פאַרבער. ער באַקומט אַ שיינעם געהאַלט און ער איז אים ווערט. ס׳האָט זיך מיר נישט געגלוסט צו שיידן מיט אים!

דער דאָזיקער ראַביי פאַרבער איז ניט בלויז אַ מענטש מיט הויכער ביל־



ראַבאַי מאַקסוועל מ. פאַרבער, דער גייסטיקער אָנפירער פון טעמפל עמנו־אל אין פילעדאַלפיע.

א גרופע טוער פון טעמפל, ביים פייערן דעם 25 יאָריקן יובל פון זייער קאָנגרעגאַציע.




דונג, נאָר אויך מיט הויכער אינטעליגענץ און פאַרשטענדעניש פאַר יידישע ענינים. ער פאַרשטייט זיין פאַראַנטוואָרטלעכקייט פון דער ציען אַ דור יידישע מענטשן וואָס זאָלן זיין צוגעבונדן צום יידנטום און טאַקע צום טעמפל־יידישקייט, און ער טוט אַלעס מעגלעכעס אַז די יוגנט זאָל קומען אין טעמפל אַריין בכלל און אין דער שולע ביים טעמפל — בפרט.



דאָס לעבן פון טעמפל „עמנו־אל" — פילאַדעלפיע, — אין בילד.

ביים טעמפל איז פאַראַן אַ תלמוד תורה און ווען דער תלמיד ענדיקט זיין קורס אין דער תלמוד תורה, איז פאַראַן אַ מיטלשול און אַ העכערע שול. אַזוי אַרום זאָרגט מען, אַז דאָס קינד, וואָס הייבט אָן צו גיין אין שולע ביים טעמפל, זאָל זיין פאַרבונדן מיט אָט דעם אַנשטאַלט ביזן אוניווערסיטעט... צוליב דעם צוועק, אָרגאַניזירט מען אַ יוגנט-צענטער און מען פאַרזאָרגט אים מיט אַלע באַקוועמלעכקייטן, אַז דעם יוגנטלעכן זאָל זיך ניט גלוסטן צו גיין אין אַ „ניט־ייִדישן" קלוב, ווו ניט־שטענדיק איז מען אים גאָר געדרן...

ראַביי פאַרבער באַרימט זיך פאַר מיר, אַז לויט אַ סטאַטיסטיק וואָס מען האָט לעצטנס געמאַכט, גייען אַרויס די תלמידים פון „עמנו־אל"־טעמפל פול־שטענדיקע און באַוווסטזיניקע ייִדן. ספּעציעל — מערקט זיך ניט צווישן זיי קיין טענדענץ צו געמישטער חתונה. ניטאָ אַפילו קיין איין פּראָצענט געמישטע חתונות. בכלל — איז די מיינונג פון ראַביי פאַרבער — איז די „פּראָווינץ" מער ייִדישלעכער. ווען איר וועט פאָרן איבער אַמעריקע — זאָגט ער מיר — וועט איר זיך איבערצייגן, אַז ניט בלויז אין ניו יאָרק זענען פאַראַן שולעס, טעמפּלען און ישיבות; איר וועט זיך איבערצייגן, אַז אין דער פּראָווינץ איז מען מער צו־געבונדן צו ייִדישקייט און ספּעציעל — צו רעליגיעזער ייִדישקייט.

איך האָב געזען די קינדערלעך ביי זייער לערנען.

ס'איז ניט ווי ביי אונדז, וואָס מען זיצט אָנגעטון אין ווייסע „גואַרדאַפּאָלוועלעך" און אַלע זיצן ווי סאָלדאַטן! דאָ ווייסן ניט די קינדער פון אָט די ווייסע מלבושימלעך פאַר דער שולע. יעדער איינער גייט אָנגעטון ווי ביי זיך אין דער היים, אָבער — זייער ריין און ציכטיק! אויפן קאָפּ טראָגן אייניקע יאַרמלקעלעך און אַנדערע — די טיפּישע נאָרדאַמעריקאַנער היטעלעך.

כ'האָב פאַרפירט אַ שמועס מיט עטלעכע תלמידים פון דער שולע, און — מערקווירדיק! זיי רעדן ייִדיש אויך! הייסט עס, אַז עס איז נאָך דאָ אַ האָפענונג!

שיין איז אָנצוקוקן דעם טעמפּל, דאָס פּלאַץ ווו... צוויי טויזנט צוויי הונ־דערט מתפללים קומען זיך צונויף דאַווענען. דאָ זיצט מען מיט די פרויען צו־זאַמען. אין ביידע זייטן פון דער בימה — צוויי גרויסע פאָנען: אַן אַמעריקאַנער און אַ ייִדישע! אָן פאָנען און אָן דעם אַמעריקאַנער הימן הייבט זיך גאָרנישט אָן. ביים עמוד איז פאַראַן אַ מיקראָפאָן און ביים טיש פון לייענען — צוויי מיק־ראָפאָנען. דאָ, אין אַמעריקע, אין צייט פאַר קריאת התורה, זיצט מען שטיל אויף די בענקלעך און מען הערט זיך צו צום לייענען...

איך פּרווו צונויפנעמען און צוזאַמענשטעלן עטלעכע בילדער פון אַנשטאַלט. אָט די בילדער גיבן דיר אַ ריכטיקע אָפּשאַצונג פון רעליגיעזן לעבן פון אַמערי־קאַנער ייִדן אויף דער פּראָווינץ.



אַ צווייטע טייל בילדער פון דער שולע ביים טעמפל „עמנואל" אין פילאַדעלפיע.
הונדערטער קינדער באַזוכן טאָג־טעגלעך די דאָזיקע תלמוד־תורה.

ווען מיר פאַרלאָזן דעם טעמפל, זאָגט מיר פרוסקי אַז איצט פאָרן מיר אָנקוקן אַ צווייטן „טעמפל", אַ „שותפותדיקן" טעמפל, אַ בית תפילה פון...

דריי רעליגיעס!

דער דאָזיקער „טעמפל" שטייט אין בעסטן צענטער פון פילאַדעלפיע, און ער באַדינט:

די פראָטעסטאַנטישע קירכע,

דעם קאַטוילישן קלויסטער, — און...

די יידישע שיל...

די דאָזיקע „שיל־קלויסטער" געפינט זיך אויף דער עווניו בראָאַד און



דער „יידישער" ארון־קודש און באַלעמער פון דער שותפותדיקער „שיל".

בערגס־גאַס. אָפיציעל הייסט דער קלויסטער „דער בית־התפילה פון די פיר גלחים."

כ'האָב ניט פאַרשטאַנען וואָס מיין פריינט פרוסקי רעדט דאָ צו מיר! כאָטש ער האָט גערעדט צו מיר יידיש — האָב איך ניט אָנגעהויבן צו פאַרשטיין וואָס ער זאָגט צו מיר.

אָבער, עס איז געווען אַן אמת! מיר זענען צוגעפאָרן און ער האָט מיך

אַריינגעפירט אין אַ „טשוירטש.‟ אינדרויסן איז ניטאָ קיין שום סימן פון קיין צלם. עס זאָגט זיך נאָר אַז דאָס איז — „אַ שטוב פאַר גאָט.‟

אינעווייניק האָט אונדז אויפגענומען אַ פּראָטעסטאַנטישער גלח. ער איז געווען זייער פריינדלעך צו אונדז — דערהויפּט, ווען ער איז געוויר געוואָרן, אַז עס האַנדלט זיך וועגן אַן אויסלענדישן זשורנאַליסט. ער פירט אונדז אַרום איבער דער שיל־קלויסטער, וועלכע איז אויפגעבויעט געוואָרן אין אָנדענק פון אַ שלאַכט,



דער קאַטוילישער „באַלעמער‟



דער פּראָטעסטאַנטישער „באַלעמער‟

ווו די פאָרשטייער פון די דריי רעליגיעס האָבן געהאָלפן ראַטעווען די סאָלדאַטן — אַוועקגעבנדיק די סאָלדאַטן זייערע רעטונגס־גאַרטלען, פון דער שיף אויף וועלכער זיי זענען געפאָרן און וואָס מען האָט זיי דערטרונקען. זיי האָבן געראַ־טעוועט סאָלדאַטן — נישט פרעגנדיק זייער רעליגיעזע אָנגעהעריקייט!

די „שיל־קלויסטער‟ איז זייער פּשוט. אָרימע, פּשוטע לאַנגע בענק. מיר קומען צו צו דער בינע, וועלכע איז אַ... פּראָטעסטאַנטישע. מען זעט ניט קיין צלם אויף די ווענט און אויך ניט קיין „אַלטאַר‟. מיטאַמאָל גיט דער גלח אַ דריק אַ קנעפּל און די בינע הייבט זיך אָן דרייען — ווי אין אַ מאָדערנעם טעאַטער —

און עס „פאַרשווינדט״ דער „פּראָטעסטאַנטישער אַלטאַר״ און עס באַווייזט זיך אַ קאַטוילישער „אַלטאַר״ מיט אַלע פּיטשעווקעס, מיטן געקרייציקטן אויבן־אָן.

נאָכדעם ווי מיר האָבן אַלעס גוט באַטראַכט, גיט דער גלח נאָכאַמאָל אַ דריק דאָס קנעפּל און די בינע דרייט זיך ווידער. עס „פאַרשווינדט״ דער „קאַ־טוילישער אַלטאַר״ און עס באַווייזט זיך אַן... עמוד מיט אַן ארון קודש, מיט אַ באַלעמער צום לייענען, מיט לייכטער און אַ „מגן דוד״ — אַלזאָ, אַ פולשטענדי־קע ייִדישע שיל.

דער גלח עפנט אויף דעם ארון־קודש און ער ווייזט מיר... דריי ספרי־תורות. און ער הויבט אויף דאָס מענטעלע פון אַ ספר תורה און ווייזט מיר אַז די תורה איז פון... אמתן פּאַרמעט... ער טאַפּט דעם פּאַרמעט און ווייזט מיר אים..!

— ווען דאַווענען די רעליגיעס?

— די ייִדן — בלויז פרייטיק צו נאַכט און שבת. די פּראָטעסטאַנטן — זונ־טיק אינדערפרי — ביז 10 אַזייגער, און די קאַטאָליקן — נאָך 10 אַזייגער...

ביים אַרויסגיין, האָט מיך דער גלח געבעטן, אַז איך זאָל עפּעס אַריינשרייבן — אין ייִדיש און שפּאַניש — מיינע איינדרוקן וועגן באַזוך אין אָט דער שיל. מילא, אין שפּאַניש האָב איך געשריבן אַ פּאָר ווערטער, באַגריסנדיק די „ברי־דערלעכקייט״ פון מענטשן פון אַלערליי רעליגיעס.

אין ייִדיש האָב איך אָנגעשריבן:

„אַז אָך און ווי איז דער תורה, אַז אַ גלח דאַרף זי טאַפּן און דערווייזן אַז זי איז פון פּאַרמעט. איך וואָלט ניט געוואָלט עולה תורה זיין אין אַזאַ שיל און ביי אַזאַ תורה...״

אַזאַ שותפותדיקע „שיל־קלויסטער״ קאָן מען טרעפן בלויז אין אַמעריקע!..

ווען מיר זענען אַרויס פון דער שיל, זענען מיר געגאַנגען עפּעס איבער־כאַפּן. איך האָב אויך עפּעס געדאַרפט האָבן אין אַ טעפּל־געשעפט („באַזאַר״). איך האָב פאַרלוירן דעם פאַרשטעקל פון מיין „טערמאָ״. מר. פּרוסקי פירט מיך אַריין אין אַ פּלאַץ, ווו מיר וועלן: אי קענען איבערבייסן, אי קויפן וואָס איך דאַרף: — ער פירט מיך אַריין אין...

— אַן אַפּטייק...

וועגן דעם האָב איך דיר נאָך ניט געשריבן: אין די „פאַרמאַסיעס״ (אַפּטייקן) אין אַמעריקע, פאַרקויפט מען ניט בלויז „ענגלישע זאַלץ״, אָדער אַספּירינען צום קאָפּ, אָדער רעצעפּטן און „עספּעסיפיקאָס״. די אַפּטייק אין אַמעריקע פאַרקויפט פון אַלעס! און פאַר אַלעס — איז די אַפּטייק אַ רעסטאָראַן ווו מען קריגט אַ סאַנדוויטש, אַ „סטעיק״ (ביף), אַ גלאָז קאַווע מיט מילך און... געבאַקענע לאַטקעס!

די דאָזיקע אַפּטייק אין וועלכער מיר זענען איצט אַריינגעגאַנגען, איז גאָר

אַן אויסנאַם! אַזאַ „אַפּטייק״ האָב איך אין ניו יאָרק ניט געזען. אַ גרויסער רעס־טאָראַן מיט געבראָטנס און געפּרעגלטס, אַ גרויסער באַר מיט אַלערליי געטראַנ־קען, און — דאָס איבעריקע — אַ גרויסער באַזאַר! דו קריגסט אין אָט דער „אַפּטייק״: צוועקעס, שרויפּנציִער, אַלערליי טעפּ און טעפּלעך, זייף צו וואַשן וועש, אַ פּרעסל, און טעלער מיט גלעזער. ערגעץ אין אַווינקעלע, איז דאָ אַן אַפּטיי־לונג ווו מען קאָן קריגן... אַפּטעטשנע זאַכן אויך און ווו עס שטייט אַ פאַרמאַ־צעווּעט — על כל צרה שלא תבוא, אפשר וועט עמעצער קומען נאָך אַ רעצעפּט...

גראַדע האָב איך געפּרעגט אויף פּילן, וואָס ביי אונדז אין אַרגענטינע ניצן זיי מענטשן צו „דיאַבעטיס״ און וועלכע אונדזער ד״ר מאַנועל כּוטאַראַן האָט זיי רעקאָמענדירט צו הונדערטער פון זיינע פּאַציענטן. דער פּראָדוקט הייסט „לאָבור־



דער יידישער שפּיטאָל אין פּילאַדעלפיע, — דער גרעסטער און בעסטער און טאַקע דער באַרימטסטער אין גאַנצן געגנט.

לענאַ״. דאָ, אין דער גראַנדיעזער אַפּטייק, האָב איך אים ניט געפונען! דערפאַר האָבן מיר דאָ געגעסן עטלעכע גוטע סאַנדוויטשן און פאַרטרונקען מיט אַ „קאָפּע־קאַווע.״

מיר פאָרן אָנקוקן אַ יידישן שפּיטאָל אין פּילאַדעלפיע. צופעליק ליגט דאָרט

מיסעס פּרוסקיס מוטער און זי פּאַרט טאַקע מיט מיר אָנקוקן דעם שפּיטאָל. זי טרייבט איר „קאַר“. זי האָט זיך אַן אייגענעם קאָטש אָבער — ניט פון לעצטן מאָדעל! איר אויטאָ איז פון 54טן יאָר! ס'הייסט, שוין אַלט באַלד אַ יאָר. זי גע־פינט פאַר בויטיק, כמעט, ווי זיך צו אַנטשולדיקן פאַר מיר, פאַרוואָס זי פירט מיך מיט אַזאַ „אַלטן“ אויטאָ...

דער שפּיטאָל געפינט זיך אין אַ שטילער געגנט פון דער שטאָט. עטלעכע גרויסע געביידעס פאַרנעמט דער שפּיטאָל. מיר פאָרן אַרויף מיטן „עלעווייטער“ (אַסענסאָר) און קומען אַרויף צום פינפטן שטאָק, ווו מר. פּרוסקינס שוויגער ליגט אינטערנירט. גלויב מיר, גאָלדע, אַז אַריינגיין אין אָט דעם אַלגעמיינעם שפּיטאָל איז אַ סך שטילער, רויִקער און שענער ווי אין דער בעסטער פּריוואַטער סאַנאַ־טאָריע פון גאַנץ זיד־אַמעריקע...

איך נוץ אויס די געלעגנהייט און באַקען זיך מיט די אינערלעכע איינריכ־טונגען פון שפּיטאָל. אין יעדן שטאָק איז פאַראַן אַ צימער פאַר דרינגענדער הילף מיט אַ דאָקטאָר וואָס האָט ניט ווייניקער ווי 10 יאָר פּראַקטיק...

גאָר אינטערעסאַנט איז דער אָפּעראַציע־צימער. אַזעלכע אינסטרומענטן אין אַ יידישן שפּיטאָל — קאָן זיך נאָר פאַרגינען אַמעריקע!..

דאָס פלאַץ, ווו עס ווערן געבוירן די נייע אַמעריקאַנער יידן און די שפּע־טערדיקע אַמעריקאַנער בירגער וואָס זענען גרייט אָוועקצוגעבן זייער לעבן פאַר אַמעריקע — איז אין אַ צווייטן פּאַוועליאָן. איך נוץ אויס די געלעגנהייט וואָס מרס. פּרוסקי איז ביי איר מוטער — איך באַזוך אויך יענעם פּאַוועליאָן.

ער איז פון אויסערגעוויינלעכן קאָנפאָרט,סיי פאַר דער געווינערן, סיי פאַר די וועלכע וואַרטן „אויף דער גוטער מינוט.“ איך האָב געטראָפן עטלעכע פאָ־טערס אַרומשפּאַנען נערוועז, און געטראָפן איינעם וואָס... האָט זיך געריסן די האָר פון קאָפּ! שוין צוויי שעה ווי זיין ווייבל גייט צו קינד מיט אַן ערשטלינג! איך בין ניט אָוועקגעגאַנגען פון דאָרט. איך האָב אים אָנגעהויבן באַרויִקן! ער האָט גערעדט אַ פיינעם יידיש. פּלוצים, נעמט ער אַרויס אַ... יאַרמעלקעלע, טוט עס אָן, נעמט אַרויס אַ תהילימל און הייבט אָן זאָגן תהילים!.. איך האָב שטאַרק געוואָלט זיך צעלאַכן און איך האָב זיך קוים איינגעהאַלטן!..

אינמיטן תהילים־זאָגן, האָט מען אים אָנגעזאָגט די בשורה, אַז זיין ווייבל האָט געהאַט אַ... פּאָרל. דערפאַר האָט עס אַזוי לאַנג געדויערט! דאָס ערשטע קינד איז שוין אַלט אַ... שעה מיט צען מינוט און דאָס צווייטע איז אָנגעקומען שווער. אָבער, ביז דאָס צווייטע איז ניט אַרויס און מען האָט ניט געוווסט אַז די קימפּעטאָרן איז אָל־רייט — האָט מען אים גאָרניט געזאָגט!..

פאַר פרייד, האָט ער מיך אַרומגעכאַפּט קושן און האָט מיך שוין פאַרבעטן אויפן ברית!..

ווען איך האָב זיך שפּעטער געטראָפן מיטן סימפּאַטישן ראַביי פאַרבער, האָב איך אים דערציילט וועגן יונגנמאַנס אָנטאָן די יאַרמעלקע און זאָגן תהילים. דער ראַביי האָט מיר אויך פאַרזיכערט, אַז די לעצטע יאָרן זענען, בכלל, אַמעריקאַנער ייִדן געוואָרן פרימער. ער זעט עס ביי זיך אין זיין קאָנגרעגיישען, ווי עס קומען די ייִדן אין טעמפּל אַריין. עס קומען די גלויביקע, עס קומען די ייִדן וואָס „פרעגן אַ



מר. מאַקס שוואַרץ
טוער פון טעמפּל עמנו־אל



מר. האַררי באַלים
פּרעזידענט פון טעמפּל עמנו־אל
(פילאַדעלפיאַ)

שאלה" און עס קומען די ייִדן וואָס שיקן זייערע קינדער אין תלמוד־תורה! ער האַלט, אַז די לעצטע צען יאָר האָבן עס צוריקגעבראַכט צו פרומקייט אַ סך ייִדן!

גאָר ספּעציעל קומען ייִדן אין שיל אַריין אין די טעג פון יום־טוב און אַפילו שבת. ייִדן האָבן אויך, לעצטנס, מער אָנגעהויבן צו פּראַווען טראַדיציאָנעלע שמחות, ווי: בר־מצווה׳ס א״אַ.

דאָס זעלבע —אַז ייִדן זענען אין אַמעריקע געוואָרן פרימער — האָב איך אויך געהערט די גאַנצע צייט אין ניו־יאָרק. מען האָט מיר אָנגעוויזן אויף דעם

„אַמעריקאַנער יידישן יאָר־בוך", וועלכער ברענגט גענויע דאַטעס וועגן פּרומ־קייט ביי די יידן אין אַמעריקע פאַר די לעצטע יאָרן.

אונדזער באַליבטער יידישער שרייבער און דענקער, חבר יעקב לעשטשינסקי — אגב, ניט קוקנדיק אויף זיינע העכער 70 יאָר — ביז 120 — איז ער נאָך זשורנאַליסטיש זייער טעטיק — ער האָט אויך וועגן דעם אַ ספּעציעלע מיינונג!

חבר יעקב לעשטשינסקי פרעגט:

ווערן טאַקע יידן אין אַמעריקע פרימער און גאָטספאָרכטיקער? איז דער גרויסער און גיכער בוי פון נייע סינאַגאָגעס טאַקע אַן אמתער סימן און אַ באַווייז אַז מען ווערט פרימער און רעליגיעזער? קאָן מען רעדן וועגן אַ באַדייטנדיקן איבערברוך אין דער שטימונג פון די אַמעריקאַנער יידן אין באַצוג צו יידישקייט בכלל?

און ער דערציילט:

נישט לאַנג צוריק האָבן צוויי זייער אָנגעזעענע יידישע אינטעלעקטואַלן גע־פירט אַ דיסקוסיע אויף דער דאָזיקער טעמע.

איינער, אַ ראַבאַי מרדכי קאַפּלאַן, האָט געטענהט, אַז די סינאַגאָגעס פּוס־טעווען ווי פריער און אַז ס'קומט צום דאַווענען אין אַ סידור מיט העברעישע בוכשטאַבן, איז דער עולם שטאַרק געהרגעט אויף דער עברי, און זעלטן ווען קריכט מען דורך אַ תפילה אין לשון־קודש.

איז אויפגעשטאַנען אַ צווייטער אַמעריקאַנער יידישער אינטעלעקטואַל, מאָ־ריס סעמיועל, און האָט געזאָגט, אַז מיר שטייען ערב אַ גאָלדענער עפּאָכע אין דער קולטור פונעם אַמעריקאַנער יידנטום.

וועלן מיר זיך ניט אַריינלאָזן אין דער דאָזיקער דעבאַטע. מיר ווילן נאָר ברענגען עטלעכע ציפערן פון אַן אַנקעטע, וואָס די רעפאָרמיסטן האָבן דורכגע־פירט צווישן זייערע מיטגלידער. מיר נעמען ניט אָן, אַז אָט־די ענטפערס אויף די פראַגן פון דער אַנקעטע גיבן שוין אַ קלאָרע תשובה אויף די שווערע און וואָגיקע פּראָבלעמען וואָס די דערמאָנטע יידישע גייסטיקע פירער האָבן דעבאַ־טירט. זיי באַלייכטן נאָר אַ ביסל די פּראָבלעמען, און דערפאַר קומט אַ דאַנק דעם יאָרבוך פונעם אַמעריקאַנער יידישן קאָמיטעט, וועלכער האָט פאַרעפנטלעכט די דאָזיקע אינטערעסאַנטע ווערטפולע מאַטעריאַלן.

צוויי און ניינציק פּראָצענט פון די געפרעגטע האָבן געענטפערט, אַז זיי פּראַווען בר־מצווהס — דער דאָזיקער מינהג איז געוואָרן שטאַרק פאַרשפּרייט צווישן אַלע שיכטן פונעם אַמעריקאַנער יידנטום. ס'איז צו מערקן, אַז מען הייבט־אָן נאָכצוטאָן דעם דאָזיקע מנהג אין די לענדער פון לאַטיין־אַמעריקע,

מען זאָגט, אַז דאָס גיט זייער ווייניק, ווייל דער בחור טוט אַפילו ניט אָן קיין תפילין און דאַוונט ניט אַפילו באַלד אויפצומאָרגנס נאָך דער בר־מצוה־פייערונג.

איז דאָס געוויס אַ טענה, נאָר זי פאַרמינערט ניט דעם ווערט פונעם יום־טוב. יעדער ייִדישער יום־טוב איז שוין אַ שטיקל געווינס.

דער בר־מצוה יום־טוב איז דאָך ניט נאָר אַ טרינק־און טאַנץ-יום־טוב. מען גייט אין שיל אַריין, דער ראַבאַי זאָגט אַ דרשה און דערמאָנט דעם יונגן בחורל, אַז ער איז אַ זון פון אַן אַלט פאָלק, פון אַ מאַרטירער־פאָלק; פון אַ פאָלק, וואָס האָט נאָר־וואָס איבערגעלעבט די גרעסטע טראַגעדיע און דעם גרעסטן זיך אויבער פעלקער פופציק מאָל גרעסער פון אים. ס׳מוז לאָזן עפּעס אינעם זכרון פונעם יונגן ייִדן. יעדער ייִדישער צוזאַמענקום איז אַ געווינס.

פיר־און־זיבעציק פּראָצענט האָבן אָנגעגעבן, אַז זיי ווילן, אַז זייערע קינדער זאָלן לערנען העברעיִש.

דאָס איז ביז גאָר אַן אינטערעסאַנטער פּונקט. — מען דאַרף געדענקען, אַז ס׳איז געווען אַ צייט, ווען די „רעפאָרמער״ האָבן איינגעפּירט, אַז אַפילו דאַווענען זאָל מען אין ענגליש און ניט אין העברעיִש. און איצט ווילן דריי פערטל, אַז זייערע קינדער זאָלן לערנען העברעיִש. אויך דאָ קאָן מען פאַרמינערן דעם באַדייט און טענהן, אַז מען לערנט זיך זייער ווייניק אויס אין די שולעס. דער קלאַנג פון העברעיִש אין די אויערן פון אַ ייִדן איז שוין אַ געוויסער געווינס. זאָלן די קינדער לערנען וויפל נישט איז — ס׳איז בעסער פון גאָרנישט. איך וואָלט געזאָגט: עס איז שוין אַ נאַציאָנאַלער פּראָגרעס.

וועגן דעם באַזוך פון די סינאַגאָגעס, זענען פאַראַן אַזעלכע ענטפערס:

31 פּראָצענט קומען דאַווענען איין מאָל אין דער וואָך; אַנדערע 31 פּראָצענט קומען אין אַ סינאַגאָגע איין מאָל אין אַ חודש; 26 פּראָצענט קומען זעלטן אין אַ סינאַגאָגע און 12 פּראָצענט קומען נאָר ימים נוראים, ראש השנה און יום־כּיפּור אין אַ סינאַגאָגע.

צוויי־און־ניינציק פּראָצענט פון די „רעפאָרם״־סינאַגאָגעס פירן דורך פּרייטיק אָוונט תפילות. מיר קאָנען זיך ניט אַריינלאָזן דאָ אין חקירות, וואָס מען דאַוונט און ווי מען דאַוונט. פאַר אונדז איז וויכטיק, וואָס מען קומט זיך צונויף, מען פילט זיך ווי אַ באַזונדערע ייִדישע עדה, אָפּגעטיילט פון אַלע ניט־ייִדן.

שבת אינדערפרי פירן דורך תפילות נאָר 48 פּראָצענט סינאַגאָגעס. איז אַפילו די דאָזיקע ציפער פאַר מיר אַן איבערראַשונג, ווייל ס׳איז געווען אַ צייט, ווען מען האָט געהאַלטן שבת פרי אונדזערע סינאַגאָגעס געשלאָסן, אויב ניט הונדערט פּראָצענט, איז 90 פּראָצענט.

ס׳זענען פאַראַן געוויס צווישן די ענטפערס אַ סך טרויעריקע זאַכן — אָט,

לאָמיך ברענגען נאָך עטלעכע ציפערן פון דער אַנקעטע — זיי זענען זייער אינטערעסאַנט.

74 פראָצענט פראַוון פסח אַ סדר.

47 פראָצענט האָבן מזוזות ביי די טירן.

81 פראָצענט פייערן חנוכה.

ס׳איז גאָר קיין ספק ניט, אַז דאָס פייערן חנוכה איז אַ געווינס פון די לעצטע יאָרן. און קאָן מען פייערן חנוכה און ניט וויסן גאָרנישט פונעם קאַמף און פון די העלדישקייטן פון די מאַקאַבייער? מוז מען דאָך עפּעס וויסן און וויפל־ניט איז דערציילן די קינדער. בין איך זיכער, אַז אויך דער דאָזיקער הויכער פּראָצענט איז אַ רעזולטאַט פון די לעצטע יאָרן. ס׳קאָן זייער זיין, אַז אין פילע פון די דאָזיקע היימען פייערט מען אויך „קריסטמעס״ מיט אַ בוים און מיטן גאַנצן מראַסק, כאָטש נאָר 31 פּראָצענט האָבן אָנגעגעבן, אַז זיי האָבן אויך דעם קריסט־מעס־בוים. איז ווידער דאָס אייגענע — צוריק מיט יאָרן פלעגט מען זיך באַנו־גענען נאָר מיט דעם קריסטמעס־בוים.

כאַראַקטעריסטיש איז פאָלגנדיקער ענטפער — קדיש נאָך עלטערן, אַלע טאָג, היטן אָפּ טעגלעך 29 פּראָצענט און 50 פּראָצענט וועכנטלעך.

אויב אין ניו־יאָרק האָט זיך געפילט דאָס פרומקייט פון די יידן, איז טאַקע אויף דער „פּראָווינץ״ — אין פילאַדעלפיע, נאָך בולטער. דאָס איינציקע וואָס מען קאָן ניט פועלן ביי די „פרומע״ יידן פון אָט־דעם שניט פון וועלכע לעסטשינסקי רעדט, איז — אַז זיי זאָלן האַלטן שבת פאַרמאַכט די קראָמען.

בלויז אין וויליאַמסבורג און אויף אַ טייל פון דער „איסט־סאַיד״, און גאָר ספּעציעל — ביי די יידן וואָס האַנדלען מיט יידישע זאַכן, ווי: ספרים, טליתים א״אַ, — ביי זיי זענען די קלייטן פאַרמאַכט שבת. ביי די איבעריקע „פרומע״ איז אָפן שבת אַ גאַנצן טאָג און אָפט, אָפט — ביז שפּעט אין דער נאַכט! שבת איז דער בעסטער טאָג פאַר „ביזנעס״. שבת, נעמט מען אָפּ דעם „פּעי״ (געהאַלט פון דער וואָך), גייט מען, נאָך דער אַרבעט, איינקויפן! מוז מען האַלטן שבת אָפן די קלייט.

איך פאַרענדיק מיין שפּאַציר אין פילאַדעלפיע, מיט אַ באַזוך אין דאָרטיקן נאַציאָנאַלן מוזעום.

מען זאָגט, אַז דער פילאַדעלפיער מוזעום איז דער שענסטער פון אַמעריקע. מעגלעך! מעגלעך אויך, אַז איך בין קיין מבין ניט געווען אויף די אַלע היסטאָרישע קונסט־זאַכן וואָס איך האָב דאָרט געזען! אָט איז מיין פריינט פּרוסקי שוין דאָרט געווען עטלעכע מאָל, און אויך איצט לעקט ער די פינגער און באַוואונדערט די

בילדער, וועלכע ער זעט שוין צום צענטן מאָל. פאַר מיר זענען זיי געווען פרעמד! פאַר מיר איז געווען אַ כּך באַקאַנטער, אַ סך היימישער דער מוזעאום אין ירוש־לים, אין תל אביב און אין חיפה! דאָרט האָב איך פאַרשטאַנען וואָס איך זע! דאָ, האָב איך געקוקט ווי אַ האָן אין בני אדם און —צוליב העפלעכקייט — נאָכגע־שאָקלט מיטן קאָפּ...

אין פילאַדעלפיע איז פאַראַן וואָס אָנצוקוקן. ווען איך זאָל דאָ בלייבן אויף אַ חודש צייט, וואָלט איך נישט אויספייעט אַלעס צו זען און אַלעס צו באַטראַכטן.

נעם, למשל, די דאָרטיקע הויפּט־צייטונג וועלכע ווערט געלייענט פון 90 פּראָ־צענט פילאַדעלפיער מענטשן וואָס קאָנען לייענען ענגליש. זי הייסט „פילאַדעלפיער קוריער״ און איז די איינפלוסרייכסטע פון גאַנצן געגנט. איך האָב דאָרט אָפּ־געשטאַט אַ וויזיט, זיך פאָרגעשטעלט און צו דער מינוט האָט מען מיר געבראַכט צוויי איבערזעצער, — איינער האָט גערעדט שפּאַניש און דער צווייטער — אַן אַמעריקאַנער ייִדיש. די ערשטע פראַגע וואָס מען האָט מיר געשטעלט איז געווען:

— צי די ייִדן פון זיד־אַמעריקע פילן זיך זיכער מיט זייער לעבן און פאַרמעגן אין אונדזערע לענדער...

ווען איך זאָג אַז ניין — וואָלט מען מיר געגלויבט. האָב איך, אָבער, גע־זאָגט אַז יאָ! אַבסאָלוט זיכער — האָט מען גענומען מיט מיר דיסקוטירן... איך האָב באַמערקט אַז זיי גלויבן מיר נישט! זיי האָבן אפילו מיר צוגעזאָגט נישט צו שרייבן מיין מיינונג, אַבי איך זאָל זיי זאָגן דעם אמת...

גאָר ספּעציעל האָט עס געוואָלט וויסן דער ייִדישער איבערזעצער!

אַ ייִדישע נשמה איז נישט אָפּצושאַצן!...

פאַרשטייט זיך, אַז פאַר אַלעם האָט מיך אינטערעסירט דאָס ייִדישע פילאַ־דעלפיע. אָט קום איך אין דעם „אַרבעטער־רינג״־צענטער און עס איז צו באַוווּנ־דערן וואָס ייִדישע אַרבעטער־מענטשן קאָנען אויפטון.

איך בין אויך צוגעפאָרן און באַזוכט צוויי ייִדישע וועלטלעכע שולעס. אמת, נישט איבעריק רייך אויסגעשטאַטעט — אָבער, ריין און ציכטיק און דאָס ייִדישע לשון קלינגט דאָרט אין אַלע ווינקעלעך...

דערנאָך פאָר איך אָנקוקן די באַרימטע אוניווערזיטעט־שטאָט פון פילאַ־דעלפיע, וועמענס נאָמען איך האָב נאָך געהערט ווען איך האָב געלערנט אין חדר. מען זאָגט, אַז אין דער געביידע פון אוניווערזיטעט זענען פאַראַן... צען טויזנט

צימערן. צי עס איז אמת? — ווייס איך נישט. איך האָב זיך נישט אָוועקגעשטעלט זיי איבערציילן. נאָר די געביידעס און דער דאָזיקער „אוניווערזיטעט־שטאט" זענען גראַנדיעזע.

אָט פאָרן מיר צו צו אַ „קירכע" וואָס איז אַרומגערינגלט מיט... אַלטע קברים.



דער אריינגאַנג אין דער „אוניווערזיטעט־שטאָט", פון פילאַדעלפיע. דאָס גרעסטע גליק ביי אַ פילאַדעלפיער איינוווינער איז: זיין קינד זאָל „וווינען" אין אָט דער „שטאָט".

עס איז אַן אַלטע קירכע און עס איז געווען די „מאָדע" פון די „מעמבערס" פון דער קירכע, דאָס אויב ער האָט „זוכה" געווען און ער האָט געהאַט גרויסע פאַר־דינסט פאַר דער „טשוירטש", האָט מען אים, נאָכן טויט, באַגראָבן ביי דער טיר פון דער קירכע.

---

איך פאָר קיין אַטלאַנטיק סיטי אין „לייקהוועד" — צוויי באַרימטע באָד־ערטער, וואָס געפינען זיך אַ 70 קילאָמעטער פון פילאַדעלפיע. פריינט פּרוסקי קאָן מיך אַהין נישט באַגלייטן, שיקט ער מיר אַ שאָפער, אַ יונגן בחור, וואָס איז געווען אין דער מילחמה און איז אַרויס מיטן לעבן נאָר... די נערוון זענען ביי אים אַ ביסעלע צעטרייסלט. ס׳הייסט, ער האָט מאָמענטן פון מעלאַנכאָליע.

ס׳איז אַ פראָסט און אַ שניי און מיר פאָרן זייער גוט! פּלוצים בייט זיך דער וועטער און עס הויבט אָן גייען אַ רעגן! אַ מבול! מען זעט קוים ווי אַזוי צו פאָרן! אָבער, דאָס שטעלט אונדז נישט אָפּ! מיר זעצן פאָר די רייזע. ביז מירן קומען אין אַטלאַנטיק סיטי וועט אויפהערן רעגענען! און אַזוי איז טאַקע געווען!



אַ זומערדיקער אויסזען פון „אַטלאַנטיק־סיטי״, — דער רייכסטער באָד־אָרט פון אַטלאַנטישן ים.

ווען מיר זענען געקומען קיין אַטלאַנטיק סיטי, איז שוין ווידער געווען אַ פראָסט און ווידער אַ שניי! טראַכט איך מיר:

ווען אַן אַמעריקאַנער קומט קיין אַרגענטינע און ער טרעפט אַז, אין איין שעה זאָל זיך עטלעכע מאָל בייטן דער וועטער — וואָלט ער געזאָגט אַז... אַרגענטינע איז אַ ווילד לאַנד! דאָ, אין אַמעריקע, מעג אַזוינס געשען! דער אַמעריקאַנער האָט נישט קיין טענות צום וועטער... און איך האָב אויך קיין טענה נישט געהאַט צו אַמעריקע פאַר אָט דעם וועטער.

מיר שפּאַצירן אַרום איבער אַטלאַנטיק סיטי מיטן אויטאָ. מיר שטעלן זיך אָפּ לעבן אַ האָטעל, כאַפּן עפּעס איבער און איך באַטראַכט די „האָטעלנע שטאָט“ פון אַמעריקאַנער וויכטיקסטער פּלאַזשע. גאָרנישט. ווי האָט יענער געזאָגט: — אַ כותל המערבי ווי אַלע כותל המערבי׳ס! אַ שטאָט מיט האָטעלן ווי אַלע שטעט! מיין שאָפער האָט געמיינט אַז אַזעלכעס ווי אַטלאַנטיק סיטי — איז נישטאָ אויף דער וועלט. האָב איך אים באַרויקט אַז... אונדזער מאַר דעל פּלאַטאַ איז... שענער!



איינע פון די הויפּט־בריקן פון פילאַדעלפיע, וואָס פאַרבינדט די שטאָט מיט די פאָרשטעטלעך.

דוכט זיך, אַז איך האָב זיך שוין „געקויפט“ אַ נייעם שונא! איך האָב פאַרגעסן אַז די אַמעריקאַנער דאַרפן נאָכבאַמקען, אַז אַלעס וואָס ביי זיי איז — קאָן אינ־ערגעץ בעסער נישט זיין!...

אָט האָב איך אַזאַ אינטעלעגענטנעם מענטשן ווי מר. פּרוסקי געזאָגט, אַז מיר געפעלט נישט וואָס אין אַמעריקע דאָס איינציקע לאַנד אויפן קאָנטינענט, ווערט דער טאָג איינגעטיילט אַזוי ווי אַמאָל אין אייראָפּע — אויף צוויי מאָל 12 שעה. דאָס הייסט, ביי זיי זאָגט מען נישט און מען שרייבט נישט דרייצן אַזייגער, פערצן אַזייגער 22 אַזייגער, 24 אַזייגער — נאָר מען זאָגט און מען שרייבט;

1 אַזייגער בייטאָג, 12 אַזייגער בייטאָג, 10 אַזייגער אויף דער נאַכט, 12 אַזייגער ביינאַכט.

טענה איך צו זיי: איר, אַמעריקאַנער וואָס זענט אַזוי פּראַקטיש — צו וואָס דאַרפט איר אַן איבעריק וואָרט? צו וואָס דאַרפט איר צושטעלן דאָס וואָרט „נאָך מיטיק", „פאַר מיטנטאָג". מען נעמט אָן אונדזער סיסטעם — דער זייגער איז פון 1 ביינאַכט און עס ציילט זיך 24 שעה נאָכאַנאַנד!

אָט האָב איך געדאַרפט געבן אַ טעלעגראַמע ווען איך קום אַהיים, קיין ניו־




דאָס געשעפט־הויז פון באָוסטן פילאַדעלפיער כלל־טוער, ה' ישראל פּרוסקי.
דאָס הויז פאַרשאַפט כבוד דעם יידישן אויטאָמאָביל־מיסחר פון יענער שטאָט.

יאָרק, האָב איך אָנגעגעבן די שעה: 12 אַזייגער ביינאַכט. ווען איך שרייב, אָבער, 24 אַזייגער, פאַרשפּאָר איך צו... צאָלן פאַרן וואָרט „ביינאַכט!..."

מר. פּרוסקי, מיסעס פּרוסקי און אַנדערע הונדערט אַמעריקאַנער זענען מיט מיר געווען מסכּים אַז אַזוי ווי ביי אונדז איז באַקוועמער! נאָר, דער פאַקט וואָס אין אַמעריקע איז אַנדערש — דאַרף זיין אַנדערש! איז מן הסתם אַזוי גוט!...

האָבן אַזעלכע געטרייע בירגער — דאַרף מען זיך פאַרדינען!
דו ביסט גרויס, אַמעריקע!...

איידער איך פאַרענדיק דיר אָט דעם בריוו, וויל איך דיר דערציילן וואָס מען זעט דורכן פענצטער פון באַן ווען מען פאָרט איבער אַמעריקע.

אַז מען פאָרט אין אַזאַ צייט ווי איך בין געפאָרן, איז דאָס ערשטע וואָס מען זעט איז... שניי און שניי! עס איז דיר ווייס פאַר די אויגן! דו דערמאָנסט זיך אין יענע יאָרן, ווען דו ביסט געפאָרן איבער די סטעפּעס פון דער היימישער אוקראַינע, פון אומאַן קיין קאַזאַטין אָדער קיין זשמערינקע און אויך דאָרטן זענען די וועלדער און פעלדער געווען באַוויסט מיט דעם דעק וואָס האָט געהייסן „סניעג". דער חילוק איז נאָר, וואָס דאָרט, ערגעץ לעבן כריסטינאווקא אָדער וואַפּניאַרקע, ווען



די „אוניווערזיטעט־שטאָט" פון פילאַדעלפיע, וואָס האָט אַ וועלט־נאָמען.

דו האָסט אַרויסגעקוקט דורך די פענסטער האָסטו געזען אָרעמע, צעבויגענע, צעבראָכענע כאַטינקעס, הייזלעך וואָס האָבן זיך קוים געהאַלטן אויף די דרוקעס און דאָ, זעסטו פאַר זיך, ריינע, שיינע, ציכטיקע הייזער און אויף יעדער הויז — די אַנטענע פון טעלעוויזיאָן! לעבן הויז שטייט אַן אויטאָ אָדער אַ קליינער טראָק (קאַמיאָן). איך גאַראַנטיר דיר! ס'איז נישט פאַראַ קיין איין הויז — דורכ־פאָרנדיק די דערפער אָדער שטעטלעך — אַז אויף איר זאָל נישט זיין קיין „אַנטענע" פון טעלעוויזיאָן!

פאַראַן, אָבער, אַ שענערע זאַך, וואָס דו זעסט, אַרויספאָרנדיק פון שטאָט! דאָס זענען די הייזער... אויף רעדלעך! אָט, טאַקע, אַזוי ווי דו הערסט:

— „הייזער אויף רעדלעך".

הונדערטער און הונדערטער אַזעלכע „הייזער" טרעפסטו אויף דעם גאַנצן וועג. עס האָט מיר געזאָגט אַ פּאַסאַזשיר אין באַן, וועלכער האָט געזען ווי איך קאָן נישט אָפּרייסן די אויגן פון אָט די „הייזער אויף רעדלעך", אַז אין אַמעריקע, איבער אַלע וועגן און אין אַלע שטעטלעך פון דעם דאָזיקן ריזיקן לאַנד, טרעפט מען צענדליקער טויזנטער אַזעלכע „הייזער".

די דאָזיקע „הייזער" ווערן אין ענגליש אָנגערופן „טרעילער־האוס", ד"ה „וועג־היים". עס איז אַ גרויסער וואַגאָן מיט פענצטער און מיט אַלע באַקוועמלעכקייטן פון אַ מאָדערנער שטוב, פאַראַן דאָרט צוויי און דריי „צימערן", מיט אַ קיך, אַ... באָדצימער און אַ פּלאַץ אויף צו האַלטן שטוב־זאַכן. מיט איין וואָרט — אַ פולשטענדיק, באַקוועם, הויז.

מען זאָגט מיר, אַז אין אַמעריקע זענען פאַראַן העכער 300 טויזנט אַזעלכע „הייזער", וועלכע... פאָרן אַרום איבערן לאַנד און — לויט דעם וועטער — „אַנקערן זיי" ווו זיי ווילן! איז אין ניו־יאָרק קאַלט — פאָרן זיי אין די וואַרעמערע געגנטן. איז הייס־ — פאָרן זיי אין די בערג.

פאַר אָט די „הייזער אויף רעדלעך" איז אָנגעגרייט אַ ספּעציעל פּלאַץ ווו זיי קאָנען זיך אָפּשטעלן און דינגען די „טערענע", אויף אַזוי פיל און אַזוי פיל וואָכן! דער באַלעבאָס פון פּלאַץ, טשעפּעט באַלד צו צו דעם פאָרנדיקן „הויז" עטלעכע דראָטן. איין דראָט גיט דעם הויז עלעקטרי; אַ צווייטער דראָט גיט דעם הויז... טעלעפאָן און אַ ספּעציעלע קישקע גיט דעם „הויז" וואַסער. פאַר דעם אַלעס און פאַר דעם פּלאַץ, נעמט דער באַלעבאָס כך וכך און מאַכט דערפון אַ גוטן לעבן!...

פאַראַן אַ סך אַמעריקאַנער, וואָס האָבן אויפגעגעבן זייער סטאַבילע וווינונג וואָס זיי האָבן געהאַט אין שטאָט און ווינען בלויז אין אָט די „טרעילער־האָוסס", וווינונגען אויף רעדלעך! איז ער אַן אַרבעטער — פירט ער אַוועק זיין שטוב אויף רעדלעך נישט ווייט פון זיין פאַבריק. איז ער שוין „ריטאַיערט" — כובילירט — טאָ צו וואָס דאַרף ער אַ וווינונג אין דער הייסער אָדער קאַלטער שטאָט, אַז ער קאָן ווינען ווו ער וויל און האָבן אַלע באַקוועמלעכקייטן!

און, ווי אין אַמעריקע פירט זיך, איז שוין פאַראַן אַ קאָמפּאַניע — און זיכער נישט בלויז איינע — די וויכטיקסטע איז אין טשיקאַגאָ און הייסט: „מאָביל האָום מאַנופעקטשור אסס"ן", וועלכע בויט אויס אָט די הייזער אויף רעדלעך און גיט זיי אויף אויסצוצאָלן אויף... פינף און צען יאָר! דערביי, גיט מען שוין אויך דעם אויטאָמאָביל אָדער טראָק וואָס שלעפּט דאָס הויז פון אָרט צו אָרט. אַלעס צוזאַמען, קאָסט אַרום צען טויזנט דאָלאַר.

פאָרנדיק מיטן באַן, זעסטו אָט די הייזער אויף רעדלעך שטיין לעבן באַקוועמע

פלעצער. איינער האָט ליב שאָטן-ביימער, האָט ער געדונגען זיין „פּאַרקינג", זיין אָפּשטעל־פּלאַץ, אין אַ גאָרטן צווישן ביימער. אַ צווייטער וויל זיין נאָענט צום וואַסער — דינגט ער ביים ים! אומעטום איז פאַראַן ספּעציעלע פּלעצער פאַר אָט די „הייזער אויף רעדלעך". אַ סברא, אַז איבערן לאַנד זענען פאַראַן פּופצן טויזנט „אַפּרו־ערטער" פאַר די „הייזער אויף רעדלעך".

אינטערעסאַנט איז, לויט ווי דער פּאַסאַזשיר — אַ פילאַדעלפיער ייִד, אַ העברעיִשער לערער — דערציילט מיר, גיט די רעגירונג אַרויס הלוואות אויף צו קויפן זיך אַזאַ שטוב אויף רעדלעך. אַ דאַנק אָט דער הילף פון דער רעגירונג



יוסף שוואַרץ

דער באַרימטער דזשוינט־טוער, איז זייער פּאָפּולער אין פילעדאַלפיאַ.

האָבן טאַקע טויזנטער און טויזנטער מענטשן געקאָנט קומען צו אַ אייגן — מעג זיין, דערווייל אויף רעדלעך — שטיבל!

וועגן אָט די „הייזער אויף רעדלעך" דערציילט אויך דער שרייבער ל. סענדערס.

גאַנץ באַזונדערס איז פאַרשפּרייט די מאָדע צו וווינען אין „הייזער אויף רעדלעך" צווישן די אַרבעטער, וואָס זענען באַשעפטיקט אויף „קאָנטראַקט־אַרבעט" און צווישן די אַרבעטער ביי אַטאָם־ענערגיע. אַזעלכע אַרבעטער קומט אָפּט אויס צו אַרבעטן אַ פּאָר חדשים אין יאָר אין איין פּלאַץ, טויזנט מייל אַוועק פון ערשטן פּלאַץ. פאַר אַזעלכע אַרבעטער־פאַמיליעס איז אַ „הויז אויף רעדלעך" אַ ברכה פון זיין ליבן נאָמען זיי הייבן זיך אויף פון זייער איינגעזעסן אָרט, ווי אַמאָל די ציגיינער, און פּעקלען זיך אַריבער מיט אַלע בעבעכעס צו זייער נייער היים.

אַזוי שנעל, ווי זיי קומען אַריין אין דעם נייעם „טרעילער־פּאַרק״, איז פאַר זיי שוין צוגעגרייט אַלץ, וואָס זיי דאַרפן. מען שטעלט איין נייע פאַרבינדונגען מיט עלעקטריציטעט, וואַסער, קאַנאַליזאַציע און אַנדערע פאַרבינדונגען. דאָס אַלץ נעמט אַ שעה־צוויי — און מען וווינט ווייטער, ווי גאָט אין אָדעס.

עס איז איצט שוין באַוווּסט, אַז דריי פערטל פון אַלע אייגנטימער פון די „הייזער אויף רעדלעך״ זענען עס די דאָזיקע אַרבעטער אין די פאַבריקן פאַר אַטאָם־ענערגיע. נאָך זיי קומען 20 פּראָצענט מיליטער־לייט, וואָס האָבן שטעלעס אין פאַרשיידענע טיילן פון לאַנד. זיי פאָרן אַרום מיט זייערע פאַמיליעס אין אַזעלכע „הייזער אויף רעדלעך״ און עס איז זיי גוט, ווי די וועלט: זיי דאַרפן זיך נישט זאָרגן צו קריגן נייע דירות אין די שטעט, וווהין זיי קומען אָן אויף אַרבעט.

עס איז פאַראַן נאָך איין עלעמענט פון אַמעריקאַנער בירגער, וואָס באַנוצן זיך גערן מיט די „הייזער אויף רעדלעך״. דאָס זענען „רעטאַיערטע פּערלעך״, וואָס פאַרמאָגן אַ גוטע איינקונפט און זיי האָבן באַשלאָסן זיך אַרויסצולאָזן איבערן לאַנד אויף אַ שפּאַציר. קויפט מען זיך אַ „טרעילער האָום״ און מען פאָרט אַרום פון שטאָט צו שטאָט זען דאָס לאַנד און דערפילן אַ חלום, וואָס מען האָט אַלע יאָרן געחלומט, ווען מען איז געווען יונג, געאַרבעט שווער און געמוזט זיין צוגע־בונדן צום פּלאַץ, ווו מען האָט געאַרבעט אָדער געווען באַשעפטיקט. איצט איז די וועלט פאַר זיי פריי און מען לעבט אַ גוטן טאָג אויף דער עלטער, אויף... רעדלעך!

ווי זעט אויס דאָס דורכשניטלעכע „הויז אויף רעדלעך?״ דאָס איז אַ הויז, וואָס איז אומגעפער אַרום 40 פוס לאַנג, פאַרמאָגט אַ באָד־צימער, צוויי־דריי שלאָף־צימערן, אַ „ליווינג־רום״ אַ קיך מיט אַ מאָדערנעם אויוון און „פרידזשידעיר״. קאָסטן, קאָסט אַזאַ הויז פון דריי ביז 8 טויזנט דאָלאַר, שוין אַריינגערעכנט די מעבל און אַלע איינריכטונגען.

די מערסטע אייגנטימער פון די „הייזער אויף רעדלעך״ זענען מענטשן, וואָס האָבן געהאַט אייגענע הייזער און זענען שוין צוגעוווינט צום געדאַנק, אַז מען דאַרף וווינען אין אַן אייגן הויז, אָבער זיי ווילן האָבן אַן אייגענע היים, וואָס זאָל זיין באַקוועמער און וואָס מען זאָל קאָנען אַרומפירן אויף רעדלעך וווהין מען וויל.

דו קוקסט פון באַן־פענסטער און זעסט אָט די מאָדערנע „הייזער אויף רעדלעך״ צוגעטשעפּעט צו א קליינעם קאַמיאָן און טראַכסט זיך:

אַמעריקע, דו ביסט גרויס!

## XXIX

טייערע גאָלדע:

איך בין שוין ווידער אין ניו־יאָרק. דעם אמת דיר זאָגן, — ניו־יאָרק איז אַ מאַגנעט! עס ציט צו זיך! ווי נאָר איך פאַרלאָז ניו־יאָרק אויף אַ פּאָר טעג, בענק איך תיכף צוריק „אַהיים״.

איך וויל זיך אַ פּאָר טעג אויסרוען! איך דאַרף נאָך אַרויספּאָרן איבער אַמע־ריקע! מען וואַרט אויף מיר אין אַ סך שטעט!

דערווייל, דערוויל וועל איך „מיט דיר״ ווידער אַרומשפּאַצירן איבער ניו־יאָרק. כאָטש איך האַלט אין איין „אַרומלויפן״ איבער ניו־יאָרק, דאָך, בין איך זיכער, אַז נישט אין 2 חדשים און נישט אַפילו אין 2 יאָר וועל איך קאָנען אויסקוקן גאַנץ ניו־יאָרק. עס דערציילן מיר היגע איינוווינער וועלכע זענען שוין דאָ צענד־ליקער יאָרן, אַז זיי זענען נאָך נישט געווען אין די ערטער ווו איך בין שוין געווען!

אָט, למשל, אַרויפפאָרן צו דער „פרייהייט־סטאַטוע״, אָדער, אויפן 122סטן שטאָק פון דעם „עמפּיר־סטייט בולדינג״! מיט צענדליקער מענטשן מיט וועלכע איך האָב גערעדט, זענען אפשר 2 פּראָצענט שוין דאָרט געווען — און איך בין שוין דאָרט געווען דריי מאָל!

צי נעם, למשל, די... שטאָט־ביבליאָטעק!

וויפל מענטשן, דענקסטו, זענען שוין געווען אין אָט דער „שטאָט פון גע־שריבענע זאַכן״, וואָס געפינט זיך אויף דער 5טער עוועניו און 42סטע גאַס (דער דאָזיקער פּונקט, איז דער צענטראַלסטער אין ניו־יאָרק).

אויפן דריטן טאָג פון מיין זיין אין ניו־יאָרק בין איך שוין געווען אין אָט דעם פּלאַץ, וואָס הייסט „פּאַלקס־ביבליאָטעק״. כ׳האָב קיין ווערטער נישט דיר אים אויסצומאָלן! עס איז דער שטאָלץ פון אַמעריקע. ווען מען וואַרפט פאָר דעם אַמעריקאַנער מענטשן אַז ער לעבט אין אַ וועלט פון „אַרבעט און ביזנעס״, און אַז אַ חוץ געלט — אינטערעסירט אים גאָרנישט! — קאָן דיך דער אַמעריקאַנער אָפּשיקן צו אָט דער געביידע וואָס אויבן זענען אויסגעהאַקט אַזעלכע פּשוטע אותיות: „פּובליק־ביבליאָטעק״ — (פּאַלקס־ביבליאָטעק), און ווען דו גייסט אַריין אינעווייניק אין אַ פּשוטן מיטנוואָך־טאָג און שטייסט אַ שעה ביי דער טיר, און אויב דו האָסט חשק און צייט צו ציילן די מענטשן וויפל עס זענען, אין אָט דער שעה, אַריינגעקומען און אַרויסגעגאַנגען — וועסטו דערשטוינט ווערן — טויזנטער!

ווען איך בין אַריינגעקומען אַהין, האָט מיך, דאָס ערשטע, אינטערעסירט די יידישע אָפּטיילונג, וועלכע איז די וויכטיקסטע אין דער ביבליאָטעק — אַ סימן, וועגן קיין שום אָפּטיילונג איז נישטאָ קיין „קאַרטעל״ קיין אָנווייזונג, ווו עס געפינט

זיך די און די אָפּטיילונגען: בלויז וועגן דער יידישער אָפּטיילונג, איז פאַראַן אַ ספּעציעלע, און גאָר גרויסע מעלדונג, אַז דאָ, אויפן ערשטן שטאָק איז פאַראַן די יידישע אָפּטיילונג.

איך האָב באַזוכט די דאָזיקע „יידישע מלוכה". איך האָב זיך פאַראינטערעסירט מיט דער אָרדענונג ווי אַזוי אַלעס איז צוזאַמענגעשטעלט און עס געדויערט ווייניקער ווי אַ מינוט — גיט מען דיר דעם בוך, אָדער זשורנאַל, וואָס דו בעטסט. זיי האָבן אויך אַ פולשטענדיקע אינפאָרמאַציע און ביאָגראַפיע פון יעדן שרייבער



די שטאָטישע „פאָלקס־ביבליאָטעק" פון ניו־יאָרק, — די גרעסטע און וויכטיקסטע פון דער וועלט, וואָס האָט אַ ספּעציעלע גרויסע יידישע אָפּטיילונג.

— ווענעמס ביכער זיי האָבן! איך האָב זיי געבעטן די דאַטעס פון אַ מחבר וו. טשערנאָוועצקי...

צו דער מינוט, האָט דאָס מיידל, וואָס האָט מיך אַטענדירט, אַרויסגענומען אַ טאַרכעטל און אויסגערעכנט אַלע דאַטעס, זיין גאַנצע זשורנאַליסטישע און שרייבערישע טעטיקייט און זיין וווינאָרט!

דאָך, האָב איך זיי, די אַמעריקאַנער, געפּאַקט ביי אַ „טעות"! לויט זייער חשבון איז מיין געבורטסטאָג, נישט דעם ערשטן פעברואַר, נאָר דעם 13טן פון זעלבן חודש! זאָל עס זיין, אַז זיי האָבן געפּאַקט מיין רוסישן פּאַספּאָרט!... איך האָב דערנאָך זיך איר פאַרגעשטעלט און עס האָט זי געפרייט צו קענען דעם

מחבר פון „טעפליק, מיין שטעטעלע״, ווייל אירע עלטערן זענען... אויך טעפּלי־קער! זי קומט אַרויס פון די גערשונאָווס!

איך האָב שוין געוואָלט זען, צי בלויז מחברים פון ביכער פונקציאָנירן דאָרט אין דער אָפּטיילונג, אָדער סתם שרייבער אויך, האָב איך איר געגעבן אַ ליסטע פון 18 שרייבער: יוסף מענדעלסאָן, יעקב באָטאָשאַנסקי, י. גלאַזער, פּאַליק לערנער, י. האָרן, פּ. ניעמאַי, ש. ראָזשאַנסקי, ז. וואַסערצוג, אַ. טקאַטש, מ. בערענשטיין, מנשה און משה קאָנסטאַנטינאָווסקי, מיכל הכוהן סיני, אברהם זאַק, ד״ר זשיט־ניצקי, נ. פּרוכטער, מ. קנאַפּהייס און י. יאַנאָסאָוויטש. עס האָט געדויערט גענוי 6 מינוט, האָט זי מיר צוגעבראַכט די „קאַרטלעך״ פון אַלע שרייבער, הן די וואָס האָבן אַרויסגעגעבן ביכער, הן די וועלכע אַרבעטן אין צייטונגען אונטער זייערע נעמען. און כאָטש איך האָב זי נישט געבעטן, האָט זי מיר אויך אַרויסגעבראַכט די „קאַרטלעך״ פון אַנדערע שרייבער, ווי: משה שענדעריי, נחמיה צוקער, משה שפּרינבערג, עוזר בומאַזשני, מ. רעגאַלסקי, מאַרק טורקאָוו, מיכל גרינעס און פּיניע קאַץ. אין יעדער טאַרכעטל איז דאָ אַ סינטעטישע ביאָגראַפיע פון יעדן שרייבער, פון ווען אָן ער האָט אָנגעהויבן שרייבן און וואָס ער האָט אָנגעשריבן.

ניין! אַזאַ ביבליאָטעק ווי אָט די „פּאַבליק ליברײַרע״ איז נישטאָ אויף דער גאָרער וועלט! בלויז אַמעריקע קאָן זיך פאַרגינען אויסהאַלטן אַזאַ שטאַב מענטשן, וועלכע זאָלן אַלעס זאַמלען און אַלעס זאָל זיין!

און אָט, דאָ נישט ווייט, גאָלדע, געפינט זיך אַ צווייטער יידישער גייסטיקער צענטער! אין דער זעלבער בראָדוויי, אַ ביסעלע נענטער אין שטאָט אַריין — צו דער 34סטער סטריט, געפינט זיך אַ יידישע געזעלשאַפט, וואָס גיט זיך אָפּ מיטן אַרויסגעבן יידישע און ענגליש־יידישע ביכער. דער פאַרלאַג הייסט: „בלאָך פּוב־לישינג קאָמפּאַניע״, וועלכער איז שוין אַלט 100 יאָר, און פאַר דער צייט האָט ער אַרויסגעגעבן העכער טויזנט (1.000) ביכער, יידישע אָדער פון יידישן אינהאַלט!

דער באַרימטער „אונ״ קאָרעספּאָנדענט פון צענדליקער צייטונגען, מיט וועמען איך האָב זיך באַקאַנט אין דער „אונ״ — אַ בילד פון אים מיט לעאָן קריש־טאַל האָב איך דיר געשיקט — קאָלעגע ש. ל. שניידערמאַן, גיט אַ פּאָר אינפאָר־מאַציעס וועגן אָט דער „בלאָך פּאַבלישינג קאָמפּ״. וואָס איז — ווי עס איז אַרויס־צוזען פון זיינע רייד — אַ שטיק יידישע געשיכטע פון אַמעריקע.

די „בלאָך־בוהאַנדלונג איז זייער „ביזי״ פון דער פרי ביז שפּעט נאָכמיטיק קען מען דאָ טרעפן אַ פאַרשיידנאַרטיקן יידישן עולם, וואָס קומט דאָ איינהאַנדלען גייסטיקע שפּייז און כלי קודש. דירעקט פון דער באַן־סטאַנציע קומען דאָ רבנים, חזנים און לערער פון די פּראָווינצ־פּנסטע קהילות איבער גאַנץ אַמעריקע, כדי אויס־צושטאַטן זייערע סינאַגאָגעס, ביבליאָטעקן, צענטערס און שולן. עס קומען דאָ

מאַמעס איינצוקויפֿן מתּנות פֿאַר בר־מצווה־בחורים און מען טרעפֿט דאָ אויך סתּם גריבלער, וועלכע נישטערן אין די ווינקלען פֿון די ביכער־פּאַליצעס, ווו אַ חוץ די לויפֿנדיקע מאָדערנע אויסגאַבעס זענען דאָ אויפֿגעהיט געוואָרן ביבליאָ־גראַפֿישע זעלטנהייטן, סיי וואָס די „בלאָך פּאָבלישינג קאָמפּאַני" האָט אַליין אַרויסגעגעבן, אָדער פֿאַרשפּרייט דורך די הונדערט יאָר פֿון איר עקזיסטענץ.

אַ שפּאַציר איבער דער בוכהאַנדלונג פֿון דער „בלאָך פּאָבלישינג קאָמפּאַני" איז אַ בליץ עקסקורסיע איבער הונדערט יאָר ייִדישער געשיכטע אין אַמעריקע. דאָ באַקומט מען אויך אַ קלאָר בילד וועגן דעם ווי ווייט די פּראָדוקציע פֿון כּלי־קודש איז אין פֿאַרלויף פֿון די לעצטע הונדערט יאָר פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אײַנער אינדוסטריע.

אַ וויכטיקע אָפּטיילונג אין דער דאָזיקער ייִדישקייט־אינדוסטריע זענען רעפּ־ראָדוקציעס פֿון קונסט־ווערק אויף ייִדישע מאָטיוון. פּונקט ווי די ביכער פֿון דער יוגנט זענען כּמעט אויסשליסלעך אין ענגליש, און אַפֿילו די מחזורים און סידורים זענען פֿאַרזען מיט אַן ענגלישן „עבֿרי־טייטש", שטעלן די קונסט־רעפּראָדוקציעס מיט ייִד פֿאַר הויפּטזעכלעך בילדער פֿון מזרח־אייראָפּעיִשע ייִדן אין זייער אַרטאָ־דאָקסישן טראַכט. דאָס זענען רעפּראָדוקציעס פֿון די קונסט־ווערק פֿון ליליען, קאַופֿמאַן, פֿיליכאָווסקי, ווײַנלעז, מינקאָווסקי, אַרטור שיק און שאול ראַסקין, ווע־מענס אַלבומען פֿון ייִדישן שטייגער־לעבן זענען אויך פֿאַרזען מיט טעקסטן אין ענגליש און אין ייִדיש.

דער מאַסן־צופֿלוס פֿון מזרח־אייראָפּעיִשן ייִדנטום האָט אומדירעקט געהאַט אַן איינפֿלוס אויף דער אַנטוויקלונג פֿון דער „בלאָך פּאָבליש־נג קאָמפּאַני", וואָס האָט גענומען אָפּווייכן פֿון איר אורשפּרינגלעכער רעפּאָרן־ייִדישקייט און צוריק זיך אומגעקערט צו די אַלטע ייִדישע קוואַלן, אַרויסגעבנדיק וויכטיקע היסטאָרישע ווערק, ווי די געשיכטע פֿון ייִדן אין מיטלאַלטער פֿון לעאָפּאָלד צונז, פּאָפּולאַרי־זאַציעס פֿון תּלמוד, הגדות און סידורים לויטן נוסח, און אויך צום ערשטן מאָל אין אַמעריקע פֿאַרעפֿנטלעכט נאָטן פֿון טראַדיציאָנעלער, סינאַגאָגאַלער מוזיק.

דורך די הונדערט יאָר פֿון איר עקזיסטענץ האָט די „בלאָך פּאָבלישינג קאָמ־פּאַני" אַרויסגעגעבן אַן ערך 1.000 ווערק פֿון פֿאַרשידנסטן כאַראַקטער, אָנהייבנדיק פֿון רעליגיע, געשיכטע, פֿילאָזאָפֿיע ביז בעלעטריסטיק. אַ וויכטיקע לייסטונג פֿון דעם פֿאַרלאַג איז דער פּעריאָדישער ביבליאָגראַפֿישער ביולעטין, וואָס שטעלט מיט זיך פֿאָר די איינציקע אויסגאַבע פֿון דעם מין ביי ייִדן. דער דאָזיקער ביו־לעטין, וואָס דערשיינט שוין צוואַנציק יאָר אָן איבעררייס, ווערט רעדאַגירט דורך ז. מ. קערשטיין, און עס ווערן אין אים פֿאַרצייכנט די וויכטיקסטע ייִדישע ביכער אין ענגליש, העברעיִש און ייִדיש.

פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב זיך אויך באַרימט מיט אונדזערע פאַרלאַגן! איך האָב דערמאָנט אונדזער ערשטן פאַרלעגער גרעגאָריאָ קאַפּלאַנסקי, וואָס האָט אָנגעהויבן אַרויסגעבן ביכער, ווען מען האָט צו זיי געדאַרפט דערלייגן געלט און ווען עס זענען קיין קונים נישט געווען! איך האָב זיך באַרימט מיט די אַרויסגעבער מאַרק טורקאָוו און אַברהם מיטלבערג, וועלכע האָבן אין 10 יאָר אַרויסגעגעבן העכער 100 ביכער! איך האָב דערציילט וועגן אונדזער קולטור קאָנגרעס, וואָס גיט אַרויס ד״בנאָווס געשיכטע, און וועגן דעם פאַרלאַג „ייִדיש״ פון הרב אַנשיל קראַוז וואָס האָט אין 5 יאָר אַרויסגעגעבן וויכטיקע ספרים און האַלט ערשט ביי אַרויסגעבן; איך האָב דערציילט פון פאַרלאַג „ייִדבוך״ וואָס גיט אַרויס וויכטיקע ביכער און פון סעגאַלס פאַרלאַג, און אַפילו פון מיין אייגענעם פאַרלאַג!

איר, דאָ אין אַמעריקע, האָט בעסערע טעכנישע מעגלעכקייטן אַרויסצוגעבן אַ בוך ווי מיר דאָרט! אַלנפאַלס — האָט איר... פּאַפּיר, וויפל איר דאַרפט! ביי אונדז קומט אַמאָל אָן מיט בויך־ווייטיק ביז מען האָט פּאַפּיר אויף וואָס צו דרוקן...

אָבער, ווי דו ווייסט שוין: מען דאַרף זאָגן באָם! מען טאָר זיך נישט באַרימען אַז „ביי אונדז איז בעסער״, אָדער, „ביי אונדז איז אויך אַזוי!״...

און אַז מיר „שפּאַנען״ שוין איבער ביכער־געשעפטן, וועלן מיר, גאָלדע, אַריינשפּאַנען אין אַ פאַרלאַג וואָס הייסט „אום״. דער גייסטיקער פירער פון אָט דעם פאַרלאַג, איז דער זייער פּאָפּולערער שרייבער און וויסנשאַפטסמאַן, ד״ר אהרון ראָזמאַרין. ער אַליין איז אַ מחבר פון עטלעכע וויכטיקע ספרים — ספּעציעל פון אַ רעליגיעזן אינהאַלט. ער איז געווען אַ מיטאַרבעטער פון „מאָרגן־זשורנאַל״. ווען יענער האָט זיך פאַראייניקט מיטן „טאָג״ — איז ער געבליבן אין דרויסן און... האָט געגרינדעט אַן אייגענעם זשורנאַל — „דער איד״. דער הויפּט־צוועק פון אָט דעם זשורנאַל — איז... אַטאַקירן דעם „טאָג־מאָרגן־זשורנאַל״, אַראָפּרייסן זיין אויטאָריטעט! גליקלעכערווייזע — געלינגט עס אים נישט! נאָך דאָס פעלט אונדז, אַז דאָס ביסל ייִדישע צייטונגען וואָס מיר האָבן — זאָל נאָך מערער גיין באַרג־אַראָפּ.

די דאָזיקע אויסגאַבע — „דער איד״ איז דער אומאָפיציעלער אָרגאַן פון די „נטורי קרתא״ אין אַמעריקע, און איז געווען די איינציקע אויסגאַבע וואָס האָט געדרופן די ייִדן אין „מאַנהעטן־סענטער״ צו פּראָטעסטירן קעגן מדינת ישראל.

ווי געזאָגט, פירט אָן ד״ר ראָזמאַרין מיטן „אום״־פאַרלאַג, און זיין „אָפּיס״ מיטן פאַרלאַג, איז אַ בית ועד פאַר רבנים און שוחטים און גלאַט פרומע ייִדן, וואָס קומען אַ גאַנצן טאָג אים דרייען אַ קאָפּ און ער הערט זיי אויס געדולדיק און טרינקט... לויזע אייער — דאָס איינציקע כשר׳ס וואָס ער קאָן עסן אַלס „לאָנטש״.

נישט איינמאָל האָב איך געטראַכט: אַזאַ פּערזענלעכקייט ווי ד״ר אהרון ראַזמאַרין וואָלט געווען אַ ברכה פאַרן נאַציאָנאַלן ייִדנטום, פאַרן ציוניזם, פאַר ישראל! איז ער אָבער אַ פאַרביסענער נטורי־קרתאניק, גייט אַרום אַ גאַנצן טאָג מיט אַ יאַרמעלקעלע אויף זיין שיינעם קאָפּ פול מיט האָר, רעדט אַ פליסיקן עברית — אַפילו מיט זיין 10־יעריק זונעלע וואָס לערנט אין דער ישיבה און וואַרט אַז... בן גוריון מיט דער „יידישער מדינה", זאָלן האָבן אַ מפּלה!...

און אַז מיר דרייען זיך שוין אַרום אויף דער איסט־סייד, וועלן מיר אַריינגיין אין אַ בוכהאַנדלונג וואָס ווערט אַטענדירט פון... אַ פרוי! זי איז אַן אלמנה! דער מאַן האָט געגרינדעט אָט די בוכהאַנדלונג וואָס איז איינע פון די שענסטע פון געגנט! דו טרעפסט דאָרט אַלעס וואָס דו דאַרפסט! די פרוי רעדט אַ פליסיקן שיינעם עברית — יידיש קאָן זי אויך — און איז אַ געוועזענע... קריסטין! ווען זי האָט חתונה געהאַט מיט איר מאַן, האָט זי זיך מגייר געווען און איז געוואָרן אַ ליבהאָבערין פון עברית און פון ציון ווי איר מאַן איז געווען. איצט — זעצט זי פאָר זיין טעטיקייט!

ווו נאָך, אַ חוץ אין אַמעריקע, זעסטו אַזעלכע עקזעמפּליאַרן?...

באַלד דאָ, אין דער זייט, טרעפסטו וואַקסמאַנס בוכהאַנדלונג! דאָ, קענסטו קויפן מציאות וויפל דו ווילסט אַליין! פון 30 סענט אַ ביכל ביז 5 דאָלאַר! דער ייד וואַקסמאַן איז זייער אַ סימפּאַטישער און איז גרייט דיך צו באַדינען! איך האָב זיין „פּאַמאַטשניק" און „כערענטע" מחיה מתים געווען אַ שוואָגער! ער איז געווען זיכער אַז זיינס אַ שוואָגער — אַ באַקאַנטער שרייבער פון „פּאָרטע אַלעגרע" (בראַזיל) איז שוין טויט עטלעכע יאָר. די פאַמיליע פון דעם שרייבער מאַרקוס יאַקובאָוויטש (מאָטעלע) האָבן עס אים אַליין געמעלדעט. האָב איך אים פאַרזיכערט, אַז יאַקובאָוויטש לעבט נאָך, ביז 120 יאָר, און אים... פאַרבונדן מיט זיין שוואָגער... באַשערט צו האָבן אַזאַ מצווה אין אַמעריקע.

און לסוף, גאָלדע, וועל איך דיר „באַקענען" מיט גאָר אַן אינטערעסאַנטן „עקזעמפּליאַר" פון ביכער־פאַרקויפער. דוכט זיך, ער הייסט שייקעוויטש. זיין „געשעפט" איז צווישן דעם „פאָרווערטס" און דעם „טאָג". אויף איסט בראָדוויי! ער איז אַן אַלטער מאַן. אין אַמעריקע איז ער שוין עטלעכע און פופציק יאָר. שוין געדינט צו אַלע עבודה זרהס: געווען אַן אַנאַרכיסט און אַרויסגעגעבן אַ סך אַנאַר־כיסטישע ביכער, דערנאָך געוואָרן אַ קאָמוניסט און געהאַלטן סטאַלינען פאַרן אָפּגאָט. איצט, איז ער שוין אַ ביסל אָפּגעקילט, אָבער זיין שנאה צום „פאָרווערטס" און צום שרייבער ש. וועבער, וועלכער שרייבט אין „פאָרווערטס" קעגן די קאָמו־ניסטן (אונטער דער אָפּטיילונג: „וואָס טוט זיך ביי די קאָמוניסטן?") איז אין לשער! ער האָפט אַז... דער „פאָרווערטס" וועט אונטערגיין! נאָך 10, נאָך 20 יאָר,

און דער „פאָרווערטס" וועט פאַרשווונדן! ער קלויבט זיך עס נאָך צו דערלעבן...
(ער איז שוין אַ... 80קער!...).

וואָס עס טוט אים ווי, איז ווען ער זעט צופאָרן די דריי קאַמיאָנדלעך (טראָקס) וואָס דער „פאָרווערטס" פאַרמאָגט און ווו מען אַנונסירט אַלע וואָך — דורך פלאַקאַטן — אַ געוויסן אַרטיקל פון אַ שרייבער. די קאַמיאָנדלעך — דער־גייען אים די יאָרן!...

און איידער מיר פאַרלאָזן די „איסט־סייד", וועל איך דיך „אַריינפירן" אין „גאָרדאָנס קאַפיטעריע", אויף דעם ראָג (קאָרנער — זאָגט מען דאָ) פון איסט־בראָדוויי ווו עס געפינען זיך די ייִדישע צייטונגען. אין אָט דער „קאַפיטעריע" טרעפסטו אַלע! — פאָזיטיוו אַלע! — ייִדישע שרייבער וואָס וווינען אין ניו־יאָרק (פאַראַן אייניקע וואָס וווינען אין מיאַמי־ביטש). אָט די „קאַפיטעריע" — כמו רעסטאָראַן — איז דער נייטראַלער פונקט ווו עס טרעפן זיך די „קעגנער" פוןביידע צייטונגען, און מען זיצט ביי איין טיש.

פאַראַן אייניקע, ווי: משה דלוזשנאַווסקי, איציק מאַנגער, ב. שעפנער, מ. אשעראָוויטש, שמעון יוסף גאָלדשטיין וועמעז דו טרעפסט דאָ אַלע טאָג אין דער צייט פון „לאָנטש" (מיטיק־צייט) און זיי עסן אַ זופּ אָדער טרינקען אַ „קאָפע קאָווע" מיט צובייסעכטץ. אין אָט דער קאַפיטעריע קריגסטו די בעסטע געפילטע פיש — און מיט איין שטיק קאָנען זיך אָנעסן 2 מענטשן! דו קריגסט דאָ אַ טעלער וואַרעניקעס מיט קאַשע, קרעפּלעך מיט קעז, וואַרעניטשקעס מיט פאַרפל און 32 אַנדערע מאכלים אַ חוץ פליישׂ!

קומסטו אַריין אַהער מיטיק־צייט, טרעפסטו אַלע טשילעך פאַרנומען און עס געדויערט אַמאָל ביז דו קריגסט אַ פּלאַץ לעבן אַ טישל ווו — דריי אומבאַקאַנטע מענטשן צווישן זיך — זיצן און עסן זייער לאָנטש.

דאָס עסן דאַרף מען זיך אַליין גיין נעמען! דו גייסט אַריין, נעמסטו אויטאָ־מאַטיש אַרויס אַ „וואַלע" פון אַ קעסטל וואָס גיט אַ קלינג און דו נעמסט אַרויס די „וואַלע". אויך אין אַרגענטינע, אין דער „וואַסקאָנגאַדאַ", איז פאַראַן אַ סיס־טעם פון אַרויסנעמען „וואַלעס" ביים אַריינגיין; אָבער ביי אונדז, שטעלט מען אַוועק אַ מענטשן וואָס טיילט די „וואַלעס", און פאַר די 20 שעה וואָס די „וואַס־קאָנגאַדאַ" איז אָפן יעדן טאָג — מוז מען האָבן דריי מענטשן וואָס זאָלן טיילן „וואַלעס און אויב איינער ווערט קראַנק — ער שטייט דאָך ביי דער טיר — מוז מען שטענדיק האָבן צוגעגרייט אַ „סופּלענטע", וואָס זאָל אים פאַרטרעטן! און וויפל 4 מענטשן קאָסטן — מיט זייער „אַגינאַלדאָ", מיט זייערע וואַקאַציעס, מיט זייער... „אינדעמעניזאַסיאָן" — ווייסטו דאָך!

דאָ, אין אַמעריקע, זענען זיי פּראַקטישער! דאָ שטייט אַן „אַפּאַראַט" וואָס

גיט אַרויס די „וואַלעס" און מעלדעט — דורך אַ קלינג — אַז מען האָט אַרויס־געגומען דאָס צעטל צום עסן, און... מען שפּאָרט איין דעם געהאַלט פון 4 מענטשן...

האָבנדיק די „וואַלע", גייסטו צו צום בופעט און דו בעסט וואָס דו ווילסט. אָבער, פריִער דאַרפסטו גיין נעמען אַ טעצל, אַ גאָפּל, לעפל און מעסער און אַ פּאָר פּאַפּירענע סערוועזשעטקעס. פאַרשטייט זיך, אַז עס וואַרטן נאָך מענטשן, אַז מען זאָל זיי אַטענדירן, שטעלסטו זיך אין „אָטשערעד", דאָס טעצל האָט אַ פּלאַץ ווו עס אַוועקצושטעלן — זאָלסט עס נישט דאַרפן טראָגן אין די הענט, און אַזוי רוקסטו זיך, מיטן טעצל, ביז דו פילסט עס אָן מיט:

אַ זופּ פון רייז מיט פּאַסאָליעס, אָדער גלאָט ווערדוראַ („וועטשעבעל"), אַ טעלער וואַרניטשקעס מיט קאַשע אָדער אַ שטיק פיש מיט קאַרטאָפל, אָדער גאָר געפּרעגלטע פיש, געדרויכערטע פיש און געבראָטענע פיש, אַלץ מיט „עפּעס", אַ צימעס פון נאַאיד און קאָמפּאָט. אויף דעם זעלבן טעצל נעמסטו שוין אויך די „קאָפּע קאָווע" ווי אין ישראל — אַ גלאָז וואַסערדיקע קאָווע. — אַגב, קאָפּע איז דאָ אַ גרויסע מציאה, פּשוט אַ יקרות...

דאָס אַלעס נעמסטו אויפן טעצל און זוכסט אַ פּלאַץ ווו זיך צו זעצן...

דו וואָלסט געמעגט זען, גאָלדע, ווי אונדזערע גרויסע מענטשן, גרויסע שרייבער און עסקנים, וואָלסט געמעגט זען, ווי אַזאַ פּערזענלעכקייט ווי הלל ראָגאָף, ווי ד"ר י. פּאָגעלמאַן, ה. לייוויק, ד"ר חיים שאָשקעס, חיים גראַדע א"אַ שטייען מיטן פולן טעצל אין דער האַנט און זוכן אַ פּלאַץ ווו זיך אַוועקצוזעצן און — נישט שטענדיק קריגן זיי גיך אַזאַ פּלאַץ! מיר — איז דאָס נישט געפעלן געוואָרן, — כאָטש עס איז לויטער דעמאָקראַטיע!...

פאַראַן אין ניו־יאָרק אַ פּאַרלעגער פון ביכער, אַ פּערזענלעכקייט אין פולן זינען פון וואָרט, מ. שקליאַרסקי הייסט ער, איז ער הויך און ברייט־פּלייציק מיט אַ צעפּאַטלטן קאָפּ האָר. ווען איך האָב געזען ווי ער שטייט מיטן טעצעל און זוכט אַ פּלאַץ, האָב איך דעמאָלט געטראַכט:

אַזוי ביסטו, אַמעריקע! דו ביסט גרויס!

חברים דערציילן מיר, אַז עס פעלן דאָ, אין דער „קאָפעטעריאַ" אַ סך שרייבער וואָס זענען נישטאָ הי, ווייל עס איז ווינטער אָדער, ווייל זיי זיצן סתם אין שטוב און שיקן צו זייערע אַרטיקלען. ווען זיי זאָלן אויך קומען, וואָלט טאַקע נישט געווען קיין פּלאַץ ווו זיך צו זעצן. אַגב, זיי אַלע — די „קליענטן" פון אָט דעם פּאָפּולערן עס־פּלאַץ, דערציילן מיר, אַז עס פעלט אַ סך חברים, וועלכע זענען שוין...אויפן עולם־האמת. אַלע פלעגן קומען אַהער, אין אָט דעם „נייטראַלן עס־פּלאַץ".

עס פעלט דאָ איצט איינער, וואָס איז טאַקע ערשט נישט־לאַנג געשטאָרבן.

איך בין געוועזן ביי אים 2 טעג פאַרן טויט, און בין נאָכגעגאַנגען נאָך זיין לוויה! איך מיין דעם באַוווסטן קינסטלער־צייכנער און „קאַרטוניסט" „לאָלאָ". ער האָט געהייסן לעאָן איזראַעל, אָבער פּאָפּולער איז ער געווען אונטער זיין פּסעוודאָנים „לאָלאָ". ער איז געווען דער צייכנער פון „גרויסן קונדס" און לעצטנס האָט ער מיטגעאַרבעט אין „פאָרווערטס".

איצט, איז דאָ אַ צווייטער צייכנער וואָס צייכנט, אָבער — צו „לאָלאָן" קומט עס נישט! די שרייבערישע משפחה האָלט אין איין רעדן פון אים! מען קאָן אים נישט פאַרגעסן!

חנא גאָטעספעלד, דער באַרימטער דראַמאַטורג און הומאָריסט האָט אים באַגלייט מיט אַ שבח — וואָס האָט געריסן ביים האַרץ. אָט זענען עטלעכע פון זיינע ווערטער:

דער נאָמען לאָלאָ איז געווען באַרימט און ווערט אַרויסגערעדט מיט גרויס ליבע אַפילו פון די, וועלכע קענען אים נישט פּערזענלעך. אויף זיינע צייכענונגען און בילדער איז אויסגעגאָסן דער חן פון גוטסקייט און ליבע. ווער עס האָט אָנגעקוקט זיינס אַ בילד האָט דערקענט, אַז דאָס איז די שאַפונג פון אַ ליבן מענטש. אַ שלעכטער מענטש קען נישט צייכענען אַזעלכע ליבע פּנימער.

ווער עס האָט געקענט פּערזענלעך לאָלאָן, איז געווען אַנטציקט פון זיין פריינטשאַפט, פון זיין ווארעמקייט. ווען מען האָט אים אָנגעקוקט האָט מען געזען, אַז דאָס איז איינער אין וועמען גאָט האָט אַריינגעגעבן אַ סך ליבע און גוטסקייט.

ער האָט זעלטן ווען מיט איינעם זיך געקריגט, ער האָט געלאָזט זיינס איבערגיין. ער האָט זיך פיינט געהאַט צו שפּאַרן. ער האָט יענעם געלאָזט געווינען — קיינער האָט דערפאַר נישט געהאַט קיין סיבה מיט אים צו ווערן ברוגז.

איינמאָל האָב איך בייגעוווינט אַ סצענע ווי איינער האָט לאָלאָן באַליידיקט. איך האָב זיך וועגן דעם געקאָכט, איך בין געווען אין כעס, אָבער נישט ער. ער האָט מיך באַרויִקט און געזאָגט:

„וואָס ערגערסטו זיך? יענער האָט מיך אומזיסט באַליידיקט. איך בין אומשולדיק, יענער איז שולדיק, דאַרף יענער זיך ערגערן. אויב יענער ערגערט זיך נישט, איז ער דאָך אַ מענטש אָן געפילן, איז ער שוין גענוג געשטראָפט. דאַרף מען אים מוחל זיין".

לאָלאָ האָט זיך נישט געחברט מיט שטאַרקע, מיט איינפלוסרייכע, מיט עשירים, נאָר מיט שוואַכע, מיט אָרעמע, מיט מענטשן וואָס האָבן אויפגעהערט צו זיין דערפאָלגרייך אָדער זענען קיינמאָל נישט געווען דערפאָלגרייך.

ער האָט זיך אין איין צייט אַרומגעפירט מיט אַן אַלטן אַקטיאָר, וואָס איז

אַמאָל געווען באַרימט, אָבער אויף דער עלטער איז ער שוין געווען אויסגע־שפּילט. לאָלאַ האָט אים געצערטלט און אים אויף שפּאַס גערופן „מיין איניקל".

ער האָט זיינע פריינט געזוכט צווישן די שוואַכע און זיי געפונען.

לאָלאַ האָט געטיילט גוטסקייט נישט בלויז מיט ווערטער, נאָר מיט טאָטן. ווער עס האָט געדאַרפט אַ גמילת חסד, צי פּשוט מאַטעריעלע הילף, האָט געדאַרפט לאָלאַן געבן בלויז אַן אָנצוהערעניש און ער האָט עס שנעל געקראָגן.

ווען אַ פּראָפעסאָר האָט געשיקט לאָלאַן אַ בוך האָט ער שנעל געקראָגן אַ



לעאָן איזראַעל („לאָלאַ"), דער גרעסטער קינסטלער־צייכנער פון אונדזער דור, וועלכער איז יונג געשטאָרבן.

טשעק אַלס אַן ענטפער. ווען יענעמס בוך איז אים געפעלן, איז ער אים געלאָפן זוכן, כדי אויסצודריקן זיין באַגייסטערונג.

ער האָט זייער ליב געהאַט ביכער און געשעטיצט די, וועלכע האָבן אַרויס־געגעבן אַ בוך. אָבער, אַז ער אַליין זאָל אַרויסגעבן אַ בוך — דאָס איז אים נישט איינגעפאַלן. ער האָט זיך נישט געהאַלטן פאַר וויכטיק. ער האָט וועגן זיך און זיין אַרבעט קיינמאָל נישט גערעדט. ווען מען האָט אים געזאָגט, אַז ער איז אַ

גרויסער מאָלער, אָדער אַ גרויסער קאַרטוניסט, האָט ער נישט געוואָלט הערן, ערשט אויף דער עלטער, לעצטן יאָר, האָט מען אים איינגערעדט, כמעט געצוווּנגען, אַרויסצוגעבן אַ בוך. עס האָט זיך אָרגאַניזירט אַ קאָמיסיע, וואָס האָט געזאַמלט געלט אַרויסצוגעבן זיין בוך. ווען ער איז דערפון געוואויר געוואָרן, האָט ער געזאָגט: „איך מוז שוין איצט אַרויסגעבן אַ בוך, אָבער מיט מיין אייגן געלט". ער האָט דאָס געלט צו דער קאָמיסיע צוריקגעגעבן און ער האָט אַרויסגעגעבן דעם בוך אויפן אייגענעם חשבון.

זיין בוך, זיין קונסט־אַלבום, „די אַמאָליקע איסט סאַיד" אין בילדער, איז געווען אַן אויסערגעוויינלעכער דערפאָלג. די קריטיק איז געווען באַגייסטערט. ער האָט נישט געגלויבט, אַז דאָס מיינט מען אים. ער האָט גערעכנט, אַז דאָס איז אַ חלום.

ביי אַ באַנקעט, וואָס איז אַראַנזשירט געוואָרן לכבוד לאָלאָס בוך, איז לאָלאָ געזעסן אויבנאָן, מיט זיין ווייב, צוויי טעכטער און אייניקלעך און זיך געשעמט.

מען האָט ביי דעם באַנקעט, פאַרשייט זיך, לאָלאָן געלויבט. פון יעדער רעדע איז ער רויט געוואָרן.

„פאַר מיר פּאַסט נישט קיין באַנקעט", האָט לאָלאָ מיר געזאָגט — „דאָס איז גוט פאַר אַנדערע, וואָס יאָגן זיך נאָך כבוד".

„אָן אַ באַנקעט וואָלט איך זיך געפילט בעסער" — האָט ער געזאָגט — „איך האָב געהאָפט, אַז איך וועל זיך אויסלעבן די יאָרן אָן אַ באַנקעט און צום סוף בין איך אַריינגעפאַלן".

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

דאָס איז בלויז אַ טייל פונעם שבח וואָס מען האָט נאָכגעגעבן אָט דעם ווילן מענטשן. ער האָט געהאַט אַ נישקשהדיקע לוויה! ווערליק אַמעריקאַנער מענטשן גייען נישט צו לוויות, איז לאָלאָס לוויה געווען אַ גרויסע.

איך האָב געהאַט די געלעגנהייט צו זיין ביי אַנדערע לוויות פון גרויסע יידן. איך בין געווען ביי דער לוויה פון איינעם, וואָס איז געווען דער גרינדער פון דער יידישער אַרבעטער באַוועגונג אין אַמעריקע, יוסף וויינבערג האָט ער גע־הייסן. ער איז געשטאָרבן אין מיאַמי, אָבער מען האָט אים געבראַכט קיין ניו־יאָרק און די לוויה איז געווען אין „פאָרווערטס"־האָל. דער האָל איז אַ היפּשער און ער איז געווען פול אונטן און אויבן. עס האָבן גערעדט עטלעכע רעדנער — צווישן זיי: הילל ראָגאָף, אַדאָלף העלד, נחום כאַניק, ישראל ברעסלאַו א"אַ. אין משך פון די 52 יאָר וואָס וויינבערג איז געווען אין אַמעריקע איז ער 50 יאָר געווען געזעלשאַפטלעך טעטיק. ווייזט אויס, אַז אין אַמעריקע, ווערט מען נישט אַזוי שנעל מיד.

ביי דער לוויה האָב איך זיך געטראָפֿן מיט אַלע שרייבער פֿון „פֿאָרווערטס", מיט אַלע טוער פֿון „אַרבעטער קאָמיטעט" און פֿון אַרבעטער רינג. ביי אָט דער לוויה האָבן זיך צוזאַמענגעטראָפֿן אַלע קולטור־טוער, וואָס דאָס יידישע אַמעריקע פֿאַרמאָגט. און דער פֿראָסט, 15 אונטערן נול, האָט קיינעם נישט אָפּגעהאַלטן!

דער גרעסטער ווונדער פֿון דער לוויה, איז וואָס זי איז פֿאָרגעקומען אין אַ פּשוטן וואָכן־טאָג, און דאָך זענען געקומען מענטשן צו דער לוויה! אין אַמעריקע פֿאַרלירט מען נישט קיין האַלבן טאָג אָדער אַ גאַנצן טאָג צו גיין צו לוויות! דער־פֿאַר איז דאָ אַ סך פֿאַלן — כמעט שטענדיק — אַז ווען מען שטאַרבט אין מיטן דער וואָך, האַלט אים די פֿאַמיליע אין „טויטן-הויז" ביז זונטיק.

איך וואָלט דיר, גאָלדע, נישט געוואָלט ענדיקן אָט די בריוו מיט טרויעריקע געדאַנקען וועגן טויט, אָבער, אויך דער „טויט" אין אַמעריקע אין אַ גאָר נישקשה־דיקע ביזנעס. טויזנטער, הונדערטער טויזנטער מענטש לעבן... פֿון טויט.

און, אַזוי ווי דער טויט איז טאַקע אַן אינטערעסאַנטע פּרנסה אין אַמעריקע, — וועל איך דיר אים — דעם טויט — באַשרייבן אין אַ צווייטן בריוו.